ד״ר חיים שאַשקעס

# מיט יידן
## צווישן אינדיאנער, נעגער און אראבער



א נסיעה איבער דריי קאנטינענטן

פארלאג
י.ל. פרץ
ביבליאטעק
תל-אביב, ישראל
1960

# אינהאַלט:

## I

## מיט יידן צווישן אינדיאַנער


זייט

אַ שבת ביי אינדיאַנער יידן . . . . . . . . 11

די באַגעגעניש מיט טראַצקיס מערדער . . . . . 25

יידן אין בראַזיליאַנער פראַווינץ . . . . . . . 42

ביי די „טמאים״ אין בוענאָס־איירעס . . . . . . 54

ווי אַרגענטינער יידן האָבן פאַרטריבן די „טמאים״ . . 71

אויף יידישע שמחות אין ווענעזועלאַ . . . . . . 76


## II

## מיט יידן צווישן נעגער


ביי מענטשן און חיות אין אַפריקע . . . . . . 85

אַ געטאָ־שטאָט פאַר נעגערס אין אַפריקע . . . . . 91

יידישע כישוף־מאַכערין אין אַפריקע . . . . . . 98

אין שענסטן ווינקל פון דרום־אַפריקע . . . . . . 106

דער ראַסן־קאַמף אין דרום־אַפריקע . . . . . . 113

יידן אין נעגער־געטאָ אין אַפריקע . . . . . . . 120

אַ גאַליציאַנער ייד — אַ ליבלינג פון די נעגערס . . 127

ביים יידישן פרעמיער פון ראָדעזיע . . . . . . 134

זון פון אַ פרומען ביאַליסטאָקער ייד — אַ מיניסטער
אין ראָדעזיע 141

אַ באַזוך אין העלפאַנד־קעניגרייך . . . . . . . 148

איך זוך דעם לויתן אין דרום־אַפריקע . . . . . . 153

צווישן יידן אין דרום־אַפריקע . . . . . . . . 156

אַ באַזוך ביי די רוינען פון זימבאַבווע . . . . . . 163

די יידישע דימענטן־הענדלער אין אַפריקע . . . . . 170

אַ ייד — שיפסקאַפּיטאַן ביים פרעזידענט פון אַ נעגער־
רעפּובליק 178

זייט
אויף אַ קאָנפערענץ פון נעגער־פעלקער . . . . . . 184
מאָדנע באַגעגענישן אין אַפריקע . . . . . . . 190
איין ייד צווישן 17 מיליאָן נעגערס . . . . . . 197
אַ באַזוך ביים איינציקן ייד אין אַ געהיימנישפולער
אַפריקאַנער שטאָט 202
אין אַ לאַנד וווּ מ׳האָט אויפגעגעסן אַ סענאַטאָר . . 209
באַגעגענישן מיט ישראל־פאָרשטייער אין די אַפריקאַנישע
לענדער 216
אַ אינדזל אין אַפריקע וווּ ס׳געפינט זיך די עלטסטע
יידישע קהילה 223
אין אַראַבישן לאַנד סודאַן — אָן אַ דערלויבעניש . . 230
מיינע באַגעגענישן מיט די יידן אין סודאַן . . . . . 237

III

## מיט יידן צווישן אַראַבער

אַ באַזוך אין ביירוט ערב דער לאַנדונג פון די אַמע־
ריקאַנער מאַרינען 249
באַזוך אין נאַצערס הויפּטשטאָט ערב דעם נייעם פּאָלי־
טישן שטורעם 257
וואָס איך האָב איצט געזען אין קאַהיר . . . . . . . 264
באַזוך אין דמשק ערב דער איבערקערעניש אין איראַק 271
אַ דראַמאַטישע באַגעגעניש מיט אַ יידישן פירער אין דמשק 278
אַ באַזוך אין יידישן געטאָ פון דמשק . . . . . 284
יידישע שול אין קאַהיר — אַ טורמע פאַר עגיפּטישע יידן 290
אַ באַגעגעניש מיט די פירער פון עגיפּטישן יידנטום . 295
געשפּרעך מיטן הויפּט־רב פון עגיפּטן . . . . 302
אַ באַגעגעניש מיטן עגיפּטישן פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטער . 309
דער לעצטער מנין אין דער אשכנזישער שול אין קאַהיר 315
אַ גאַס אין קאַהיר וווּ יידישע געשעפטן ווערן ליקווידירט 324
יידן ווערן געפּייניקט אין עגיפּטן היינט ווי אַמאָל . . 331
יציאת מצרים אַמאָל און היינט . . . . . . . 337
אין שאָטן פון די פּיראַמידן . . . . . . . . . 347
יידישער שונא־ציון ווערט אַטאַקירט אין דער עגיפּטישער
פּרעסע 351
נאַצערס פּלאַן אויסצוראָטן די יידן . . . . . . 358
סאָוויעטישער פילם וואָס נאַצער האָט פאַרבאָטן אין עגיפּטן 365

# א שבת ביי אינדיאַנער יידן אין אַ דאָרף אין מעקסיקע

ערב־שבת, פּרשת „שלח״, זענען פיר נישט־געקרוינטע „שליחים״ פון דער שטאָט מעקסיקע אַרויס פון זייער האָטעלעכל נעבן דער פּראָווינץ־שטאָט פּאַטשוקאַ און אַוועק אין דאָרף ווענטאַ־פּריעטאַ דאַוועגען.

די פיר זענען געווען: צבי קעסעל (מעצענאַט און גרינדער פון ליטעראַרישן „קעסעל״־פאָנד), זיין פרוי בעלאַ, דער רעדאַקטאָר פון „מעקסיקאַנער שטימע״ משה רובינשטיין און איך — דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות.

מיר געפינען זיך אַרום פופציק מייל פון דער הויפּטשטאָט, צווישן גרינע פעלדער, פּויערישע כאַטקעס און בערג — פונדערוויטנס, אויפן וועג דאָ, זענען מיר פאַרבייגעפאָרן די מעקסיקאַנער פּיראַמידן, געבויט, לאַנג איידער דער וויסער מענטש איז אַריינגעדרונגען אין דאָזיקן וועלט־טייל, — און דאָך איז זייער אַרכיטעקטור אַזוי ענלעך צו די עגיפּטישע פּיראַמידן. אויף געהיימנישפולע וועגן האָבן זיך אין גרויען פאַרטאָג פון דורות קאָמוניקירט די איינוווינער פון אמאַליקן מצרים מיט די אוראַלטע טאַטעס פון די אינדיאַנער „אַצטעקן״ אין דער „נאָך נישט אַנטדעקטער״ וועלט...

אַרום אונדז זענען דערפער, צוזאַמענגעשטעלט פון פּרימיטיווע ליימענע הייזער, און אָפּגעצערטע, אָרעם־געקליידעטע מעקסיקאַנער פּויערים מיט אַ קאָנדענסירטן אומעט אויף זייערע טונקעלע געזיכטער, באַהאַלטן אונטער די ברייטע שטרויענע קאַפּעליושן, — זיי באַאַרבעטן דאָ די מאָגערע ערד.

אַזוי גייט עס אָן פון לאַנגע צייטן און אַזוי איז דאָס איצט.

ווי אַזוי קאָן מען וויסן, וועלכעס דאָרף איז באַזעצט פון די מעקסיקאַנער־אינדיאַנער, וועלכע היטן דעם גלויבן פון משה רבינו?

באַגעגענען מיר אַ יינגעלע פון שול־עלטער, אַ ברוין־הויטיק, אַליוואויגיק מעקסיקאַנער קינד. פרעגן מיר:

— איז דאָס דאָס דאָרף ווענטאַ־פּריעטאַ?

— יאָ!

ווי׳נען דאָ די מעקסיקאַנער כודיאָס (יידן)?

— יאָ.

— ביסטו איינער פון זיי?

דאָס ייִנגל וואַקלט זיך אַ ביסל און ענטפערט, אַז — נישט. אָבער, ער וועט אונדז גלייך פירן און ווייזן דאָס בית־מדרש, ווו די „כודיאָס״ דאַווענען.

פירט ער אונדז אַריין אין אַן אָפּגעצוימטן הויף און מיר דאַרפן מער נישט פרעגן. אַ קליין מויערל מיט „מגן־דודס״ אויף די שויבן, מיט אַ מזוזה ביי די ברייט־אָפענע טירן, דורך וועלכע עס זעט זיך אַרויס אַ פּרוכת אויף אַן אָרון־קודש.

— באַלד וועל איך לויפן רופן דעם סעניאָר סאַלאַזאַר. ער איז דער „ראַבינאָ״. באַלד וועלן אויך קומען די „כודיאָס״ דאַווענען... און אַנטשולדיקט מיר, וואָס איך האָב געזאָגט פריער אַ ליגן. יאָ, איך בין אויך אַ ייד, — נאָר פאַרשידענע מענטשן קומען דאָ, אַנדערע נישט פריינדלעך — האָב איך נישט געוואָלט זאָגן ווער איך בין. מיין נאָמען איז משה, — משה טעללעז...

און אַזוי האָבן זיך באַגעגנט צוויי משהס: איינער, רובינשטיין, פון גראָדנע און דער צווייטער, טעללעז, פון אינדיאַנער אָפּשטאַם. און ביידע שטייען זיי פאַרן פּרוכתל, וואָס באַצירט די „תורת משה״ אין דאָזיקן אָרעמען מויערל, איבער וועלכן עס הענגט אַן אויפשריפט „בית מדרש הנגב״ (דעם נאָמען נגב״ האָבן זיי צוגעגעבן צום מקום קדוש אַלס אויסדרוק פון אָנערקענונג, ווען די ישראל־אַרמיי האָט באַזעצט דעם נגב נאָכן באַפרייונגס־קריג).

ביים אַריינגאַנג אויף אַ טישל געפינען מיר צוויי ביכלעך מיט אַלטע „טיקעטס״. איינס איז אַ ווייס און דאָס אַנדערע איז אַ רויטס. אויף די ווייסע טיקעטס איז אויפגעשריבן: „שטימט פאַר דער סיניאָריטאַ מיכאַע אַלווערא אלס קעניגין אסתר פון פורים״. אויף די רויטע איז אויפגעשריבן: „שטימט פאַר סעניאָריטאַ רחל טעללעז פאַר פורים־קעניגין״.

דער פרייז איז איין פּעזאָ. די דאַטע — „אָדר 5717״, ד. ה. ה׳תשי״ז — היינטיקס יאָר.

און משהלע דערציילט מיט שטאָלץ: „מיין שוועסטער איז טאַקע רחל טעללעז. דאָס האָט מען זי אויסגעקליבן אַלס אסתר המלכה״... ער פוילט זיך נישט, לויפט אַריין אין איינער פון די דאָרפישע כאַטקעס און ברענגט די פאָטאָגראַפיע פון זיין שוועסטער, — אַ מעקסיקאַנער שיינהייט, „אַ קאָפּ מיט צעפּ, מיט אויגן סאַפּירן, מיט אויגעלעך״ א.א.וו., ווי אונדזער ז. שניאור זינגט.

דאָס מיידל איז איצט אין שטאָט, אַז נישט, וואָלט זי אַליין געקומען.

און דערווייל איז געקומען אַ סאָליד אויסזעענדיקער מעקסיקאַנער, אָנגעטאָן יום־טובדיק אין זיין ברייטער „סאָמבררעראָ״ (קאַפּעליוש). ער באַגריסט אונדז מיט האַרציקן „שבת שלום!״. ער שטעלט זיך פאָר: „יואל סאַלאַזאַר, ראַבינאָ״. נאָך אים קומען עלטערע און יונגע מענער און פרויען. אַלע טיפּישע אינדיאָ־מעקסיקאַנער, — איניקעס פון זיי מיט קינדער, וואָס טראָגן סידורים אונטערן אָרעם. אַ פּאָר יונגעלייט זענען אין די אוניפאָרמס פון דער שכנותדיקער מעקסיקאַנער לופט־באַזע, געזונטע, געוויקסיקע. ס׳קומען אויך יונגע פריילינס, — שבתדיק געקליידט. און אַלע, אַלע באַגריסן אונדז מיטן העברעיש־ישראלדיקן „שבת שלום״.

— דאָס האָב איך זיי אויסגעלערנט אַזוי — זאָגט דער ראַבינאָ סאַלאַזאַר.

און באַלד זאַמלען זיך שוין צונויף דריי צענדליק מיטגלידער פון דער דאָזיקער מערקווירדיקער קהילה, אויף וועמענס שטעמפּל איז אָפּגעדרוקט אין שפּאַניש און העברעיש: „קהילה פון מעקסיקאַנער ישראלים — הנגב״.

אײדער מיר גייען אַריין דאַווענען ווערן מיר אַלע נאָענט מיט זיי. זיי רינגלען אונדז אַרום, נישט ווי אַ גרופּע טוריסטן, נאָר ווי אייגענע. ווייזט אויס, אַז זיי האָבן דערפילט די וואַרעמקייט פון אונדזערע הערצער. אָט שטייט בעלאַ קעסעל צווישן צוויי אַלטע אינדיאַנערינס. זיי זענען דאָ פאַרוואָגלט געוואָרן פון דער וייטער פּראָווינץ יוקאַטאַן, און פרוי קעסעל איז דאָ פאַרוואָגלט געוואָרן פון שטעטעלע טרעסטענע, גראָדנער גובערניע. אָבער הערט זיך נאָר צו וועגן וואָס זיי רעדן: וועגן דעם, אַז מען היט אָפּ שבת אין דאָזיקן דאָרף, אַז מען האָט חתונה נאָר צווישן זיך — יידן מיט יידן — אַז מען וועט נאָך אפשר דערלעבן שיקן די קינדער אַרבעטן אויף פעלדער אין לאַנד ישראל... דאָ זענען די פעלדער אַזוי מאָגער, —

מען האָט נישט קיין ברויט געגוג, — מען ליידט פון די טריקענישן און ערד־ציטערנישן...

און דער ראַבינאָ סאַלאַזאַר דערציילט:

— אונדזערע אבות האָבן אין דער דאָזיקער פּראָווינץ הידאַלגאָ איבערגעוואַנדערט פון אַנדערע פּראָווינצן און מיט זיך מיטגעבראַכט די גרונט־געזעצן פון דת משה. זיי זענען דאַן געווען שטאַרק פאַרנעפּלט. עפּעס האָבן די טאַטעס געדענקט, נאָך מער די זיידעס. דער „שמע ישראל" אינעם פאַרקריפּלטן העברעיש האָט זיך אָבער „געשלענגלט" אין אַלע אונדזערע משפּחות.

איך בין געווען אַ יתום, זיך געהאָדעוועט ביי אַ פעטער, און דאָרט האָט מען מיר אַנטדעקט דעם סוד, אַז מיר זענען „כודיאָס", אַז מיר דאַרפן זיך גאַנץ אנדערש אויפפירן, ווי אונדזערע שכנים — די קאַטאָליקן. אין דער משפּחה פון מיין פעטער האָט מען זיך אויך פיל אָנדערציילט וועגן די לײדן, וואָס אונדזערע עלטערן האָבן געהאַט אויסצושטיין פאַר זייער רעליגיע.

מיר וויסן, אַז דער העלדישער באהערשער (קאָנקוויסטאַדאָר) פון מעקסיקע, לואי קאַרוואַראַל אַליין, איז געווען אַ געהיימער ייד פון שפּאַניע. מיר וויסן, ווי אַזוי מען האָט פאַרברענט מער ווי הונדערט מיטגלי־דער פון דער קאַרוואַראַל־משפּחה אויפן אויטאָדאַפע (דאָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1596). מען האָט 120 „כודאַאיזאַנטעס", — אַזעלכע וואָס פּראָפּאַגירן יידישקייט — עפנטלעך פאַרברענט אויפן דאָקאָלא־פּלאַץ אין שטאָט מעקסיקע.

ביזן יאָר 1820, ד. ה. שוין אין ניינצטן יאָרהונדערט, האָט מען נאָך אַלץ געברענט (לויט די אָריגינעלע אינקוויזיציע־פּראָטאָקאָלן האָט מען ביז דאַן עפנטלעך פאַרברענט מער ווי טויזנט „כודאַאיזאַנטעס", צווישן זיי באַרימטע פּאָעטן ווי — לואי ראָדריגעז, דאָקטוירים און אפילו געווע־זענע קאַטוילישע גייסטלעכע. — באַמערקונג פון ח. ש.).

אָבער דאָס האָט נישט געהאָלפן. ערגעץ־ווו אין די טיפענישן פון די בערג האָבן זיך אויפגעהאַלטן נעסטן פון יידישן גלויבן. איצטער וויסן מיר פון אַזעלכע קליינע קהילות אין וויניקסטנס אַכט ערטער אויסער דער שטאָט מעקסיקאָ און אונדזער דאָרף וועגטאַ פּריעטאַ.

אָבער מיר דאָ האָבן זיך שוין אויסגעלערנט ווי איינצוהאַלטן די גרונט־

געזעצן פון אונדזער רעליגיע. די ספר תורה, וואָס מיר האָבן דאָ אין בית המדרש איז אונדז מיט יאָרן צוריק געשענקט געוואָרן דורכן אַמעריקאַנער ראַביי קלאַרק, וועלכער האָט באַזוכט אונדזער דאָרף.

און דאַן בין איך געפאָרן אין דער שטאָט מעקסיקע און געלערנט זיך ביי די ספרדישע סינאַגאָגע־פירער אַ ביסל לייענען העברעיש און אי־בערהויפּט די דינים פון אונדזער רעליגיע.

גאָר זעלטן פלעגט מען ביי אונדז מל זיין קינדער. האָב איך מיט אייניקע יאָרן צוריק אַראָפּגעבראַכט דעם מוהל קליף פון מעקסיקע און אויך דעם מוהל פון די ספרדים און מען האָט געמלט די עלטערע ווי די יונגערע... איצט קומט אַ מוהל אַראָפּ צו אַכט טעג. דאָס ייִנגעלע משה טעללעז, וואָס האָט אייך דאָ געבראַכט, — איז געמלט געוואָרן פּאַראַיאָרן.

און חתונה האָבן מיר נאָר צווישן זיך, כדת משה וישראל. מיט חתונה־אַקטן, פאַרשריבן אין אַט דעם בוך.

מיר בלעטערן דאָס בוך און געפינען דאָרט חתונה־אַקטן נאָך פונעם יאָר 1925.

מען זעט פון זיי, אַז דער פאַמיליע־נאָמען איבערחזרט זיך אָפט, ווייל די קהילה באַשטייט דאָך אינגאַנצן פון זיבעציק נפשות (אין גאַנץ מעקסיקע, רעכנט מען, דערגייט זייער צאָל ביז טויזנט). אַמאָל ברענגט מען אַראָפּ אַ כלה פון די „כודאַאיזאַנטעס" אין די ווייטע מקומות.

פאָלגנדיקע פאַמיליע־נעמען חזרן זיך איבער כסדר אין בוך: „סאַ־לאַזאַר, טעללעז, ווילאַנועוואַ, פּרץ, גוואַדעראַמאַ, סעראַן, אָלווערא"...

און דאָ גייט דער ראַבינער סאַלאַזאַר אַרויס מיט אַ לייכטער אָנקלאַגע קעגן די יידישע קהילות אין שטאָט מעקסיקע:

— מען באַציט זיך צו אונדז עפּעס מיט אַן אויסערגעוויינלעכער גרינגשעצונג. פאַרוואָס וויל מען אונדז דווקא אָפּשטופּן? איך פאַרשטיי, פאַרוואָס דער קאַטוילישער גלח פון שכנותדיקן דאָרף באַגריסט זיך נישט מיט מיר, העצט קעגן אונדז... אָבער פאַרוואָס לערנט נישט מיט מיר יידיש־קייט כאָטש איינער פון די מעקסיקאַנער רבנים? איך האָב שוועריקייטן מיט „קריאת התורה". מען דאַוונט מערסטנטייל פון שפּאַנישן טעקסט (די סידורים זענען אָנגעקומען פון בוענאָס איירעס, אַרויסגעגעבן דורך דער יק"אַ, וועלכע האָט געשאַפן די יידישע קאָלאָניעס אין אַרגענטינע).

— נו, שוין צייט מען זאָל זיך שטעלן דאַווענען! קומט, וועט איר דאָס איבעריקע זען מיט די אייגענע אויגן...

לאַנגזאַם גייען אַריין די אָנגעזאַמלטע אויפן הויף מתפללים אין דער האַלב־טונקעלער שול, אָבער זעט נאָר מיט וואָס פאַר אַ פיעטעט יע־דער קושט די מזוזה, וואָס איז אויפן „אושאַק״ אָנגעקלאַפּט, ספּעציעל די פרויען. זיי מאַכן אַזש צו די אויגן, אָנרירנדיק די מזוזה. אַזוי פלעגן דאָס טוען אונדזערע באָבעס...

די פרויען פאַרנעמען די לינקע זייט פון שול, די מענער — די רעכטע.

דער „ראַבינאָ״ טוט אויס זיין מעקסיקאַנער „סאָמברעראָ״ און טוט אָן אַ יאַרמלקע און א טלית. אַזוי טוען אויך נאָך אַלע מענער. אָבער נישט פאַר אַלעמען סטייען טליתים.

(„גיט אונדז תפילין און טליתים״, בעט זיך דער ראַבינאָ).

אַ לאַנג און אינטערעסאַנט דאַווענען. נישט אַלע קענען לייענען אפילו דעם שפּאַנישן טעקסט פון די תפילות. איך הער אָבער קלאָר, ווי זיי זינגען פון אויסנווייניק, אַפילו יענע תפילות, וואָס מען זאָגט דאָ אין „לשון קודש״, ווי „הודו לד׳ כי טוב״, „אין כאלהינו״ און „ישמחו במלכותך״... ס׳שטייען נעבן מיר צוויי נייך־יאָריקע פּרעכטיקע מעקסיקאַ־נער ייִנגלעך. הער איך, ווי זיי זאָגן פון אויסנווייניק די תפילות, אויך אין „לשון קודש״, מיטן זעלבן ברען, ווי מיר אין אונדזערע פאַרלוירענע בתי מדרשים אין זייערע יאָרן. האַלט איך זיי טאַקע ביי די הענטלעך, ווי אַמאָל מיין ווייטער פעטער האָט דאָס געטאָן, ווען ער איז געקומען צו־גאַסט צו אונדז פון „טיף ראַסיי״...

און די גאַנצע שול פאַרוואַנדלט זיך אין אַ גוט איינגעשטודירטן כאָר, ווען מען זינגט „ישמחו במלכותך״... מיר, — די געסט, האָבן שוין לאַנג נישט געהערט זינגען די דאָזיקע תפילה מיט אַזעלכע גוטע שטימען און מיט אַזאַ התלהבות, ווי דאָ, אין דער שול „נגב״, אינמיטן אַ מעקסי־קאַנער ווּיסטעניש.

אפילו דער „אוי־אַ־ישמחו״, האָט זיך דאָ פון ערגעץ ווו פאַרקוילערט, ווי אַ גלגול פון אַ חסידישן בית־מדרש, און וואָס, אויב נישט אַ מאָדנער „גלגול פון אַ ניגון״, איז די גאַנצע קהילה דאָ, אַ ניגון פון שפּאַניע, פון מאַראַנען, פון „פייער און פלאמען״, פון קידוש השם, פון אַמאָליקער עכטקייט, וואָס האָט זיך אין עקזאָטישער אויסטערלישקייט

פאַרוואַנדלט?! אָבער, ווען די עדה דאָ האָט געזונגען, האָב איך געפילט, ווי מיין האַרץ צאַפּלט, — איך האָב געזען ווי עס פלאַמען די אויגן ביי מיין שכן, — דעם טייערן „ליטוואַק" צבי קעסעל... אין אַ געוויסן מאָמענט, ווען די זינגענדיקע קולות האָבן אויסגעפילט דעם חלל פון שולעכל, האָב איך אפילו דערפילט, ווי דער באָדן ציטערט אונטער מיינע פיס און דער קאָפּ שווינדלט. אויך מיין שכן האָט זיך אַ וואַקל געטאָן... (צבי קעסעל האָט מיר שפּעטער דערקלערט, אַז עס איז גראָד איצט פאָרגעקומען איינע פון די אָפטע דאָ לייכטע ערד־ציטערנישן, און ער האָט געפילט דאָס זעלבע וואָס איך).

נאָכדעם עפנט מען דעם אָרון־קודש און מען טראָגט אַרום דעם עולם די איינציקע תורה, וועלכע מען קושט אויס, ווי אַן איינציק קינד... גלייבט מיר, — עפּעס קען איך דאָך זען, — דאָ איז נישט געווען קיין שום טעאַטראַלישקייט, נאָר ריינע אמונה און התלהבות.

און פאַרן לייענען קומט פאָר די צערעמאָניע פון „ברכת כוהנים". מען טראָגט אַרויף אויף דער בימה אַ קרוג מיט אַ שיסל. דער „ראַבינאָ" רופט אויס צוויי „כהנים" און יעדער פון זיי זעט אויס ווי הונדערט טיפּישע מעקסיקאַנער: טונקל־בראָנדזענע פּנימער, פלאַטשיקע נעז, אינדיש פייער אין די אויגן.

אָבער, ווען זיי זאָגן נאָך דעם „יברכך" און דער עולם ענטפערט מיט איינגעבויגענע קעפּ, — דערמאָן איך זיך, וואָס דער גרויסער תנא רבי מאיר זאָגט: „אַפילו אַ גוי, וואָס לערנט תורה איז גלייך צו אַ כהן גדול"...

און דאָ שטייען דאָך נישט גוים, נאָר גרים, וואָס נעמען אויף זיך דעם שווערן עול פון יידישקייט, וואָס האָבן אויף אַ מיסטעריעזן אופן דורכגעטראָגן דורך הונדערטער יאָרן די הייליקע טראָפּנס פון „יין המשומר" — „פון ספּעציעל אָפּגעהיטן וויין, וואָס מען וועט טרינקען ביים גאולה־באַנקעט צוזאַמען מיט שטיקער פון שור־הבר און לויתן"...

זע איך ווי די דאַווענענדיקע פרויען און מענער שטרעקן אויס זייערע הענט צו די כהנים אויף דער בימה, ווי זיי וואָלטן וועלן אויפכאַפּן אויף די שפּיצן פון זייערע פינגער די ברכות, וואָס דערטראָגן זיך פון אונטער די בענטשנדיקע טליתים...

און דערנאָך ראָלט מען אויף די ספר־תורה און מען וויל זיך נעמען

צום לייענען. רוימט אָבער צבי קעסעל אַריין עפּעס אַ סוד אויפן אויער פון ראַבינאַ סאַלאַזאַר. רופט דער לעצטער ארויף אויף דער בימה דעם גאַסט משה רובינשטיין, דעם לאַנג־יאָריקן „בונדיסט״ נאָך פון מיינע צייטן אין פּוילן און שפּעטער אויך אין מעקסיקע (אַ „בונדיסט״ אָן „אוהב ישראל״ און אויך אַ טרייער פריינד פון ארץ־ישראל, — הלוואי אויף זיינע אַנדערע אָרטאָדאָקסישע חברים „בונדיסטן״ געזאָגט געוואָרן...).

און משה רובינשטיין, — לאָמיר אים דאָסמאָל מכבד זיין מיט דעם פּאַרדינטן טיטל „רב משה״, — ווערט דער בעל־קורא פון דער סדרה „שלח״, פאַר דער קהילה פון די מעקסיקאַנער אינדיאַנער...

מילא, וואָס זאָל איך זאָגן, איך האָב דערהערט פּלוצלינג אַ מוזי־קאַלישע שטימע פון אַ פּערפעקטן היימישן בעל־קורא, מיט דער גאַנצער סימפאָניע פון די אוראַלטע נאָטן פון „פּשטא״ ביזן „שלשלת״...

אַזוי ווי איך האָב נישט געוווּסט, אַז דער רעדאַקטאָר פון דער „מעקסיקאַנער שטימע״ איז אויך אַ מושלם אין אַנדערע „זיבן זאַכן״, — בין איך געווען דערשטוינט פון זיין מתיקותדיקן לייענען. אָבער שפּעטער האָט מען מיר דערקלערט, אַז ביי די יידן אין מעקסיקע ווייסט מען דאָס. ווען עס גיט זיך איין אין אַ יום כפּור אים „ארייננאַרן״ פאַרלייענען דעם „מפטיר יונה״ — באַצאָלט מען רובינשטיינען דערפאַר א קיימא־לן פון צען טויזנט פּעזאָס (אַכט הונדערט דאָלאַר), וועלכע ער, משה, שענקט גלייך אַוועק לטובת דער מעקסיקאַנער יידישער שולע.

אויך מיט אים קומט פאַר דער „גלגול פון אַ ניגון״, וואָס ער האָט געירשנט פון א לומדישן גראָדנער טאַטן — ר׳ יעקב פּנחס ז״ל, וועלכער האָט שפּעטער געלערנט מיט תלמידים אין דער באַרימטער ישיבה פון ר׳ שמעון שקאָפּ (דער בראַנסקער רבי).

*

דער שבת אונדזערער איז נאָך נישט געענדיקט. מיר הערן זיך אָן שטויינענדיקע געשיכטעס וועגן „אנוסים״.

צוממייסטן ציען מיין אויפמערקזאַמקייט צוויי שבתדיק־געקליידטע יונגע מעקסיקאַנער מיידלעך, וועלכע האָבן די גאַנצע צייט פון דאַווענען איבערגעחזרט אַלע תפילות וואָס דער ראַבינאַ יואל סאַלאַזאַר האָט פאַר־

געזאָגט אין שפּאַניש און לשון־קודש. פון צייט צו צייט האָבן זיך דער־הערט זייערע קלינגענדיקע סאָפּראַנען, — וועלכע האָבן איבערראַשט מיט זייער קלאָרקייט און מוזיקאַלישער שיינקייט.

נאָכן דאַווענען גייען מיר אַלע ארויס פון אָרעמען בית־מדרשל מיטן פּילזאָגנדיקן נאָמען „הנגב" און זאַמלען זיך אין גרופּעס אין הייפל, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט אַ ליימענעם פּאַרקן. נישט לאַנג איז דאָ געווען אַ פּאַרפּלייצונג, וועלכע האָט אַ היפּש ביסל צעשטערט סיי די אָרעמע ווענט פון בית־תפילה און סיי דעם פּאַרקאַן. דער „ראַבינאָ" קלאָגט זיך, אַז דערווייל האָבן זיי נאָך נישט די צוויי טויזנט פּעזאָס (אַרום 180 דאָלאַר), וועלכע זענען נייטיק פאַרן רעמאָנט.

אָבער ער גיט גלייך צו: „מיינט נישט, אַז מיר קומען בעטן ביי אייך דאָס געלט... מיר וועלן פּרווון דאָס טאָן מיט אייגענע כוחות. וואָס מיר בעטן ביי אייך איז: טליתים, תפילין; מיר ווילן איר זאָלט אונדז לערנען ווי געהעריק דאַווענען...

עס פעלט אונדז אַ סך אין יידישקייט. אָבער געלט? מיר זענען, אמת, אָרעמע פּויערים, אָבער צום יידנטום זענען מיר געקומען נישט צוליב מאַטעריעלן נוצן, וואָס עס קאָן אונדז ברענגען. עס איז גאָרנישט אַזוי לייכט צו וועלן זיין אַ ייד אין אַ פרעמדער, אָפּטמאָל פיינטלעכער קאַטוילישער סביבה".

אַרום דער פרוי בעלאַ קעסעל און אַרום איר מאַן, — דער באַרימ־טער מעצענאַט צבי קעסעל, — שטייען די פרויען און זי פרעגט זיי אויס. אויך איך און דער רעדאַקטאָר פון „מעקסיקאַנער שטימע", משה רובינ־שטיין, לייגן צו אַן אויער.

אַן אַלטיטשקע, קליינינקע מעקסיקאַנערין, וועמענס אינדיש־אַצטע־קישע געזיכטס־שטריכן שרייען פּשוט אַרויס דורך די קנייטשן פון אַ ביינציק יאָר אַלט פּנים אין אַ ראַם פון ווייסע האָר, — שטאַמלט קוים אויף שפּאַניש:

„וואָס איך געדענק? ווען איך בין אַ קליין מיידעלע געווען האָט מען אונדזערן אַ זיידן געכאַפּט ביים היטן יידישע מנהגים. אפשר איז דאָס געווען פּסח. האָט מען אים געבראַכט אויף דעם פּלאַס דע טאָרראָס (דער פּלאַץ, ווו עס קומען פאָר די אָקסן־קאַמפּן). מען האָט אים פאַרנייט אין אַ פעל

פון אַ טויטן אָקס, אָפּגעגאָסן מיט הייס וואַסער און אַזוי לאַנג געשלאָגן מיט שטעקנס ביז ער איז אויסגעגאַנגען דאָרטן אויפן פּלאַץ״...

ווען מען דערמאָנט זיך, אַז די לעצטע פייערן פון דער אינקוויזיציע זענען אויסגעלאָשן געוואָרן אין מעקסיקע אין די צוואַנציקער יאָרן פון ניינצנטן יאָרהונדערט, — ווערט קלאָר, אַז באַקענען זיך צום יידישן גלויבן איז געווען אַ טויט־געפאַר זינט די שפּאַנישע ״קאָנקסווידאָרן״ (באַזיגער) זענען דאָ אָנגעקומען אין אָנהייב פון פופצנטן יאָרהונדערט. און ״ראַבינאָ״ סאָלאַזאַר גיט צו:

— מיר ווילן בלייבן ביים יידישן גלויבן און אים איבערגעבן אונדזערע קינדער, ווייל מיר האָבן דאָס בירושה פון אונדזערע ״אַנטעפּאַסאַדאָס״ (אָבות). האָבן דאָך אונדזערע אור־עלטערן דאָ געהאַלטן פון יידישקייט נאָך דאַן, ווען קיין יידן זענען דאָ נאָך נישט געווען און ס׳האָט געשמעקט מיט טויט״...

אין די דאָזיקע ווערטער הערט זיך אַ פאָרוואורף קעגן די קהילות, סיי די ספרדישע, סיי די אַשכנזישע אין מעקסיקע, וואָס באַציען זיך מער ווי גלייכגילטיק, — עפּעס מיט אַן אונטערטאָן פון ביטול און איראָניע צו דעם גאַנצן פּראָבלעם פון מעקסיקאַנער־אינדיאַנער יידן. אַז דאָס איז נישט באַרעכטיקט זעט איר דאָך מיט אייערע אייגענע אויגן! אָט איז אַ דאָרף אין אַ שבתדיקן טאָג. אַ דאָרף פון זיבעציק משפחות. מען ארבעט נישט שבת. דאָס מעקסיקאַנער יינגל, וואָס האָט אונדז געבראַכט צום בית־מדרש, האָט זיך אפילו פאַרענטפערט, אַז אַזוי ווי זיי פאַרקויפן מילך און דער טאַטע איז ביים דאַווענען, האָט ער, דאָס יינגל, געמוזט דורכלאָזן אַ טייל פון די תפילות, ווייל ער האָט געדאַרפט די מילך צעטראָגן, — יעדער אום שבת.

אין די ליימענע כאַטקעס, ווו איך בין אַריין אידער דאָס דאַווענען האָט זיך אָנגעהויבן, זענען די פרויען געווען געקליידט ווי פּויערטעס, יום־טובדיק. און אין יעדן הייזל איז געשטאַנען אַ פּושקע פון קרן־קיימת... דאָס איז, פאַרשטייט זיך, אַן אויפטו פון די לעצטע יאָרן.

זייער בענקשאַפט נאָך ארץ־ישראל איז אין לשער. דערציילט מיר דער מיניסטער פון ישראל אין מעקסיקע, גענעראַל שלתיאל, אַז מיט אייניקע וואָכן צוריק, בעת אין דער ״צירות״ זענען פאָרגעקומען די פייערונגען פון יום־העצמאות, האָט פּלוצלינג אָנגעפילט די גאַס ארום דער

„צירות", אַן עולם פון מעקסיקאַנער אינדיאַנער אין זייערע ברייטע „סאָמ־ברעראָס" (שטרויענע קאַפעליושן), און איינגעוויקלט אין די פאַרביקע שאַלן האָבן זיי זיך גענומען פאַר די הענט און געטאַנצט.

ער איז צו זיי אַרויס און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס זענען טאַקע געווען די איינוווינער פון דאָזיקן דאָרף ווענטאַ־פריעטאַ, ווו מיר געפינען זיך איצטער. זיי האָבן געבעטן מען זאָל איבערגעבן דעם פרע־זידענט פון ישראל יצחק בן צבי זייער גרוס און פאַרלאַנגט מען זאָל כאָטש אַ טייל יוגנט אַריבערפירן קיין ישראל. גענעראַל שלתיאל האָט זיי געזאָגט, אַז דער פרעזידענט אינטערעסירט זיך שוין פון לאַנג מיטן גורל פון אַזעלכע פאַרוואָרפענע יידן, ווי זיי זענען. (אַ וואָך פאַר אונדזער קומען האָט דער מיניסטער שלתיאל און זיין פרוי יהודית באַזוכט פערזענלעך דאָס דאָזיקע דאָרף).

פון די מנהגים, וואָס זיי היטן אָפּ האָט מיך פאַראינטערעסירט די מעשה מיט „תשליך": ראש־השנה זעצט זיך דאָס דאָרף אַריין אין וועגע־נער באַצירט מיט בלומען, מען לייגט אַריין אין די קעשענעס קרישקעס ברויט און מען פאָרט צו אַ וואַסער, אין וועלכן מען וואַרפט שפּעטער אַריין די קרישקעס.

— און מיט דעם באַפרייען מיר זיך פון אונדזערע זינד, — גיט צו מיט דער גאַנצער ערנסטקייט איינער פון די „כהנים", אַ ריזיקער אינ־דיאַנער, וואָס האָט טאַקע היינט אין דער פרי מיט גרויס שוועריקייט נאָכגעזאָגט נאָכן „ראַבינאָ" די ברכות אויף דער תורה.

דאָס אַלץ איז דאָך אַ „גלגול פון אַ ניגון", — פון אַן אַלטן יידישן רעליגיעזן לעבנס־שטייגער, וועלכער האָט זיך יאָרהונדערטער געקייטלט און געקייטלט דורך אונטערערדישע, קוים פאַרשטענדלעכע צערעמאָניעס און מסורות, וואָס זענען איבערגעגעבן געוואָרן אויסנווייניק פון טאַטן צום זון.

דערציילט ווייטער דער „ראַבינאָ": „מיר האָבן נאָך אַזעלכע דער־פער מיט גלויביקע אין די שטאַטן הידאַלגאָ, מיטשאָאַקאַן און גערערא. איך פאָר פון־צייט־צו־צייט אין יענע דערפער און ריכט אָפּ גאָטעסדינסטן, ווי ווייט איך קען..."

שפּעטער האָט מיר פּראָפ. ווינעצקי דערציילט פאָלגנדיקע געשיכטע:

— דער אשכנזישער מוהל פון שטאָט מעקסיקע, ר' דוד קליפּ, האָט

מיט אַ צייט צוריק באקומען פלוצלינג אַ טעלעפאָן־רוף פון אַן אָרטיקן האָטעל, ער זאָל שוין קומען זיך זען מיט אַ מעקסיקאַנער נאָטאַבל. און אין האָטעל האָט אויף אים געוואַרט אַ מעקסיקאַנער פון שטאַט יוקאַטאַן מיט צוויי שוין דערוואַקסענע ייִנגלעך און דערציילט פאָלגנדיקס:

„שוין אַ פּאָר וואָכן, ווי עס קומט מיר צו חלום מיין געשטאָרבענער טאַטע און וויינט און בעט איך זאָל מל זיין מיינע ייִנגלעך. „מיר זענען דאָך יידן; אזוי האָבן דאָך געטאָן אונדזערע זיידעס און עלטער־זיידעס... ראַטע־ווע זייער לעבן און זיי זיי מל״...

בקיצור: ר׳ דוד קליפּ האָט מכניס געווען די ייִנגלעך בבריתו של אברהם אָבינו...

דערציילט מיין פריינד ז. בערעביטשעז:

— די ניי־געשאַפענע אכשנזישע קהילה אין מעקסיקע האָט מיר אָנגעטרויט, אַלס מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג, איך זאָל אָנהייבן אויס־פאָרשן די אין אַזוי פיל סודות איינגעהילטע פאַרגאַנגענהייט פון די ערשטע אנוסים, וואָס זענען אָנגעקומען קיין מעקסיקע צוזאַמען מיט די שפּאַנישע דעראָבערער אין יאָר 1519. ווי שוין דערמאָנט, זענען צווישן זיי געווען אַ ביסל פאַרבאָרגענע יידן. אָבער דער שפּאַנישער מלך, קאַרל דער פינפטער, האָט גוזר געווען, אַז געשמדטע יידן אָדער זייערע קינדער זאָל נישט דערלויבט ווערן צו פאָרן קיין מעקסיקע. טראָץ דעם האָבן זיך דאָרט ארייננבאקומען אנוסים. און איינער פון זיי, דאָן לואיס קאַרוואַכאַל, איז דורך זיין העלדישקייט אפילו באַשטימט געוואָרן אַלס גובערנאַטאָר פון שטאַט לעאָן. ער איז, ווייזט אויס, געווען געהיים אַ געטרייער ייד, און זיין גאַנצע מיליטערישע עסקאַדרע צוזאַמענגעשטעלט אין דער מערהייט פון אנוסים (160 מאַן).

אָבער די אינקוויזיציע פון שפּאַניע איז נאָכגעפאָרן און איז איינ־געפירט געוואָרן אויך אין מעקסיקע. די שוועסטער פון גובערנאַטאָר פראַנ־ציסקא איז געכאַפּט געוואָרן אַלס פּראַקטיצירנדיקע יידין, און מען האָט זי אַזוי לאַנג געפייניקט, ביז זי האָט זיך מודה געווען און אַרויסגעגעבן די גאַנצע משפחה. אין 1596 האָט מען אויפן צאָקאָלאָ־פּלאַץ אין מעקסיקע פאַרברענט אירע צוויי טעכטער און דעם זון לואיס. דער לעצטער האָט פאַרן גיין אויף קידוש השם אָנגעשריבן אַ ווידוי, וועלכע האָט זיך אָנגע־הויבן מיט די העברעישע ווערטער: „בשם ד׳ צבאות״...

אויך דער גובערנאַטאָר דאָן לואיס קאַרוואַכאַל איז אַרעסטירט געוואָרן און געשטאָרבן אין יאָר 1601 אין תפיסה.

און פון דעמאָלט אָן האָט זיך דאָס פייערל פון יידישקייט און פון קידוש השם דורך אומדערקלערטע אונטערערדישע היילן געקייקלט דורך די יאָרהונדערטער. פון צייט־צו־צייט האָט מען די אנוסים געברענט עפנטלעך אויף די אויטאָדאַפעס, אָבער די פונקען האָבן געשפריצט איבער אַלע פלעצער פון מעקסיקע: צווישן די ווילדע בערג, צווישן די פאַרלאָזענע טאָלן... ביז... מיר געפינען די אַמאָליקע קינדער פון די אנוסים, אָדער די, וואָס האָבן געאַרבעט ביי זיי אַלס קנעכט און דינסטן (דאָס איז דאָס וואָרשיינלעכסטע) אין די דערפער, — איינס פון די, וואָס איך האָב נאָר־וואָס באַשריבן.

וועט איצטער ז. בערעביטשעז האָבן די געלעגנהייט ענדלעך אויסצופאָרשן דאָס מאַטעריאַל אין נאָמען פון דער קהילה און אויך דערמעגלעכן אַ דערנענטערונג צווישן די יידן, וואָס זענען געקומען אַהער נאָכדעם, ווי די פייערן פון דער אינקוויזיציע זענען פאַרלאָשן געוואָרן, — מיט יענע, וואָס האָבן מיט מסירת־נפש געהאַלטן יענעם גלויבן פון פאָלק ישראל אין געהיים, כאָטש מען האָט פאַר דעם געברענט און געטייט.

דאָס איז נישט קיין פראַגע וועגן מגייר זיין מעקסיקאַנער קאַטוילישע קריסטן, — נאָך דעם האָבן זיך יידן קיינמאָל נישט געיאָגט, — נאָר פון אומקערן צום גאָט פון ישראל די דאָזיקע גלויביקע, וועלכע האָבן „דורך פייער און שווערד" דערטראָגן זייער אמונה ביז די היינטיקע, פרייע צייטן.

*

אויף צומאָרגנס נאָך אונדזער וויזיט אין דאָרף ווענטאַ־פּריעטאַ, האָט מען אין פּרעכטיקן ספּאָרט־צענטער פון מעקסיקע געעפנט אַן אויסשטעלונג פון די פּריוואַטע אַנטיקן, וואָס אַ מערקווירדיקער יידישער קאָלעקציאָנער, סאָלאָמאָן האַאַללע האָט פּריוואַט געזאַמלט.

זעען מיר דאָרט אין צענטער אַ פאַנאַנדערגעוויקלטע ספר־תורה, פאַרברענט ערטערווייז, דורכגעלעכערט, פאַררויכערט. אָט דאָס איז דער עדות פון דער יחוסדיקער מעטריקע פון די מעקסיקאַנער אנוסים.

„וויפל אין די אותיות ליגן טרערן און וויפל געוויין"...

דער אַנאַליז פון דעם פּאַרמעט האָט געוויזן, אַז מען האָט די ספר־תורה געשריבן אין עלפטן יאָרהונדערט אין פּאָרטוגאַל, אָבער געבראַכט איז זי געוואָרן קיין מעקסיקע אין 16־טן יאָרהונדערט, געבראַכט געהיים, אַריינגעשמוגלט ערגעץ אין מיליטערישן באַגאַזש פונעם קדוש, פון גובער־נאַטאָר דאָן לואיס די קאַרוואַכאַל...

און דאָ, ביי דער זייט, הענגט טאַקע אַ מיליטערישער באַפעל, אונ־טערגעשריבן אין אָריגינאַל פון גוברנאַטאָר־קדוש...

וואונדערבאַר זענען די וועגן פון דער יידישער געשיכטע און יידישן מאַרטירערטום!

*

גראָד האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז דאָס דאָזיקע קאַפּיטל האָב איך אָנגעהויבן שרייבן אין מעקסיקאָ־סיטי, און איך האָב עס פאַרענדיקט אין דער מעקסיקאַנער שטאָט מאָנטעריי, זעקס הונדערט מייל ווייטער.

די קרוב הונדערט יידישע פאַמיליעס דאָ, האָבן מיך אויפגענומען מיט דער זעלבער האַרציקייט ווי זיי האָבן דאָס געטאָן מיט ב. צ. גאָלד־בערג, מנשה אונגער און הרב דוד האָלענדער. אויך איך, ווי דער דערמאָנ־טער חשובער רב, וווין אין דעם גאַסטפריינדלעכן הויז פון יונגן רב, שוחט, שרייבער — ר' משה קיימאַן.

און די גאַנצע קהילה, — בוכשטעבלעך, — האָט אויסגעפילט די פּרעכטיקע געביידע פון יידישן צענטער, וווּ די שול, די שולע, דער קלוב געפינען זיך.

און ווידעראַמאָל: אויפן ברית פון אייניקל פון ר' אליהו זאַק, — אַ חשובער נדבן פון שטאָט מעקסיקע, וועלכער ווילט איצט אין מאָנטעריי, — איז געקומען די גאַנצע קהלה. עפּעס אַ מאָדנע אַטמאָספער פון קעגנזיי־טיקער קרובהשאַפט און פריינדשאַפט הערשט אין דאָזיקן מעקסיקאַנער ווינקל, פאַררוקט צווישן שפּיציקע בערג.

און גראָד דאָ, — אין דער שטאָט, — איז דער קדוש און אָנוס דאָן לואיס קאַרוואַכאַל געווען דער גובערנאַטאָר, ווייל דאָ איז די הויפּטשטאָט פון דער פּראָווינץ נועווא לעאָן.

פאָר איך מיט די פירער פון היגן ישוב (ל. בלייבערג, טעמקין און

זייער גאַסט — א. זאַק) צום אַלטן קלויסטער אויף אַ שפּיץ באַרג, ווו עס איז אַמאָל געווען דער טריבונאַל פון דער אינקוויזיציע.

לויט דער לעגענדע האָט מען אין דאָזיקן קלויסטער געבראַכט אַ געשמידטן אין קייטן דעם גובערנאַטאָר קאַרוואַכאַל, ווען מען האָט פּלוצלינג אַנטדעקט, אַז ער היט אָפּ אין געהיים די יידישע רעליגיע. לויט די היסטאָרישע דאַטעס ווייזט אויס, אַז דאָס איז געווען פּסח־צייט...

נאָכן פּייניקן אים האָט מען קאַרוואַכאַלן געפירט אין שטאָט מעקסיקע, ווו מען האָט אים ווידער געמאַטערט ביז ער איז דאָרטן אויסגעגאַנגען אין תפיסה...

אָט אין דאָזיקן גרויסן שאָטן פון העלדן־אנוסים, זענען זיך פאַנאַנדערגעוואַקסן אין געהיים די גלויביקע אין גאָט פון ישראל, וועמענס אור־אייניקלעך מיר באַגעגענען איצט אין פאַרשידענע טיילן פון מעקסיקע.

עס וואָלט געווען אַ שאָד, ווען די קוים זיך האַלטנדיקע עקזאָטישע געוויקסן פון אונדזער גלויבן, וואָלטן פאַרוויאַנעט געוואָרן, ווייל די יידישע קהילות אין מעקסיקע גיבן זיי נישט די געהעריקע זאַפטן, אָן וועלכע די אינדיאַנער יידן מוזן אונטערגיין...

# די באַגעגעניש מיט טראָצקיס מערדער אין דער מעקסיקאַנער טורמע

בעת מיין איצטיקן וויזיט אין מעקסיקאַנער תפיסה, האָב איך געהאַט מער מזל, ווי בעת מיין פריערדיקן — מיט זעקס יאָר צוריק.

מסתּם וועלן זיך פיל פון מיינע לייענער דערמאָנען, אַז אין יאָר 1951 האָב איך באַשריבן דעם פּרווו, וואָס איך האָב דאָ געמאַכט, כדי זיך דורכצושמועסן מיטן געהיימנישפולן מערדער פון לעאָן טראָצקי, וועלכער איז שוין דאַן געזעסן אַרעסטירט אַרום צען יאָר, פאַרן מאָרד וואָס ער האָט אויסגעפירט איבערן פאַרטריבענעם דורך סטאַלינען, שעפער פון דער רויטער אַרמיי.

די הויכגעשטעלטע מעקסיקאַנער פּערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן דאַן אויסגעפּועלט פאַר מיר די דערלויבעניש צו באַזוכן די תּפיסה, האָבן מיך פריער געוואָרנט: „דער מערדער, וואָס באַהאַלט זיך אונטערן נאָמען זשאַק מאָרנאַרד, וועט מיט אייך נישט רעדן. הלוואי זאָל ער אייך נאָר נישט באַליידיקן, ווי ער האָט דאָס געטאָן מיטן באַוווסטן אַרויסגעבער פון דער „טשיקאַגאָ טריביון" מעקקאָרמיק, אויף וועלכן ער האָט זיך פּשוט געוואָרפן מיט די פויסטן, ווען יענער האָט זיך צו אים געווענדט מיט אַ פראַגע, בעת זיין באַזוך אין דער מעקסיקאַנער תּפיסה.

אויף מיר האָט זיך זשאַק מאָרנאַרד נישט געוואָרפן, בעת איך האָב זיך דערנענטערט צו זיין אָפענער קאַמער. ער האָט אָבער, זיך ווענדנדיק צום דירעקטאָר פון דער טורמע, וועלכער האָט מיך באַגלייט, אַ זאָג געטאָן אין שפּאַניש:

— ווען נישט מיין אַכטונג צו אייך, וואָלט איך די דאָזיקע שרייבערס, וואָס זוכן מיך צו אינטערוויואירן, אויסגעשפּיגן די צורה...

דאָס איז געזאָגט געוואָרן מיט אַזוי פיל בייזקייט און פאַראַכטונג אין זיין שטימע, אַז מער קיין פּרווו צו רעדן צו אים האָב איך שוין נישט געמאַכט...

יענער באַזוך — מיט זעקס יאָר צוריק — יענער אומפאַרגעסלעכער שפּאַציר איבער דער באַרימטער מעקסיקאַנער תּפיסה, איז אויך געדרוקט געוואָרן אין „סאַטורדיי איוונינג פּאָסט" און אין אייניקע צייטונגען אויף שפּאַניש.

בעת מיין איצטיקן וויזיט אין מעקסיקע — ענדע יוני 1957 — האָט זיך ווידער געטומלט סיי מיטן מערדער, סיי מיט דער פרוי פון זיין קרבן.

דאָס מעקסיקאַנער געריכט האָט אָפּגעזאָגט די ביטע פון זשאַק מאָרנאַרד מען זאָל אים באַפרייען אויף פּאַראָל, נאָך 16 יאָר „זיצן". לכתחילה איז ער פאַרמשפּט געוואָרן אויף צוואַנציק יאָר, אָבער דאָס געזעץ דערלויבט באַפרייען אַ פאַראורטיילטן איידער ער ענדיקט זיין טערמין, — אויב ער פירט זיך גוט אויף אין תּפיסה. עס איז אים נאָר געבליבן פיר יאָר צו זיצן. זיין אויפפירונג אין תּפיסה איז געווען גלענצנדיק. אָבער מען האָט אָפּגעזאָגט זיין בקשה, ווייל ער וויל נאָך אַלץ נישט רעדן וועגן די מאָטיוון פון מאָרד און ווער עס האָט אים געשיקט.

כל זמן ער האָט פֿאַרמאַכט דאָס מויל, האָט ער נאָך אַ האָפֿענונג נאָכן ענדיקן זיין שטראָף, בלייבן לעבן. וואָלט ער אָבער זיך דעצידירט צו דערציילן דעם גאַנצן אמת, וואָלט די וועלט אויפֿגעטרייסלט געוואָרן פֿון דעם אופֿן, ווי קונציק סטאַלין האָט אויסגעפּלאַנעוועט דעם מאָרד פֿון זיין גרעסטן און געפֿערלעכסטן קעגנער; וואָלטן מיר דורכן מויל פֿון זשאַק מאָרנאַרד דערהערט אַ באַשולדיקונג קעגן די מעטאָדן פֿון מאָסקווער רע־זשים, וואָס וואָלט געווירקט נישט ווייניקער ווי כרושטשאָווס באַרימטע רעדע אויפֿן פּאַרטיי־פּלענום פֿון יאָר 1956, — און אפֿשר נאָך שטאַרקער...

וואָלט זשאַק מאָרנאַרד געוואָלט רעדן דעם אמת, וואָלט זיין דער־ציילונג געוואָרן דער „בעסט־סעלער"־בוך, און אייניקע סעזאָנען, אַ „מוֹאַ־ווי־סצענאַריאָ", וועלכן אַ וועלט אַ גאַנצע וואָלט אָנגעקוקט מיט שפּאַנונג. דאַן וואָלט זשאַק מאָרנאַרד תיכּף באַפֿרייט געוואָרן פֿון תּפֿיסה און גע־קאָנט געניסן פֿון די מיליאָנען דאָלאַרן, וועלכע רינען אין אַזעלכע פֿאַלן דירעקט אין די קעשענעס פֿון אויסדערוויילטן „סענסאַציע־טשעמפּיאָן"... מעגלעך, אַז ער וואָלט אויך גלייך דערמאָרדעט געוואָרן.

אָבער מאָרנאַרד שווייגט, און וואָס ער זאָגט יאָ, איז אַלץ אַ מיטל צו פֿאַרדעקן דעם „גרויסן ליגן", וועלכן סטאַלין און ער האָבן אָנגעהויבן שפּינען ערגעץ־ווו אין אַ געהיימען ווינקל פֿון קרעמל, און עס האָט זיך אויסגעלאָזן מיטן מאָרד פֿון טראָצקין, — דעם מעכטיקסטן קעגנער פֿון דעם גרוזינער, וועלכער האָט זיך באַהאַלטן פֿאַר אים אין דער שטרענג־באַוואַכטער ווילע אין דער פֿאַרוואָרפֿענער פֿאָרשטאָט פֿון מעקסיקאָ־סיטי, קאָיאָאַקאַן.

און ווער נאָך ווייסט אַזוי גוט, ווי עס ווייסט מאָרנאַרד, דער מערדער, אַז אונדזער פּלאַנעט איז צו קליין, כּדי אויסצוזוכן אויף איר אַזאַ פֿאַרבאָרגן ווינקל, ווו ער זאָל זיך קאָנען באַהאַלטן פֿון לאַנגן מעסער פֿון די קרעמלער נקמה־נעמער, אין פֿאַל ווען ער זאָל אָנהייבן דערציילן פֿאַרן פּרייז פֿון פֿרייהייט און מיליאָנען? האָט ער דאָך אַליין, מיטן אויספֿירן דעם געניאַל־דורכגעטראַכטן פּלאַן פֿון פֿאַרניכטן טראָצקין אין אַ ווייטער, פֿאַרשלאָסענער ווילע פֿון מעקסיקע דערוויזן, ווי קליין און אומבאַשיצט אַ מענטש איז, ווען ער ווערט פֿאַרפֿאָלגט דורך אַ גוט־אָרגאַניזירטער מאַפֿיע.

און דעריבער טאַקע שווייגט מאָרנאַרד און צאָלט דעם פּרייז, מיטן אויסזיצן אין תּפֿיסה זיין גאַנצן טערמין, דאָס הייסט, נאָך פֿיר יאָר. און

דערנאָך? גוט אינפאָרמירטע מענטשן זאָגן, אַז אויך דאַן האָט נישט מאָרנאַרד ווו זיך אַהינצוטאָן. מעקסיקע דאַרף אים, לויטן געזעץ, אַרויס־שיקן גלייך נאָך דער באַפרייונג, ווייל ער איז אומלעגאַל אַריין אין לאַנד. צי מאָסקווע פון „קאָלעקטיווער דיקטאַטור״, אויב אַזעלכע וועט נאָך אַלץ זיין אין פיר יאָר אַרום, וועט אַריינלאָזן דעם מערדער פון טראָצקין, ווערמענס נאָמען און אַקט איז אַזוי ענג פאַרבונדן מיטן בלוטיקן סטאַלין און זיין „פערזאָנען־דיקטאַטור״, — דאָס איז אַ גרויסער ספק. פאַרן קרעמל לוינט נאָך אַלץ, אַז דער מענטש, וואָס האָלט באַהאַלטן אין זיך די גרעסטע מיס־טעריע פון הײַנטיקן יאָרהונדערט, זאָל פאַרשטומט ווערן אויף אייביק.

און דאָס ווייסט מאָרנאַרד, וועלכער האָט זיך אויך די גאַנצע יאָרן נישט געאײַלט צו פאַרלאָזן די געפאַנצערטע טויערן פון דער מעקסיקאַנער תפיסה. איז דען נישט די תפיסה דאָס איינציקע אָרט אין דער וועלט, ווו מאָרנאַרד פילט זיך פריי און פאַרהעלטנישמעסיק זיכער?...

און אויך אַרום טראָצקיס אלמנה, — וועלכע הייסט נאַטאַליאַ אי־וואַנאָוונאַ סעדאָווואַ — האָט זיך גראָד אין די וואָכן פון מאַי־יוני 1957 ווידער פריש געטומלט.

עפּעס איז זי פּלוצלינג געפאָרן קיין וואַשינגטאָן, ווו — ווי די צייטונגען האָבן געשריבן — זי האָט געזאָלט אַרויסטרעטן פאַר אַ קאָמיסיע פון קאָנגרעס מיט רעוועלאַציעס וועגן און אַרום דעם מאָרד און וועגן די קאָמוניסטישע אַגענטן אין מעקסיקע.

נאָכדעם האָט מען אונדז מיטגעטיילט, אַז זי איז פאַר דער קאָמיסיע נישט אַרויסגעטראָטן און איז אָפּגעפאָרן צוריק קיין מעקסיקע. און טאַקע אין די מעקסיקאַנער צייטונגען האָבן איך געלייענט, אַז די אלמנה איז צוריקגעקומען קיין מעקסיקע און זיצט באַהאַלטן אין איר ווילע, ווייל זי באַקומט דראָונגס־בריוו, — און אַז די קוואַלן פון די בריוו פירן צו דער היגער סאָוויעטישער אַמבאַסאַדע.

בין איך אָבער געווען אימשטאַנד צו קאָנטראָלירן די דאָזיקע ידיעות דורך דער נאָענטסטער צו דער סעדאָוואַ פערזאָן דאָ אין מעקסיקע, און עס האָט זיך אַלץ אַרויסגעוויזן פאַר „נישט־געשטויגענע און נישט־געפלוי־גענע״ מעשיות. נישט סעדאָוואַ איז צוריקגעקומען קיין מעקסיקע און נישט זי האָט דערהאַלטן דראָונגס־בריוו פון וועלכע עס איז קרייזן (אויך אין ניו־יאָרקער צייטונגען זענען דערשינען די פריער־דערמאָנטע ידיעות).

און סעדאָוואַ איז נאָך אַלץ אין די פּאַראייניקטע שטאַטן פון אַמע־ריקע... ווו און אונטער וועלכע אומשטענדן — דאָס איז דערווייל אַ סוד.

און ווייל איך בין גראָד געווען אין מעקסיקע, בעת אַט די דאָזיקע אַלע אַנטוויקלונגען אַרום מאָרנאַרד און אַרום סעדאָוואַ זענען פאָרגעקו־מען, איז מיר איינגעפאַלן ווידעראַמאָל פּרובירן זיך אַריינבאַקומען אין דער תפיסה, ווו מאָרנאַרד געפינט זיך, און פּרוּוון כאַפּן מיט אים אַ שמועס. אפשר וועט מיר דאָסמאָל בעסער גיין?

אָבער עס רעדט זיך נאָר אַזוי. אין מעקסיקאַנער תפיסה קאָנט איר גאַנץ לייכט זיך אַריינבאַקומען אויב איר באַגייט עפּעס אַ פאַרברעכן. און אַזוי איז דער שטייגער מיט אַלע תפיסות אין דער וועלט. אָבער אויב איר ווילט באַזוכן די תפיסה אַלס „ערן־גאַסט", אָן קייטעלעך אויף די הענט, מוזט איר אָנקומען צו גאָר גרויסער פּראָטעקציע. און דאָס האָב איך טאַקע געטאָן.

דאָס מאָל האָט מיר געהאָלפן מיין אַלטער פריינד דער פעיקער דיפּלאָמאַט און געוועזענער אַמבאַסאַדאָר פון מעקסיקע אין אַרגענטינע, טשילע און קובאַ, סעניאָר אָקטאַוויאָ ריי ספּינראָלאַ, אין וועמענס הויז איך פלעג אָפט פאַרברענגען אין די אַלע אויסגערעכנטע לענדער. ער האָט, אויף מיין ביטע, טעלעפאָנירט צו זיין „אַמיגאָ" (חבר), דעם גענעראַל אַנ־טאָני נאַוואַ קאַסטיללאָ, וועלכער איז דער שעף פון תפיסה־דעפּאַרטאַמענט אין מעקסיקע. יענער האָט מסכים געווען אַריינצולאָזן אין תפיסה (אָבער דעם זעלבן טאָג אויך אַרויסלאָזן) דעם „דאָקטאָר־לעקטאָר" ש. פון אַמע־ריקע). איך האָב שוין דאָס מאָל נישט געזאָגט, אַז איך האָב עפּעס צו טאָן מיט ליטעראַטור, זשורנאַליסטיק, געדענקענדיק, אַז זשאַק מאָרנאַרד האָט פיינט מענטשן פון דאָזיקן פאַך. ער האָט אויך דערלויבט איך זאָל מיט־ברענגען מיט זיך אַן איבערזעצער, אויפן פאַל, אויב מאָרנאַרד וועט באַ־שטיין ער זאָל רעדן נאָר שפּאַניש, אַ שפּראַך, וועלכע איך באַהערש נישט צו גוט.

אַלס איבערזעצער האָב איך מיטגענומען אַ יונגן אַמעריקאַנער אַד־וואָקאַט, וועלכע פּראַקטיצירט אין מעקסיקע און וועלכער האָט זייער גע־וואָלט זען און הערן דעם טרויעריק־באַרימטן מאָרנאַרד.

און ווען מיר זענען געקומען אין תפיסה, האָט די וויזיט־קאַרטע פון אַמבאַסאַדאָר ווי מיט אַ כישוף געעפנט די שווערע געפאַנצערטע טירן.

גלייך אינעווייניק, ביים אַריינגאַנג, אין צווייטן פּאַרקראַטעוועטן הויף, זעט זיך אַ גרויסע אויפשריפט, וועלכע זאָגט אין שפּאַניש: „נאָ האַי וואַקאַנטער״, וואָס מיינט, אַז עס זענען דאָ מער קיין פּלעצער נישטאָ. האָב איך געמיינט, אַז די גנבים אין מעקסיקע בלייבן, חלילה, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, ווען מען ברענגט זיי אין תפיסה. אויסגעלאָזט אָבער האָט זיך, אַז מ׳מיינט: ס׳זענען מער נישטאָ קיין פּלעצער פאַר וועכטער־קאַנדידאַטן. אָבער פאַר פאַרברעכער, ברוך השם, זענען נאָך פאַראַן דאָ אויף היינ־טיקער נאַכט אַליין אַרום דריי הונדערט פרייע פּלעצער (אינגאַנצן זיצן אַרעסטירט אין דער דאָזיקער באַרימטער מוסטער־תפיסה קרוב פיר טוי־זנט מענטשן).

זיין עקסעלענץ, דער גענעראַל פון די טורמעס זאַוואַ קאַסטיללאָ, אַ שטרענגער דזשענטעלמאַן מיט פיינע מאַניערן, גיט אונדז גלייך איבער אין די הענט פון תפיסה־דירעקטאָר מיידזשאָר פּעדראָ זאַלדיוואַר, וועלכער זאָגט אונדז באַלד אָן די שמחה, אַז לויט דער פּערזענלעכער ביטע פון גענעראַל האָט זשאַק מאָרנאַרד איינגעשטימט מיך אויפצונעמען.

גייט פאָרויס דער מיידזשאָר, עפענען זיך פאַר אים די שווערע פאַרקראַטעוועטע טויערן פון דער אינערלעכער תפיסה. פאַלן מיר גלייך אַריין צווישן אַ המון פון בלוי־געקליידטע אַרעסטאַנטן, וועלכע פאַר־וואַנדלען זיך אין אַ מיליטערישן שפּאַלער, מאַכנדיק אַ ברייטן דורכגאַנג פאַרן תפיסה־קאָמענדאַנט און זיינע געסט.

דאָס גייען מיר איבער אַן אַספאַלט־געפלאַסטערטן, ציכטיקן אָפע־נעם קאָרידאָר, ביי די זייטן פון וועלכן עס זעען זיך גרויסע זאַלן, אויס־געפּולטע און זשומענדיקע ווי אַ בינשטאָק מיט בלוי־מונדירטע אַרעסטירטע.

אַנטקעגן אונדז טויערט זיך הויך אין הימל אַ געפלאָכטענער אייזערנער טורעם. אויף יעדן שטאָק זיינעם, זעט מען, באַוואָפנטע וועכ־טער. מעכטיקע רעפלעקטאָרן שטייען אויף אים. אין דער נאַכט וואַרפן זיי אַ שאַרף בלוי ליכט אויף די אַנדערע זיבן לאַנגע אָפענע קאָרידאָרן, וועל־כע בילדן צוזאַמען דעם אַכט־קאַנטיקן פאַרקראַטעוועטן שטערן, וועלכער רופט זיך „די פעדעראַלע פעניטענשיערי״, און איבער זיי קיניגט דאָס וואַכזאַמע אויג פון טורעם אינמיטן, פון וועלכן עס טראָגן זיך איצט די אומעטיקע קלאַנגען פון אַ טרומייטער, וואָס זאָגט עפּעס אָן. דער טרומייטער סיגנאַליזירט, אַז דער תפיסה־קאָמענדאַנט גייט, אַן אָרדענונג זאָל זיין!

און גלייך נאָך דעם אַן אנדערער סיגנאַל: „מען וועט באַלד טיילן מיטאָג־עסן, זייט גרייט, אָ איר טויזנטער, מיט אייערע טעפּלעך און לעפּלען!".

און דיסציפּלינירט ווי אין בעסטן גוואַרדיע־רעגימענט, באַוועגט זיך פון אַלע זייטן צו די מערערע עס־צימערן אַ בלויע הונגעריקע מענטשן־מאַסע, פאַר וועלכער עס עפענען זיך באַלד די מעשענע קעסלען, פון וועלכע עס טראָגט זיך אַ געשמאַקער, אַפּעטיטלעכער ריח פון גרינסן און געבראָטענע פיש.

און נעבן טורעם בלייבן מיר שטיין. צו אונדז דערנענטערט זיך לאַנגזאַם און מיט גרויס ווירדע אַ נעט־געקליידעטער געוויקסיקער הער אין ברילן, מיט אַ דיקלעך פּנים פון אַ טיפּישן אייראָפּעישן אינטעליגענט. ער שמייכלט דורך די פּאַרביסענע ליפּן. איך וואָלט געזאָגט, אַז דאָס איז אַן איבערגעטוענער קאָלעדזש־פּראָפעסאָר אין אַרעסטאַנטן־קליידער. אָבער ניין! דאָס איז דער מערדער פון סטאַלינס גרעסטן שונא; דאָס איז דער מאַן, וואָס רופט זיך עקשנותדיק: „זשאַק מאָרנאַרד".

דער קאָמענדאַנט פון תּפיסה שטעלט אונדז פאָר פאָרמעל, אַזוי ווי מיר וואָלטן זיך געפינען אין אַ גלייכער רעספּעקטפולער געזעלשאַפט. מיר דריקן זיך די הענט.

מאָרנאַרד הייבט גלייך אָן צו אַטאַקירן אין אַ פּערפעקטן ענגליש און מיט אַ שטימע פול מיט באַליידיקטער זעלבסטווירדע:

— איך האָב מסכּים געווען אייך צו זען, ווייל איך האָב דאָך נישט געקאָנט אָפּזאָגן די ביטע פון מיינע פריינד, די תּפיסה־שעפן. זיי זאָגן, אַז איר זענט אַ דאָקטאָר. קיין מעדיצין־דאָקטאָר דאַרף איך נישט, ווייל איך בין געזונט. אויב איר זענט אַ דאָקטאָר פון פּסיכאָלאָגיע אָדער פון פּסיכאָאַנאַליז, בין איך נישט אייער פּאַציענט. איך גלייב נישט פּסיכאָלאָגן און נאָך מער גלייב איך נישט פרוידס טעאָריע... עס איז נאָך גוט, וואָס איר זענט נישט קיין שרייבער, ווייל איך האַס אָט די אַלע „פּען־סקריפּערס", וואָס קומען דאָ מיך אָנקוקן אַלס די סענסאַציע פון תּפיסה, אַלס די „גרעסטע מיסטעריעזע פּערזאָן פון אונדזער צייט". איז ווער זענט איר?

איך האָב געזען, אַז דער דאָזיקער ענערגישער מענטש מיטן קאַלטן שטאָלענעם בליק דורך די דיקע אויגן־גלעזער וועט זיך באַלד אויפרעגן, אַוועקגיין און לאָזן אונדזער גרופּע שטיין אַליין, נישט קוקנדיק אויף דער אָנוועזנהייט פון קאָמענדאַנט. באַשליס איך צו זיי רויק, טאַקטיש, פּאָרזיכ־

טיק און נישט דערשרעקן דאָס „פייגעלע״, וואָס אָט־אָט פליט עס פון מיר אַוועק.

זאָג איך, אָננעמענדיק אים פריינדלעך ביי דער האַנט:

— וואָס איך בין בין איך, אָבער מען זאָגט, אַז עס קלאַפּט אין מיר אַ וואַרעם מענטשלעך האַרץ... אַלס אינטעליגענטער מענטש ווייס איך אַלץ וועגן אייך, וואָס איז באַוווּסט אין דער וועלט און וואָס איר אַליין האָט דערציילט וועגן זיך. איז לאָמיר שמועסן, לאָמיר שפּאַצירן איבער אָט די מערקווירדיקע הויפן, וועלכע מען זעט אַזוי זעלטן אין אַנדערע תפיסות. זייט, אדרבא, איר דער פירער און באַווייזט אונדז אָט די דאָזיקע „דירה״, אייערע, ווו איר לעבט שוין אַן איבעררייס זעכצן יאָר.

מיינע ווערטער האָבן, ווייזט אויס, געמאַכט אויף מאָרנאַרדן אַ באַ־רויקנדיקן איינדרוק. נאָך מער, אַז ער האָט באַמערקט ווי דער קאָמענדאַנט אַליין שמייכלט פריינדלעך און שאָקלט מיטן קאָפּ אויף „יאָ״ צו מיין פאָר־שלאָג, אַז ער — מאָרנאַרד — זאָל אונדז ווייזן „זיין״ תפיסה.

פאָרויס גייט מאָרנאַרד, געאָרעמט מיט מיר, הינטער אונדז גייט דער קאָמענדאַנט, געאָרעמט מיט מיין באַגלייטער דעם אַדוואָקאַט.

אַ שאָד, אַ שאָד, וואָס מען לאָזט נישט פאָטאָגראַפירן אין תפיסה! די דאָזיקע גרופּע, וואָס שפּאַצירט איצט צווישן די פאַרקראַטעוועטע ווענט, איז ווערט געווען פאַראייביקט צו ווערן!

דערווייל רעדט מאָרנאַרד מיט זיין באַפּעלערישער פאַרעקשנטער שטימע: — עס איז געקומען מיך דאָ „אָנקוקן״ אייער באַרימטער רייזנדער־שרייבער דזשאַן גאָנטער, אָט דער, וואָס זיצט אין לוקסוס־האָטעלן און באַשרייבט „אינסאַיד יוראָפּ״, „אינסאַיד אפריקע״ א. א. וו. ער האָט גע־פּרווּוט אַריינקוקן „אינסאַיד מאָרנאַרד״ (אינעווייניק פון מאָרנאַרדן). איר זעט אָט די וואַנט — אַזוי האָט זיך אים איינגעגעבן אַריינקוקן אין מיין „אינעווייניק״. און אויך איר וועט זיך גאָרנישט דערוויסן. אייער „ביזנעס״ איז צו שטעלן פראַגן; מיין „ביזנעס״ איז אויף קיין איינע פון זיי נישט צו ענטפערן.

זאָג איך: — אָבער לאָמיר כאָטש אַביסל שמועסן וועגן אייער אַזוי אינטערעסאַנטן לעבן. זענט איר דאָך איינער פון די געהיימניש־פולסטע מענטשן פון אונדזער צייט.

איך האָב, ווייזט אויס, איבערגעכאַפּט די מאָס, ווייל מאָרנאַרד ווערט ווידער שטייף, קאַלט, מיט א בליק פול מיט חשדים.

— הערט אויף צו רעדן אָט אַזעלכע „ליטעראַרישע" ווערטער. קיין שום סודות באַהאַלט איך נישט. און איך בין אויך נישט דער שטאַרקער מאַן, פאַר וועלכן אַלע האַלטן מיך. שמועסן מיט מיר, אַדרבא! דערוויסן זיך עפּעס פון מיר — גאָרנישט!

מאָרנאַרד פירט אונדז אַריין אין קיך, ווו מען עפנט פאַר אונדז די קעסלען פול מיט רייז, מיט באָבן־זופּ, מיט געדעמפטע פיש...

אַלץ שמעקט ווי אין בעסטן רעסטאָראַן.

מיר גייען ווייטער אין דער אָפּטיילונג, ווו די אַרעסטאַנטן אַרבעטן אויף דרוק־מאַשינען, היבלעווען און שטעלן צונויף מעבל, פאַרלייגן עלעקטרישע דראָטן...

דער קאָמענדאַנט באַמערקט גוט־ברודעריש: — אונדזער מאָרנאַרד איז דער שעף פון ראַדיאָ־ און עלעקטרישע איינריכטונגען אין דער גאַנצער תפיסה. ער איז אַ גלענצנדיקער מעכאַניקער.

מאָרנאַרד באַדאַנקט העפלעך און גיט צו:

— איך אינטערעסיר זיך לעצטנס מיט עלעקטראָנישע אינסטרומענטן און בין געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אין די פּאַראייניקטע שטאַטן אַרבעט מען אויס צומערגסטן און מען הייסט זיך באַצאָלן צומטייערסטן. ביליקער און בעסער אַרבעט מען אין ענגלאַנד, פראַנקרייך און בעלגיע. אַלזאָ, איר זעט אונדזער תפיסה: יעדער אַרעסטאַנט איז דאָ אַ מענטש, נישט ווי ביי אייך, ווו אַן אַרעסטירטער איז נישט מער ווי אַ חיה מיט אַ נומער אויף דער פּלייצע...

במשך פון דער גאַנצער צייט פון אונדזער שעהדיקן שפּאַציר צוזאַמען, הערט מאָרנאַרד נישט אויף צו באַנוצן זיך מיט גרינגשעצנדיקע אויסדרוקן לגבי צפון־אַמעריקע. מען זעט, אַז צומערסטן אין לעבן האָט ער פיינט אַמעריקע — און שרייבער. און דאָ בין איך דאָך אַליין אַ שרייבער און אַן אַמעריקאַנער דערצו... עס פאָדערט זיך אַ גרויסע אָנשטרענגונג נישט אַרויסצורופן זיין אויפרעגונג צוליב דעם דאָזיקן „באַלאָסטנדיקן" אומשטאַנד.

מאָרנאַרד פירט אונדז אַריין אין פאַרשידענע אָפּטיילונגען פון מוס־

טערהאַפט־איינגעאָרדנטן שפּיטאָל. אין דער ווענערישער אָפּטיילונג געפין איך צו מיין פאַרווואונדערונג נאָר צוויי קראַנקע.

זאָג איך: —דאָס איז מסתם צוליב דעם, וואָס די אַרעסטאַנטן זענען דאָ אָפּגעשיידט פון פרויען?

פּראָטעסטירט מאָנאַרד: — אָ, ניין! אַזוי איז דאָס איינגעפירט אין אייערע באַרבאַרישע תפיסות. דאָ ווערן מיר באַטראַכט אַלס מענטשן און מען לאָזט צו צו אונדז איינמאָל אין וואָך אונדזערע פרויען אויף איניקע שעה. טאַקע היינט איז דער טאָג ווען די פרויען קומען. אויך מיין פרוי וועט באַלד קומען.

— אייער פרוי? ווען האָט איר חתונה געהאַט?

— מיט אַ מעקסיקאַנערין בעת איך בין געזעסן אין תפיסה... און אַז מען האָט נישט קיין פרוי, קומט אַ מיידל, וועלכע זאָגט, אַז זי איז אַ פריינדין פון אַרעסטירטן. און אויב זי האָט אַ מעדיצינישע צייגעניש, אַז זי איז געזונט, לאָזט מען זי אַריין אין צימער פון אַרעסטירטן... דער איינציקער באַדינג איז, אַז דער אַרעסטאַנט זאָל זיך גוט אויפפירן אין תפיסה. די ערגסטע שטראָף איז, ווען מען נעמט אַוועק ביים אַרעסטירטן זיין פּאַרציע „סעקסועלע שפּייז״ (מאָרנאַרד האָט זיך אויסגעדריקט אין ענגליש: „סעקס־פור״).

נאָכדעם פירט אונדז מאָרנאַרד אַריין אין דער כירורגישער אָפּטיילונג. גראָד מאַכט מען אַן אָפּעראַציע הינטערן ווענטל. וויל איך זיך אָפּרוקן צוריק, ווען מאָרנאַרד עפנט די טיר פון אָפּעראַציע־זאַל. איך דערזע, ווי אַ דאָקטאָר אין אַ מאַסקע שניידט אַ כלאָראָפאָרמירטן קערפּער, וועלכן עס האַלטן צו צוויי שוועסטער. בלוט רינט אין אַ בעקן...

כאַפּט זיך ביי מיר אַרויס: — אָ, מענטשלעך בלוט! איך קאָן דאָס נישט אָנקוקן... קומט אַרויס!

די שאַרפע אויגן פון מאָרנאַרדן קוקן אויף מיר איראָניש: — און איך ווער פון דעם נישט דערשראָקן...

— יאָ, איך ווייס!... — ענטפער איך, ספּעציעל אַקצענטירנדיק די ווערטער.

מאָרנאַרד, ווייזט אויס, האָט פאַרשטאַנען וואָס איך מיין מיט די ווערטער.

מיר שפּרייזן ווייטער דורך דער זון־אָנגעגליטע, אָפענע צום הימל, שטיינערנע קאָרידאָרן פון תפיסה.

פּאָרויס גיי איך מיט דעם געוויקסיקן, מיט געזונט־שפּריצנדיקן, מאָרנארד. הינטער אונדז גייט דער קאָמענדאַנט פון תפיסה מיטן יונגן אַמע־ריקאַנער, וועלכער באַגלייט מיך אין פאַל, ווען איך וועל דאַרפן אַן איבער־זעצער.

אָבער מאָרנאַרד קען אַזויפיל שפּראַכן, אַז קיין איבערזעצער איז גאָרנישט נייטיק.

ער רעדט מיט מיר אַ גוטן ענגליש, האַלט זיך פריי און פרעך און מיט א גרויסער מאָס ציניזם.

איך פּרוביר אַזוי שטעלן די פראַגן, אַז קיין איינע פון זיי זאָל נישט אַרויסרופן קיין איבעררייס אין געשפּרעך, ווייל מאָרנאַרד האָט דאָך גלייך פון אָנהייב, קלאַפּנדיק מיט דער האַנט אויף דער שטיינערנער וואַנט פון תפיסה־מויער, מיך געוואָרנט:

— איר מעגט פרעגן וואָס איר ווילט, אָבער אַזוי ווי דער דאָזיקער שטיין ענטפערט נישט, אַזוי וועל איך אויך גאָרנישט ענטפערן, אויב די פראַגן וועלן מיר נישט געפעלן. איך וועל, מעגלעך, גאָר אינגאַנצן מיט אייך נישט רעדן... — אָט פאַר דעם האָב איך זיך צוממערסטן געשראָקן. דער יונגער אמעריקאַנער, וואָס האָט מיך באַגלייט, האָט שפּעטער אפילו באַמערקט: — עס זענען געווען פיל מאָמענטן בעתן דאָזיקן שמועס, ווען איך האָב געזען, ווי אַ פייערל פון כעס צינדט זיך אָן אין מאָרנאַרדס אויגן און איך בין געווען זיכער, אַז אָט־אָט הייסט ער אונדז גיין... — ווען מען דערמאָנט זיך, אַז מיט זעקס יאָר צוריק, ווען איך האָב באַזוכט די זעלביקע תפיסה און געפּרוווט רעדן צו מאָרנאַרדן, האָט ער מיך פּשוט באַליידיקט, וועט איר פאַרשטיין, וואָס פאַר אַן אָנשטרענגונגען איך האָב געדאַרפט מאַכן נישט איבערצושטייגן מיט פראַגן אַ גרענעץ, וואָס קאָן אויפרעגן מאָרנאַרדן.

איך דערמאָן זיך, אַז מאָרנאַרד האָט, בעת מען האָט אים געכאַפּט, זיך אָנגעגעבן אַלס בעלגישער זשורנאַליסט. בין איך דאָך באַקאַנט מיט בעלגיע פון דער צייט פון מיינע סטודענטישע יאָרן. איך זאָג אים וועגן דעם און דערמאָן די שטאָט און געגנט, ווו איך האָב שטודירט.

מאָרנאַרד גייט איבער אויף פראַנצויזיש. אמת, נישט אַזאַ ריינעם,

ווי מען האָט געקאָנט דערוואַרטן פון אַ מענטש, וועמענס מוטער־שפּראַך איז געווען פראַנצויזיש, אָבער דאָך מיטן געהעריקן קלאַנג און „ניגון״:

— ווי אַלט און שיין געגנט איז, מיט אירע טויזנט־יאָריקע שלעסער! ווי „שאַטאָ דע קאָנט״, „שאַטאָ דע פלאַנדר״ צווישן גרינס און בלומען! מיין מאַמע איז דאָך אַ בעלגיערין. זי לעבט איצט אין האָלאַנד. איך האָב זי שוין נישט געזען זיבעצן יאָר... יאָ, מען וואָלט איר דערלויבט צו קומען דאָ אַהער, אָבער איך וויל נישט, אַז מיין מאַמע זאָל גלייך אַריינפאַלן אין די הענט פון דעם זשורנאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַלן געזינדל, וואָס וואָלט זי פּאַרמאַטערט מיט פראַגן און אינטערוויוען... זאָל זי שוין בעסער וואַרטן אויף מיין באַפרייונג...

וואָלטן מיר געווען אין אַנדערע באַדינגונגען, — נישט אין די תפיסה־ווענט, — וואָלט איך באַדאַרפט אויפן דאָזיקן אָרט איבעררייסן מאָרנאַרדן און אָפּלייקענען זיינע „אויטאָביאָגראַפישע״ באַהויפּטונגען. איך וואָלט אים געדאַרפט דערמאָנען: — עס איז דאָך פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז אייער מאַמע איז גאָר אַ שפּאַניערין און זי געפינט זיך אין מאָסקווע... אַז זי איז שוין אַ קאָמוניסטקע זינט דעם יאָר 1934; אַז זי האָט צוויי מאָל באַזוכט מעקסיקע, ברענגענדיק אַהער שפּאַנישע קינדער נאָך פראַנקאָס נצחון... און אויך איר אַליין האָט בעתן פּראָצעס גאָרנישט אַזוי געגוי געענטפערט אויף פראַגן, וועלכע זענען געווען פאַרבונדן מיט אייערע כלומר־שטע קינדער־יאָרן אין בעלגיע... אָפּזיצנדיק זעכצן יאָר אין תפיסה האָט איר זיך פיל בעסער אויסגעלערנט די געאָגראַפיע פון בעלגיע, ווי איר האָט זי געקענט בעתן פּראָצעס... און פרעגט דעם ערשטן בעסטן שפּאַניש־קענער וועט ער עדות זאָגן, אַז אייער שפּאַניש איז אַ נאַטירלעכער פּראָדוקט פון אַ מוטער־שפּראַך, בעת אייער פראַנצויזיש איז אויסגעשטודירט־אינטעליגענטיש...

אָבער, פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב די דאָזיקע אַלע אינפאָרמאַציעס אַפילו פאַר מיינע ליפּן נישט געטאָרט ברענגען.

איך פרעג ווייטער:

— אייער אויסערלעכער אויסזען און די פּריווילעגירטע לאַגע, אין וועלכער איר געפינט זיך אין תפיסה אַלס שעף פון אַלע עלעקטרישע און ראַדיאָ־אינסטאַלאַציעס, זאָגן עדות, אַז איר ליידט נישט צופיל פון תפיסה־רעזשים...

אַ שאַרפער בליק פון מאַרנאַרדן זאָגט עדות, אַז איך געפין זיך אין אַ קריטישן מאָמענט. ער איז זיך אָבער גובר און ענטפערט כעסדיק־טרוקן אין ענגליש:

— מיין זיצן אין תפיסה און די סיבות, וועלכע האָבן דערצו געבראַכט, געהערן אינגאַנצן צו מיינע פּריוואַטע „ביזנעס" און האָט מיט אייך גאָרנישט צו טאָן. די געזעלשאַפט פאַרמירט אויס דעם גורל פון יחיד און דער יחיד העלפט אויספורעמען דעם גורל פון דער געזעלשאַפט. אויך איך בין נישט קיין אויסנאַם...

— דאָס איז דאָך מאַרקסיזם, — וואַרף איך צו אַ באַמערקונג.

— אָבער דאָס איז אַבסאָלוט אמת, — איז געווען זיין ענטפער.

מיר באַגעגענען אויף אונדזער וועג אַ שלאַנקע, בלאָנדע, יונגע פרוי מיט אַ פיגור פון אַ מאָדעל־מיידל. זי שפּרייזט אַזוי זיכער צווישן די פּאַר־קראַטעוועטע ווענט, דורך וועלכע עס קוקן אַרויס אויף איר הונדערטער אויגן פון צעפלאַמטע בלוי־געקליידעטע אַרעסטאַנטן. איך קלער, אַז דאָס איז אַ דרייסטקייט און צוגלייך אַן אַרויסרוף מצד אַזאַ רייצנדיקער פרוי זיך צו באַווייזן צווישן אַ טויזנט־קעפּיקער, סעקסועל־אויסגעהונגערטער מענער־מאַסע.

— ווער איז זי? — פרעג איך מאַרנאַרדן.

— אָ, דאָס איז אַן אַדוואָקאַטין, וועלכע גייט זיך טרעפן מיט איר אַרעסטאַנט־קליענט. זי ווייסט, אַז זי איז אַן אַרויסרופנדיק־רייצנדיקע, און דאָס ווייזט אויס, גיט איר אַ ספּעציפיש פאַרגעניגן צו פּאַראַדירן אין דאָזיקן, מיט תאווה־אָנגעלאָדענעם, אָבער דאָך געצוימטן, תפיסה־גן־עדן. נאָך אַ נס, וואָס אין אַ פּאָר שעה אַרום וועט מען דאָ באַלד אַריינלאָזן די ווייבער און פריינדינס פון דער דאָזיקער פרויען־בענקענדיקער מענטשן־מאַסע. ווען נישט, וואָלט דאָס באַווייזן זיך איינע אַליין פון אַזאַ בלאָנדער אַדוואָקאַטין אַרויסגערופן אַ ראַיאָט... און שעמען מעג זיך אייער אַמעריקע, וואָס האַלט זיך פאַר אַ ציוויליזירט לאַנד, וואָס אין אירע תפיסות ווערט פרויען נישט דערלויבט צו באַזוכן זייערע מענער... ביי אייך באַטראַכט מען דאָך דעם אַרעסטאַנט נאָך אַלץ ערגער ווי אַ חיה...

— און איר האָט ליב אייער מעקסיקאַנער תפיסה און דעם רעזשים, וואָס איז דאָ איינגעפירט?

— רעדט נישט קיין נאַרישקייטן! מער ווי אַלץ האָב איך ליב די

פרייהייט! מער ווי אַלץ וויל איך פּטור ווערן פון אָט־די געפּאַנצערטע ווענט! אָבער איר ווייסט דאָך, מען האָט מיר ווידער אָפּגעזאָגט מײַן ביטע אַרויסגעלאָזט צו ווערן אויף פּאַראָל... בלייבט נאָך פיר יאָר צו זיצן פון די צוואַנציק, אויף וועלכע איך בין פאַרמשפּט געוואָרן.

אויך דאָ האָב איך מאָרנאַרדן געדאַרפט דערמאָנען עפּעס אַזוינס, וואָס ווידערשפּרעכט זײַן באַהויפּטונג, אַז ער וויל וואָס שנעלער אַרויסגיין פון תּפיסה. ווייס איך דאָך וועגן דעם פאַקט, אַז מיט אַ יאָר צוויי צוריק האָט א תּפיסה־דאָקטאָרין, סעניאָראַ מאַרטשו, אַ קאָמוניסטקע, וואָס געפינט זיך איצט אין מאָסקווע, שוין אַלץ צוגעגרייט, ער זאָל לייכט אַרויסגליטשן זיך פון די תּפיסה־ווענט, און אַ באַזאָרגטער מיט געלט און דאָקומענטן זיך געפינען אויף דער פריי. אָבער מאָרנאַרד אַליין האָט זיך אַנטזאָגט דאָס צו טאָן; ער האָט געוווּסט, אַז די סטאַליניסטן וועלן נישט דערלאָזן, אַז ער, וואָס טראָגט זייער גרעסטן סוד, זאָל זיך אַ נישט־קאָנטראָלירטער פּלוצלינג דרייען ערגעץ־ווו אויף דער פריי. נו, און די טראָצקיסטן וואָלטן געוויס נישט גע־לאָזט לעבן בלייבן דעם דאָזיקן פערפידן מערדער פון זייער גענאַלן פירער. איז טאַקע נאָך אַלץ די תּפיסה דער בעסטער פּלאַץ פאַר מאָרנאַרדן, ווו ער קאָן „פריי״ לעבן.

אונדזער שפּאַציר דורך די תּפיסה־הויפן דויערט שוין באַלד אַ שעה. מיר זענען אַ ביסל מיד, אָבער נישט זשאַק מאָרנאַרד.

איך פּרוּוו אים דערציילן וועגן מײַן לעצטער רייזע איבערן ראַטנפאַר־באַנד; איך שטרײַך פאַר אים ספּעציעל אונטער וועגן די באַדײַטנדיקע טעכנישע דערגרייכונגען, וועלכע איך האָב דאָרט געפונען. איך וויל אַרויס־רופן כאָטש עפּעס אַ רעאַקציע צום רעזשים, פאַר וועלכן ער האָט אָפּגעטאָן אַזאַ קאָמפּליצירט־מיסטעריעזע שליחות — ווי דערהרגענען טראָצקין.

אָבער אומזיסט! דאָס פאַרפּאַנצערטע פּנים פון מאָרנאַרדן ווײַזט נישט אַרויס קיין שום עמאָציע, ווען איך רעד וועגן מאָסקווע און וועגן די פאַר פראָ־סטאַליניסטישע פירער, וועלכע איך האָב דאָרט באַגעגנט.

מאָרנאַרד באַגלייט אונדז בי צו די קראַטעס פון תּפיסה־טויער, דורך וועלכן מיר וועלן באַלד אַרויס אויף דער פריי, איבערלאָזנדיק אים הינטער זיך אין תּפיסה.

מיר דאַנקען דעם תּפיסה־קאָמענדאַנט פאַר זײַן באַמיִונג, מיר דאַנקען אויך מאָרנאַרדן פאַר זײַן לאַנגן שפּאַציר און געשפּרעך מיט אים. ער קוקט

אונדז אָן מיט קאַלט־שטאָלענע אויגן, און גיט אַ זאָג: „מיינט נישט, אַז איר זענט געווען מער אָריגינעל מיט אייער מעטאָד עפּעס־וואָס פון מיר אַרויס־צובאַקומען, ווי דאָס האָבן געטאָן אַנדערע פאַר אייך. און איר גייט אַוועק פונקט מיט אַזויפיל אינפאָרמאַציעס, ווי יענע אַנדערע האָבן באַקומען"...

יאָ, אַזוי איז דאָס טאַקע! איך וואַרף אַ לעצטן בליק אויף דעם פאַר־עקשנטן געזיכט מיט די פאַרשנורעוועטע ליפּן, אויף דער אַ ביסל אַרויסגע־שטופּטער פּאָרויס „מאָרדע", וואָס זאָגט עדות פון אויסערגעוויינלעכער עקשנות, און גיב אַ זאָג צו מיין באַגלייטער: — אויב מען לאָזט אַרויס דעם דאָזיקן מענטש אויף דער פריי און ער באַקומט נאָכאַמאָל אַ „מיסיע" פון אַ כרושטשאָוו, אַ מאַלענקאָוו, אָדער פון אַן אַנדערן, אין וועלכן ער האָט אינוועסטירט זיין צוטרוי און גלויבן, וועט דער דאָזיקער מענטש, וואָס הייסט איצט זשאַק מאָרנאַרד, ווידער אויספירן מיטן זעלבן פאַנאַטיזם און „טאַ־לאַנט פאַר איינצלהייטן", ווי ער האָט דאָס געטאָן מיטן דערמאָרדן טראָצקין...

איך דערמאָן זיך מיין געשפּרעך מיטן מעקסיקאַנער ריכטער, וואָס האָט אין משך פון אַ יאָר צייט געפירט דעם פּראָצעס און געפּאָרשט זשאַק מאָרנאַרדן.

אין אַ צימער פול מיט פאָטאָגראַפיעס פון טראָצקין, פון מאָרנאַרדן, פון עפּיזאָדן, וואָס זענען פאַרבונדן מיטן מאָרד, האָב איך פריי געשמועסט מיט ריכטער ראַול קאַראַנצאַ טרואיללאָ, צו וועלכן איך בין געבראַכט גע־וואָרן דורך זיין תלמיד אין אוניווערסיטעט, דעם באַקאַנטן אין מעקסיקע קולטור־טוער שלום לאָקער. דער ריכטער האָט געזאָגט:

— מיר הערן נאָך אַלץ נישט אויף צו פאָרשן די פּרטים, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער פּערזאָן פון אַזוי־גערופענעם זשאַק מאָרנאַרד. מיר האָבן צוזאַמענגעאַרבעט מיט דער געהיים־פּאָליציי פון פיל לענדער. פון ענגלישן סקאָטלאַנד־יאַרד האָבן מיר באַקומען די אינפאָרמאַציע, אַז אַ געוויסער זשאַק מאָרנאַרד האָט ווירקלעך עקזיסטירט און ער איז טאַקע געווען אַ בעל־גישער זשורנאַליסט. אָבער ער איז פּלוצלינג געשטאָרבן און זיינע פּערזענ־לעכע דאָקומענטן זענען אַוועקגעגנבעט געוואָרן... מיר האָבן זיי געפונען אין קעשענע פון טראָצקיס מערדער...

מיר האָבן אויך אויסגעפונען, אַז דער מערדער האָט געהאַט צוועלף פאַרשידענע נעמען אין פאַרשידענע צייטן. וועגן דער שפּאַנישער מוטער

האָבן מיר שוין געוווּסט. אָבער מיר האָבן געזוכט דעם פּאָטער. די שפּורן האָבן געפירט קיין בולגאַריע. דאָרט האָט מען אונדז אינפאָרמירט, אַז „מאָר־באַרדס״ פּאָטער איז געווען אַ מוסולמענער.

מיר האָבן מיט ספּעציעלע אַפּאַראַטן אויסגעפונען, אַז איינע פון די שפּראַכן, אויסער שפּאַניש, וועלכע „מאָרנאַרד״ האָט גערעדט אַלס קינד, איז געווען בולגאַריש. ווייטער, ווייסט איר מסתמא, אַז „מאָרנאַרד״ איז געזעסן אין אַ פראַנצויזישער תפיסה, ווו אומבאַקאַנטע אַגענטן האָבן אים פון דאָרט אומלעגאַל באפרייט און איבערגעגעבן די אויפגאַבע צו דערמאָרדן טראָצקין. איר ווייסט וועגן די אויסערגעוויינלעך כיטרע מעטאָדן זיינע זיך איינצוקויפן אין צוטרוי צו דער פרוי פון טראָצקין, נאַטאַליאַ סעדאָווא, וועמענס לייכטזיניקע האַנדלונג האָט אייגנטלעך אַריינגעפירט דעם מערדער אין אינערלעכן קרייז פון טראָצקיס פאַמיליע. נו, און דאָס איבעריקע איז באַקאַנט.

דאָס מאָל באַפרידיק איך זיך נישט מיט דער באַגעגעניש מיט זשאַק מאָרנאַרדן, און מיט געוויסע שוועריקייטן זוך איך אויס די פּערזאָן, וועלכע איז געווען די נאָענטסטע מיטאַרבעטערין פון טראָצקין בעת זיינע יאָרן פון מעקסיקאַנער גלות.

אַנטקעגן מיר זיצט די נאָך אַלץ קלאַסיש־שיינע עלטערע דאַמע, וועמענס נאָמען און פאַרגאַנגענהייט איך קען צופעליק אַזוי גוט. איז זי דאָך געווען אַ שול־חברטע פון מיין, דורך די נאַציס דערמאָרדעטער עלטערער שוועסטער...

און זי בעט מיך איך זאָל איר נאָמען נישט דערמאָנען אין די צייטונגען, אָבער זי שמועסט האַרציק און גערן.

— איר פרעגט, ווער איז דאָך זשאַק מאָרנאַרד? איך קאָן אייך אָנרופן זיין אמתן נאָמען. ער הייסט מ ע ר ק אַ ד ע ר, אַ שפּאַניער, וועלכער האָט געקעמפט אין שפּאַנישן בירגער־קריג, פאַרוווּנדעט געוואָרן אויפן פראָנט און טאַקע צוליב דער דאָזיקער ווונד האָבן מיר אים אידענטיפיצירט. זיין מוטער, אַ שפּאַניערין — איצט אין מאָסקווע, — האָט באַזוכט מעקסיקע אין יאָר 1937, און געבראַכט מיט זיך אייניקע הונדערט פּליטים־קינדער, וועלכע מען האָט איינגעאָרדנט אין אַ שול אין דער שטאָט מאָרעלין. אַ צווייטע גרופּע פּליטים־יקנדער האָט די זעלבע פרוי אָפּגעפירט קיין סאָוויעט־רוסלאַנד.

לויט אונדזערע ידיעות האָט סטאַלין פּערזענלעך אינסטרואירט מאָרנאַרדן מיט דער אַלגעמיינער אידעע פון דערמאָרדן טראָצקין.

ניין, ער וויל נישט אַרויסגיין פון תפיסה, ווייל לויטן מעקסיקאַנער געזעץ וואָלט מען אים געמוזט גלייך נאָך דער באַפרייונג אַרויסשיקן פון לאַנד, ווו ער איז אַריין אומלעגאַל.

קיין סאָוויעט־רוסלאַנד קאָן ער נישט פאָרן אַלס געוועזענער פּער־זענלעכער פּאַרטרויונגס־מאַן פון סטאַלינען. יעדעס אַנדערע לאַנד וואָלט אים נישט אָנגענומען צוליב פּאַרשידענע פּרינציפּיעלע און רעכטלעכע מאָ־טיוון. בלייבט די תפיסה אַלס איינציקער לעגאַל־מעגלעכער וווינאָרט.

איר פרעגט, וואָס איז אמת אין די ידיעות, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין דער מעקסיקאַנער און ניו־יאָרקער פּרעסע וועגן דעם, אַז טראָצקיס פרוי, נאַטאַליאַ סעדאָוואַ, האָט נאָך איר צוריקקומען קיין מעקסיקע פון וואַ־שינגטאָן, אָנגעהויבן באַקומען אַנאָנימע דראָונגס־בריוו צוליבן כלומרשטן אַנטדעקן פּאַרשידענע סודות וועגן און אַרום דעם מאָרד.

די דאָזיקע אַלע ידיעות זענען אַ ליגן, שוין דעריבער אַליין ווייל סעדאָוואַ איז נאָך איצט (אָנהייב יולי 1957) נישט צוריקגעקומען קיין מעק־סיקע נאָך איר רייזע אין די פּאַראייניקטע שטאַטן.

פאַר אונדז שטעלט נישט פאָר, נישט דער מערדער און זיינע מאָ־טיוון, און נישט סטאַלין, וואָס האָט אים געשיקט און זיינע מאָטיוון, קיין שום מיסטעריע... דער ענין איז פיינלעך קלאָר.

איך אַליין האַלט זיך אָבער ביי דער מיינונג, אַז אויב „זשאַק מאָר־נאַרד" זאָל וועלן רעדן און דערציילן אַלץ וואָס ער ווייסט, וואָלט זיין גע־שיכטע אויפגעטרייסלט די וועלט נישט ווייניקער, — אויב נישט מער, — ווי די באַרימטע רעדע פון כרושטשאָוון וועגן סטאַלינס מערדערייען אויף דעם צוואַנציקסטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין פעברואַר, 1956.

מאָרנאַרד האַלט אפשר אין זיינע הענט אויך די געהיימעניש פון די מעטאָדן, וואָס דער קרעמל באַנוצט נאָך איצט אין אינערלעכן קאַמף צווישן אַזעלכע פירער, ווי כרושטשאָוו און זשוקאָוו *), קאָנטראַ מאַלענקאָוו־מאָ־לאָטאָוו...

ווען ער אַמאָל עפענען דאָס מויל?

---

*) זשוקאָוו האָט נאָך דאַן גענאָסן פון חסד פון די קרעמל־הערשער.

# יידן אין בראַזיליאַנער פּראָווינץ

דאָס ריזיקע לאַנד בראַזיליע, וואָס פאַרנעמט מער ווי אַ העלפט פון גאַנצן דרום־אַמעריקאַנער קאָנטינענט (און איז אין שטח גרעסער ווי אַמע־ריקע), איז ווייט נישט אויסגעפאָרשט, נישט דורכגערייזט, און באַזיצט נאָך פיל ווייסע פלעקן אויף דער געאָגראַפישער לאַנד־קאַרטע. דאָס לעצטע מיינט, אַז טויזנטער מיילן פון די אינערלעכע דזשונגלס זענען קיינמאָל נישט באַזוכט געוואָרן פון ווייסע מענטשן. בעסער געזאָגט: אייניקע דרייסטע רייזנדער זענען דאָרט יאָ אַריינגעדרונגען, אָבער קיינמאָל זענען זיי שוין צוריק נישט אַרויסגעקומען. אַמאָל געפינט מען זייערע ביינער מיט הונ־דערט יאָר שפּעטער, און אַמאָל — דאָס אויך נישט.

ווען נישט די רייך־אַנטוויקלטע עראָפּלאַן־נעץ, וואָלט גאָר אַ מאָ־דערנער רייזנדער נישט אימשטאַנד געווען, אין אַ קורצן טערמין פון צייט, דורכצושניידן דאָס דאָזיקע ריזן־לאַנד, אָנהייבנדיק מיט די פּרימיטיווע, קראָקאָדיל־פאַרפּעסטעטע ברעגעס פון סודותפולן אַמאַזאָן־טייך אין צפון, ביז די שטורעמדיקע וואַסער־פאַלן, וואָס פירן העט־העט צום דרום, צו דער אורוגווייער גרענעץ.

ווען מען זעט דורכן פענצטער פון עראָפּלאַן דעם געדיכטן, טונקל־גרינעם, פאַרפּלאָנטערטן „דאַך", וואָס דעקט־צו די סודות פון דזשונגל, אין וועלכן עס ראַיען זיך נאַקעטע אינדיאַנער פון שבט מאַראַיאַ, וואָס זענען באַוואָפנט מיט פייל־און־בויגן, און מען דערמאָנט זיך, אַז אויך איבער זיי שוועבן איצט די קינסטלעכע „ספּוטניקס", אַרויפגעשאָסן דורכן זשעני פון מאָדערנעם מענטשנס וויסנשאַפט — באַגרייפט מען דאַן דעם אומגע־הייערן מהלך, וואָס די ציוויליזאַציע האָט אַדורכגעמאַכט אין משך פון די פינף טויזנט יאָר געשריבענער געשיכטע. און דאָך... און דאָך איז די צי־וויליזאַציע נאָך אַלץ פון דזשונגל נישט אַרויס; נו, און אויך דאָרט נאָך אַלץ נישט אַריינגעדרונגען.

*

שוין פיל מאָל האָב איך באַזוכט בראַזיליע, אָבער קיינמאָל קיין געלעגנהייט נישט געהאַט אָפּצושטאַטן אַ וויזיט אין אירע צוויי באַדייטנדיקע שטעט, ווי בעללאָ־האָריזאָנטע און פּאָרטאָ־אַלעגרע. דאָס מאָל האָב איך

דעם שאַנס באַקומען אַלס גאַסט־רעדנער, איינגעלאַדן דורך די דאָרטיקע קהילות.

איך האָב איןביידע שטעט באַגעגנט אַן אוצר פון נאַטור־שיינ־קייטן, און נאָך אַ גרעסערן אוצר פון האַרציקייט און גאַסטפריינדלעכקייט.

איך האָב אָנגעהויבן מיין רייזע פון סאַנט פּאַולער פלי־פעלד, וועל־כער איז אַן־און־פאַר־זיך אַ מערקווירדיקייט, וואָס מען קאָן נישט פאַר־געסן: דאָס איז איינער פון די גרעסטע, אויב נישט דער רירעוודיקסטער עראָדראָם אין דער גאַנצער וועלט, פון וועלכן בוכשטעבלעך יעדע פינף מינוט הייבט זיך אויף אַ „פויגל" מיט פּאַסאַזשירן צו די בראַזיליאַנער שטעט, ווי אויך צו די וויטסטע קאָנטינענטן. אונדזער ניו־יאָרקער פּאָרט אײַדלוואַילד איז שוין פאַרשטעקט אין שאָטן אין פאַרגלייך מיטן סאַנט־פּאַולער „פלי־יריד", — אַזוי ווי דער בוי־פּראָצעס פון „הימל־קראַצערס" אינעם זעלבן סאַנט־פּאַולאָ האָט פאַרשאָטנט יעדע אַנדערע שטאָט סיי אין אַמעריקע, סיי אין איראָפּע. עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז דער ראַדיאָ־סיגנאַל פון דער סטאַציע דאָ הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: „עס רעדט סאַנט־פּאַולאָ, די שטאָט, וואָס וואַקסט אַמשנעלסטן און אַמהעכסטן אין דער וועלט".

איך פלי מיט דער ליניע „רעאַל", — די גרעסטע לופט־ליניע אין בראַזיליע, — וועלכע האָט מיך אַהערגעבראַכט אַזש פון מיאַמי, און זאָגט מיר צו אינגיכן צו ברענגען מיך ביז די אינזלען פון יאַפּאַן. איר גרעסטע מערקווירדיקייט איז נישט נאָר וואָס זי באַזאָרגט דעם פּאַסאַזשיר מיט מאָדערנע פלי־מאַשינען און באַקוועמלעכקייטן, נאָר איבערהויפּט, וואָס זי איז די איינציקע גרויסע פלי־אונטערנעמונג, וואָס האָט זיך אַרויסגעבראָכן פון דעם מעכטיקן „טרעסט" פון די וועלט־ליניעס, וואָס האָבן פיקסירט די איצט אַזוי הויכע פּרייזן פאַר פּאַסאַזשיר־בילעטן, — און זי, די „רעאַל", האָט געוואַגט צו רעכענען ביליקער, און אויף אַזאַ אופן דערמעגלעכט ווייניק־באַמיטלטע מענטשן אָנצוקוקן די וועלט.

פלי איך איצט אין איינעם פון אירע מאָדערנע עראָפּלאַנען קיין בעללאָ־האָריזאָנטע, וואָס מיינט, די שטאָט פון שיינע האָריזאָנטן. מיט דער באַן וואָלט די רייזע געדויערט אַ כ צ ן שעה; מיטן עראָפּלאַן, אָבער, נאָר א י י ן שעה... אָט איז דער מאָסשטאַב פון פאַרשנעלערטן טעמפּאָ אין לאַנד פון צוקונפט — אין בראַזיליע!

און עס עפענען זיך די „שיינע האָריזאָנטן״ אַרום דער נייער שטאָט, און אַז איך דערזע די בערג, וועמענס אינגעווייד איז אָנגעפילט מיט גאָלד און דימענטן, מיט מאַנגאַן, זילבער, קופּער און האַלב־טייערע שטיינער — גלוסט זיך אַ ברכה מאַכן אויף דער שיינקייט און רייכקייט פון דער נאַטור, וואָס האָט מיט אַזאַ שפע אינערלעך און אויסערלעך געבענטשט דאָס דאָזיקע שטיק ערד, וועמענס אוצרות זענען אומדערשעפּלעך. איך האַלט גראָד פאַר מיינע אויגן אַ קליין קעסטעלע מיט פאַרביקע שטיינער, אַ מתנה פון האַנס שטערן, — דער „קעניג״ פון בראַזיליעס איידלשטיינער (שטערן איז אַן אימיגראַנט פון דייטשלאַנד, וואָס האָט די רויע שטיינער פון דער דאָזיקער געגנט פאַרוואַנדלט אין אַ וועלט־געשעפט), און עס בליצן פאַר מיר די פּורפּור־אַמעטיסטן, די טונקל־ראָזע טאָפּאַזן, די בלוי־אומשולדיקע אַקוואַמאַרינען, די גרינע בראַזיליטן, — זע איך ווי ענלעך די שטיינער זענען צו די פאַרבן פון די בערג, פון וואַנען זיי זענען אויסגעהאַקט געוואָרן; צו די קאָלירן פון די ביימער און גראָזן, וואָס וואַקסן אויף די הייכן, וואָס רינגלען אַרום די יונגע שטאָט, די „מוזינקע״ פון בראַזיליע.

וואָרט שוין אויף מיר אויפן פלי־פּאָרט מיין געוויקסיקער, ברייט־ביינערדיקער פריינד א. מרגלית, — אַ בוים פון דער אַמאָליקער אוקראַינע, וואָס האָט זיך איינגעוואָרצלט אין יונגן יידישן ישוב פון דער יינגסטער שטאָט אין בראַזיליע.

גלייך ביים אַרומנעמען מיך מיט דעם כאַראַקטעריסטישן „אַבראַסאָ״ (אומאַרעמונג) פאַר די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, פיל איך דעם שטאַרקערן קוועטש צו אַ ברייטער ברוסט, ווי געוויינלעך. מרגלית, אַ צעשטראַלטער, הייבט אָן רעדן מיט ענטוזיאַזם:

— איר זענט פאַר מיר נישט נאָר אַ יידישער שריפטשטעלער אַ צייטונגס־מענטש, וועלכער קומט דאָ צו־גאַסט; איר האָט דאָך מיך פאַראייניקט מיט מיין פאַמיליע פון מצרים, פון וועלכער איך האָב נישט געהערט מער ווי פערציק יאָר! צי ווייסט איר, וואָס איר האָט פאַר אונדז געטאָן?...

בין איך צופרידן־פאַרוואונדערט, ווייל איך ווייס טאַקע נישט. נו, קלערט זיך גלייך אויף אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע, וועלכע איז איינע פון יענע מתנות, וואָס באַלוינען מיינע מאַטערנישן פון אַ וואַנדערער. מרגלית דערציילט:

— מיט אייניקע חדשים צוריק איז צו מיר דאָ, אין בעללאָ־האָריזאָנטע, דערגאַנגען אַ צייטונג מיט אַן אַרטיקל וועגן אייער לעצטן באַזוך אין קאַיר, עגיפּטן. איר באַשרייבט דאָרט די אשכנזישע שול, דעם לעצטן מנין דאָרט מיטן אַלטן גבאי ר׳ משה זילבערשטיין; די באַפרייונג פון אַרעסט פון זיין זון, דעם ראש הקהל אברהם זילבערשטיין... עס האָט מיר אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די אויגן: די זילבערשטיינס, משה און אברהם, קאָן דאָס זיין, אַז דאָס זענען מיינע שוין לאַנג־פאַרלוירענע, פעטער און שוועסטערקינד ?...

— איך האָב גלייך אַדרעסירט אַ בריוו לויטן אַדרעס פון דער שול, ווי איר האָט אָנגעגעבן. און שטעלט אייך פאָר: איך האָב באַקומען אַ תשובה, אַז דאָס זענען טאַקע זיי: אַז דער זון אברהם איז מיט זיין פאַמי־ליע שוין אַוועק קיין אויסלאַנד, און אַז די שוועסטער זיינע, אַן אַלמנה מיט איר טאָכטער מיללי, ווילן זיך וואָס שנעלער ראַטעווען פון מצרים; און אַז דער אַלטער ר׳ משה וויל אויך נישט בלייבן אַליין אין דער פאַריתומטער שול. בקיצור: איך האָב באַקומען פאַר זיי אַלעמען בראַזיליאַנער וויזעס, דער „האַיאַס״ האָט באַצאָלט די הוצאות, נו, און זיי זענען שוין אַלע דאָ אין ריאָ־דע־זשאַנעיראָ... פאַרשטייט איר, וואָס איר האָט דאָ, נישט־ווילנ־דיק, אויפגעטאָן? פאַרשטייט איר שוין, פאַרוואָס איך דריק אייך אַזוי צום האַרצן, נישט נאָר אַלס נאָענטער מיר יידישער קולטור־טוער, נאָר אַלס אַ „זאַמלער פון משפּחה״ ?...

ס׳איז געוועזן פאַר מיר אַ שמחה און אַ געניוס. (די לייענער, וואָס ווילן וויסן דעם סוף פון דער געשיכטע, וועלן זיך פרייען צו הערן, אַז צוריק־קומענדיק קיין ריאָ, האָב איך ר׳ משהן און זיין פאַמיליע געזען און אויך אַ ביסל מיטגעהאָלפן אין זייער איינאָרדענונג: די טאָכטער מיללי, אַ גלענצנדיקע סטענאָגראַפיסטין אין זעקס שפּראַכן, האָט באַקומען אַ שטעלע אַלס סעקרעטאַרין פון „האַיאַס״ גופא; און דעם אַלטן ר׳ משהן האָב איך צונויפגעפירט מיט דער רייכער אָרטאָדאָקסן־פאַמיליע ציטראָן, וועלכע וועט שוין זוכן ווו צו באַנוצן זיינע פעיקייטן אַלס ענערגישער בית־מדרש־ייד...).

*

אין אָוונט רעד איך פאַר אַ פול־געפּאַקטן זאַל אין קלוב פון די

מזרח־אייראָפּעישע יידן; דעם צווייטן — אין עקסקלוזיוון „בני ברית״־קלוב פון די דייטשישע יידן.

ביי טאָג האָב איך באַזוכט די יידישע שולן, ווו אַ פּאָר הונדערט קינדערלעך ווערן דערצויגן פּאָרטוגעזיש מיט אַ ביסל העברעיש, אָבער שוין אָן אַ סימן פון יידישקייט, סיי שפּראַכלעך און סיי רעליגיעז. איך האָב שוין געזען ווי ס׳בויט זיך די געביידע פון דער ערשטער סינאַגאָגע אין דער שטאָט. ביז איצט דאַוונט מען אין די גרויסע ימים־טובים אין מנינים, לויט די „שבטים״: רוסישע, דייטשישע, ספרדישע.

די שטאָט אַליין איז אַ יונגע, קינסטלעך־געשאַפענע, מיט מאָדערנע גאַסן, געביידעס, רעסטאָראַנען. נישט קינסטלעך איז דאָ די רייכע נאַטור, וועלכע ווערט אָבער רעגולירט און געצוימט מיט אַ שער און מיט אַ האַק, — האָט זיך באַקומען אַ צירונג פון מאָדערניזם, איינגעפּאַסט אין קולטי־ווירטע ביימער און בלומען.

איך וויל ברענגען אַ פּאָר סטראָפן פון אַ שיר, וועלכן עס האָט גע־ווידמעט בעללאַ־האָריזאָנטע דער בראַזיליאַנער דיכטער שניאור וואַסער־מאַן:

„שיין ביסטו, בראַזילס מוזינקע,
ווי דיין נאָמען, ביסטו שיין!
ווי דאָס גאָלד אין דיינע מינען,
אין די אָדערן פון שטיין.
דיינע ביימער — גרינע קודלעס
צווישן פּאַלאַץ־הייזער ווייסע,
דיינע גאַסן — פּאַרק־אַלייען,
און דיין פּאַרק — אַ קינדער־מעשה.
רייך ביסטו, בראַזילס מוזינקע!
און דיין נאָמען איז געגרויסט;
ס׳איז דיין אָטעם בלומען־ריח,
און פון גינגאָלד איז דיין שוים...״

ווי לאַנג וועט אָנהאַלטן יידישקייט אין דער דאָזיקער שטאָט, ווו קיין יידע איז נאָך מסתם נישט געבוירן געוואָרן — ווייס איך נישט. אָבער

די וואַרעמע יידן פון דעם דור, וואָס איך האָב באַגעגנט, האָבן אַמביציעס, בויען פּאַנאַנדער סיי די שול, סיי די ביבליאָטעק, סיי די נייע סינאַגאָגע... אָבער מיין פּעסימיזם וועגן צוקונפט איז גראָד געבוירן געוואָרן, ווען איך האָב באַזוכט די פיינע געביידע און די קלאַסן פון דער יידישער שול: איך האָב דאָרט נישט דערפילט דעם וואַרעמען אָטעם פון יידישקייט; איך בין פון דאָרט נישט אַרויס מיט דער איבערצייגונג, אַז אין די פּרעכטיקע קינדערשע קעפּלעך ווערן פאַרזייט די נייטיקע זאָמען פון אַ צוקונפטיק יידיש דור, וואָס זאָל איבערנעמען די קאַמפּס־טראַנשייען, ווען די אַלטע וועלן אַוועקגיין...

יאָ, און פון דאָרט פלי איך קיין פּאָרטאָ־אַלעגרע, די גרויסע שטאָט אין כאַמע דרום פון בראַזיליע, מיט אַ האַלבן מיליאָן איינוואוינער, מיט אַ פּאָר טויזנט אַלט־איינגעזעסענע יידישע משפּחות. אויך דאָ בין איך צום ערשטן מאָל, און עס איז אַ געניוס צו זען די יונגע יידן, — די שוין דאָ געבוירענע, — די דאָקטוירים און אַנדערע אַקאַדעמיקער, ביים רודער פון דער קהילה און אין אַלע אירע אינסטיטוציעס. ווי דער נאָמען פון דער שטאָט, „גליקלעכער פּאָרט", האָט פאַר מיר דאָס דאָזיקע גליק אַ בלאָז געטאָן אין געזיכט אַריין גלייך ביים אָנקומען, ווען אַ גרופּע יונגע קהילה־פירער האָבן מיך דערוואַרט אויפן פלי־פּאָרט. זיי רעדן אַלע אַ גוטן יידיש. נישט נאָר דער אָנפירער פון פּועלי־ציון, א. מילמאַן, נאָר אויך די דריי דאָ־געבוירענע דאָקטוירים זענען צוזאַמען מיט אים.

מיט די דאָקטוירים איז אפילו פּאָרגעקומען אַ קוריאָז: אַזוי ווי איך בין אָנגעקומען קין פּאָרטאָ־אַלעגרע נאָך אַ לאַנגן רעדנער־טור, בין איך שוין געוועזן שטאַרק הייזעריק. איך האָב פשוט נישט געוווּסט, צי איך וועל דאָ קאָנען אַרויסטרעטן מאַרגן פאַרן עולם. און אַז די דאָקטוירים האָבן אָנגעהויבן מורמלען זייערע נעמען ביים פאָרשטעלן זיך, האָב איך דער־הערט ווי איינער זאָגט: „הייזעריק"... דער צווייטער זאָגט: „הייזעריק"... מיין איך דאָך, אַז דאָס האָבן זיי רחמנות אויף אַ רעדנער, וואָס קומט היי־זעריק האַלטן אַ לעקציע. באַשטעטיק איך מיט מיין צעבראָכענער שטימע: „יאָ, איך בין הייזעריק"... רופט זיך אָפּ דער יונגער דאָקטאָר: „ניין, היי־זעריק בין איך"... און נאָכדעם גיט ער צו מיט אַ שמייכל: „מיין נאָמען איז ד"ר משה הייזעריק! און דאָס איז מיין ברודער ד"ר דוד הייזעריק"... זע איך אַז זיי לאַכן גאָרנישט אָפּ פון מיין קראַנקהייט, נאָר זיי זענען די

אמתע „הייזעריקע״ אויף שטענדיק... בקיצור, אַ באַגעגעניש פון דריי האָצמאַכס, ווי אין דער אָפּערעטע שטייט.

ד״ר משה הייזעריק לאָזט מיך שוין נישט פאָרן אין האָטעל, נעמט מיך צו זיך אין שטוב, בלאָזט אין מיין מויל עטער און שמירט מיין האַלדז מיט אַ פּענדזל. עס קומט זיין ברודער ד״ר דוד הייזעריק, וועלכער העלפט אים אין מאַכן מיך אויס הייזעריק. מען פאַרמאַכט מיין מויל אויף גאַנצע 24 שעה (נאָך דעם אויפטריט מיינעם — אויף אַ גאַנצער וואָך).

— מיר וועלן אייך מאַכן אויס ד״ר הייזעריק, — פאַרזיכערן מיך די דאָקטוירים, — איר וועט ווערן צוריק — ד״ר שאָשקעס...

און כך הוה: נאָך אַ טאָג שוויצן און שוויגן, שמירן און קאָמפּרעסן בין איך דערשינען פאַר אַן איבערפולטן זאַל מיט טייערע פאָלקס־מענטשן פון פּאָרטאָ־אַלעגרע. ביי מיין זייט אויף דער טריבונע זענען געזעסן ביידע דאָקטוירים הייזעריק און איך האָב גערעדט.

איר פאַרשטייט דאָך מסתמא, אַז נאָך אַ דרשה פון צוויי שעה בין איך ווידער געוואָרן הייזעריק ווי די וואַנט, אָבער דאָס איז שוין אַ לאַנגע געשיכטע, וועלכע האָט געהאַט איר עפּילאָג אין אָפּעראַציע־צימער פון פּראָפ. מאַטוסעוויטש אַזש אין בוענאָס־איירעס.

אָבער כאָטש רעדן האָב איך נישט געקאָנט, האָב איך דאָך באַזוכט די וויכטיקסטע אינסטיטוציעס פון דער דאָזיקער צאַפּלדיקער פּאָרטאָ־אַלעגרער קהילה.

ערשטנס, זייער שטאָלץ, די יידישע שול: אַ לוקסוס־געביידע, מיט צענדליקער לערער, מיט פיל הונדערטער קינדער, מיט יידישן גייסט דורכגעזאַפּט, שפּעטער אַ וויזיט אין דער קהילה־געביידע מיט אירע אַלע אָפּצווייגונגען; שפּעטער אַ באַזוך אין דער מאָנומענטאַלער געביידע פון דער סינאַגאָגע...

אָבער ווידעראַמאָל: דעם גרעסטן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט די אַזוי גוט איינגעפונדעוועטע יידישקייט פון דעם שוין דאָ געבוירענעם דור, וועלכער האָט פאַרענדיקט די היגע אוניווערסיטעטן: די דאָקטוירים הייזעריק, ד״ר גאָלדפעלד, ד״ר האַלפּערן, ד״ר קאָנטערגי, ד״ר זאַק, ד״ר סימאַנאָוויץ, ד״ר בראָנפמאַן... איך האָב דאָ געזען אַ קאַנדידאַטן־צעטל צו וואַלן אין אַ יידישער אינסטיטוציע, זענען דאָרט געווען אַרויסגעשטעלט

אַכט דאָקטוירים, אָבער מיט איין אויסנאַם, ווייל יענער האָט דעם טיטל פּראָפעסאָר...

דאָס הייסט נישט, אַז נישט טיטולירטע יידן נעמען נישט קיין אָנטייל אין דער אָנפירונג פון ישוב. איך האָב שוין דערמאָנט דעם נאָמען פון איינעם פון די איבערגעגעבנסטע, ר׳ אברהם מילמאַן, און מען דאַרף דערמאָנען איינעם פון די עלטסטע און חשובסטע, אַ שרייבער און קולטור־טוער מאַרקאָס יאַקובאָוויטש און דאָן־סטאראסטא און נאָך פיל נעמען, וואָס לאָזן זיך דאָ נישט אויסרעכענען.

אין צענטער פון פּאָרטאָ־אַלעגרע שטייט אַ מאָנומענט, וואָס איז איינציק אין גאַנץ בראַזיליע: דאָס האָט דער אָרטיקער יידישער ישוב אין מאַרמאָר אויסגעקריצט זיין דאַנקבאַרקייט און איבערגעגעבנקייט צו דער שטאָט, וואָס האָט זיי אַזוי פיל געלעגנהייטן געשענקט, און צום גרויסן טאָלעראַנטן לאַנד בראַזיליע.

## ביים גמרא-ניגון אין בוענאָס-איירעס

עס זענען כמעט הונדערט יאָר אַוועק פון יענעם יום־כיפור, ווען אויף דער גאַס ריוואַ־דאַוויאַ, אין בוענאָס־איירעס, איז געלאָפן אַ פּאַר־בענקטער ענגלישער ייד, וועלכער האָט איבערגעלאָזט זיין קריסטלעכע פרוי און קינדער אין שטוב און האָט געזוכט נאָך אַ ייד, ער זאָל זיך קאָנען מיט אים באַהעפטן אין אַ געמיינזאַמער תפילה אין הייליקסטן טאָג. האָט ער באַמערקט, ווי אין דער דעמאָלט לייזדיקער און פאַרלאָזענער גאַס גייט אים אַנטקעגן עפּעס אַ פאַרשוין מיט אַן אָפן בוך אין האַנט... ער קוקט אין ספר און רעדט צו זיך אַליין... דער פאַרשוין איז געווען אַ ייד, — אַ רוסי־שער ייד, — און דאָס ביכל — אַ מחזור.

און אַזוי האָבן זיך באַגעגנט די ערשטע צוויי יידן, — העגרי דזשאָ־זעף, — דער שפּעטערדיקער „גראַנד־ראַבינאָ" (טשיף־ראַבאַי) פון אַרגענ־טינע, און אַן אומבאַקאַנטער פאַרוואָגלטער ייד פון אוקראַינע. און אין אַ יאָר אַרום האָט מען שוין אָפּגעזוכט נאָך אַכט יידן, — שפּאַנישע, ענג־

לישע, דייטשישע, — און מען האָט געמאַכט אַ מנין אויף ימים־נוראים...

די דאָזיקע געשיכטע איז פאַרשריבן טאַקע דורך העברי דזשאָזעף, וועלכער איז לאַנגע יאָרן נאָכדעם געווען דער טיטולירטער „גראַנד־ראַבי־נאָ״ און אָנערקענטער פירער פון די אַרגענטינער יידן.

פאַרוואָס דער דאָזיקער ייד, וועלכער האָט געהאַט זייער ווייניק יידיש ווילן און איז געווען גאָר אַ רייכער געשעפטסמאַן, האָט דווקא געוואָלט אָנהאַלטן אַ רבנישן טיטל, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס זיין גאַנצע פאַ־מיליע איז געווען איינגעטונקט אין פראַקטיצירנדיקן קאַטאָליציזם, און ער אַליין פלעגט פירן זיינע קינדער צו די שמד־צערעמאָניעס אין קירך, — איז איינע פון די סודות פון אַ קראַנקער מענטשלעכער נשמה, וועלכע בענקט נאָכן עבר פון פאַרגאַנגענע דורות און צעשטערט בידים זיין אייגע־נעם צוקונפטיקן דור.

ווען זיין פרוי איז געשטאָרבן, איז ער, דער „גראַנד־ראַבינאָ״, נאָכ־געגאַנגען נאָך איר קריסטלעכער לוויה־פּראָצעסיע און געזונגען דעם קאַ־טוילישן „רעקוויעם״... ווען ער אַליין איז געשטאָרבן, האָבן די קינדער דערלויבט מען זאָל זיין קערפּער באַגראָבן דאָרט, ווו מען פלעגט דאַן מקבר זיין יידן (דאָס איז געווען אַ ווינקל אויפן פּראָטעסטאַנטישן בית־עלמין) — אָבער מיט דעם איז אויסגעלאָשן געוואָרן דער לעצטער פונק פון מאָדנעם ערשטן „גראַנד־ראַבינאָ״ אין אַרגענטינע, — קיין יידישער זכר פון דער משפחה איז נישט געבליבן.

נו, און די שפּעטערדיקע גלגולים פון אַרגענטינער יידנטום, פול מיט טראַגישן דראַמאַטיזם אין מאָראַלישן זין; פול מיט גלאָררייכן קאַמף פאַר דער ריינקייט פון יידישן נאָמען, פון דער יידישער משפחה, אַ קאַמף, וואָס ריינע יידן, — אַ מינדערהייט, — האָבן אין א געוויסער עפּאָכע גע־פירט מיט אייגענע „טמאים״ און פולשטענדיק זיי באַזיגט, — די דאָזיקע עפּאָכע האָט נאָך איר תיקון אין דער יידישער געשיכטע נישט געפונען. עס זענען פריש די ווונדן, עס לעבן נאָך פיל פון יענעם דור פון „האָרע־פּאַשניקעס״, וועלכע האָבן ממש געבלוטיקט אין קאַמף מיט די „חברה־לייט״, וועלכע האָבן באַשמוצט דעם נאָמען פון אַרגענטינער יידנטום, און מען וויל נישט דעריבער צופיל זיך גראַבלען אין דעם עבר, כאָטש ער איז אויף שטענדיק פאַרשוווּנדן, צוזאַמען מיט די עלעמענטן, וועלכע האָבן געשפּילט אין אים אפילו די קלענסטע ראָל.

אַלס אַן אמתער פריינד פון וווּנדערבאַרן יידישן ישוב אין אַרגענ־טינע; אַלס אַ מענטש, וואָס האָט שוין דאָס דאָזיקע לאַנד באַזוכט אַ צענד־ליק מאָל, האָב איך נישט קיין מורא צו באַרירן אַפילו די דראַסטישסטע מאָמענטן, וואָס האָבן צו טאָן מיט דער געשיכטע פון יידן: איך וועל געוויסע מאָמענטן באַלייכטן אין די קומענדיקע קאַפּיטלען. איצט, אָבער, האָב איך נאָר געוואָלט דערמאָנען יענעם ערשטן יום־כיפּור, מיט הונדערט יאָר צוריק, ווען צוויי יידן האָבן זיך געזוכט אין גאַס, און פאַרגלייכן עס מיט מיין געפיל ערב די לעצטע ימים־נוראים, וועלכע איך האָב פאַר־בראַכט אין בוענאָס־איירעס.

מיט מיר אין האָטעל וווינט דער נייער רב־הכולל פון אַרגענטינע, הרב אביגדור ציפערשטיין.

כמעט יעדן טאָג באַגעגן איך זיך מיטן הדרת־פּני־מדיקן, געביל־דעטן ניו־יאָרקער תּלמיד־חכם, וועלכער איז אייניקע יאָר געווען דאָ ראש־ישיבה אין „ישיבת ר׳ יצחק אלחנן״.

אַליין געבוירן אין פּינסק, האָט ער געלערנט אין די ישיבות פון סלאָבאָדקע, חברון, מיר; געווען רב אין לידע; דאָרט חתונה געהאַט מיטן באַרימטן הרב ריינעס׳ס אַן אייניקל; דורכגעמאַכט דעם גלגול פון שאַנכאַ־יער אין גלות און ענדלעך אָנגענומען די שטעלע, וואָס דער אַרגענטינער ועד הקהילות האָט אים אָנגעבאָטן — ווערן זייער הויפּט־רב.

ווי האָט זיך פאַר מיר אויסגעדריקט איינער פון די מנהיגים אין בוענאָס־איירעס: „אַרגענטינע איז אַ גרויס רבנות, אויף וועמענס שטול עס זענען ביז איצט געזעסן קליינע מענטשעלעך״... און הרב ציפערשטיין געהערט נישט צום טיפּ רבנים, וואָס קאָנען זיך צופּאַסן צו דער לייכטער, — שוין צו־לייכטער, — באַציונג צו רעליגיע, וועלכע עס האָט ביז איצט אַרויסגעוויזן דער כמעט האַלבער מיליאָן יידן אין לאַנד: קיין איין כשרער רעסטאָראַן איז דאָך נישטאָ אין בוענאָס־איירעס; אַ מוראדיקער פּראָצענט פון אַרגענטינער יידן זענען גאַנץ גלייכגילטיק צו ענינים פון רעליגיע און רעליגיעזער טראַדיציע... און דאָ האָט הרב ציפערשטיין, ביים אָננע־מען זיין פּאָסטן, געשטעלט אַ באַדינג: ער וועט פירן דאָס רבנות אָן קאָמ־פּראָמיסן, אָן נאָכגעבעניש. און ער וועט זען צו אָרגאַניזירן וואָס מער יידן אין די רייען פון תורה און מצוות. אַ באַדייטנדיקער פּראָצעס פון אונ־דזערע ברידער דאָ זענען, לויט זיין מיינונג, שוין לאַנג רייף געוואָרן איינ־

געשפּאַנט צו ווערן אין יאָך פון טראַדיציאָנעלן יידנטום. עס איז נאָר נישט געווען ווער עס זאָל דאָס טאָן ביז איצט.

האָב איך פון נאָענטן, פון שכנותדיקן צימער אָבסערווירט, ווי דער „מאַרשאַל פון סלאָבאָדקע־חברון״ גייט איינגעמען די טראַנשייען פון אַר־גענטינער יידן.

אָ, עס איז גאָרנישט קיין לייכטע אויפגאַבע! ער אַליין, דער הרב ציפּערשטיין, דוכט זיך, עסט גאָר טרוקענע שפּייזן אַ גאַנצע וואָך, וואָרעם פונוואַנען ווייסט ער, אַז ער מעג עסן אין דער אָדער יענער שטוב?... (זיין משפּחה איז נאָך דערווייל אין ניו־יאָרק).

איין זאַך איז מיר קלאָר: אויב דעם הרב ציפּערשטיין וועט זיך איינגעבן אויסצובילדן אַן איבערגעגעבענע „גוואַרדיע״ פון טראַדיציאָנעלע יידן, וועלכע וועלן מיט אים צוזאַמען אַרויסגיין אין קאַמף פאַר איינגעמען רעליגיעזע פּאָזיציעס, — וועט ער שטופנווייז איינפירן אויך דאָ דעם נאָרמאַלן סדר פון כשר און טריף, פון שבת און וואָך, פון תורה און פרומקייט, אין דער פּראַפּאָרץ, ווי ער פירט זיך אין אַלע יידישע קהי־לות אין דער וועלט, אפילו אין די שכנותדיקע לענדער, ווי בראַזיליע, או־רוגוואַי און טשילע. אַרגענטינע איז אין דער הינזיכט געווען אין די אויגן פון רעליגיעזע יידן אַ טרויעריקער אויסנאַם.

און אין אַ געוויסן מיטוואָך, פאַר ראש־השנה, גיי איך הערן דעם „שיעור״, וועלכן עס האָט איינגעפירט הרב אביגדור אין דער געביידע פון דער קהילה.

איך האָב דעם רב נישט געזאָגט, אַז אויך איך וועל אים קומען הערן, כדי, חלילה, אים נישט מבייש זיין, אויב ס׳וועט קיין עולם נישט קומען...

איז, שטעלט זיך פאָר מיין פאַרוווּנדערונג, ווען אויפן דריטן שטאָק פון דער קהילה־געביידע, אין זאַל, ווו עס קומען פאָר געוויינלעך די וועלטלעכע לעקציעס, האָב איך קוים געפונען אַן אָרט זיך אַוועקצוזעצן: אין זאַל זענען געווען ביז צוויי הונדערט צוהערער, צווישן זיי — נאָר זיבן יידן מיט בערד. אַלע אַנדערע, — עלטערע און יונגערע, רייכע און אָרעמע, — זענען געקומען הערן דעם „שיעור״ אויף אַזאַ מין אַבסטראַקטער טעמע, ווי הלכות שופר. צווישן די צוהערער דערקען איך דעם גרויסן אינדוס־טריעלער מאַקסימאָ לעווין, און דעם ייד מיט די פייערדיקע אויגן, דעם

משולח פון דער ליובאַוויטשער ישיבה. איך דערקען דעם מיטליאָריקן קרעמער, ווו איך האָב געקויפט לעדער־זאַכן, און דעם אָנגעשטעלטן אין דער יידישער באַנק, וועמען איך האָב גאָרנישט דערוואַרט צו טרעפן אויף אַ „שיעור" פון אַ רב.

און איך באַטראַכט די געזיכטער, — די אָנגעשטרענגטע, די אויפ־מערקזאַמע, — ווי זיי נעמען אויף דעם „סילאָגיזם" געבויט אויפן „ביום השביעי באחד לחודש יום תרועה יהיה לכם"... וואָס אויף דעם זאָגט יהודה הלוי אין זיין „כוזרי"; וואָס איז דער טיפער זין פון „קדושת היום", פון „הייליקן א באַשטימטן טאָג", אַרויסנעמענדיק אים פון דער וואָכעדיקייט...

און היינט איז דאָך אַ פּשוטער וואָכעדיקער מיטוואָך, און יידן, אַזעלכע פאַרשידענע, אין דאַגות פאַרטרונקענע, זיצן דאָ און הערן אַן אָפּ־קלאַנג פון ווייטן יום־טובדיקן שופר, וועלכער מאָביליזירט זיי צו קדושה.

אַרגענטינער יידן, אין די הונדערטער, זענען דאָ צוויי מאָל אַ וואָך — „די קאַדרן פון דער אַרמיי", מיט וועלכע הרב ציפּערשטיין קלייבט זיך דורכצוברעכן די וואַנט פון רעליגיעזער גלייכגילטיקייט, אָדער גאָר הפק־רות, ווי אַנדערע מיינען.

אין די הינטערשטע רייען זיצט איינער פון די ליכטיקסטע יידן, וואָס אַרגענטינע פאַרמאָגט, — ר' משה שענדעריי. ער איז אַ פּובליציסט, היסטאָריקער, לעקטאָר.

זיינע געטאָקטע אָפּהאַנדלונגען אין דער „אידישער צייטונג" ווערן געלעזן פון צענדליקער טויזנטער און זייער אָפט דיסקוטירט. זיינע ביכער וועגן יידישער געשיכטע זענען שוין קלאַסיש אין די יידישע שולן און אין סעמינאַר.

אָבער ער איז דאָ; ער האָט דערפילט דעם הייסן אָטעם פון אוראַלטן קוואַל, וואָס האָט אָנגעהויבן באַפליגלען זיין אַרגענטינע; ער, דער אינטע־גראַלער מיטשעפער פון יידישן לעבן דאָ, — פון די קאָלאָניעס ביז דעם פאַנאַנדערבלי פון פּרעכטיקן שול־וועזן, — קאָן נישט בלייבן אויסערהאַלב דעם זאַל, ווו זיינע קינדער־יאָרן ביי דער גמרא ווערן באַנייט.

פרעג איך שפּעטער הרב ציפּערשטיינען, פאַרוואָס זאָגט ער נישט אַ שיעור אום שבת? קלערט ער מיר אויף, אז ער האָט דאָס געפּרוּווט טאָן אין דער „ליטווישער שול", אָבער ווען מען האָט אים שפּעטער אינפאָר־

מירט, אַז פיל פון זיינע צוהערער זענען געקומען צו פאָרן מיט אויטאָ־מאָבילן, האָט ער דעם שבתדיקן „קורס״ ליקווידירט...

איבער דער קאַטעדרע, פון וועלכער הרב ציפּערשטיין רעדט, הענגט דאָס בילד פון באַרימטן היסטאָריקער שמעון דובנאָוו.

עפּעס קוקט ער אַזוי ווי פאַרוווּנדערט אַראָפּ אויפן עולם, וואָס הערט דעם „שיעור״. דער מאָלער האָט אויסגעמאָלן דאָ אַ בייזן דובנאָוו, וועלכער איז מער ענלעך אויף מענדעלען, ווי אויף דובנאָוון, וואָס מיר האָבן נאָך געקענט. הייב איך אויף מיינע אויגן צום בילד און שעפּטשע אַריין: „איר זעט, ר׳ שמעון? דאָ ווערט געשאַפן געשיכטע פאַר אייערע אויגן! אַ ניי בלעטל ווערט דאָ אַריינגעשריבן אין לעבן פון יונגן ישוב... דאָ, אויפן דריטן שטאָק, לערנט מען איצט תורה; אויפן צווייטן שטאָק זיצן אַנדערע יידן אין זאַל פון ייוו״אָ און הערן אַ לעקציע פון פּראָפ. באָלעסלאַוו לעווין וועגן דער געשיכטע פון דער אינקוויזיציע אין לאַטיין־אַמעריקע, ווען מען האָט יידן געברענט פאַר זייער יידישקייט; און אונטן עפנט גראָד איצט דער וווּנדערבאַרער פּרעזידענט פון דער בוענאָס־איירעסער קהילה, ד״ר אברהם מבשן, די אויסשטעלונג פון יידישן און העברעישן בוך״.

און אַלע דריי שטאָק זענען געפּאַקט מיט יידן, מיט פאַרשידענע יידן, אָבער אַלע ד י ז ע ל ב ע.

דער חוט־המשולש, דער פאַרקניפּטער דרייפאַכיקער פאָדים פון תורה, וויסנשאַפט און געשיכטע, האָט געפונען זיין תיקון דאָ, אין דער מאָנו־מענטאַלער קהילה־געביידע אויף דער גאַס פּאַסטער.

ווי ווייט, ווי לעגענדאַריש ווייט, זענען מיר איצט אין זעלביקן בוענאָס־איירעס פון יענער צייט, ווען צוויי יידן האָבן זיך, מיט הונדערט יאָר צוריק, געזוכט און געפונען אויף דער שכנותדיקער גאַס ריוואַדאַוויא!...

## ביי די „טמאים״ אין בוענאָס־איירעס

איך האָב אין פריערדיקן קאַפּיטל געשריבן וועגן מיין וויזיט אין דער קהילה־געביידע אין בוענאָס־איירעס, ווו אויפן דריטן שטאָק האָט

אַ פול־געפּאַקטער זאַל מיט יידן זיך צוגעהערט צום גמרא־שיעור פון זייער רב הראשי; אויפן צווייטן שטאָק איז דער זאַל פון ייוו״אָ געווען אויס־געפילט מיטן יונגערן דור, וועלכער האָט געהערט אַ לעקציע אין שפּאַניש וועגן דער אינקוויזיציע אין לאַטיין־אַמעריקע, און אין הויפּט־זאַל, אויפן ערשטן שטאָק, האָבן טויזנטער יידן, — אַלט און יונג, — זיך געשטופּט אַרום די פּאַוויליאָנען פון דער פיינער „אויסשטעלונג פון יידישן בוך״. נישט נאָר האָבן זיי זיך געשטופּט און אָנגעקוקט די ביכער אין יידיש, העברעיש און שפּאַניש, נאָר ממש זיי צעכאַפּט, ווי מען כאַפּט מציאות אויף אַן אויספאַרקויף אין אַ דעפּאַרטמענט־סטאָר... איך האָב פּשוט מיינע אויגן נישט געגלייבט, ווען איך האָב געזען, ווי די קויפער שטעלן זיך אַוועק און דריקן אויס אומגעדולד, טאָמער וועלן שוין די ביכער, וואָס זיי האָבן אויסגעוויילט, פאַרקויפט ווערן צו די ערשטע אין דער ריי.

די „מציאה״ באַשטייט אין דעם, וואָס די ביכער אויף דער אויס־שטעלונג קאָן מען באַקומען צו האַלבע פּרייזן און די קהילה דערלייגט מיט אירע סובסידיעס די אַנדערע העלפט, אַבי די פאַרלאַגן זאָלן קיין היזק נישט ליידן.

נאָך מיט איניקע יאָר צוריק האָט די בוענאָס־אײַרעסער קהילה געהייסן „חברא קדישא״, ווייל ווען אונדזערע אשכנזישע יידן האָבן זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אין סוף פון נײַנצטן יאָרהונדערט, האָט זיך דאָס לכתחילה אויסגעדריקט אין באַפרידיקן די נויט פון קומען צו קבר ישראל. האָט מען דאַן געקויפט די קרקע אויף ליניערס. נאָך פריער האָבן די זעלבע יידן, גאַנץ וויניק אין צאָל, אָפּגעקויפט אַ ווינקל אויפן פּראָטעסטאַנטישן בית־עלמין און דאָרט מקבר געווען זייערע מתים.

און נאָך פריער? נו, און נאָך פריער — איז אויך געווען אַן אַזוי־גערופענע „חברא קדישא״ און אַ קרקע פאַר יידישע מתים — אָבער יענע צייט געהערט צום טרויעריקסטן קאַפּיטל פון דער אַרגענטינער יידישער געשיכטע, ווען די „טמאים״, די פרויען־הענדלער, און זייערע קרבנות האָבן באַהערשט די גאַסן און די געסלעך, די הייזער און די הייזלעך, וואָס בילדן איצט דעם שטאָט־צענטער פון דער ריינער און הייליקער קהילה אין בוענאָס־אײַרעס.

איז אויף מאָרגן נאָך דעם, ווי איך האָב איינגעאָטעמט און איינגע־קריצט אין מיין זכרון די יידישע אייגנאַרטיקייט — רעליגיעזע און וועלט־

לעכע, — ווי זי איז געקומען צום אויסדרוק אין די שעהן, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין דער מאָנומענטאַלער קהילה־געביידע אויף דער פּאַסטער־גאַס, בין איך געפאָרן באַזוכן אָט יענעם בית־עולם, וואָס די „טמאים״ האָבן געקויפט פאַר זייערע מתים מיט פופצן יאָר פריער, איידער די זיך אָרגאַניזירנדיקע כשרע יידן האָבן געקויפט זייער קרקע.

ד״ר יואל זינגער, דער פּאָפּולערער מעדיקער און כלל־טוער אין בוענאָס־איירעס, איז דאָס געווען דער, וואָס האָט מיך געפירט אין זיין אויטאָמאָביל צו יענעם טרויעריקן פּלאַץ, וועלכן איך האָב קיינמאָל נישט באַוויזן צו באַזוכן בעת מיינע פריערדיקע וויזיטן.

— יאָ, — האָט ער באַמערקט, — מען דאַרף זיך איילן דאָס אָנקוקן, ווייל איך האָב געהערט, אַז די שטאָט־פאַרוואַלטונג וועט גאָר אינגיכן דעם דאָזיקן בית־עולם ליקווידירן צוליב דעם, וואָס דער טערמין פון אַרענדע אויפן פּלאַץ ענדיקט זיך און עס זענען נישטאָ קיין אַפּוטרופּסים, וועלכע וועלן איצט אימשטאַנד זיין צו באַצאָלן דאָס געלט, וואָס דאַרף קאָסטן זיין ווייטערדיקע אויסהאַלטונג.




אויפן בית־עלמין פון די „טמאים״ אין בוענאָס־איירעס;
הענדלער מיט „לעבעדיקער סחורה״

אַלזאָ, פאָרן מיר. אַמאָל, ווייזט אויס, איז דער דאָזיקער בית־עולם געווען ווייט הינטער דער שטאָט. היינט אָבער איז ער אינמיטן פון אַ באַ־וווינטער געגענט. אַרום — ציען זיך הייזער און גאַסן. אָט איז דער בית־עולם פון די ספרדישע יידן און אָט עפנט אַ קריסטין דאָס שווערע טויער פונעם אָרט, ווו דאָס טרויעריקע קאַפּיטל פון יידן־טמאים האָט געפונען זיין נאַטירלעכן עפּילאָג.

מיר גייען אַריין אין אַ זאַלעכל מיט בענק, מיט אַן אָרון־קודש, מיט הויכע דעקאָרירטע ליכט און לייכטערס.

אַלץ זעט אויס פאַרשטויבט און אָפּגעקראָכן, ווי אַן אָרט, וואָס ווערט נישט באַנוצט.

די גויע, וואָס באַגלייט אונדז, זאָגט, אַז דאָס לעצטע מאָל האָט מען דאָ געבראַכט אַ מת מיט פינף יאָר צוריק. אַז אין די „הייליקע טעג״ (גע־מיינט די ימים נוראים) קומען דאָ אַ צוויי צענדליק אַלטע מענער און פרויען און דאַווענען... אַז זיי האָבן איר אָנגעזאָגט נישט צו געבן קיינעם די נעמען פון די וואָס צאָלן איר די פאָר הונדערט פעזאָס אַ חודש גע־האַלט... אַז מער רעדן מיט אונדז טאָר זי נישט און מיר קאָנען אַלץ אַליין זען...

גיבן מיר זיך אַליין אַן עצה.

דער פּרוכת פון אַלטן, געלן, שווערן זייד מיט פייגעלעך אויסגענייט, איז געשענקט געוואָרן דורך „האשה הישרה שרה בת מענדל פ״ר אין יאָר תרמ״ז (1887)״. די לייכטער זענען געגעבן געוואָרן דורך „האשה הצנועה מרת פּעשע ר. פון ראַיגראַד לכבוד דעם „בית הכנסת שנגמר בשנת תרנ״ב״. דאָס שולעכל, הייסט עס, ווו מיר געפינען זיך, איז פאַרענדיקט געוואָרן אין יאָר 1892. אינעווייניק אין אָרון שטייען דריי ספרי־תורות אין מענ־טעלעך מיט אויסגענייטע נעמען פון די נדבנים, טיטולירט: „האשה הישרה״ „אָרנטלעכע פרוי) און „האיש הישר״ (אָרנטלעכער מאַן).

די בית־המדרש־שול האָבן מסתמא געבויט וואַרשעווער „חברה־לייט״, ווייל ער טראָגט דעם נאָמען: „בית הכנסת של וואַרשאַווער״.

מען דאַרף געדענקען, אַז די „טמאים״ אָדער די „חברה־לייט״, ווי מען פלעגט זיי רופן פריער אין אַרגענטינע, זענען געווען אָרגאַניזירט אין לאַנדסמאַנשאַפטן אונטער אַ פאַראייניקטער פירונג פון פיפיקע יונגען, וועלכע האָבן געטראָגן די נאָבעלע טיטולן פון „פרעזידענט״, „גבאי״ און

האָבן אויך געהאַט איינעקע געפּאַלענע „כלי־קודש״ צו זייער דיספּאָזיציע. מען זעט, אַז די אויפשריפטן אויף די מצבות זענען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון מענטשן, וואָס האָבן אַמאָל זיך מסתם זיך געקענט אויף די „קליינע פינטעלעך״.

און פון בית־מדרשל עפנט זיך אַ ברייט טיר גלייך אויפן „פעלד״ אַרויס. און דאָ קומט די איבעררעשונג: אזא לוקסוס פון מאָנומענטן, אַזאַ וואַלד פון מאַרמאָרענע סלופּעס און פיגורן, וואָס אַנטדעקט זיך פאַר מיינע אויגן, זעט מען נאָר אויף די רייכע בית־עלמינס פון איטאַליע, ווו מענטשן שפּאָרן אָפּ פון זייער ביסן אַ גאַנץ לעבן, אַבי ליגן שפּעטער אונטער אַ רייכער מצבה.

איך בין דאָס גאָרנישט געוווינט צו זען און טאַקע קיינמאָל נישט געזען אויף אַ יידישן בית־עולם.

און אַז מיר הייבן אָן שפּאַצירן צווישן די מאָנומענטן און באַמערקן די פאָטאָגראַפישע בילדער אויף יעדן פון זיי און מיר הייבן אויך אָן לייענען



אויפן בית־עלמין פון די „טמאים״

די אָפּטמאָל פּאָעטישע אויפשריפטן אין העברעיש און שפּאַניש, שטייגט נאָך מער אונדזער איבערראַשונג: דאָס איז אַזוי ווי מען וואָלט געמישט די זייטן פון אַ פאַרבאָטן פּיקאַנט בוך, וועלכעס דערציילט וועגן אַן עפּאָכע, וואָס מען וואָלט, אייגנטלעך, געדאַרפט פאַרגעסן, אָבער אָט קומט זי פאַר איך אַן אויסגעפּוצטע און אַן אויסגעלעבטע מיט איר לוקסוס און ביל־דער און בעט זיך פשוט, אַז זי זאָל ווי געהעריק אַנאַליזירט און פאַרשריבן ווערן. און געשיכטע האָט דאָך נישט קיין פאַרבאָטענע טעמעס: מען גראָבט זיך אין איר אינגעווייד, אין די טיפענישן פון ערד און וואַסערן, כדי וואָס מער דערגיין איינצלהייטן וועגן גאַנג פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע, פון איר נידעריקסטן אָפּגרונט ביז אירע הימלישע הייכן.

און דאָ ליגן זיי, די פּאָר צענדליק יאָר פון הערשאַפט, פון שמוץ — קאַטאַלאָגירט, פאָטאָגראַפירט. זאָל מען וואַרטן ביז די מוניציפּאַליטעט פון בוענאָס־איירעס וועט קומען און די מתים עקסהומירן און די אויפ־שריפטן און די פאָטאָגראַפיעס צערייסן?

אָדער אפשר אָנטאָן הענטשקעס און אַ מאַסקע, — ווי עס טוען אַר־בעטער, וואָס פאַרריכטן עפּעס אינמיטן שמוץ, און אין דעם פאַל מיט ריינע כוונות באַשרייבן דאָס, וואָס עס לאָזט זיך דערוויַיל, כל זמן עס איז נישט פולשטענדיק צעשטערט. האָבן דאָך די אַרכעאָלאָגן אין דער פּאַר־שאָטענער און שפּעטער אויסגעגראָבענער רוימישער שטאָט פּאָמפּיי איבער־געלאָזן און אפילו רעקאָנסטרויִרט די בילדער און אויפשריפטן אין די פּאַלאַצן פון די „הייזלעך" דאָרטן, וואָס האָבן געהאַט א בפירוש אַנטי־מאָ־ראַלישן אינהאַלט.

און ווען דער באַרימטער שרייבער סטעפאַן צווייג האָט מיט יאָרן צוריק באַזוכט אָט דאָס בית־עולם, ווו מיר געפינען זיך איצטער, האָט ער צום סוף אויסגעשריגן: „אָ, וויפל שמוץ, וויפל יידישער שמוץ! ווו נעם איך מוט און טאַלאַנט דאָס אַלץ צו באַשרייבן!".

און דאָ גיי איך פון מצבה צו מצבה, פון מאָנומענט צו מאָנומענט און עס ברענען פאַר מיינע אויגן די נעמען פון די שטעטלעך, פון וואַנען די פרויען און די מענער האָבן געשטאַמט. איך דערמאָן זיך דאָס, וואָס איך האָב זיך אָנגעהערט אין מיינע קינדער־יאָרן און אין מיין יוגנט וועגן יענע „חברה־לייט" מיט גראָבע ציגאַרן, גאָלדענע סיגנעטן און אָנ־געשטאָפּטע טייסטערס, וואָס פלעגן אַראָפּקומען אין יידישע שטעט און

שטעטלעך, זיך פאַרגעשטעלט אַלס חתנים, און טאַקע „חתונה״ געהאַט מיט אָרעמע יתומות, מיט עלנטע דינסט־מיידלעך, וועלכע זיי האָבן גע־פירט גרופּעסווייז אויף שיפן אין ווייטע בראַזיליע אָדער אַרגענטינע.

ווען איך בין אַלט געווען אַ יאָר אַכט, האָט מען אויך פון אונדזער שטוב אַרויסגעגאַרט אַ יונג דינסטמיידל — טייבעלע, וואָס האָט ליב געהאַט יעדן שבת גיין אין „טשאַינע״ (טיי־לאָקאַל) פון דאָבטשע דער מעקלערין, כדי דאָרט צו טרעפן זיך מיט יענע אויסטערלישע יונגען פון די ווייטע לענדער. און שפּעטער האָט מען גערעדט ביי אונדזער טיש און געקרעכצט און פאַרשטעלטערהייט זיך דערציילט, אַז „דאָבטשע די מעקלערין האָט פאַרקויפט אונדזער טייבעלע און אַנדערע אַזעלכע „טייבעלעך״ פאַר פופצן רובל אַ שטיק״. וואָס דאָס האָט געמיינט — האָב איך ערשט שפּעטער פאַרשטאַנען.



אויפן בית־עלמין פון די „טמאים״ —
אַ „מיידל״ פון לובלין

און איצט שטיי איך אין דער אַלעע, ווו די "טייבעלעך" זענען באַ־גראָבן, און מען זעט אויף דער מצבה די פאָטאָגראַפיע און די אויפשריפט.

און ביי דער זייט, — טייל אין פאַמיליע־קברים, — ליגן אויך מע־נער מיט פאָטאָגראַפיעס און אויפשריפטן...

און אַ גאַנצע עפּאָכע לעבט אויף, אַ טרויעריקע עפּאָכע.

אינמיטן שוואַרצן־שפּיגל־מאַרמאָר זעט מען דאָס בילד פון אַ דאַמע, אין אַ קרינאָלינע פון דער וויקטאָריע־עפּאָכע. זי וואָלט געקאָנט אָנגיין פאַר אַ פירשטין, ווען איך וואָלט געזען איר בילד אויף אַן אַנדער אָרט.

די אויפשריפט (איבערגעזעצט פון העברעיש): „לאה ג־ן פון דער שטאָט יאַסי, אַ צנועה געווען און פול מיט מעלות; איך וויין אויף מיין בראָך, וואָס זי איז פון מיר אַזוי יונג אַוועקגענומען געוואָרן. איר מאַן לעאָפּאָלד".

און גלייך אין שכנות א מצבה מיט אַ דאַך און מיט צוויי מאַרמאָר־סלופּעס. אינמיטן אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ דיקן מענטש אין אַ האַרטן קאַפּע־ליוש מיט פאַרדרייטע וואָנצעס. אויגן רוצחישע, אַראָגאַנטע. אָנגעטאָן איז דער מענטש אין אַ שוואַרצער טאָגע מיט אַ שווערער גאָלדענער קייט אַרום האַלדז, ווי עס טראָגן מאַסאָנען. אונטערשריפט:

„אונדזער פּרעזידענט, — דעם איש נכבד ר׳ אַלטער (אַדאָלפאָ) ר־ן פון אָדעס, דער גרויסמייסטער פון אונדזער לאָזשע. שם בגן־עדן, בשמי מרומים ינוח"... (דאָרט, אין גן־עדן, אין די העכסטע הימלען זאָל ער רוען).

דעם פּרייז פון זיין מאָנומענט וואָלט איך אָפּגעשאַצט אויף נישט ווייניקער ווי צען טויזנט דאָלאַר.

און די מצבות מיט מאַרמאָרענע יונגע מלאכים מיט פלאַטערנדיקע פליגלען, מיט בילדער פון שיינע פאַרפירטע יידישע טעכטער, וועלכע זענען שפּעטער מסתמא רייך געוואָרן ביי דער זייט פון מענער־רופיאַנעס. און מצבות, אויף וועלכע עס זענען אויסגעקריצט הענט, וואָס דוכענען, אַ סימן, אַז דער מת איז אַמאָל געווען אַ כהן.

מיך אינטערעסירן די געבורטס־דאַטעס פון די פרויען: מערסטנ־טייל צווישן 1880 און 1895. די געבורטס־דאַטעס פון די מענער: צווישן די יאָרן 1870 און 1885. דאָס לעצטע קבר איז דאָ אויסגעגראָבן געוואָרן לויטן ברעטל (שוין נישט געווען, ווייזט אויס, קיין געלט אויף אַ שטיין),

אין יאָר 1952, ד. ה. מיט פינף יאָר צוריק, און אונטן ליגן דיביינער פון „האשה הישרה והצנועה געניא ח״ן פון אָדעס, געבוירן אין 1885״, ד. ה. אַ זקנה פון קרוב זיבעציק יאָר איז זי געווען, — אָט די לעצטע, וואָס האָט געשלאָסן די פּראָצעסיע פון אומריינעם דור.

און זעט נאָר דאָס בילד פון סטאַשעק ר־ווי, פון וואָרקע (געבוירן אין יאָר 1857, געשטאָרבן מיט אַכציק יאָר שפּעטער): אַ לאָמבראָזאָ־טיפּ פון אַ סאַכאַלינער קאַטאָרזשניק. דאָס בילד איז פון זיינע מיטעלע יאָרן און די אויפשריפט: „לזכרון איש נכבד, ישר באדם״ א. א.וו.

און די גאַלעריע פון די שטעט, ווו די פרויען זענען געבוירן געוואָרן: פופציק פּראָצענט פון אָדעס, אָבער אויך פון קישיניעוו, פון וואַרשע, פון לאָדזש, פון אָסטראָלענקע, פון זאַמאָשטש, פון נאַשעלסק און נאָך אַנדערע שטעט און שטעטלעך פון רוסלאַנד, בעסאַראַביע און פוילן.

עס איז מערקווירדיק, וואָס אויף קיין שום מצבה האָט איך נישט געפונען, אַז דער מת זאָל האָבן געבוירן געוואָרן אין ליטע אָדער ווייס־רוסלאַנד. עס איז כדאי אויף דעם זיך צו פאַרטראַכטן.

און אינמיטן פון דער ריי צווישן „כהנים״ און „גבאים״ — איינער פון זיי איז טיטולירט „ממונה על החברה קדישא״ (דער אויפזעער אויף זייער חברה קדישא) — דערזע איך אַ רייכן שטיין מיט אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ רב. יאָ, אַ רבניש פנים, מיט אַ גרויער באָרד, מיט אַ פוטערן היטל, מיט פיאות...

און אויך די אויפשריפט „שטימט״: „הרב פלוני בן פלוני פון שטעטל...״ (אַ שטעטל לעבן וואַרשע).

געוואַלד! ווי קומט דער דאָזיקער ייד מיט די תמימותדיקע אויגן צווישן אָט דער געשפּענסטער־כאַליאַסטרע פון אומריינקייט?

דער בית־עולם פון די „טמאים״ אין בוענאָס־איירעס, מיט זיינע רייכע מאָנומענטן, מיט די פאָטאָגראַפיעס אויף יעדער מצבה, האָט איבערגעלאָזן אויף מיר אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק. צווישן די פרויען־פאָטאָגראַפיעס האָבן זיך דאָ־און־דאָרט דורכגעוואָרפן געזיכטער פון אַ נישט דורכשניטלעכער שיינקייט, פול מיט אַמאָליקן יידיש־קליינשטעטלדיקן חן. איר האָט לייכט געקאָנט באַגרייפן די קורצע לעבנס־געשיכטע פון דער יונג־פאַרשטאָרבענער פרוי, וואָס ליגט אונטער דער מצבה.

אַ „חתן״ פון ווייטע מקומות, אויסגעפּוצט אין עסיק און האָניק, מיט גאָלדענע סיגנעטן אויף די הענט, האָט פאַרכישופט און פאַרנאַרט אַ שטעטלשע יתומה, פאַרשלעפּט זי מיט אַ שיף אויף יענער זייט ים, און דאָרט זי פאַרקויפט אין אַ „הייזל״.



אויפן בית־עלמין פון די „טמאים״ — אַ „מיידל״ פון זשעליכאָוו

קנאַפּ מעשיות, ביכלעך און מעלאָדראַמעס זענען אָנגעשריבן געוואָרן אויף אָט דער דאָזיקער טעמע! אָבער דאָ ליגט זי דאָך — דער קרבן, — אונטערן טייערן מאָנומענט, וועלכע „שוועסטער און ברידער״ האָבן געשטעלט (אַזוי לויטעט די אויפשריפט: „שוועסטער און ברידער״ פון זעלבן „פאַך״).

און די פאָטאָגראַפיעס פון די מענער, — די „אַלפאָנסן״, אָדער „רופיאַנעס״, ווי מען רופט זיי אין לאַטיין־אַמעריקע: דאָס איז אַ גאַלעריע פון פאַרברעכערישע אונטערוועלט־טיפּן, פון לאָמבראָזאָ־טיפּן, מיט ציליג־

דערס אָדער האַרטע קאַפּעליושן אויף די קעפּ און אין פראַקן אָדער „טאָקסידאָס״...

עס האָבן נאָר באַליידיקט מיינע געפילן די אויפשריפטן אין העב־רעיש, אַזוי נאָענט צו יעדן יידס האַרץ: „פ״נ האשה הישרה והצנועה מרת״ א.א.וו. אין שפּאַנישן טעקסט געפינט איר אויסגעקריצט ענלעכע דעפיני־ציעס. „דער וווּנדערבאַרער פרוי מיטן גאָלדענעם האַרץ, מיט דער נשמה פון אַ טויב״...

„דעם ריטערישן מאַן גרייט צו העלפן די ליידנדע אין נויט״ א.א.וו.

וואָלט מען אַזאַ בית־עולם געפונען שפּעטער מיט אַ יאָר צוויי טויזנט, ווי מען האָט געפונען, למשל, דעם בית־עולם אין דער איטאַליע־נישער שטאָט פּאָמפּיי, וואָס איז פאַרשאָטן געוואָרן מיט אַכצן הונדערט יאָר צוריק דורך די לאַוועס פון ווולקאַן וועזוויוש, — וואָלט מען מסתמא געקלערט, אַז דאָס איז טאַקע געווען אַ „הייליק אָרט״, ווו מען האָט באַגראָבן צניעותדיקע פרויען און נאָבעלע מענער, נישט קיין „טמאים״, וואָס האָבן באַפלעקט דעם גוטן נאָמען פון זייער פאָלק.

איז אפשר נישט קיין עוולה, וואָס די די בוענאָס־אײרעסער מוניצי־פּאַליטעט וועט אינגיכן „עקסמיטירן״ (אַרויסזעצן) דעם דאָזיקן „מאָנומענט פון שאַנד״, ווייל עס ענדיקט זיך דער טערמין, אויף וועלכן די אַמאָליקע „חברה־לייט״ האָבן דעם פּלאַץ געדונגען. וועלן אויפן זעלבן אָרט אויפ־וואַקסן מסתם פאַבריקן אָדער אַפּאַרטמענט־הייזער. אָבער... אָבער מען דאַרף פריער באַהאַלטן ערגעץ אין אַ קהילה־אַרכיוו די פאָטאָגראַפיעס און אויפשריפטן, עס איז אַ מאַטעריאַל, וועלכן מען וועט מיט דער צייט קאָנען מער קאָלטבלוטיק שטודירן, ווי איצט, ווען פיל פון לעבעדיקן דור גע־דענקען נאָך די קאַמפן, וואָס זיי האָבן געפירט מיט די „טמאים״ און די חרפּות, וואָס יידן האָבן צוליב זיי געליטן.

צוממערסטן אָבער, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, האָט מיך פאַראינ־טריגירט די פאָטאָגראַפיע פון בכבוד־אויסזעענדיקן ייד מיט באָרד און פּיאות, וואָס האָט זיך געפונען אויף איינעם פון די רייכע מאָנומענטן מיט דער אויפשריפט: „הרב פון שטעטל״... א. א. וו.

אַ רב, אַ פּוילישער רב, אויף אַזאַ בית־עולם?

בין איך אַוועק צו א ייד, וואָס דאַרף וויסן די תשובה און נאָך אַנ־דערע תשובות.

דאָס איז ר׳ דוב־בער גאַליצקי, אַ ייד א משכיל, װעלכער האָט מער װי דרייסיק יאָר געפירט די אָפּטיילונג פאַר מיטגליד־אָפּצאָל פון דער קהילה (פריער חברה־קדישא) פון בוענאָס־איירעס.

אין זיין צייט, און טיילװייז מיט זיין אָנטייל, האָט זיך פאַרענדיקט דער ביטערער קאַמף פון די אָרנטלעכע יידן מיט דער טומאה־פעסט, װאָס האָט דאָ געהערשט אין דעם פעריאָד פון סוף פון נייצנטן און אָנהייב פון צװאַנציקסטן יאָרהונדערט.



אויפן בית־עלמין פון די „טמאים" — נאָך איינע פון זשעליכאָװ

עס איז געװען אַ מלחמה מיט אַ כמעט ביבלישן פּאַטאָס, װי אין די צייטן פון יהושוע בן נונ׳ס „מאַרש" צו דעראָבערן ארץ ישראל...

„לא יבוא בקהל ד׳", איז געװעזן די לאָזונג און דער ציל פון דעם

דאָזיקן קאַמף. אַ מחיצה שטעלן, אָפּטיילן מיט אַן אייזערנער וואַנט די „טמאים" פון די „טהורים". קיינער פון זיי זאָל נישט קאָנען אַריינדרינגען אין דער מחנה פון די ריינע, — סיי לעבעדיק און סיי טויט! פון קיינעם פון זיי טאָר נישט גענומען ווערן קיין מיטגליד־אָפּצאָל אין דער קהילה און פאַר קיין שום געלט טאָר מען זיי קיין קרקע נישט געבן אויפן כשרן בית־עולם. נישט זיי, נישט אַלע די, וואָס זענען מיט זיי פאַרבונדן.

גראָד איז דאַן, אין די צוואַנציקער יאָרן, געקומען אָט יענער קליינ־שטעטלדיקער פוילישער רב, וועמענס פאָטאָגראַפיע האָט מיך אַזוי איי־בערראַשט אויפן „טמאים"־בית־הקברות.

געקומען איז ער צו זיינע צוויי זין, וועלכע האָבן שוין דאָ געלעבט יאָרן־לאַנג און וועלכע האָבן אים געשטיצט אויך אין זיין היים־שטעטל. און זיי האָבן אָנגעהויבן באַשיטן מיט בריוו זייער טאַטן ער זאָל קומען קיין בוענאָס־איירעס. עס וועט אים גאָרנישט פעלן. ער וועט רויק זיצן און תורה לערנען... איז ער געקומען. מען האָט אים אָפּגעגעבן צוויי צימערן אין אַ ליכטיקער, רייכער שטוב. מיט וואָס זיינע זין פאַרנעמען זיך האָט ער נישט געוווּסט. פלעגט ער פרעגן, — האָט מען אים געגעבן פאַרדרייטע תשובות. און דער ייד — דער תמים, — איז טאַקע געזעסן און געלערנט, האָט ער איינמאָל דערהערט אין די אַנדערע צימערן קולות פון אַ שרעק־לעכער מחלוקת — איז ער אַ דערשראָקענער צוגעגאַנגען, זיך צוגעהערט און האָט עפּעס אָנגעהויבן צו פאַרשטיין: וווילע יונגען" האָבן דאָרט אָפּ־געהאַלטן זייערס אַן אַזוי־גערופענעם „דין־תורה" מיט מעסערס... איז דער אומגליקלעכער טאַטע אַריינגעלאָפן צו אַ שכן, וועלכן ער האָט געקענט אַלס אָרנטלעכן ייד און אים דערציילט די מעשה. דער שכן, וואָס האָט יאָ געוווּסט, מיט וואָס זיינע „בנים" האַנדלען, האָט דאָס מאָל קיין זאַך נישט פאַרהוילן און געעפנט די אויגן פון טאַטן.

דער אַלטער איז אַריין צוריק צו זיך אין דירה, זיך ווידער געזעצט ביי דער גמרא און — געשטאָרבן. דאָס האַרץ האָט געפּלאַצט...

זענען געקומען צו לויפן די „בנים" אין דער חברה קדישא מען זאָל דעם טאַטן, דעם רב, ווי געהעריק מקבר זיין. אָבער דאָס געניטע אויג פון דוב־בער גאַליצקי האָט, ווייזט אויס, גלייך אויפגעכאַפּט די באַשעפּ־טיקונג פון די „קליענטן".

האָט מען געשיקט דעם שמש פון חברה־קדישא ער זאָל נאָכפאָרשן. יענער האָט געפונען אַ פול הויז מיט „חברה־לייט" און זייערע „מוידן".

אָבער דער פאַרשטאָרבענער איז דאָך פאָרט געווען אַ תלמיד־חכם, — האָט מען געשטעלט די „טמאים" אַ באַדינג: מען וועט דעם טאַטן באַגראָבן אויפן כשרן בית־עולם, נאָר קיינער פון די „טמאים", אפילו נישט די זין, — טאָרן נישט נאָכגיין נאָך דער לוויה. די „חברה־לייט" האָבן דעם דאָזיקן באַדינג אָפּגעוואָרפן. זיי האָבן אפילו חוצפּהדיק געפאָדערט מען זאָל זיי דערלויבן מאַכן אַ מאַסן־לוויה.

נו, דאָס האָט מען געמוזט אָפּזאָגן. דער רעזולטאַט: דער רייכער מאָנומענט נאָכן רבנישן טאַטן אינמיטן דער הויפּט־אַלעע פון דעם „טמאים"־בית הקברות...

און דוב־בער גאַליצקי, — אַליין פון בראַסלאַוו, פּאָדאָליער גובערניע — דערציילט מיר נאָך און נאָך מעשיות פון יענעם עפּישן קאַמף, וועלכער האָט ענדלעך דערפירט צום ענדגילטיקן נצחון און „אָפּגערייניקט" דאָס אַרגענטינער יידנטום.

די מעשה, למשל, ווי אַן אַרגענטינער קריסטלעכער מיליאָנער קעמאַדאַ האָט זיך פאַרליבט אין אַן אונגאַריש יידיש מיידל, וועלכע ער האָט „אַנטדעקט" אין אַ „הייזל".

ער האָט זי פון דאָרט „אויסגעקויפט", אָבער אַ גאַנץ לעבן האָט ער זיך נישט געקאָנט אויסקויפן פון דער חברה „רופיאַנעס", וועלכע האָבן אים שאַנטאַזשירט און ער האָט זיי געצאָלט שווערע טויזנטער.

ווען ער איז געשטאָרבן, האָט ער איר איבערגעלאָזט אַ פאַרמעגן פון פיל מיליאָנען דאָלאַר. אַלס אַלמנה האָט זי באַרייזט די וועלט אין באַגלייטונג פון זעקס דינסטן. אָבער קיין זאַך האָט זי נישט באַפרידיקט. איר איינציקער באַגער איז געווען: ווערן אַ מיטגליד פון דער כשרער חברה קדישא. זי איז אַהין איינמאָל געקומען מיט טרערן: „וואָס בין איך שולדיק? מען האָט מיך פאַרפירט, אַוועגגנבעט פון אַ חסידישער פאַמיליע. איך וויל צוריק לעבן ווי אַ ריינע יידישע טאָכטער... איך וועל זיך לאָזן קאָסטן אַ פאַרמעגן, אַבי לאָזט מיך אַריין". מען האָט אויך דאָ נאָכגעפאָרשט און אויסגעפונען, אַז זי האָט נאָך נישט איבערגעריסן אַלע קאָנטאַקטן מיט דער אונטערוועלט, אַז זי שטיצט זייערע אינסטיטוציעס. האָט מען איר ביטע אָפּגעזאָגט.

דערווייל איז מען אויך געוואָר געוואָרן, אַז דער מאָנומענטאַלער טויער צום בית־עולם, וואָס עפּעס אַן אומבאַקאַנטער האָט געשענקט אַלס נדבה, איז גאָר געקומען פון פאַרמעגן פון יענער „אישה״... האָט מען דאָס טויער צעוואָרפן, ווי אין פסוק שטייט: „זייערע מזבחות זאָלסטו צע־שטערן״...

און אויך דאָס קבר פון דער דאָזיקער מיליאָנערשע געפינט זיך צווישן די „טמאים״...

איינמאָל זענען צו ד. ב. גאַליצקין געקומען צוויי יונגעלייט — סוחרים — וועלכע פלעגן פאָרן איבער דער פּראָווינץ. דאָס זענען געווען אָרנטלעכע מענטשן, כאָטש נישט אינגאַנצן אָפּגעהיט אין אַלע תרי״ג מצוות... זענען זיי אויף זייער רייזע אויך פאַרפאָרן אין אַ „הייזל״, וואָס האָט זיך געפונען נישט ווייט פון בוענאָס־איירעס. צו זייער פאַרווונדערונג האָבן זיי באַמערקט אין אַ זייטיקן סאַלאָן עפּעס אַ יונגנמאַן אין אַ קאַפּעליוש און אַ בערדל, וואָס האָט געגעסן אייער מיט קעז.

האָבן זיך די יונגעלייט נאָכגעפרעגט, ווי קומט עפּעס אַזאַ הדרת־פּנימדיק יידל אין דעם דאָזיקן „מקום״? האָט אַ „מיידל״ לאַכנדיק געענט־פערט, אַז דאָס איז דער בעל־הבית אַליין... אויך זיין נאָמען האָבן די יונגע־לייט אויסגעפונען און געוואָלט וויסן, צי איז ער אַמאָל נישט אַ מיטגליד פון דער קהילה. מען האָט נאָכגעזוכט און אויסגעפונען, אַז יאָ, ער צאָלט רעגולער מיטגליד־אָפּצאָל. פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט אים גלייך אויס־געשלאָסן און וועגן דעם אים שריפטלעך מודיע געווען.

און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ „ויצעקו״. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער „זיידענער יונגערמאַנטשיק״ פירט אַ דאָפּל לעבן, און אין צווייטן שטעטל, ווו מען ווייסט נישט ווער ער איז, איז ער איינער פון די זיילן פון אַ פרום בית־מדרש.

איז פון דאָרט אָנגעקומען אַ „פּעטיציע״ מיט גאַנצע 190 חתימות: „ס׳טייטש, פלוני בן פלוני איז דאָך אַ בן־תורה, איז זייערער אַ בעל־קורא, קומט יעדן טאָג דאַווענען, גיט פיינע נדבות... ער איז אַ שיינער, בכבו־דיקער ייד״...

אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. מען האָט זיי דערקלערט, אַז די צוויי עדות, וואָס זענען געווען „קליענטן״ אין זיין „הייזל״ זענען מער באַגלייט ווי די עדה יידן, וועלכע ער האָט אָפּגענאַרט דורך זיין דאָפּלטער

ראַל. און — „לא יבוא בקהל ישראל!״ — אויסגעשלאָסן אים פון דער קהילה...




אויפן בית־עלמין פון די „טמאים״ —
צוויי „מיידלעך״ פון וואַרשע

אַמאָל פלעגט זיך יאָ איינגעבן אָפּצונאַרן די קהילה און נאָר נאָכן טויט האָט זיך דער סוד אַנטדעקט, ווי ס׳איז געווען די מעשה מיט איינעם אַ גרויסן זייד־סוחר מ. ר—ן, וועלכער פלעגט יעדעס יאָר פאָרן קיין יאַפּאַן כלומרשט קויפן סחורה, אָבער אין דער אמתן איז ער געשטאַנען דאָרט בראש פון אַ סינדיקאַט מיט צענדליקער געישאַ־הייזלעך.

אין אַ קאָטש פלעגט ער פאָרן איינקאַסירן דעם „פדיון״ — ביז איינער אַ דאָרטיקער ייד, וואָס האָט דאָס געזען, האָט וועגן דעם מיטגעטיילט וועמען

מען באַדאַרף אין בוענאָס־איירעס. אויפן וועג צוריק אַהיים האָט מען אים בעת אַ סכסוך צווישן „שותפים" געהרגעט אין בראַזיליע און דאָרט באַגראָבן אויפן בית־עולם פון די „טמאים".

די שענסטע „טמאים"־לוויה, וואָס עלטערע מענטשן געדענקען, איז געווען נאָך אַ „מיידל", וואָס מען האָט געפונען טויט אין אַ ברונעם. זי איז געווען אַ שוועסטער פון אַן אָרנטלעכן ברודער, אַ סטאָליאַר, צו וועמען זי איז געקומען פון אָדעס. מען האָט זי פון אים אַרויסגענאַרט און — פאַרקויפט. האָט זיך איינער פון די געסט אין יענעם „אַנשטאָלט", אַן אַרגענטינער אַרכיטעקט, — אין איר פאַרליבט און זי צוגענומען צו זיך אַהיים. און אַז זי האָט זיך אים דערעסן, האָט ער זי געטויט און אַריינגעוואָרן אין אַ ברונעם נעבן איינער פון די געביידעס, וואָס ער האָט געבויט.

מען האָט שנעל איר קערפּער אַנטדעקט און דעם אַרכיטעקט אַרעסטירט. און פאַרן קרבן האָבן די „חברה־לייט" איינגעאָרדנט אַ גרויס־אַרטיקע לוויה מיט בלומען און מוזיק, נאָך וועלכער טויזנטער פון זייערע, אויך פיל קריסטן זענען נאָכגעגאַנגען. צוויי טעג האָט מען געפרעסן און געשיכורט אויפן „פעלד".

— מען האָט פון דער „קדישה" (זונה) געוואָלט מאַכן אַ „קדושה" (הייליקע) — באַמערקט ד. ב. גאַליצקי.

אויך איר קבר און רייכן מאָנומענט האָב איך געזען. אַן איידל פּנים פון אַ יידישער שיינקייט, וועלכע איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין זומפּ פון שמוץ...

— און ווו זענען זיי איצט? ווו זענען זייערע קינדער?

— אָ, דאָס איז אַ לאַנגע מעשה: פיל זענען אויסגעשטאָרבן. די איבעריקע זענען מערסטנטיילס פאַרשווונדן אין אַנדערע לענדער. די קינדער האָט מען אָפּגעגעבן אין קאַטוילישע שולן, — מערסטנטיילס אין קלויסטער־שולן, און זיי האָבן זיך אָפּגעשמדט...

# ווי אַרגענטינער יידן האָבן פאַרטריבן די „טמאים"
# פון יידישן טעאטער

נישט נאָר אין אַרגענטינע, נאָר אויך אין בראַזיליע האָבן די שפּע־טער אָנגעקומענע הארפעפּאַשנע יידן פון בעסאַראַביע און פון פוילן געפירט אַ שווערן, און אָפטמאָל בלוטיקן קאַמף מיט דער פּעסט פון די „טמאים", וואָס האָבן אין קאָמפּאַקטע מאַסן באַזעצט גאַנצע קוואַרטאַלן מיט זייערע „פּענסיאָנען" און „הייזלעך", און אָרגאַניזירט זיך געזעלשאַפטלעך דורך „חברה קדישאס", „געבעט־הייזער", אייגענע בית־עולמס, מיט חזנים און אַנדערע „כלי־קודש", לויטן נוסח פון די שטעטלעך, פון וועלכע זיי זענען געקומען.

די קליינע מינדערהייט אָרנטלעכע יידן, וועלכע האָבן אין די לעצטע יאָרן פון נײַנצנטן יאָרהונדערט אָנגעהויבן אָנקומען אַלס אימיגראַנטן, האָבן זיך פּשוט געשעמט מודה זיין, אַז זיי זענען יידן, אַז זיי געהערן צו דער זעלבער רעליגיעזער גרופּע ווי אָט־די אַלע „פּאָלאַקאָס" און „רוסאָס", וואָס האָבן אומפאַרשעמטערהייט געזוכט צו פאַרנעמען דעם אויבן־אָן אין אַזעלכע גרויסע שטעט, ווי בוענאָס־איירעס, ריאָ־דע־זשאַנעירא און סאַן־פּאַולאָ.

איצט געהערט דאָס צו דער פאַרגאַנגענהייט, אָבער איינער א באַ־רימטער פירער פון ישוב אין בראַזיליע, — היינט איבער זיבעציק יאָר אַלט, — האָט מיר געוויזן זיין צעבראָכענעם פינגער, צוגעבנדיק:

„דאָס האָבן מיר „חברה־לייט" דעם פינגער צעבראָכן, ווען מיט פופציק יאָר צוריק האָב איך, מיט נאָך אַ נ ד ע ר ע אָנגעקומענע יונגע־לייט, אַרויפגעוואָרפן זיך אויף דער „חופּה", אונטער וועלכער זיי האָבן געהאַט די העזה צו טראָגן איבער די גאַסן אַ ספר־תורה אין דער נייער שול, וואָס זיי האָבן דאַן אויפגעבויט. מיר האָבן פאַרצוימט די גאַס און מיט שטעקנס זיך געוואָרפן אויף די „פּעטערס" און „מומעס", וועלכע האָבן זיך געקליבן מיט מוזיק פאַראַדירן איבער די גאַסן מיט אונדזער הייליקייט... זיי זענען אונטער אונדזערע קלעפּ אַנטלאָפן און מיר האָבן די ספר־תורה צוגענומען... פּאָליציי איז, ווי שטענדיק, געווען אויף זייער זייט, אָבער אויך דאָס האָט אונדז נישט אָפּגעשראָקן. עטלעכע פּראָגרעסיווע מיטגלי־דער פון פּאַרלאַמענט האָבן זיך פאַר אונדז איינגעשטעלט און מען האָט

שפּעטער באַפרייט סיי די אַרעסטירטע, סיי אונדז אַלעמען פון שטראָף פאַר די אַרויסגערופענע אומרוען״...

אין אַליין בין בעת איינעם פון מיינע באַזוכן אין בראַזיליע, ערב די ימים־נוראים, איינגעלאַדן געוואָרן אין דער סינאַגאָגע פון די ״טמאים״ אויף תפילות. די איינלאַדונגס־קאַרטע האָב איך באַקומען פון דער ״גבאיטע״, וועלכע איז איצט אַן אייגנטימערין פון אַ רייך געשעפט מיט פוטערוואַרג. אויך זי איז שוין איבער זיבעציק יאָר אַלט, אָבער איר איצטיקע פּראָפעסיע אַלס סוחרטע פון פוטערוואַרג האָט נאָך אַלץ נישט אָפּגעמעקט פון איר פּנים יענע עלטערע ״פּראָפעסיע״, וואָס האָט איר געבראַכט סיי רייכקייט, סיי כבוד אין דער אונטערוועלט.

כאָטש איך האָב געהאַט דעם ״בילעט״, האָבן מיך דאָך צוויי ״חברה־לייט״, וועלכע זענען געשטאַנען ביים אַריינגאַנג אין זייער ״שול״ נישט דורכגעלאָזט: זיי האָבן דערקענט אין מיר, אַז איך בין אַ ״וויטישער״ (אַן אומשולדיקער יאָלד אויף גנבים־שפּראַך), איינער האָט אַפילו אַ זאָג־געטאָן אין אַן עכט פּוילישן נוסח: ״עטץ זעט מיר אויס, ווי אַ שראַבער, פאַניע לעבן!...״

איך בין שפּעטער אין זייער ״שול״ דאָך אַריין אויף אַ קורצער ווייל, און געזען די צוויי מנינים אָפּגעקראָכענע אַלטיטשקע מיט זייערע ווייבער — דעם ״זכר לטיט״, — דעם זכרון פון דער טיפער בלאָטע פון אַמאָל, וועלכע די מעכטיקע כוואַליע פון די ניי־צוגעקומענע יידישע אימיגראַנטן האָט אויסגעטריקנט מיט אויסדויער, מיט קאַמף און מיט בלוט.

וואָלט שלום־עליכם דערלעבט צו זען דעם נייעם ישוב אין אַרגענטינע, וועלכן מיר, שרייבער און כלל־טוער פון שפּעטערדיקן דור, האָבן באַזוכט און באַזינגען, וואָלט ער מסתם אַנדערש אָנגערופן זיין עסיי, וועלכער איז פאַרבליבן אין זיינע ווערק אַלס ״דער מענטש פון בוענאָס־איירעס״... איר דערמאָנט זיך דעם פאַרשוין אין צוג, — אין יום־טובדיקע בגדים, מיטן גראָבן ציגאַר, מיטן פולן טייסטער, — וועלכער באַרימט זיך, אַז ער גיט אויף אַלץ: אַ שול, אַ שפּיטאָל, פאַר דער עמיגראַנטן־קאַסע, פאַר א קאָנצערט... ער גיט אויך פאַר ישיבות אין ארץ־ישראל. אָט ווייזט ער אייך אַ בריוו פון דאָרטן, אַדרעסירט צו אים, מיט אַ מגן־דוד, מיט חתימות פון רבנים, אין וועלכן מען טיטולירט אים: ״הרבני הגביר המפורסם מורנו!...״

מיר אַלע האָבן געלאַכט, אָבער די נייע דורות אַרגענטינער יידן האָבן נישט געלאַכט, נאָר געוויינט...

דערציילט מיר דער גרינדער פון באַרימטן מושב־זקנים אין דער בורסאַקאַ־געגנט פון בוענאָס־איירעס, ר׳ ישראל בוטעלמאַן:

— אין מיינע יונגע יאָרן האָבן מיר אַלע געזונטע און אידעאַליסטישע בחורים געזוכט פּטור צו ווערן פון דער „טמאים־מגפה״ אויף דער יידישער גאַס. מיר פלעגן אַפילו מאַכן אמתע פּאָגראָמען אויף די שאנד־הייזער, אַרויסגעיאָגט די מיידלעך און רויִנירט די מנובלים, וואָס האָבן מיט זיי געהאַנדלט. מיר האָבן אויסגעבערענט מיט פייער דעם שאַנדפלעק אויפן נאָמען פון אונדזער פאָלק. ריין און ציכטיק איז געבליבן דער אַרגענטינער ישוב...

און אין ליכט פון דער איצטיקער קעגנוואַרט קלינגט פּשוט אימהדיק, וואָס עס דערציילט מרדכי אַלפּערסאָן, דער אַרגענטינער קאָלאָ־ניסטן־שרייבער, וועלכער איז געקומען קיין בוענאָס־איירעס מיט אַ גרופּע קאַנדידאַטן אויף ערד־אַרבעט אין יאָר 1891.

„ווי נאָר מיר זענען אַראָפּ פון שיף, האָבן מיר דערזען ביים אייזער־נעם, גרינעם טויער פון „אימיגראַנטן־הויז״ אַ צענדליק ריין־געקליידעטע דאַמען און אייניקע גראָב־בייכיקע הערן אין צילינדערס. זיי האָבן געוואָלט אַריינגאַרן צו זיך די יינגערע אָנגעקומענע, איינזאַמע פרויען. און אַז דאָס האָט דערזען דער פאַרשטייער פון באַראָן הירש־געזעלשאַפט (איקא), האָט ער אונדז געוואָרנט: „קיין מגע־ומשא נישט האָבן מיט די הערן און דאַמען הינטער די קראַטעס! טמאים זענען זיי! לאָזט נישט אייערע פרויען און טעכטער גיין אַליין אין גאַס אין בוענאָס־איירעס!״...

שרייבט דער זעלבער אַלפּערסאָן וועגן יענער צייט, מיט 66 יאָר צוריק:

„נישטאָ דאָ קיין אָרנטלעכע יידן, נאָר אומריינע נפשות, דער אָפּפאַל פון דער מענטשהייט. אייניקע שפּאַניאָלישע און ענגלישע כשרע משפחות שעמען זיך, צוליב די „טמאים״, זיך אַרויסצוגעבן אַלס יידן...״

אַלפּערסאָן האָט געהאַט אַ טעות: שוין דעמאָלט זענען דאָ געווען אָרנטלעכע יידן, אָנגעקומענע יידישע בעלי־מלאכות, וועלכע האָבן געהאַט זייער אייגן בית־מדרש אונטערן נאָמען „פועלי צדק״.

אָט פון דער דאָזיקער דאַן קליינער גרופּע האָט זיך אין משך פון

אונדזער לעבנס־עלטער אויסגעבילדעט דער איצט אַזוי מעכטיקער האַלב־מיליאָניקער יידישער ישוב, מיט זייַע מוסטערהאַפטע אינסטיטוציעס, סי־נאַגאָגעס און בתי־מדרשים, קלובן און ספּאָרט־צענטערן, שול־בעך און טעאַטערס, וואָס האָבן איינגעהאַלטן אין זיך אויף יידיש און אויך אויף שפּאַניש דעם ריינעם נאַציאָנאַלן גייסט און פאַמיליע־פייער פון יידישקייט.

עס איז צו באַוווּנדערן די קראַפט און אויסדויער פון אונדזערע ברידער דאָרטן, וועלכע האָבן אויף די פאַרפעסטעטע חורבות פון אַ סדום־מיש דור, אויפגעבויט אַ ניי צאַפּלדיק און רעספּעקטפול לעבן.

אַ ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט פאַרדינט דאָס קאַפּיטל יידיש־טעאַטער אין דער געשיכטע פון אַרגענטינער יידנטום.

פאַר די „טמאים״, אין אָנהייב פון איצטיקן יאָרהונדערט, איז דאָס טעאַטער געווען דער צענטער פון זייערע פאַרווייַלונגען. דאָ האָבן זיי זיך געפילט היימיש, באַלעבאַטיש, יום־טובדיק. עס פלעגן קומען „טרופּעס״ פון פּוילן און רוסלאַנד.

ספּעציעל האָט מען דאָ ליב געהאַט גאָלדפאַדענס רעפּערטואַר, — אָבער אַלע בעסטע פּלעצער, די מערהייט פון זיי אין טעאַטער, — זענען באַזעצט געוואָרן דורך די „חברה־לייט״ און זייערע „דאַמען״.

עס זענען דאַן שוין געווען געגנוג אָרנטלעכע עלעמענטן פון די אָנגעקומענע אימיגראַנטן, וועלכע האָבן אויך געלעכצט נאָך יידיש טעאַ־טער, אָבער זיי האָט געעקלט צו זיין אונטער איין דאַך מיט די „טמאים״. פון אָנהייב האָבן זיך די „וויטישע״, — די ריינע עלעמענטן, — געמוזט באַנוגענען מיט די הינטערשטע און גאַליאָרקע־פּלעצער, ווייל אינגאַנצן זיך אָפּזאָגן פון פאַרגעניגן צו באַזוכן יידיש טעאַטער האָבן זיי נישט געקאָנט. אָבער לאַנג האָט אַזאַ „צוזאַמענזיצן״ נישט געקאָנט אָנהאַלטן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג אינגאַנצן צו באָיקאָטירן דאָס טעאטער, כל־זמן די פּלעצער זענען באַזעצט פון די „טמאים״.

אַ קעמפנדיקע אַנאָנימע גרופּע האָט דאַן אַרויסגעלאָזט פּאָלגנדיקן אויפרוף, וועלכן מיר ברענגען דאָ אין זיין אָריגינעלער שפּראַך:

„ברידער יידן! דאָס טעאַטער אין בוענאָס־איירעס איז געוואָרן אַ נעץ פון זנות און הפקרות!

„אונדזערע אָרנטלעכע פרויען און טעכטער מוזן זיצן זייט־ביי־זייט מיט הענדלער פון וויַיס־פלייש, מיט געפּודערטע גאַסן־פרויען און גע־

שמינקטע יפהפיות (מיט פופציק יאָר צוריק האָבן זיך געפּודערט און גע־שמינקט נאָר אַ געוויסער מין פרויען — ה. ש.).

„יענע זיצן אין גאָלד און דימענטן, פריילעך און חנעוודיק; און אונדזערע טעכטער טראָגן אָרעמע ציצענע קליידלעך.

„אויב ערע איז אייך טייער, ווייכט אויס צו קומען מיט זיי אין באַ־רירונג! באָיקאָטירט דאָס יידישע טעאַטער, כל־זמן עס הערשן דאָרט די באַראָנעז פון זנות!...״

אַז דער דאָזיקער אויפרוף האָט נישט אינגאַנצן געהאַט אַ פּעולה, זעען מיר פון דער שפּעטערדיקער אַקציע: גרופּעס יונגעלייט האָבן זיך געשטעלט ביים טעאַטער און פּשוט אַוועקגעשלעפּט פון די קאַסעס די אָרנטלעכע עלעמענטן...

די אַקטיאָרן האָט מען געסטראַשעט מיט באָיקאָט, ווען זיי וועלן פאָרן שפּילן אין אַנדערע לענדער. ביי אַ באַרימטן ניו־יאָרקער אַקטיאָר האָט מען מיט אַ שטעקן אַראָפּגעוואָרפן זיין צילינדער־הוט און נאָך דער־לייגט אַ פּאָר טרוקענע קלעפּ אויך...

דער דראַמאַטישסטער מאָמענט אין דאָזיקן קאַמף איז אָבער פּאָר־געקומען אין יאָר 1909, ווען די בוענאָס־איירעסער גרופּע פון „פּועלי־ציון״ האָט אויפגעפירט אַ פאָרשטעלונג לטובת זייער פּאַרטיי. געשטעלט האָט מען פּרץ הירשביינס „באַרג אַראָפּ״. די בילעטן זענען צעכאַפּט גע־וואָרן און דאָס טעאַטער איז געווען פול געפּאַקט. אויף אַזאַ דערפאָלג האָבן זיך די „פּועלי־ציוניסטן״ נישט געריכט. און זיי האָבן מיט חשד אָנגעהויבן באַטראַכטן דאָס „געערטע פּובליקום״, פון וועלכן אַ טייל איז נישט געווען באַוווּסט אַלס סימפּאַטיקער פון דער פּאַרטיי...

אין לעצטן אַקט פון דער פאָרשטעלונג ווערט געוויזן אַ סצענע אין אַ „הייזל״, און דאָ האָט דאָס „פּובליקום״ אַרויסגעוויזן זיין „קלאַסן־באַ־שטאַנד״: מען האָט אָנגעהויבן צו כיכיקען, זיך איבערוואַרפן מיט ווערט־לעך, קריטיקירן אויפן קול די אַקטיאָרן אין „הייזל״, וואָס ווייסן נישט ווי צו שפּילן...

דאָס איז שוין געווען צו־פיל: די דעמלטיקע „פּועלי ציון״־פירע־רין ר. סורקין האָט זיך אויפגעשטעלט אינמיטן דער פאָרשטעלונג און אויסגעשריגן:

„רופיאַנעס, אַרויס פון טעאַטער!״

אויף סורקינס רוף האָט זיך אַ גרופּע יונגע פּועלי־ציוניסטן גע־וואָרפן מיט בענקלעך און שטעקנס אויף דער געדיכטער גרופּע „טמאים״. יענע האָבן פּרובירט שטעלן אַ ווידערשטאַנד, אָבער דער אימפּעט און התלהבות פון די יונגע קעמפער האָט געזיגט: די „רופיאַנעס״ און זייערע אויסגעפּוצטע „דאַמען״ האָט מען מיט בזיונות אַרויסגעוואָרפן פון טעאַטער.

דאָס איז געווען דער איבערברוך־מאָמענט: די „טמאים״ זענען שוין מער נישט געווען אַזוי האָפּערדיק און היימיש אין טעאַטער.

שפּעטער האָט מען געשפּילט שלום אַשס „גאָט פון נקמה״. דאָ איז שוין געשטאַנען אַ וואַך און אינגאַנצן נישט אַריינגעלאָזט קיין פאַרדעכ־טיקטע אין טומאה...

איך האַלט דעם דאָזיקן היסטאָרישן זיג פון די „פּועלי ציון״ פאַר נישט ווייניקער וויכטיק, ווי זייער לעצטן זיג אין די קהילה־וואַלן, און די חברה סורקין, וואָס האָט מיט אזא מסירת־נפש אָנגעהויבן א קאַמף קעגן דער טומאה, פאַרדינט געוויס אַן ערן־טאָוול אין איינער פון די געזעל־שאַפטלעכע אינסטיטוציעס.

ווי גוט עס איז צו וויסן, אַז דער דאָזיקער קאָשמאַר פון דער „טמאים״־עפּאָכע געהערט שוין צו דער פאַרגאַנגענהייט; אַז די אַרגענטי־נער, ווי אויך די בראַזיליאַנער יידן האָבן, אין אַ פאַרהעלטנישמעסיק קורצער צייט, מיט אַן אייזערנעם בעזים אויסגערוימט די בעסטן פון אַ פּעסט, וואָס האָט געדראָט צו ווערן אַ בכיה לדורות, אָבער געבליבן איז נאָר אַ טונקל זייטל אין דער העלדישער געשיכטע פון די יידישע ישובים אין לאַטיין־אַמעריקע.

## אויף יידישע שמחות אין ווענעזועלאַ

אונטער די קלאַנגען פון אַ נעגערישן אָרקעסטער, אין אַ בלויער ווענעזועלער נאַכט, אין אַ גאָרטן, ווו עטלעכע הונדערט יידן און נישט־יידן האָבן ביי געדעקטע טישן זיך משמח געווען אין די קילע ביינאַכטיקע ווינט־לעך, וואָס בלאָזן פון די אַרומיקע מאָלערישע בערג, האָב איך זיך געזעגנט מיט קאַראַקאַס, די הויפּטשטאָט פון ווענעזועלא.

די דאָזיקע שמחה איז, חלילה, נישט געווען פאַר מיין כבוד וועגן, נאָר צוליב דער בר־מצוה פון פיינעם בחורל שמחה־דוד, דער זון פון די פּאָפּולערע תושבים דאָ, לעאָן און קלאַראַ שניידערמאַן.

אין דער שטילקייט פון דער נאַכט אין דאָזיקן אַמאָל אַזוי פרעמדן לאַנד, ווו די אינדישע שבטים קאַריב און אַראַוואַק האָבן במשך פון טויזנ־טער יאָרן גאָלד געגראָבן און שפּעטער, ווי קנעכט פאַר די זיגרייכע שפּאַ־ניער, צוקער געפלאַנצט, — אָט דאָ האָט הילכיק אָפּגעקלונגען דאָס שטי־מעלע פון א יידיש קינד אין העברעיש, שפּאַניש און יידיש: „...און איך זאָג־צו צו וואַקסן אלס א געטרייער זון פון מיין פאָלק ישראל, פאָרצוזעצן די גאָלדענע קייט פון דורות, פון די אבות מיינע, וואָס האָבן מיט די תפילין־רצועות אויף אייביק זיך פאַרבונדן מיט צדק, מיט חסד און מיט רחמנות"...

און אַרום זענען געזעסן די יידן פון וואַרשע און פון אביסיניע, פון גאַליציע און פון אוקראַינע — אָט די אַלע צונויפגעלאָפענע דורך די לעצטע בלוטיקע פערציק יאָר, — אָט די אזוי ווייניק געראַטעוועטע פון יענע טייערע מיליאָנען, וואָס זענען אומגעקומען בסקילה, בשריפה, בהרג ובחנק...

דאָס איז פאַר מיר געווען סימבאָליש ביז טרערן, וואָס האָבן מיך געשטיקט, בעת איך האָב גערעדט צו זיי און דערמאָנט די שטעטלעך פון וואַנען זיי שטאַמען, דאָרט, ווו מיינע פיס זענען געטראָטן אין די בתי־מדרשים און אויפן מאַרק און אין די אָרעמע היימען פון זייערע טאַטעס און מאַמעס.

איצט וווינען פיל פון זיי אין פּאַלאַצן; איצט פאַרמאָגט א גרויסער טייל פון זיי מיליאָנען; אָבער אָט דער דור, וואָס זיצט אַרום די טישן, גע־דענקט גוט די פּעטליורע־פּאָגראָמען, דעם באָיקאָט און דערנידערונג אין פוילישן פינצטערן שטעטל, די געטאָס, גאַז־קאַמערן און לאַגערן.

און זיי רעדן נאָך יידיש צווישן זיך, כאָטש די מוזיקאַלישע שפּאַנישע שפּראַך, אזוי ווי אַנדערשווו — די ענגלישע, די פּאָרטוגעזישע, די פראַנ־צויזישע — פאַריאָגט דאָס מאַמע־לשון פון צווישן אָט די ווונדערבאַרע טאַנצנדיקע קינדער־פּאָרלעך, וועלכע געדענקען נישט און ווייסן זייער ווייניק פון דעם פיין און צער און געפאַרן, וואָס די טאַטע־מאַמעס אַרום זיי, אין דעם דאָזיקן ווענעזועלער אילומינירטן גאָרטן, זענען דורכגעגאַנגען אָט ביז דער בר־מצוה, ביז דער נעכטיקער חתונה און ביזן מאָרגנדיקן ברית.

די בעל־הביתטע, קלאַראַ האָט מיטגעבראכט מיט זיך פון דער חסידישער שטוב, אויף פראַנציסקאַנער גאַס, אין וואַרשע, די צניעותדיקע שיינקייט און דעם פערלדיקן מוזיקאַלישן יידיש וועלכע האָבן זיך געקייקלט פון קאָצק, דורכן שטעטעלע מאַרקושאָוו, דורך קוראָוו און דורך וואַרשע, און וואָרצלען זיך אַזש ביי יענעם ווייטן קאָצקער עלטער־זיידן אירן, ר׳ הערשעלע פּרעמישלאַנער, וועמען אָפּאַטאָשו האָט אויסגעקליבן אַלס איינעם פון די העלדן פון זיין עפּאָס „אין די פּוילישע וועלדער״. און דער בעל־הבית, לייב שניידערמאַן, לעבט נאָך אַלץ גייסטיק צווישן די יידן פון די שטעטלעך סלאַוואָטיטש און וולאָדאַווע, — אין די בריסקער וועלדער, — און וואַנדערט נאָך מיט זיין לומדישן טאַטן ביז וואַרשע אריין, — מיטן טאַטן, וועמענס שפּראַך איז באשטאנען פון גמרא־ווערטלעך, פון מאמרי־חז״ל, און זיין לעבנסוועג איז געווען געפּלאַסטערט מיט די שטיינער פון צעשליפערטן פעלדז, וואָס הייסט יידישע מאָראַל.

אָבער, אָט זאָגט דאָך צו זיין דינאַמיש בר־מצוה־בחורל פאַר דעם גאַנצן עולם: „איך וועל בלייבן אַ טרייער זון פון מיין פאָלק, פאַר מדינת ישראל, און איך וועל זיך האַלטן ביי דער טראַדיציע פון אונדזערע אָבות״...

הלואי זאָלן די יאָרן, צווישן וועלכע ער וועט וואַקסן, זיין פרידלעכע, נישט דורכגעזאַפּטע מיט דעם בלוט און טרערן, מיט די יאָגענישן און קאמפן, אין וועלכע זיינע עלטערן און כמעט אַלע יידן דאָ אין גאָרטן זענען אין אונדזער צייט און צוזאַמען מיט אונדז אזוי שטורמיש געשווומען און מיט אַזויפיל ניסים געראַטעוועט געוואָרן.

זיצן דאָרט ביים טישל די פריילעכס, די מונדליאַקס, די הייזמאַנס און די העכטס, — מאַמע־לשון שפּרודלט אין אַלע זיינע אַקצענטן: דעם וואַרשעווער, דעם לאָדזשער, דעם ביאַליסטאָקער.

ווערט מיר טאַקע פריילעך אויפן האַרצן, ווען איך דערמאָן זיך מיין ערשטן אָוונט אין דער זעלבער שטוב פון די פריילעכס, בעת איך בין איצט געקומען קיין קאַראַקאַס.

אין זעלבן צימער, ווו עס איז מיט אייניקע יאָרן צוריק געבוירן געוואָרן דאָס ערשטע יידישע וואָכנבלאַט אין ווענעזועלאַ, האָבן זיך ווידער פאַרזאַמלט ארום פופציק „יידישע יידן״, כדי מקבל־פּנים צו זיין אַ יידישן שרייבער.

נישט קיין גביר איז דער דאָזיקער פריילין. ער איז, נעבעך, אַ קראַנקער מענטש, וואָס קאָן זיך שוין נישט יאָגן נאָך פּרנסה און לעבט פון דעם ביסל גרייטן, וואָס די פריערדיקע פּאָר צענדליק יאָר אין קאַראַקאַס האָבן מיט חסד פאַר אים אָפּגעשפּאָרט.

אָבער וויפל גאָלד און דימענטן פון יידיש האַרץ, פון אהבת ישראל, בליצן־אויף אין דאָזיקן טייערן הויז פון די פריילינס, ווען אַ גאַסט, וואָס האָט א שייכות מיטן יידישן שאַפן, וויזט זיך אין „שטעטל".



אין קאַראַקאַס: גאָלדע מאיר, וועגעזועלער אויסערן־מיניסטער, פאָרזיצערס פון אשכנזישער און ספרדישער קהילה און דער מחבר

עס איז טאָקע ענג, און אָרקעסטערס שפּילן נישט, און קעלנערס אין ווייסע הענטשקעס באַדינען נישט, — אָבער אייגענע משפּחה־מענטשן טיילן דעם לעקעך־און־בראָנפן, ווי אַמאָל אויף די היימישע שמחות, — און בריוו פון די אַלטע צייטן: בריוו פון לייוויקן, פון וולאַדעקן, פון אָפּאַטאָשון און פון זינגערן ווערן מיט שטאָלץ געוואָרפן דורכן בעל־הבית אויפן טיש; יחוס־בריוו פון א פאַנאַטישן ליבהאָבער און אזא נאָענטן קרוב פון דער יידישער שרייבער־משפּחה.

מאַקס פריילירך האַלט־אָן די פאַרבינדונג צווישן ווענעזועלא און די צייטונגען אין ישראל, ניו־יאָרק, מעקסיקע און ווו נאָר א יידיש וואָרט קניפּט אונדז צוזאַמען.

דאָס איז געווען אַן אומפאַרגעסלעכער אָוונט אין זיין באַשיידן הויז, וואָס פאַרוואַנדלט זיך אין א האַרציקער היים פאַר אונדז וואנדערער, אַזוי בענקענדיקע נאָך סביבה, צווישן פרעמדע בערג און אייגענע טענצערס אַרום דעם „גאָלדענעם קאַלב״.

און דאָס האַרץ הייבט אָן שנעלער קלאַפּן, ווען איך דערזע די מונ־דליאַקס פון נאָווי־דוואָר, נעבן וואַרשע, פון דער אַמאָליקער פעסטונג־שטאָט מאָדלין, ווו איך האָב געדינט און — געזינדיקט אלס גאָר יונגער מיליטער־מאַן.

זאָגט די פרוי מונדליאַק, אַז לעגענדעס נאָך מיר זענען אין יענער צייט געבליבן וועגן מיין פליען אין די הימלען, ווען מען האָט נישט גע־טאָרט, און וועגן מיינע „פלירטן״ מיט פאַרשוינען, וואָס האָט מיך געקאָנט מיין לעבן קאָסטן... אָבער יונג און דרייסט איז מען דאָך געווען — און יענע שפּרודלדיקע חדשים אויף די ברעגעס פון ווייסל זענען טאַקע געווען נישט פאַסיק פאַר א סטאַטעטשנע בחורל פון אַ באַלעבאַטישער היים (איך האָב זיי באַשריבן אין מיין בוך: „א וועלט, וואָס איז פאַרביי״), אָבער יונג און בונטאַריש זענען זיי געווען — און אַ מעשה וועגן זיי איז געבליבן...

(מאַקסים גאָרקי האָט אַן ענלעכע געשיכטע פאַרענדיקט מיטן פאַל־גנדיקן פליגלדיקן זאַג: „און איר וועט ווי ווערים אויף דער ערד אייער גאַנץ לעבן דורכקריכן, נישט קיין מעשיות וועט מען וועגן אייך דערציילן און נישט קיין לידער וועט מען וועגן אייך זינגען״...).

*

אין ווינקל ביי די פריילירכס זיצט אויף דער געוויקסיקער אַרכיטעקט חיים גאָטליב, מיטן אויסזען פון אַ פילם־אַקטיאָר. ער איז קיין ווענעזועלא געקומען פון קאָטשע־באַמבע, אין די טיפענישן פון באָליוויע, ווו ער האָט געבויט הייזער פאַר די פליכטלינגע פון דייטשלאַנד און א קאָלאָניע, פאַר וועלכער עס האָט געגעבן געלט דער לעגענדאַרער פלאַטין־קעניג האָכשילד.

אָבער חיים גאָטליב האַלט נאָר פון איין לעגענדע: דאָס איז פון

„בעל שם טוב״, וועלכער שטאַמט פון זעלבן קיטעוו, אין גאַליציע, ווי ער און ווי ד״ר ש. ביקל און ווי נאָך אַ פּאָר פּראָמינענטע יידן.

ער, גאָטליב אַליין, איז אַן אינזשיניער, און האַלט, ווייזט אויס, ווייניק פון שרייבן. דאָך האָט ער זיך נישט אָפּגעהאַלטן פון אַ שפּיל־טאָן זיך מיט פאַרשרייבן עפּעס אויף יידיש. אמת, דאָס איז געווען דאָס קירצסטע ליטע־ראַרישע ווערק, וואָס איך האָב אין מיין לעבן געזען, עס איז באַשטאַנען נאָר פון דריי בוכשטאַבן: ח. ג. ק. אָבער עס וועלן אַריבערגיין פיל יאָרן און די דאָזיקע דריי העברעישע אותיות וועלן נאָך אַלץ בלייבן און שיינען. שוין דאַן, ווען דאָס בוך, וואָס זיין ווייב שרייבט איצט, וועט אין שאָטן אוועקגיין.

די סיבה איז אַ פּשוטע: חיים גאָטליב בויט איצט הייזער אין לוק־סוס־קוואַרטאַל אין קאַראַקאַס, וווּ עס וווינען נאָר הויכע רעגירונגס־מענטשן, אָנגעזעענע גלחים און מאגנאַטן פון קאַפּיטאַל — אַלץ גוים, נישט יידן.

באַשיינט ער דעם פראָנט פון די דאָזיקע פּאַלאַצלעך מיט פאַרשידענע קונסט־מאָלערייען. אָט שטייט א ווילע מיט א פראָנט, וואָס אנטהאַלטן די היעראָגליפן פון די פּיראַמידן, און ביי דער זייט א הויז פון עפּעס א ווענע־זועלער מאַגנאַט, באַצירט מיט א געציקלטן ח. ג. ק.

קוקן קוקט דאָס אויס ווי מאָדערניסטישע פאַנטאַזיעס, ענלעכע אויף בוכשטאַבן פון אומבאַקאַנטע צייטן, אָבער אין דער אמתן מיינט דאָס פּשוט: חיים גאָטליב, קיטעוו...

קיין אָרגאַניזירטע קהילה איז אין קאַראַקאַס נישטאָ. די פּאָר יונגע־לייט — איינער אַ יונגער דאָקטאָר און איינער א זון פון אַן עלטערן יידי־שיסטישן קולטור־מענטש, זענען נאָך נאַיווו־גריזן און האָבן נישט דעם פּרעסטיזש און נישט די פעיקייטן צו אָרגאַניזירן און אָנפירן א קהילה.

קוקט די יונגע, אָבער שוין פאַריתומטע קהילת־ישראל אין קאַראַ־קאַס, אויף די פּרעכטיקע בערג אַרום און טוט תפילה מיטן אַלטן נוסח: „אשא עיני אל ההרים: מאין יבוא עזרי?״ (איך הייב אויף מיינע אויגן צו די בערג און פרעג: פונוואַנען וועט מיין הילף קומען?...).

# ביי מענטשן און חיות אין אַפריקע

איך בין אַרויסגעפלויגן פון כאַרטום (סודאַן), נאָך איידער די זון איז אויפגעגאַנגען. אונטן האָט זיך געצויגן אַ האָפענונגסלאָזער מדבר, מיט זאמדן און ליימענע דערפלעך, דורך וועלכע עס שלענגלט זיך דער בלויער נילוס־טייך. פּאַמעלעך ווערט דאָס אַלץ באַלויכטן מיט אַ שיינענדיקער מעשענער קויל — די אַפריקאַנער זון, — וואָס ברענט, אָבער בענטשט נישט מיט פרוכטבאַרקייט די היגע אָרעמע נאַטור.

אויפן דאָזיקן ריזיקן שטח לעבן די צוועלף מיליאָן איינוווינער פון אויפוואַכנדיקן סודאַן. עס וויל זיי פאַרצוקן דער שטאַרקערער שכן — נאַצערס אימפּעריאַליסטיש עגיפּטן.

בענטש איך זיי שטיל מיט דער ברכה פון אַ ייד, וואָס איז זייער שותף אינמיטן פון די טיטאַנישע קראַמפן, וואָס טרייסלען אויף מיטן נאַ־ציאָנאַליסטישן פיבער דעם דאָזיקן טייל וועלט — פון גיבראַלטאַר ביזן אינדישן אָקעאַן.

איך קאָן נישט שלאָפן און קוק אַרויס פון פענצטער אויף די פעל־דזן־שפּיצן פון די עטיאָפּישע (אַביסינישע) בערג. מיר פליען איצט איבער אַ שטיק פון האַילע סעלאַסיעס לאַנד, אין וועמענס געהיימנישפולע באַרג־קנייטשן עס טוליען זיך די דערפלעך, מיט די שוואַרצע יידן, — די פאַלאַשן — צווישן וועלכע איך האָב „אינוועסטירט" אַ ביסל ראָמאַנטישע בענק־שאַפטן, וואָס דאַטירן זיך פון די צייטן פון שלמה המלך און זיין געקרוינ־טער שוואַרצער „פּאַרטנערין" די מלכה שבא.

און איצט זענען מיר איבערן עקוואַדאָר, ווו די סעזאָנען בייטן זיך ווידער: טעאָרעטיש איז איצט אויף איין זייט פרילינג, און אויף דער אַנדערער זייט דערנענטערט זיך דער ווינטער. אין דער אמתן אָבער ברענט דער זומער אויף ביידע זייטן און די ענדערונג וועט זיך ערשט אַרויסווייזן מיט איבער צוויי טויזנט מייל ווייטער — אַרום יאָהאַנעסבורג, אין דרום־אַפריקע.

מערקווירדיק, טראַכט איך מיר, אין די לעצטע צוועלף חדשים פלי איך שוין דאָס דריטע מאָל איבער דער ליניע פון עקוואַדאָר: די ערשטע צוויי מאָל — נעבן בראַזיליע און עקוואַדאָר אין לאַטיין אַמעריקע, און איצט — אין מזרח־אַפריקע. האָב איך, הייסט עס, אין משך פון לעצטן יאָר געהאַט דריי זומערן און פיר ווינטערן... צי לעבט מען לענגער אָדער קירצער מיט אַזאַ שפע פון סעזאָנען? — מילא, דאָס וועט מען שוין אַרויסזען שפּעטער. נישט איך אַליין, פאַרשטייט זיך, וועל דאָס טעכניש קאָנען זען און אויסרעכענען.

אונטן וואַקסט פּלוצלינג אויס דער העכסטער באַרג אין אַפריקע, קילימאַנדזשאַראָ, מיט זיינע שנייען אינמיטן די טראָפּיקעס; מיט זיינע פּרימיטיווע מענטשן־שבטים אַרום, וועלכע כאַפּן זיך אויף צו אַ ניי לעבן, וואָס מיינט אָבער טויט און פאַרניכטונג פאַר די ווייסע...

אין אַ פערטל שעה שפּעטער לאַנדן מיר אין דעם נייעם לוקסוס־ עראָדראָם פון נייראָבי — די הויפּטשטאָט פון דער (דערווייל) ענגלישער קאָלאָניע קעניאַ.

אייגנטלעך, האָב איך דאָ גאָרנישט צופיל צו טאָן, נאָר איך מוז וואַרטן אייניקע שעה, ביז אַ צווייטער עראָפּלאַן וועט מיך שוין דערפירן דירעקט קיין יאָהאַנעסבורג; אָבער פונדעסטוועגן ווילט זיך מיר אַראָפּכאַפּן זיך אין שטאָט אַריין און אַ קוק טאָן אויף די ענדערונגען, וועלכע זענען דאָ פאָרגעקומען אין משך פון די לעצטע יאָרן, זינט איך בין דאָ געווען.

מיינע לייענער געדענקען געוויס די באַשרייבונגען פון נייראָבי, ווען די מערדערישע „מאַו־מאַו״־אויפשטענדלער האָבן געהאַלטן אונטערן טעראָר סיי די ווייסע פאַרמערס אין פּרוכטבאַרן קעניאַ, סיי די איינוווינער פון די שטעט. איך האָב דעמאָלט באַשריבן, ווי דאָס ביסל יידן דאָ, — אַ פּאָר הונדערט נפשות אין צאָל — זענען אויך אין שרעק, און ווי מען איז פרייטיק־צונאַכטס געקומען אין שול דאַווענען — ווער מיט רעוואָלווערן און ווער מיט ביקסן אפילו.

כאַפּ איך זיך אַראָפּ מיט אַן אויטאָ צום מעבל־געשעפט פון ש. זאַמען, אַ רייך־געוואָרענער פּוילישער ייד, וועלכער איז דאָ געקומען פון לאָנדאָן. ש. זאַמען איז דער ערן־קאָנסול פון ישראל, אָבער נישט קוקנדיק אויף זיין פּויליש־ישראלדיקער שותפות, האָט ער ליב צו שפּילן דעם שטייפן ענגלישן קאָלאָניסט, מיטן קאַרגן שמייכל און טרוקענעם „העלאָו״...

ער „פֿאַרקילט" מיך דאָס מאָל מיט געמאַכטער ענגלישער „לאָר־דישקייט". פֿונדעסטוועגן בעט ער מיך זיצן; איילט זיך מיטצוטיילן, אַז ער איז זייער באַשעפֿטיקט, ווייל ער בויט זיין צווייטע מעבל־פֿאַבריק אין מאָמבאַסאַ. טרינקט ער זיין גלאָז קאַווע און לייגט מיר נישט פֿאָר אויך צו געניסן פֿון אַ טרונק... היות איך קען שוין דעם דאָזיקן „באַראַנאָווי־טשער לאָרד" פֿון פֿריער, ווער איך נישט איבעררעאַשט. אָבער אָן אַ „לעק־ציע" וויל איך דאָך נישט אַוועקגיין: שוין צו־אָפֿט צעבונטעוועט זיך אין מיר דער חשק אָנצולערנען אַן אויפֿגעקומענעם גביר, בפֿרט נאָך, ווען אַנדערע האָבן דאָס מורא צו טאָן... זאָג איך אים:

„הער זאָמען! אייגנטלעך בין איך אין אייער מדינה אַריינגעפֿאַלן נאָר אויף אַ פּאָר שעה, צווישן־עראָפּלאַנען. נעכטן נאָך, אין סודאַן, האָט מיך יעדער אַראַבער, אָנהייבנדיק פֿון פּרעמיער־מיניסטער, מכבד געווען מיט אַ טעפּעלע קאַווע (ה' זאָמען גיט זיך אַ כאַפּ און וויל רופֿן דעם דינער, ער זאָל מיר אויך געבן קאַווע, איך לאָז אים דאָס אָבער נישט טאָן), און איר, זע איך, זענט געבליבן דער זעלבער... איז וויל איך אייך זאָגן, אַז די איינציקע זאַך, וואָס איך וויל אייך פֿרעגן איז, צי אייער פּאַפּוגיי, וועלכע איר האָט אימפּאָרטירט פֿון ישראל, און זי האָט מיך מיט איינקע יאָר צוריק געפֿרעגט, מיט איר גרילנצנדיקן שנאָבל, צי איך רעד „עברית", צי דער דאָזיקער פּאַפּוגיי איז נאָך אַלץ די איינציקע אין ישראל־קאָנסולאַט, וואָס קען זיך פֿאַרשטענדיקן אויף העברעיש?..."

ש. זאָמען פֿאַרלירט זיין שטייפֿקייט, פּרובירט ביידע זאַכן מיט־אַמאָל: אי זיך באַליידיקן, אי מיך איבערבעטן...

איך האָב אָבער פֿאַרלוירן דעם חשק זיך צו טרעפֿן מיט די פּאָר אַנדערע יידן, וואָס איך געדענק אין נייראָבי (איך ווייס שוין פֿון פֿריער אַז אויך מאַרדיקס, דער אַמאָליקער שניידער פֿון קאַרמעליצקע־גאַס אין וואַרשע, איז דאָ רייך געוואָרן און פּרובירט אימיטירן זיין „לאָרדישן" שכן — ביידע קראָמען זענען בשכנות).

די סקאַנדינאַווישע ליניע, מיט וועלכער איך מאַך דעם פֿלי, שטעלט צו מיין דיספּאָזיציע אַן אויטאָמאָביל, און איך בעט דעם שאָפֿער מיך פֿירן צום דזשונגל, צום אָרט פֿון די חיות, וועלכער געפֿינט זיך אַ פּאָר מייל וויט פֿון דער שטאָט, און ווו ווילדע חיות לעבן פֿריי און אין די זעלבע באַדינגונגען ווי נאָך איידער דער ווייסער מענטש איז געקומען און האָט

אויפגעבויט אַ שטאָט, מיט מאָדערנע געביידעס און געפּלאַסטערטע גאַסן.

דער פאָרשטייער פון דער לופט־ליניע, וועלכער פאָרט מיט מיר אין דזשונגל אַריין, פאַרבעט אין אויטאָ אַריין נאָך אַ פּאַסאַזשיר, וואָס איז נאָר־וואָס געקומען פון אַ רייזע איבער אַפריקע — אַ קליינינקן, צעקניי־טשטן יאַפּאַנער, מיט אַ געלבלעך פּנים און מאַניאַקיש־בלישטשנדיקע אויגן. ער שטעלט אים פאָר פאַר מיר אַלס פּראָפעסאָר קיני אימאַמישי, וועמענס באַשעפטיקונג איז — שטודירן די שפּראַך פון מאַלפּעס.

איך בין צופרידן צו האָבן פאַר אַ שכן דעם דאָזיקן מאָדנעם „שפּראַכן־קענער". אויב דער ישראל־קאָנסול דאָ האָט א פּאַפּוגיי, וואָס רעדט עברית, פאַרוואָס זאָל איך נישט פאַרזעצן מיין באַקאַנטשאַפט אויך מיט שפּראַכן, וואָס, להבדיל, מאַלפּעס רעדן ?...

פאָרנדיק איבער די גאַסן פון נייראָבי, זע איך, ווי די שטאָט איז זיך צעוואַקסן — נישט צו דערקענען! נייע מאָדערנע געביידעס, גרויסע געשעפטן, אין וועלכע עס זיצן באַבערדלטע הינדוסן (זיי זענען דאָ דער האַנדל־קלאַס — ווי יידן אין אַמאָליקן פּוילן). דריק איך אויס מיין באַ־וווּנדערונג פאַר דעם פּראָגרעס און דער רויקייט, וואָס זענען דאָ אָנגעקו־מען נאָך די בלוטיקע יאָרן פון די „מאַו־מאַו"־מערדערייען. שאָקלט אָבער טרויעריק מיטן קאָפּ דער באַאַמטער פון דער לופט־ליניע, אַ יונגער ענג־לענדער: „איר זענט צופיל אָפּטימיסטיש. דער פּראָגרעס איז נאָר אַן אויסערלעכער. פאַקטיש איז די לאַגע אין קעניאַ (און אין אוגאַנדאַ) איצט פיל ערגער, ווי געווען. די פינף מיליאָן שוואַרצע זענען דאָ נאַציאָנאַל און פּאָליטיש אָרגאַניזירט געוואָרן בעסער ווי שטענדיק. אונדזער קאָלאָניע גייט אויפן וועג צו פולער זעלבשטענדיקייט נאָך שנעלער, ווי די רעפּוב־ליק גאַנאַ... מיר זענען נאָר פערציק טויזנט ווייסע אינעם דאָזיקן ים פון די מיליאָנען איינגעבוירענע; און אויך די צוויי הונדערט טויזנט אַזיאַטן, — מערסטנס הינדוסן, — זענען קעגן אונדז. די שבטים: קיקואי, עמבו און מערו, פון וועלכע די „מאַו־מאַוס" זענען אַרויס, האָבן ווידער אָנגעהויבן פּראַקטיצירן די געהיימע שבועה, אַרויסצויאָגן בעסטיאַליש די ווייסע, און אין די שפּאַלטן פון די בערג און אין די דזשונגלס ווערט פאָר־געזעצט די בלוטיקע צוגרייטונגס־אַרבעט, וועלכע איז אַזוי ענערגיש אָפּ־געשטעלט געוואָרן מיט אַ פּאָר יאָר צוריק דורכן העלדישן פּאָליציי־קאָמענדאַנט יאַן הענדערסאָן.

דער אמתער פירער פון דער קאָלאָניע איז דער יונגער שוואַרצער דעפּוטאַט טאָם מבאָיאַ, וועלכער איז נאָר־וואָס צוריקגעקומען פון גאַנאַ מיט דער לאָזונג: „שטים־רעכט פאַר אַלע איינגעבוירענע!" און דאָס הייסט, אַ רעגירונג פון זייער מערהייט; און דאָס הייסט, אַ סוף צו דער הערשאַפט פון די ווייסע! ווונדערט זיך נישט דעריבער, וואָס די ענגלישע פאַרמערס אין די פּאַרוואָרפענע געגנטן ליקווידירן שנעל זייער פאַרמעגן און אַנט־לויפן פון דאַנען..."

איך גיב אַ טראַכט: וואָס וואָלטן איצט געטאָן יידן, וועלכע מ׳וואָלט דאָ באַזעצט, ווען עס גיט זיך איין דער פּלאַן פון דער אוגאַנדאַ־טעאָריע מיט פופציק יאָר צוריק? וויפל בייז בלוט האָט אוגאַנדא אין יענער צייט געשאַפן צווישן ד"ר הערצל און די „ציוני־ציון"? ווי וואָלט איצט אויס־געזען דער דאָזיקער צייטווייליקער „נאַכט־אַזיל", ווי מען האָט באַצייכנט דעם אוגאַנדאַ־פּראָיעקט; איצט, ווען די שוואַרצע נעמען איבער?...

דער יאַפּאַנישער פּראָפעסאָר אין אויטאָ אינטערעסירט זיך זייער ווייניק מיט דעם שמועס פון די צוויי ווייסע שכנים. זיינע אומהיימלעכע, שיינענדיקע אויגן צינדן זיך אָן נאָך מער, ווען די ערשטע מאַלפּעס באַ־ווייזן זיך אין דזשונגל. ער כאַפּט אַרויס דעם קליינעם „טאַיפּ־רעקאָרדער", וואָס ער פירט שטענדיק מיט זיך, און וויל אַרויסשפּרינגען פון אויטאָ, כדי צו פאַרפיקסירן די אויסגעשרייען, די „שפּראַך" פון די מאַלפּעס. אָבער אונדזער ענגלישער פירער האַלט־אָפּ דעם פּראָפעסאָר מיט אַן ענערגישער האַנט־באַוועגונג פון עפענען די טיר פון אויטאָמאָביל, וועלכער איז שטיין געבליבן.

— ניין! — זאָגט ער, פון אויטאָ טאָר מען נישט אַרויסגיין, ווייל אויסער מאַלפּעס, דרייען זיך דאָ אויך אַרום אויף דער פריי ווילדע חיות, ווי: לייבן, לעמפּערטן, היענעס. זיי וועלן זייערע שטימען נישט לאָזן „רעקאָרדירן", און עס קאָן זיך אויך טרעפן, אַז זיי וועלן אייך צעבייסן, מיט אייער מאַשין צוזאַמען. מיר קאָנען אַלץ אָנקוקן דורך די פאַרמאַכטע פענצטער פון אויטאָ, אָבער אַרויסגיין אין דזשונגל טאָר מען נישט.

פּראָפ. אימאַמישי איז אַנטוישט. ער הייבט זיך אָן באַקלאָגן, אַז ער האָט איבערהויפּט קיין מזל נישט געהאַט מיט דערקענען די שפּראַך פון די מאַלפּעס בעת זיין רייזע איבער אַפריקע. „אין יאַפּאַן", דערציילט ער, „לעבן אויף דער פריי נאָר אַ פּאָר הונדערט מאַלפּעס. זיי זענען דאָרט

אַן אויסשטאַרבנדיקע ראַסע. איך האָב פאַרבראַכט צוואַנציק יאָר, שטודי־רנדיק זיי. איך קען יעדער מאַלפּעס צורה און, דוכט זיך, זיי אַלע קענען אויך מיין פּנים. איך האָב זיך אויסגעלערנט די דרייסיק קלאַנגען־ווערטער, וואָס אַ יאַפּאַנישע מאַלפּע שרייט־אויס, און כ׳קאָן זיך מיט זיי דורכ־שמועסן, מיט די ראַסן־גענאָסן״.

איצט איז ער געקומען קיין אַפריקע, ווו די מאַלפּעס לעבן אין זייער „פאָטערלאַנד״. אָבער קיין סך מזל האָט ער דאָ נישט געהאַט. צו די גאָרילעס אין קאָנגאָ האָט ער גאָרנישט געקאָנט צוקומען. דאָס איז אַן „עקסקלוזיווע״ געזעלשאַפט, און ער איז קוים מיטן לעבן אַנטרונען גע־וואָרן, ווען ער האָט אָנגעשטעלט זיין „רעקאָרד־מאַשין״ נעבן אַ גאָרילאַ־פּאָרל...

שפּעטער האָט ער געלעבט אין „מאַלפּע־וועלדל״, נעבן קאַמפּאַלאַ (אוגאַנדע), ווו ס׳עקזיסטירט אַ גאַנץ מאַלפּע־„קעניגרייך״. דאָרט האָט זיך אים שוין יאָ איינגעגעבן צו רעקאָרדירן די מאַלפּעס־אויסגעשרייען.

— איז וואָס האָבן זיי געזאָגט? — פרעג איך גאָר שטאַרק פאַר־אינטערעסירט.

דער פּראָפעסאָר לאָזט אַראָפּ די בלישטשענדיקע אויגן און מורמלט אַרויס אין זיין יאַפּאַניש־ענגליש:

— נאָט נאָו! טהיי נאָט ספּיק דזשאַפּאַניז מאָנקי לענגוויטש... (איך וויס נישט! זיי רעדן נישט דאָ די יאַפּאַנישע מאַלפּע־שפּראַך).

ערשט איצט האָב איך פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון באַקלאָגן זיך אויפן „מאָנקי־ביזנעס״! אָט איז דער פּראָפעסאָר אימאַמישי אין סאַמע צענטער פון אזא שלעכט געשעפט...

דערפאַר אָבער קאָנען מיר זיך נישט באַקלאָגן, אַז דער דזשונגל האָט אונדז שלעכט אויפגענומען. ס׳לויפן נאָך אונדזער אויטאָ צוויי גע־פלעקטע, גרויע היענעס, וואָס זעען אויס ווי הונגעריקע טיגערס, אָבער ווייניקער געפערלעך.

זשיראַפעס מיט לאַנגע העלדזער קוקן פילאָזאָפיש איבער די שפּיצן פוןביימער, ווען בלעטער זיי עסן פויל און אָן אַפּעטיט.

שטרויס־פייגל מיט קאָקעטישע טריט פון באַלערינעס, דרייען מיט זייערע צעפלאָשעטע פעדער־ווידלען און ווייזן כמעט מענטשלעכע נאַקע־טע פיס. טויזנטער געל־פּעליקע ספּרינג־בעק לויפן איבער די בערגלעך

אַרום דעם דזשונגל, איבערלאָזנדיק דעם מיטן פּאַר די ווילדע חיות, וועל־כע וועלן זעקס אַזייגער פאַרנאַכט, — אין דער צייט פון דער „מיטאָג־שטונדע", — קנאַקן זייער צאַרטע ביינער מיט די ווילדע ציין.

נאַריש־אָקסיש אָבער דאָך זיכער אין זייער קראַפט, שפּאַצירן די ריזיקע בופל־אָקסן, אַרומגערינגלט מיט זייער שטענדיקער סוויטע — די שוואַרץ־ווייס צעפּאַסעוועטע זעברעס.

און אָט הינטער די שיטערע צווייגן פון אַ נידעריקן בוים ליגן לייבן — אַן „ער" און אַ „זי". זיי הייבן פּאַמעלעך אויף די קעפּ, ווען אונ־דזער אויטאָ דערנענטערט זיך, און לאָזן זיי באַלד אַראָפּ מיט אַ קעניגלעכן זשעסט פון פאַראַכטונג, ווי זיי וואָלטן געזאָגט: „זי איז ווידער דאָ, די חיה מיט די קיילעכדיקע פיס (אַזוי מסתמא זעט אויס ביי דער דזשונגל־באַ־פעלקערונג אַן אויטאָמאָביל); נישטאָ אויף וועמען צו קוקן..."

מיר פאָרן דערווייל אַרויס פון דער צווייטער זייט פון דער חיות־מלוכה, צו דער ריכטונג פון עראָדראָם. איך בין צופרידן, וואָס איך האָב זיך דערפרישט אין נייראָבי מיטן אָנקוקן די חיות — פון די מענטשן האָב איך קיין גרויס נחת נישט געהאַט.

דער גרויסער עראָפּלאַן טראָגט מיך ווייטער, צום טיפן אַפריקאַנער דרום.

## אַ געטאָ־שטאָט פאַר נעגערס אין אַפריקע

איך בין גראָד דעם טאָג פון די לעצטע וואַלן צום דרום־אַפריקאַנער פאַרלאַמענט (14־טער אַפּריל, 1958), געווען אין יאָהאַנעסבורג, אין דער גרעסטער שטאָט פון דאָזיקן לאַנד.

עס איז געווען הייס און זוניק, כאָטש לויטן קאַלענדאַר זענען מיר אַריין אין ווינטער.

איבער אַ מיליאָן מענטשן ציילט יאָהאַנעסבורג, אָבער צו די וואַלן זענען באַרעכטיקט נאָר אַ דריטל, — די עליטע, — די ווייסע.

און דאָס זעלביקע אין גאנצן לאַנד, ווו עס וווינען מער ווי פערצן מיליאָן מענטשן, אָבער נאָר דריי מיליאָן ווייסע האָבן דאָס רעכט צו דע־צידירן וועגן גורל פון לאַנד; די באַנטו־שוואַרצע (9,5 מיליאָן), די קאָ־לירטע (פון געמישטן אָפּשטאַם — 1,3 מיליאָן) און די אַזיאַטן (הינדוסן — אַ האַלבער מיליאָן) — האָבן נישט קיין שטים־רעכט.

קומט דער וואַל־קאַמף פּאָר נאָר צווישן די ווייסע, וועלכע זענען שאַרף צעטיילט אויף צוויי פּאָליטישע פּאַרטייען: די „נאַציאָנאַליסטן" („אַפּאַרטהייד"־אָנהענגער פון אַמאַליקער האָלענדישער אָפּשטאַמונג — די בורן — די אַפריקאַן־רעדנדיקע) און די „פּאַראייניקטע פּאַרטיי" (אָנהענ־גער פון אַ מער ליבעראַלער פּאָליטיק בנוגע די שוואַרצע, מערסטנטיילס פון ענגלישער אָפּשטאַמונג, רעדן ענגליש). די „לייבאָר־פּאַרטיי" אָדער נאָך קלענערע גרופּירונגען, באַקומען אַ נישטיקע צאָל שטימען און זענען נישט קיין וויכטיקער פּאָליטישער פאַקטאָר אין לאַנד.

בעת די לעצטע צוויי וואַל־קאַמפּאַניעס האָבן געזיגט די נאַציאָ־נאַליסטן, כאָטש אַ מערהייט שטימען האָבן באַקומען די „פּאַראייניקטע". אָבער די וואַל־אָרדינאַציע איז אַזוי צוגעשניטן געוואָרן לויט ראַיאָנען, אַז אַ מערהייט דעפּוטאַטן באַקומט אַ פּאַרטיי, וועלכע איז פאַקטיש אַ מינ־דערהייט.

ווי די לייענער ווייסן שוין מסתמא, האָבן אויך בעת די איצטיקע וואַלן געזיגט די נאַציאָנאַליסטן (זיי האָבן דאָס מאָל ווידער באַקומען עפּעס ווייניקער ווי אַ מערהייט שטימען) און אין פּאַרלאַמענט האָבן זיי אַריינגע־פירט צוויי דריטל דעפּוטאַטן... דאָס הייסט, אַז די פּאָליטיק פון ראַסן־אָפּ־געזונדערטקייט „אַפּאַרטהייד" וועט אין די נאָענטסטע פינף יאָר נאָך מער פאַרשטאַרקט ווערן.

איך האָב צוגעזען, ווי די ווייסע גייען צו די וואַלן צעקריגטע, צע־היצטע, נאָך וואַל־פאַרזאַמלונגען, וועלכע זענען נישט איינמאָל פאַרענדיקט געוואָרן מיט געשלעגערייען...

נו, און די שוואַרצע, די קאָלירטע, די עלף מיליאָן אויך־מענטשן אין זייער אייגן לאַנד? זיי זענען צו די וואַל־אורנעס נישט צוגעלאָזט גע־וואָרן, לויטן געזעץ. און אויסער דעם האָבן זיי איצט געליטן נאָך אַ מפּלה: אַ גענעראַל־שטרייק, וועלכן זייערע פירער האָבן דערקלערט אין טאָג פון די וואַלן, און וועלכער האָט זיך געזאָלט אויסדריקן אין נישט קומען פון

זייערע „געטאָס" אין די שטעט אַריין, ווו זיי אַרבעטן — איז דורכגעפאַלן. בלויז אַ קליינע צאָל איז געבליבן הינטער די שטעכיקע דראָטן פון זייערע ישובים, — די גרעסטע מערהייט אָבער איז געבליבן פּאַסיוו צום שטרייק־רוף און געקומען אויף זייערע אַרבעטס־פּלעצער. נאָך נישט צייטיק, הייסט עס, קיין רעוואָלוציאָנערער פּראָטעסט צווישן די מיליאָנען שוואַרצע, וועלכע האָבן אָנגעטאָן די ערשטע „הויזן" אין אונדזער דור, און וועמענס זיידעס האָבן פאַרשפּילט דעם בלוטיקן „דועל" צווישן פּולווער און זייערע הילצערנע פיילן...

עס איז איבעריק אונטערצושטרייכן, אַז פאַר אַ רייזנדיקן ווי איך, וואָס האָט נישט איינמאָל דורכגעקרייצט אַפריקע אין דער לענג און אין דער ברייט; געזען ווי פון „ווילדן" גאָלד־קאָסט איז געוואָרן אַ רעפּובליק גאַנאַ; ווי די נישט לאַנג נאָך כלומרשט „נישט־רייפע" דרייסיק מיליאָן ניגעריער זענען שוין איצט ערב אַ זעלבשטענדיקער אייגענער רעפּובליק; ווי דער נעגער אין קעניאַ קריגט ביסלעכווייז די מערהייט אין דער לאַנד־לעגיסלאַטור; ווי סודאַן האָט אין משך פון צוויי יאָר זיך פאַרוואַנדלט פון אַ קאָלאָניע אין אַן אַמביציעזער מלוכה, — אַז איך בין שוין אימשטאַנד צו לייענען די „אויפשריפט אויף דער וואַנט" אויך דאָ, אין דרום־אַפריקע.

הלוואי, הלוואי זאָל די נאָענטע צוקונפט נישט רייך זיין מיט בלוטיקע אויפטרייסלונגען, וועלכע דער ווייסער מענטש גרייט אָן פאַר זיך מיט זיינע אייגענע הענט!

די פראַגע איז דאָך נאָר: ווען?

די שטרעבונג צו פרייהייט האָט זיך שוין אויסגעפּיקט, ווי הינדעלעך פון די אייער, אין גאַנץ אַפריקע. ווער איז דען אימשטאַנד צוריק אַריינצואָגן אַזאַ הינדעלע אין דעם געפּלאַצטן שאָלעכץ פונעם איי?...

*

אויף דער גאַס ווו איך וווין באַוועגן זיך צוויי טראַמווייען: אַ רויטער — פאַר די ווייסע, און אַ גרויער — פאַר די שוואַרצע. דער לעצטער פירט אַוועק, ווען די אַרבעט ענדיקט זיך אין שטאָט, די זיבן הונדערט טויזנט „שוואַרצע" צוריק אין זייערע געטאָס — אין זייערע אָפּגעצוימטע ריזיקע שטעט, וואָס געפינען זיך מיילן־ווייט אויסער יאָהאַנעסבורג. נאָר אַ גאַנץ קליינע צאָל שוואַרצע, באַזאָרגט מיט ספּעציעלע שריפטלעכע

דערלויבענישן, האָט אַ רעכט צו בלייבן איבער נאַכט אין די גרענעצן פון דער „ווייסער״ שטאָט. דאָס זענען די, וואָס דינען אין די הייזער פון די ווייסע, וואָס היטן די געשעפטן, אָדער אַנדערע ענלעכע אַרבעטן.

זע איך, ווי עס קומען פאַר געשלעגן ביים אַריינגאַנג אין „שוואַרצן״ טראַמוויי; ווי יעדער שלאָגט זיך פאַר אַ פלאַץ, כדי פריער צו קומען צו זיין פאַמיליע אין די מיט דראָט־אָפּגעצוימטע „געטאָ־שטעט״.

קיין שום „ווייסער״ — בפרט נאָך אַ זשורנאַליסט, — טאָר נישט אַריינגיין אין אַ שוואַרצנס „טאַונשיפּ״ אָן אַ שריפטלעכער דערלויבעניש פון דער רעגירונגס פּרעסע־אָפּטיילונג. אָבער דאַן וואָלט מען מיך געפירט אין אַ ספּעציעל אויסגעקליבענער געגנט. עס וואָלט מיך באַגלייט אַ פלינ־קער פּראָפּאַגאַנדיסט, וועלכער וואָלט שוין געוועגדט מיין אויפמערק־זאַמקייט נאָר אויף געוויסע אָביעקטן. אָבער דאָס וויל איך דאָך נישט. פאָר איך אין דער באַגלייטונג פון אַ גוט־אינפאָרמירטער פּערזאָן, דירעקט אין איינער פון די שטעט, — אָן אַ דערלויבעניש, — כאָטש מען איז מיך מתרה, אַז נישט נאָר די מאַכט קאָן מאַכן שטערונגען, נאָר אפילו די שוואַר־צע איינוווינער אַליין האָבן אויך נישט ליב אַזעלכע באַזוכן, און נישט איינמאָל באַגעגנט מען אַ ווייסן גאַסט מיט שטיינער אין די פענצטער פון אויטאָמאָביל און אַפילו מיט אַ מעסער אין די גומענע רעדער פון אויטאָ. נו, האָב איך זיך נישט דערשראָקן פאַר די וואָרענונגען און דערפאָרן די פאָר מייל פון יאָהאַנעסבורג צו דער נעגערישער שטאָט „אַלעקסאַנדראַ טאַונשיפּ״, ווו עס וווינען אַרום הונדערט טויזנט שוואַרצע.

מיר פאָרן מיטן אויטאָ אין הויף פון „סאָציאַלן (וועלפעיר) צענטער״, וועלכער טראָגט דעם מוזיקאַלישן נאָמען „ענטאָ־קאָזוועני״, וואָס באַדייט אין דער זולו־שפּראַך: „פּלאַץ פון פרייד״.

עס איז נישט אַזוי לייכט פאַר מיר צו דערזען די גרויסע פרייד, וואָס מען קאָן געפינען אינעם דאָזיקן פאַרלאָזענעם, מיט שמוץ פאַרשאָ־טענעם, געררימען הויף, מיט די פאָר ליימענע, צעטרייסלטע געביידעס, נעבן וועלכע עס וואַרטן קראַנקע, אין שמאַטעס געקליידעטע, שוואַרצע, נעבן וועלכע עס שפּרינגען הונדערטער באָרוועסע נעגערלעך און עס פּאַ־שען זיך אַ באָק מיט ציגן.

צווישן די הייזער אונטערן אָפענעם הימל, ווערן אויך געפירט די לימודים פון לעזן און שרייבן. די קינדער קוקן לכתחילה קרום אויף די

פֿאַר ווייסע, נישט געבעטענע געסט. אָבער מיר שמייכלען צו זיי, באַגריסן מיט אַ האַנט־באַוועגונג, און גלייך בליצן־אויף די קאַרשן־אויגן פֿון די קינדער און אַ פֿריידיקער שמייכל, וואָס אַנטפּלעקט זייערע ווייסע ציין, באַווייזט זיך אויף די שוואַרצע קינדער־פּנימלעך.

איצט הייבט מיך אָן פֿירן איבערן „צענטער" די סימפּאַטישע יידי־שע פֿרוי פּאַני פּאַנאַראָף, — אַ לערערין פֿון באַרוף — וועלכע ווידמעט פֿרייוויליק איר צייט — דריי מאָל אַ וואָך — דעם „וועלפֿעיר־צענטער". זי נעמט מיך אַריין אין קליניק, ווו אַ שוואַרצע קראַנקנשוועסטער שטעלט פּאָקן, מאַכט איינשפּריצונגען קעגן דיפֿטעריט און טיפֿוס. איין מאָל אַ וואָך קומט אויך אַ דאָקטאָר.

אין אַ צווייט צימער פֿירט־אָן, פֿרייוויליק, מרס. הערמאַן, — אויך אַ יידישע פֿרוי, — מיטן לערנען נייען, שטריקן, קאָכן און אַנדערע הויז־מלאכות אַ פּאָר צענדליק נעגערישע מאַמעס, פֿאַר וועלכע מען זאַמלט צונויף אָן געלט, איבער מערסטנטיילס יידישע געשעפֿטן, די נייטיקע רוי־מאַטער־יאַלן פֿאַר דער דאָזיקער אַרבעט.

מען גיט מיר איבער, אַז די פֿאַרבן, מיט וועלכע די אַלע געביידעס אַרום די וועגט זענען אויסגעמאָלן געוואָרן, זענען אַ נדבה פֿון מרס. גלאַ־זער, די פֿרוי פֿון יידישן קולטור־טוער יונה גלאַזער; און אַז די אַרבעטער פֿאַר דעם צוועק האָט צוגעשטעלט, אָן געלט, פֿריינד מ. טאַבאַטשניק, אַ באַקאַנטער יידישער כלל־טוער אין יאָהאַנעסבורג.

דורך דעם באַקום איך אַ באַגריף וועגן געפֿיל פֿון פֿאַראַנטוואָרט־לעכקייט, וואָס ווערט צייטיק דורך מעשים, אין געוויסע יידישע קרייזן פֿאַר זייערע עלנטע מיטבירגער.

דאָס איז עכט־יידיש און עס פֿרייט מיך...

נאָכדעם גייען מיר אַריין דורכן דראָטענעם טרויער, אין צענטער פֿון שטאָט. די גאַסן זענען ברייט און לאַנג, בישט ברוקירט, פֿול מיט לעכער, איבער וועלכע עס איז שווער צו פֿאָרן מיט אַן אויטאָ. לאָזן מיר טאַקע איבער דעם אויטאָ אין דרויסן, סיי צוליב די לעכער און סיי גלאַט צוליב אַן „עין־הרע". אַ שטויב טראָגט זיך איבער די גאַסן. ווען עס איז אַ רעגן, טרינקט מען זיך דאָ אין בלאָטע.

וואָס פֿאַר אַ קאָנטראַסט צו דער קאָכעדיקער, מאָדערנער מעטראָ־

פּאָליע יאָהאַנעסבורג — אַ פּאָר מייל פון דאַנען — וואָס אָטעמט, לעבט און פּיבערט מיטן טעמפּאָ פון אַ כמעט אַמעריקאַנער שטאָט!

איך ווייס נישט פאַרוואָס אָט־די דאָזיקע נעגער־שטאָט דערמאָנט מיך אַן אוקראַיניש פּויליש־יידיש שטעטל פון אַמאָל? אפשר צוליבן פאַר־בענקטן „קהלישן באָק״, וואָס שטייט אינמיטן גאָס און קוקט זיך צו, ווי דער שוואַרצער, באַבערדלטער שטאָט־משוגענער דרייט זיך אין „קאָזיאָל־קעס״, צווישן אַ מיסט־באַרג? אפשר אויך צוליב די אָרעמע, הילצערנע הייזלעך, ווו יעדע טיר עפנט זיך אין אַ חושכדיק צימער אַריין, פול מיט קינדער און שמוץ; יעדעס צימער — אַ דירה פאַר פינף אָדער זעקס באָר־וועסע, אָפּטמאָל נאַקעטע נפשות, אַרום וועלכע עס פּאָרעט זיך אַ צעפּלאָ־סענע, שרייענדיקע מאַמע, אין אַ געבלימטן פאַרטעך?

אָט איז אַ „בשמים־קרעמל״ מיט סחורה פאַר אַ גראָשן, מיט אַ כי־נעזער, וואָס איז דאָ דער באַלעבאָס און גיט אויף „באָרג״ די מעסטלעך מעל און קריגעלעך בוימל.

געוווג איראָניש רופט זיך די צענטראַלע גאַס: „פיפט עוועניו״... פאַראַן אַזעלכע צוועלף „עוועניוס״ און אומצייליקע געסלעך אין דער דאָזיקער פאַרצוימטער, שמוציקער שטאָט פון הונדערט טויזנט שוואַרץ־הויטיקע נפשות. פאַראַן דאָ אָרעמע באַלמעלאָכעס: אָט איז אַ סטאָליער, וואָס קלאַפּט צונויף אַ פּרימיטיוו בעט; און אָט איז אַ שוסטער, אַ לוקסוס בעל־מלאכה אין דאָזיקן אָרט פון באָרוועסע פיס. אַ שטאָלצער האָן, אַרומגערינגלט מיט אַ האַרעם פון היגער, צעקרייט זיך אינמיטן דער „פיפט עוועניו״, און עס ענטפערט אים מיט אַ „מע־ע־ע״ דער אומעטי־קער, באַבערדלטער, קהלישער באָק.

די הייזער פון ליים, פון בלעכענע ציין־פּושקעס, זענען צונויפגעע־דריקט באַרג־אַראָפּ, — דאָרט, ווו די שטעכיקע דראָטן פאַרשליסן די „שטאָט״און עס זעט זיך דער ברייטער, גלאַנציקער אַספאַלט־וועג, איבער וועלכן עס לויפן, אָן אויפהער, דעם ווייסן מענטשס אויטאָמאָבילן, פון יאָ־האַנעסבורג צו פּרעטאָריאַ — און צוריק.

מען אינפאָרמירט מיך, אַז איצט זענען שוין פאַראַן אַרום יאָהאַנעס־בורג שטעט פאַר די איינגעבוירענע, מיט אַ פיל מאָדערנערן אויסזען, ווי די „אַלעקסאַנדראַ טאַונשיפ״, ווו איך געפין זיך איצט. די שטאָט אָרלאַנדאָ,

למשל, מיט אַ האַלבן מיליאָן איינוווינער, וועל איך, לשם אָביעקטיוויקייט, זיך באַמיען זי באַזוכן און באַשרייבן.

מען ווייזט מיר אין יאָהאַנעסבורג גופא, די אַזוי־גערופענע „דירות אין די הימלען" („לאָקעישאָנס אין דהי סקאַיס"), וואָס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אויף די דעכער פון גרויסע געביידעס און אין וועלכע עס זענען דערלויבט צו לעבן די שטוב־דינערס, וואָס מוזן בלייבן נעכטיקן אין שטאָט. אָבער יעדע געביידע אַזאַ האָט אַ „לאַיסענס" פאַר נישט מער ווי פינף משרתים אויף אַ דאַך. די רעגירונג האָט אויך איצט געבויט „אכסני־יות" פאַר די איינגעבוירענע, וואָס מוזן בלייבן נעכטיקן אין שטאָט (אַרבע־טער אין האָטעלן, קלובן, ביוראָען), וועלכע קאָנען נישט אַוועקגעבן אַרום דריי שעה אַ טאָג אויף פאָרן הין־און־צוריק צו די ווייטע „רעזערוון". אָבער די דאָזיקע „אכסניות" און „דירות אין די הימלען" זענען זייער פרימיטיוו, טויגן נאָר פאַר איינצלנע פערזאָנען, אָן משפחות, און זענען לחלוטין נישט גוט פאַרן לערער, סטודענט און באַאַמטן, וואָס געהערן צום געבילדעטן נעגערישן קלאַס.

איצט בויט מען אַ ריזיקע „אכסניה" פאַר אַכט הונדערט שוואַרצע מילך־אַרבעטער — וועלכע מוזן דאָך זיין גאַנץ פרי אין שטאָט — אין די אונטערשטע קאָרידאָרן פון די אַמאָליקע גאָלד־גרובנס, וואָס געפינען זיך אין די בערג אַרום יאָהאַנעסבורג.

— וויפל פון די קינדער אין די „טאַונשיפּס" (נעגער־שטעט) באַזוכן די שולן? — פרעג איך.

— נישט מער ווי פערציק פּראָצענט; די איבעריקע זעכציק פּראָ־צענט קינדער לערנען זיך גאָרנישט און וואַלגערן זיך אַרום אין די גאַסן ביז זיי וועלן קאָנען אַרבעטן.

שוואַרצע קינדער מוזן צאָלן „שכר לימוד" אין די שולן (אייניקע שילינג אַ חודש, וואָס איז אַ סך געלט אין דער גרויסער אָרעמקייט); מוזן אויך איינקויפן די ביכער פאַר אייגן געלט.

ווייסע קינדער, אָבער, זענען דורכן געזעץ געצוווּנגען צו באַזוכן אַ שול; צאָלן גאָרנישט פאַרן לערנען און פאַר זייערע ביכער...

אָט דאָס איז די אַלגעמיינע ליניע פון דער פּאָליטיק פון נאַציאָנאַ־ליסטישן רעזשים: זאָלן די איינגעבוירענע ווייניקער לערנען, ווייניקער וויסן, וועט דאָס פאַרשפּעטיקן די שעה פון זייער דערוואַכונג.

און דאָ קומט פאַר אַ מאָדנער „קלאַסן־קאָנפליקט״ צווישן ווייסע אין שטאָט און אין דאָרף: דער שטאָטישער ווייסער וויל האָבן אַ מער אַנטוויקלטן אַרבעטער, וועלכער זאָל אַרויסגעבן בעסערע פּראָדוקציע; אויב ער איז מער געלערנט וועט ער זיין מער פּראָדוקטיוו. דער ווייסער פאַרמער אָבער וויל פון זיין אַרבעטער נאָר אַ פּאָר געזונטע הענט און מוס־קולן. פאַר אים איז אַן איינגעבוירענער וואָס קען לעזן, אַ געפאַר — ער גייט באַלד אַוועק אין דער שטאָט־אינדוסטריע, — פילט זיך דעריבער אַ מאַנגל אין פאַרם־הענט.

שטימט דער פאַרמער פאַר „אַפּאַרטהייד״, פאַר דער עקסטרעמער קנעכטשאַפט און איזאָלירונג פון שוואַרצן, — שטימט ער פאַר די נאַציאָ־נאַליסטן.

שטימט דער שטאָטישער ענגליש־רעדנדיקער מענטש פאַר בעסערע לעבנס־באַדינגונגען פון איינגעבוירענעם, ווייל אַזוי פאָדערט דער אַנט־וויקלטער האַנדלס און אינדוסטריעלער וווקס פון דער שטאָט.

האָט דער לעצטער איצט ווידער פאַרשפּילט.

פון דער נייער רעגירונג איז נישטאָ צו דערוואַרטן קיין שום פאַר־לייכטערונג אין די „אַפּאַרטהייד״־געזעצן. גראָד — פאַרקערט.

זאָגן די פירער פון די „שוואַרצע״ און אויך יענע ווייסע, וואָס זענען מיט זיי פאַרבונדן:

— די איצטיקע וואַלן פאַרשנעלערן דעם סוף פון די „ראַסיסטן״. זייער רעזולטאַט איז פיל בעסער פאַר די מיליאָנען איינגעבוירענע, ווי די זיגער שטעלן זיך פאָר. די הינער, וואָס האָבן זיך אויסגעפּיקט פון שאָלעכץ, קאָן מען צוריק אין דעם איי נישט אַריינטרייבן...

## יידישע כישוף־מאַכערין אין אַפריקע

...די גרוי־אויגיקע מיטליאָריקע דאַמע, וואָס זיצט אַנטקעגן מיר, נעמט די שאַרפע נאָדל אין אירע לאַנגע, אַרטיסטיש־געפלעגטע פינגער, שטעקט זי אַריין אין פלעמל פון אייל־לעמפל, וואָס ברענט אַלס „נר־תמיד״

אונטער דער בראָנדזענער פיגור פון בודאַ, און דעם אַזוי אָנגעגליטן שפּיץ שטעקט זי פּלינק אַריין אין פלייש פון מיין גראָבן פינגער, וועלכן איך האַלט שוין גרייט פון פריער.

צוויי דיקע פּורפּורע בלוט־טראָפּנס פאַלן אויפן ווייסן פּאַפּירל, וואָס ליגט אויפן טיש, אונטער מיין האַנט.

די דאַמע צעשמירט פאַרזיכטיק דאָס בלוט און זאָגט:

— איצט וועל איך, מיט דער הילף פון אייער בלוט, אויסגעפינען די לענג פון די ראַדיאָ־כוואַליעס, וואָס וויברירן פון אייער קערפּער. איר זעט דעם אַפּאַראַט? ער באַזיצט נייַן ראַדיאָ־קנעפּ; מיט יעדן פון זיי וועל איך זוכן קאָנטאַקטירן די אַסטראַלע קערפּערשאַפטן אין דער אומענדלעכ־קייט פון „אוניווערס" (וועלט־חלל). ווען איך וועל אָנטרעפן אויפן ריכטיקן קנאָפּ, וואָס אַנטשפּרעכט אייער כוואַליע־לענג, וועל איך נאָך דאַרפן דורכ־פירן אַ ריי קאָמפּליצירטע עקספּערימענטן, ביז איך וועל זיין אימשטאַנד אייך אויסצוהיילן... איר דאַרפט גאָר דערביי נישט זיין; איך וועל שוין געפינען אַ וועג, ווי זיך „דורכצושמועסן" מיט אייער גייסט און קערפּער, ווען איר וועט זיין אפילו טויזנטער מייל פון דאַנען... נאָך מער: אייער אָנוועזנהייט שטערט מיר גאָר דעם פּראָצעס פון היילן; ספּעציעל שטערט מיר אייער אינטעלעקט, וועלכער איז געוויס סקעפּטיש צו דעם גאַנצן מעטאָד, וואָס איך ווענד אָן... צו נישט־אינטעליגענטע מענטשן קומט די רפואה אָן פיל שנעלער...

דער לייענער מיינער, וואָס מיינט אַוודאי, אַז אָט־די גאַנצע באַ־שריבענע סצענע אין דער מאָדנער שפּראַך, איז אַ רעזולטאַט פון עפּעס אַ בייזן חלום, וואָס איך האָב געזען היינטיקער אָדער נעכטיקער נאַכט — האָט אַ טעות: די דאַמע פאַר מיר איז אַווירקלעכקייט, אַזוי ווי דאָס כיי־נעזישע הויז, וווּ איך בין אַ גאַסט, מיט דער רייכקייט פון אַן אָריענטאַלישן פּאַלאַץ, מיט די געטער, מיט די טעפּיכער, מיט דער גאַנצער מיסטיק־דעק־קאָראַציע, וואָס איז אַזוי ווי אַריבערגעטראָגן געוואָרן פון די בערג אין געהיימנישפולן טיבעט, אין דער דאָזיקער אַריסטאָקראַטישער פאָרשטאָט פון יאָהאַנעסבורג.

געבראַכט צו דער דאַמע האָט מיך דער געבילדעטער קענער פון דרום־אַפריקאַנער פאָלקלאָר, מיין אַלטער פריינד פון אַמאָל, ד"ר בען הילדער, מיט וועלכן, ווי מיינע אַלטע לייענער געדענקען מסתם, איך האָב

באַרייזט מיט יאָרן צוריק דיווילדע געגנטן פון סוואַזילאַנד, זולו־לאַנד, די חיות־דזשונגלעס, נו, און אויך פיל אַזוי־גערופענע „ציוויליזירטע פונקטן״, ווו די „חיות״ זענען געקליידט עלעגאַנט און אייראָפּעיש, אָבער זייער אמתע נאַטור זעט איר אַרויס אַ ביסל שפּעטער...

די פרוי מאַטילדאַ, מיין איצטיקע גאַסט־געבערין, איז נישט קיין פּראָפעסיאָנעלער „כישוף־דאָקטאָר״, אויך נישט קיין „מכשפה־אָפּשפּרע־כערין״ — צווישן מינים אַזוי פּאָפּולערע צווישן די איינגעבוירענע אין אַפ־ריקע. זי איז אַ יידישע טאָכטער, וועמענס נאָענטע זענען באַרימט אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער דיפּלאָמאַטישער אַרענע. זי איז רייך און אומ־אָפּהענגיק, און דורך די לאַנגע אַלמנה־יאָרן לעבט זי זיך אויס אין דער מיסטיק פון אינדיע, כינע, טיבעט; אין אַ נישט־רעאַליסטישער וועלט צווישן אָריענטאַלישע געטער און „אַסטראַלישע״ וויזיעס (שטערן־זעעריי).

זי שטודירט שוין יאָרן־לאַנג די מעטאַפיזישע כוחות, וואָס לאָזן זיך נישט וויסנשאַפטלעך און ראַציאָנעל דערקלערן. נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס זי מיידט אויס יעדן אָנדייט וועגן איר יידישקייט, — איר מאַן איז געווען אַ קריסט און אירע דערוואַקסענע קינדער לעבן זיך נישט אויס אַלס יידן, — איך האָב דעם איינדרוק, אַז אין דער דאָזיקער מאַטילדע איז אַריין אַ דיבוק פון א ווייטן עלטער־זיידע, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט קבלהשער פּראַקטיק ערגעץ אין צפת.

עס איז מיר שווער אויסצוגעפינען דעם מינדסטן אָנדייט וועגן איר יידישער אָפּשטאַמונג אינעם דאָזיקן „כינעזישן טעמפּל״, סיי לויט דער אַרכיטעקטור אוז סיי צווישן רייכן אַסאָרטימענט פון די אויסטערלישע קעגנ־שטאַנדן, וועלכע געהערן צו די קולטן פון בודא, קאָנפוציוס און אַנדערע געהילפס־געטער פון ווייט־מזרחדיקן ריטואַל, וואָס באַצירן די טישן, די ווענט און די שאַפעס פון דער דאָזיקער „פּאַגאָדע״, וועלכע איז דורך אַ מיסטישן פּרויען־קאַפּריז פאַרטראָגן געוואָרן אין דער מעטראָפּאָליע פון דרום־אַפריקע.

מיין פריינד ד״ר הילדער האָט מיך אייגנטלעך געבראַכט צו מאַ־טילדען, נישט ווי צו אַ „כישוף־דאָקטערין״, נאָר סתם אַלס אינטערעסאַנטע עקזאָטישע פרוי, וועלכע באַזיצט אַ רייכע קאָלעקציע פון מערקווירדיקייטן, וואָס קאָנען מיך פאַראינטערעסירן.

זיצנדיק אָבער ביים וועגעטאַריאַנער מיטאָג, וואָס מען האָט געגעסן

מיט שטעקעלעך, — אויפן כינעזישן אופן — האָב איך זיך געקלאָגט, אַז צוליב מיינע פיל עראָפּלאַן־רייזעס האָב איך לעצטנס פאַרלוירן די שאַרפ־קייט פון הערן און דאָס פאַרשאַפט מיר פיל אומאָנגענעמלעכקייטן.

דאַן האָט מאַטילדע אויפגעהויבן אירע גרויע אויגן, וועלכע זי האָלט מערסטנטיילס אַראָפּגעלאָזן, מיך דורכדרינגלעך אָנגעקוקט, און אַ זאָג געטאָן:

— איך בין אימשטאַנד אייך אויסצוהיילן פון אייער טיילווייזער טויבקייט; איר דאַרפט נאָר האָבן צוטרוי צו מיינע מעטאָדן... איך דאַרף אויך אייער בלוט...

— מילא, צוטרוי, אַלס האָנאָראַר פאַר דער רפואה, וועל איך אייך גלייך שענקען, אָבער בלוט? — פרעג איך מיט אַ ביסל אַ ציטערדיקער שטים, — בלוט, וויפל בלוט?...

שמייכלען אירע גרויע רעטעניש־אויגן:

— אָ, ניין, שרעקט איך נישט; נאָר אַ פּאָר טראָפּן, כדי צו האָבן אַ טייל פון אייער „וועזן" מיט זיך בעת די עקספּערימענטן, ווען איר וועט שוין דאָ נישט זיין...

— מסכים!...

מיר לאָזן זיך אַרויפגיין אויף די טרעפּ, דאָרט, אין די צימערן, פון וואַנען מען קאָמוניקירט זיך מיט דער וועלט, וואָס מיר זעען נישט...

עס וואַקסן אויס בראָנדזענע און גאָלדענע פיגורן פון בודאַ צווישן לאָטאָס־בלומען און פון דער „געטין אין הימל" קואַן־יען, וועלכע דאָמי־נירט מיט איר גרינלעך־גאָלדענער שיינקייט איבערן גאַנצן זאַל. די ווענט זענען באַצירט מיט עכטע גאָבעלינען און אַבוסאָנס, וועמענס פּלאַץ איז אין אַ מוזיי. מיר טרעטן אויף זעלטענע פּערסישע טעפּיכער, אויף וועלכע, ס'שטייען אָנגעשפּאַרט ביי די ווענט מאַרמאָר־אויסגעשניצטע חיות מיט פליגלען, ווי די „כרובים" פון יחזקאל; מיט אויגן־לעכער, פון וועלכע עס שיינען אַרויס בלוט־רויטע רובינען, אָדער טיף־בלויע אַקוואַמאַרינען.

דורך די שויבן, איבער דער גאַנצער לענג פון דער וואַנט, זעט זיך דער מאָדנער גאָרטן, וועלכער באַשטייט פון שלאַנקע „ווײַנענדיקע ווער־בעס", וועמענס צווייגן, ווי לאָקן פון אַ גיגאַנטישן קאָפּ, דערגרייכן די ערד און דערמאָנען די אַטמאָספער פון אַ בית־עולם. צווישן די דאָזיקע אומ־

הימלעכע „ווײנענדיקע״ ביימער איז פאַרשטעקט אַ מיניאַטור־געביידע אין סטיל פון אַ כינעזישן טעמפּל.

דאָרט שטייט ווידער בודאַ און הינטער אים, אין אַן אײל־לעמפּל, ברענט דער נר־תמיד. אין יענעם ווינקל גייט אַוועק מאַטילדע אין די מאָמענטן, ווען זי פילט אַ נויטווענדיקייט זיך צו שיידן מיט דער וועלט און מיט דעם לוקסוס, וואָס רינגלט איר אַרום אין דער הויפּט־געביידע. דאָרט שטייט אויך אַן איינפאַך אײזערן בעטל, אויף וועלכן זי שלאָפט אין די נעכט, ווען די טעפּיכער און די קישנס לאָזן איר נישט קאָנצענטרירן זיך בעת די שטילע, פליסטערנדיקע תפילות, ווען די נשמה פילט דעם דראַנג זיך טובלען אין די טיפענישן פון „נירוואַנע״ (די אומענדלעכקייט, וווּ בודאַ איז פאַרשוווּנדן)... דער דינער אינדישער ווירויך הייבט־אָן ווירקן און קיצלט אין די נאָזלעכער.

מיר זעצן זיך אַרום טיש, אויף וועלכן עס שטייט דער מאָדנער ראַדיאָ־אַפּאַראַט מיט די ניין קעפּ, פון וועלכן יעדער האָט נומערן, ווי אַ געוויינלעכער ראַדיאָ־אינסטרומענט, מער נישט... קיין דראָטן זענען אונ־טער די קנעפּ נישטאָ, נאָר מאַגנעטישע בינטלעך אייזן, מיט וועלכע מען פּרובירט דורכדרינגען די אַטמאָספער און נאָך העכער, ביז אין יענער וועלט אַריין.

דאָס דאָזיקע מאַגישע קעסטעלע איז אויסגעאַרבעט אין ענגלאַנד, וווּ עס געפינען זיך מערערע גרופּעס, איבערהויפּט צווישן דער אַריסטאָ־קראַטיע, וואָס קולטיווירן די דאָזיקע „ראַדיאָניק סיסטעם״ פון היילן אַלערליי קראַנקהייטן. אַ גאַנצע ליטעראַטור איז שוין אַרום דעם געשאַפן געוואָרן. פאַרשטייט זיך, אַז די לעגיטימע דאָקטוירים פּרעגן אָפּ די דאָזיקע פּראַקטיק, אָבער זי גייט דאָך אָן אין געהיים.

דאָס פּאַפּירל מיט מיין בלוט ווערט אַריינגעשטעלט אין אַ זילבערן בעכערל, אין דעם דאָזיקן ראַדיאָ־כישוף־מאַשינדל.

אַ שטיקל זיידן סאַפּיאַן־לעדער ווערט אויסגעשפּרייט אויף דעם „ראַדיאָן״.

מאַטילדע פּרובירט די קנעפּ, גלעטנדיק מיט אירע פינגער דאָס שטיקל לעדער.

פאַר אירע אויגן האַלט זי אַ בויגן מיט אויפשריפטן, וואָס איך קאָן לייענען, למשל: קאָפּ, מאַרך, נאָז, אויערן, האַרץ, לעבער, מאָגן, פיס

א. א. וו. אַרום פּופּיק אַזעלכע באַצייכענונגען פון די טיילן פון מענטש־לעכן קערפּער.

מאַטילדע דערקלערט מיר:

ווען איך שטעל אָן די ראַדיאָ־כוואַליע אויף די נומערן, וואָס אַנט־שפּרעכן יעדן טייל פון אייער קערפּער און איך גלעט דערביי דאָס שטיקל סאָפּיאַן־לעדער, פאַרהאַלט זיך דער פינגער אַזוי ווי צוגעקלעפּט צום לעדער דאָן, ווען אייער קראַנקער גליד גייט אַריין אין דער ראַדיאָ־כוואַליע, אַזוי־אַרום ווערט פעסטגעשטעלט דער דיאַגנאָז; איך גיי דורך אַלע כוואַליעס וואָס אַנטשפּרעכן אייער גליד־טאַבעלע, און איר זעט? מיין פינגער האָט זיך איצט צוגעקלעפּט, ווען איך האַלט ביים אויער... און אַצינד, ווען איך האָב דעם נומער פון דער כוואַליע און דעם דיאַגנאָז פון דער קראַנקייט, קאָנט איר שוין רויק פאָרן, איך וועל די היילונג דורכפירן אין אייער אַפּוועזנהייט... איך וועל אייך געבן צווויסן דורך מיינע ראַדיאָ־כוואַליעס, אַז איך פאַרנעם זיך מיטן געפינען די רפואה פאַר אייך — איר וועט שוין דערפילן!... אָבער לאָמיר פונדעסטוועגן מאַכן דעם ערשטן סעאַנס פון אייער היילונג, כל־זמן איר זענט דאָ. אפשר זענט איר גאָרנישט אַזוי סקעפּטיש, ווי איך מיין... איך וועל אייך פּרובירן אַריינברענגען אין אַ גע־העריקער שטימונג.

דאָס ליכט אין די קרישטאָלענע קאַנדעלאַברעס ווערט אויסגעלאָשן. עס ברענען נאָר די אייל־קנויטן אונטער בודאַ, קאָנפוציוס און קואַן־יען... מאַטילדע נעמט אַרויס פון אַ קעסטעלע אַ גאָלדן גלעקל:

— דאָס איז אַ גלאָק פון דאַלאַי־לאַמא אין טיבעט. איך וואָלט אים נישט אַוועקגעגעבן פאַר טויזנטער דאָלאַרן. הערט זיך צו, אדרבא, צו זיין מוזיק...

איך גיב אַ שאָקל דאָס גלעקל, און ווירקלעך: די קלאַנגען פון גלעקל צעגיסן זיך, ווי כוואַליעס פון אומבאַקאַנטער מוזיק; זיי לאָזן זיך הערן, ווי דינע, דעליקאַטע פידל־קלאַנגען במשך לאַנגע מינוטן נאָכדעם, ווי איך האָב אַ שאָקל געטאָן מיטן צינגל. זיי פאַרגייען דין־דין, ערגעץ אין אומבאַוווּסטע ווייטן, ווו איך וואָלט געוואָלט זיי נאָכיאָגן... איר הערט זייער צאַרטן קלאַנג נאָך לאַנג־לאַנג, שוין אפילו נאָכדעם, ווי דאָס גלעקל ווערט צוגענומען. די שטימונג ווערט געשאַפן...

און נאָכדעם קומט דער סורפּריז פאַר מיר:

מאַטילדע נעמט אַרויס פון שופלאַד אַ דיק בוך, עפנט עס אויף אינמיטן און צו מיין פאַרווּנדערונג דערזע איך אַ צייכענונג, וועלכע איך געדענק נאָך פון די אַלטע קבלה־ספרים אין מיין זיידנס שטוב: די צייכענונג פון די צען ספירות פון דער מרכבה! די אותיות זענען העברעישע, מיט דער ענגלישער איבערזעצונג. אויבן איז אויפגעשריבן: „כתר״ (די קרוין), נאָכ־דעם קעסטעלעך מיט די אויפשריפטן: חכמה, בינה, גדולה, תפארת, גבורה, נצח, הוד, יסוד, מלכות (קלוגשאַפט, פאַרשטענדעניש, גרויסקייט, שיינקייט, שטאַרקקייט, אייביקייט, מאַיעסטעטישקייט, גרונט און קעניגרייך... אַלץ — איבערזעצט אין ענגליש).

מאַטילדע לייגט אַרויף איר האַנט אויף דער דאָזיקער קבלה־זייט און שעפּטשעט שטיל אַרויס:

— קומט, און זאַפּט איין אין זיך! אויבן, איבער דער קרוין איז די שכינה; אונטן, אונטערן מענטשס קעניגרייך, איז לוציפער, דער טייוול; קלייבט־אויס אייער וועג!...

איך פיל, ווי מוראַשקעס וואָלטן געקראָכן איבער מיין פּלייצע.

געוואַלד, ווי קומט דאָ, אין דער אַזוי געצנדינערישער שטוב, אונ־דזער הייליקער ספר „זוהר״?

איך גיב אַ בלעטער די זייטן, צוריק צום טאָוול, און געפין די דער־קלערונג: דאָס איז טאַקע די איבערזעצונג אין ענגליש פון „מדרש רבי שמעון בר יוחאי״ (געמאַכט אין לאָנדאָן דורך ספּערלינג און סיימאָן, אין 1931).

מאַטילדעס לערער אין ענגלאַנד האָבן איר געשיקט דאָס דאָזיקע ספר מיט דער עצה, זי זאָל זיך אין אים פאַרטיפן, וועט זי בעסער פאַרשטיין די וועגן צו די הימלען. קלאָגט זיך מאַטילדע, אַז וויפל זי פּרובירט נישט לערנען אינעם ספר און זיך אין אים פאַרטיפן, פאַרשטייט זי נאָך אַלץ גאָרנישט...

זי איז איבערראַשט, ווען איך בלעטער דאָס ספר און פּרוביר, מיט מיינע זייער שוואַכע ידיעות אין קבלה, איר דערקלערן, וואָס עס מיינט דאָס קאַפּיטל „רזין דרזין״ (סוד פון סודות), דאָס קאַפּיטל „היכלות״, אין וועלכן עס זענען באַשריבן די זיבן פּאַלאַצן פון הימל, ספּעציעל דאָס קאַ־פּיטל פון דער „מרכבה״ מיט אילוסטראַציעס, ווו עס איז באַשריבן די ווונדערלעכע וויזיע פון נביא יחזקאל (קאַפּיטלען א׳ און ב׳). איך פאַר־

האַלט זיך ביי די אילוסטראַציעס און געאָמעטרישע סכעמעס פון קאַפּיטל, ווו עס ווערט דערציילט פון „אדם הקדמון" (פּרעהיסטאָרישער מענטש). איך אַליין ווער פּלוצלינג אַריינגעצויגן אין דער אומענדלעכקייט פון דער מיסטיק, וועלכע איך באַגרייף לײדער אַזוי שוואַך. אָבער ערגעץ־ווו כאַפּן זיך אויף די דרימלענדיקע אין אונטערבאַוווסטזיין דערקלערונגען, וועלכע עס האָבן מיר וועגן דעם געגעבן אַ זיידע, דער טאַטע, אַ רבי...

די פרעמדע געטער אַרום ווערן פאַרשווונדן אין נעפּל פון קטורת־רויך, און פון תהום פון זכרון טויכט אויף אַ שאָטנדיקער בית־מדרש, מיטן אָרון־קודש, מיט די עשרת הדברות, מיט בערדיקע יידן פון וואָכעדיקייט אויסגעטאָענע, וואָס דערציילן וועגן הייליקן ר' שמעון בר יוחאי און זיינע אומפאַרשטענדלעכע קבלה־וועגן; די מקובלים פון צפת גיבן אַ בליץ פאַר די אויגן, אָבער זיי האַלטן זיך נישט לאַנג אין דער דאָזיקער אַטמאָספער פון געצנדינעריי און כישוף... „כי לא נחש ביעקב" — עס פּאַסט זיך נישט קיין כישוף פאַר יידן!...

*

מאַטילדע הערט אויס פאַרוווּנדערט די אָפּגעריסענע פראַזן פון מאָדנעם גאַסט אירן, וואָס רעדט אַזעלכע אומפאַרשטענדלעכע זאַכן. זי צינדט אָן די קרישטאָל־קאַנדעלאַברעס, וואָס פאַרגיסן מיט עלעקטריש ליכט די מוזעאַלע מערקווירדיקייטן פון מיסטישן אָריענט. דאָס הייליקע ספר „זוהר" ווערט עפּעס ווי פאַרשווונדן אינעם דאָזיקן פרעמדן פּראַכט.

זי נעמט שנעל צו דאָס ראַדיאָ־קעסטעלע מיט מיינע בלוט־טראָפּנס, וואָס וועלן מיר „ברענגען די רפואה". זי וועט מיר שוין לאָזן וויסן.

ווען מיר גייען דורכן גאָרטן צו אונדזער אויטאָמאָביל, טאַפּן־אָן אונדזער געזיכט די לאַנגע צווייגן פון די „וויינענדיקע ווערבעס", ווי קאַלטע פינגער פון אַ מת... עס ווערט אומהיימלעך.

*

שאַ! איצט, ווען איך פאַרענדיק שרייבן די דאָזיקע שורות פיל איך, ווי עפּעס וואָלט אַ שטאָך געטאָן אין מיין אויער... שוין־זשע „טעלעגראַפירט" מאַטילדע מיט דער הילף פון איר „ראַדיאָניק אַפּאַראַט", דורך די

כוואַליעס פון אוניווערס ?... שוין־זשע זאָגט זי מיר אָן, אַז די רפואה איז נאָענט ?

און דאַך מיין איך, אַז אַ דיבוק פון אַ ווייטן עלטער־זיידן אין צפת האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין דער מיסטישער פרוי, וואָס באַוווינט דעם כי־נעזישן פּאַלאַץ אין אַ פאָרשטאָט פון יאָהאַנעסבורג.

# אין שענסטן ווינקל פון דרום-אַפריקע

איך האָב זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף דעם אַספאַלט־וועג, וואָס שלענגלט זיך דורכן גרינעם באַרג. עס דויערט אפשר אַ גאַנצע שעה, און עס האָט געלוינט: עס אַנטפּלעקט זיך פאַר מיינע אויגן אַ פּאַנאָראַמע, וואָס איז באַרימט אַלס איינע פון די קאַלירפולסטע — אויב נישט די שענסטע — אין דער וועלט.

פון רעכטס — דער אומענדלעכער גרויער שפּיגל, מיט שוימענ־דיקע ווייסע קרויזן פון אַטלאַנטישן אָקעאַן; פון לינקס — די גרינלעכע כוואַליעס, וואָס קלאַפּן מיט צאָרן אין די שאַרפע פעלדזן — דער אינדי־שער אָקעאַן...

אַנטקעגן, — יאָ, אַנטקעגן — די צונויפגעגאָסענע, שטורעמדיקע וואַסער־וועלט, וואָס ענדיקט זיך ביים אַנטאַרקטיק, ביי דעם אייז פון דרום־פּאָל, דאָס איז, הייסט עס — „עק־וועלט״...

און שטיין שטיי איך אויפן שפּיציקן באַרג, וואָס איז באַקאַנט אין דער געאָגראַפיע אַלס „דער קייפ פון גוטער האָפענונג״. און ביז דער סועץ־קאַנאַל איז דורכגעגראָבן געוואָרן האָבן אַלע שיפן, וואָס פלעגן גיין פון אייראָפּע קיין אינדיע, דעם גאַנצן ווייטן מזרח און קיין אויסטראַליע, געמוזט אַרומרינגלען גאַנץ אַפריקע, דורך דעם דאָזיקן „שפּיץ״ פון קאָנ־טינענט — „דעם שפּיץ פון גוטער האָפענונג״. און אין אונדזער צייט ווען אַ מלחמה פאַרשפּאַרט דעם סועץ־קאַנאַל, איז נאָך אַלץ פאַרבליבן דער דאָזיקער פונקט, וואָס פאַראייניקט די וועגן פון ערד־קיילעך.

דריי אַזעלכע „שפּיצן", — עקן פון דער וועלט — פאַרמאָגט אונדזער מאַמע־ערד: די „טערראַ דעל פועגאָ" (ערד פון פייער) אויפן שפּיץ, ווו עס ענדיקן זיך טשילע און אַרגענטינע, די „נאָז" פון אינדזל טאַסמאַניאַ אין אויסטראַליע, און דאָ, דער „שפּיץ" אויפן האַלב־אינדזועלע, ווו ס׳געפינט זיך די שטאָט קייפּטאָן.

אויף אָט־די אַלע דריי „נעזן" בין איך, אין פאַרשידענע צייטן, געשטאַנען און זיך באַמיט דורכצודרינגען מיטן שוואַכן מענטשלעכן אויג די טויזנטער מיילן הימל און וואַסער, וואָס טיילן מיך אָפּ פון דרום־פּאָל. רייזנדע — דרייסטערע און העלדישערע פון מיר, — זענען מיט אייניקע וואָכן צוריק, פון יענע אייז־מדבריות צוריקגעקומען, און די קעניגין פון ענגלאַנד האָט מיט אַ שווערד אויף דער פּלייצע, זיי פאַר „ריטער" געמאַכט. איך ווייס אָבער, אַז די דאָזיקע מאָדערנע העלדן זענען, ווי ליליפּוטן, אין פאַרגלייך מיט די גרויסע אַנטדעקער דיאַז און וואַסקאָ דע־גאַמאַ, וואָס האָבן אַנטדעקט דעם דאָזיקן וועג און עקספּלאָאַטירט (אָנהייבנדיק פון יאָר 1487). איך ווייס אויך, אַז מיט יעדן פון די דאָזיקע אַנטדעקער זענען מיטגעפאָרן גרויסע יידישע נאַוויגאַטאָרן, געאָגראַפן־איבערזעצער, וועלכע זענען געיאָגט געוואָרן דורכן אימפּעט פון וויסנשאַפט און אַוואַנטורע; אָבער אויך זיי האָט די בלוטיקע אינקוויזיציע גערודפט און געטריבן פון זייערע היימען אין שפּאַניע און אין פּאָרטוגאַל. אַ ייד (וועטשינאָ) איז געווען צווישן די ערשטע אייראָפּעער, וואָס האָבן געשטעלט זייער פוס אָט־דאָ, אויף דעם אָרט ווו איך שטיי איצט; און אַ ייד איז געווען, יהודה קרעסקעז, וואָס האָט צוזאַמענגעשטעלט די דעמאָלטיקע געאָגראַפישע מאַפּעס פאַר די וועלט־רייזנדע. פיל יידן, אמתע און מאַראַנען, געפינען מיר צווישן די אַסטראָנאָמען־געאָגראַפן פון יענע עקספּעדיציעס, און נאָך מער — צווישן די, וואָס זענען געלאָפן און זיך באַזעצט אין די ניי־אַנטדעקטע ווילדע מקומות, ווייל די פייערן פון דער אינקוויזיציע האָבן זיי געיאָגט. דער גרויסער פּאָרטוגעזישער אינקוויזיטאָר גאַספּאַר דע לעאָנע, וועמענס „שטאַב" ס׳איז געווען אויפן אינדזל גאָאַ, האָט דעם 29־סטן סעפּטעמבער 1565, אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף: „צום פאָלק פון ישראל", אין וועלכן ער רופט אַלע יידן, וואָס געפינען זיך אין די נייע פּאָרטוגעזישע טעריטאָריעס, פון אינדיע ביז דעם „שפּיץ פון גוטער האָפענונג", זיי זאָלן אָננעמען דאָס קריסטנטום. זיי האָבן דאָס, ווייזט אויס, געמוזט טאָן, אונטער דער דראָונג

פון פאַרבערענט ווערן, ווייל די געשיכטע פון יידנטום אין דרום־אַפריקע הייבט זיך אָן מיט דער ערשטער גרופּע אימיגראַנטן פון ענגלאַנד (1820), וועמענס פירער עס איז געווען בנימין נאָרדען.

געוואַלד, ווי עס פאַרן זיך נישט די זכרונות פון פאַרפאַלגונגען און אינקוויזיציעס מיט דער אומבאַשרייבלעכער שיינקייט, וועלכע דער אייבערשטער האָט מיט אַזאַ שפע באַשאָנקען דאָס דאָזיקע אָרט; די בערג, וועמענס הייכן זעען אויס ווי קעפּ פון לייבן, ווי טישן, געדעקט מיט טישטעכער פון ווייסע וואָלקן־שטריקערייען; מיט געדיכטע וועלדער אויבן, און פּאַלמעס — אונטן; מיט אָט־די צוויי אָקעאַנען, וועמענס וואַסערן פון פאַרשידענע קאָלירן ס׳גיסן זיך דאָ ברודערלעך צוזאַמען; מיט די שוימיקע, קאָכיקע כוואַליעס, וואָס צעברעכן זיך אין די שפּיציקע פעלדזן און שוימען ווידער אויף, ווי ווייסע שעפּסעלעך...

וויל איך שוין בלייבן דאָ, מיט דער נאַטור, אַנטלויפן פון מענטשן, וועלכע האָבן שטענדיק געלעסטערט מיט זייער חיהשקייט און גיריקייט די מתנות, וואָס קאָנען מאַכן אונדזער לעבן לייכטער און פריילעכער.

זאָגט צו מיר ד״ר הילדער, אָט דער געבענטשטער באַגלייטער מיינער, וועלכער קען אַזוי גוט די פעלקער און די נאַטור־רייכטימער פון זיין מוטערלאַנד אַפריקע; אָט דער לערער מיינער, וועלכער האָט מיט זיינע אָדלער־נעגל אויסגעקריצט פיל צייכנס אויף מיינע רייזע־איינדרוקן איבערן דאָזיקן קאָנטינענט: „דאָס בעסטע אָרט אויף צו אַנטלויפן פון מענטשן, איז די אַזוי גערופענע „שטאָט״, ווו די באַבונעס, די מאַלפּעס ווױנען פריי. דאָס דאָזיקע אָרט איז גראָד אויף אונדזער וועג, אינגאַנצן צוויי מייל ווייט פון „קייפּ־פּונקט״. לאָמיר נישט פאַרמאַכן די פענצטער פון אויטאָמאָביל און אָפּשטאָטן אַ וויזיט די דאָזיקע עלטערע ברידער פון מענטשן־מין״.

אין עטלעכע מינוט אַרום שפּרינגט שוין אַרויף אַ גרויע באַהאָרטע און גרויס־געוויקסיקע מאַלפּע אויפן פאָדערשטן טייל פון אונדזער אויטאָ. לכתחילה דערשרעק איך זיך: געמיינט, אַז ס׳איז גאָר אַ לייב. אָבער שפּעטער דערקען איך די „ווילדע בריאה״ און צעלאַך זיך. מיין אומגעבעטענער אורח קוקט אונדז אָן דורכן גלאָז, און צעלאַכט זיך אויך מיט אַ שטימע, וואָס דערמאָנט אַ הילצערנעם „פּורים־גרעגער״. דאָס אָרט אַרום אונדז ווערט אויסגעפילט מיט גרויסע, מיטעלע און גאָר קליינע באַבונעס.

זעט איר טאָקע, אז פון דערווייטנס, ווען דער באַבון שטייט אויף זיינע פיר פיס, זעט ער אויס ווי אַ לייב: אַ גריווע, מיט האָר אַרום קאָפּ, אַ ווידל, וואָס ענדיקט זיך מיט אַ כמו־בולאַווע, דער זעלבער ווּקס; אָבער אַז איר דערזעט אים פון דער נאָענט, איבערצייגט איר זיך, אַז דאָס איז שוין ווייט נישט קיין לייב, עס איז אַ פּאַרקרימטע מאַנקי, אַן עלנטע מאַלפּע. וויפל מאָל אין לעבן זעען מיר פון דערווייטנס אַ מענטש, וואָס וויל, מען זאָל מיינען, אַז ער איז אַ לייב; ער האַלט זיך קעניגלעך־מאַיעסטעטיש, אָנגעבלאָזן און שטאַרק; אָבער אַז איר דערזעט אים פון דער נאָענט, דער־קענט איר גלייך דעם תכשיט: נישט קיין לייב איז ער, נאָר אַ חוצפּהדיקע מאַלפּע...

ד״ר הילדער ציט מיין אויפמערקזאַמקייט אויפן פאַקט, וואָס די באַבונעס, וועלכע האָבן לכתחילה, — איידער דער מענטש מיט זיין אויטאָ זענען געקומען אין זייער וואַלד, — געוווינט צווישן די צווייגן פון דיביימער, — האָבן זיך שנעל צוגעפּאַסט צום מענטש אונטערן גלאָז, וועל־כער וואַרפט זיי אַרויס פון צייט־צו־צייט גאַנץ פיינע גרינסן, ווערן זיי מיט אונדז „פּאַני־בראַט״, כאַטש, — זאָגט ד״ר הילדער, — די באַבונעס זענען לעבנס־געפערלעך, אויב דער מענטש זאָל צו זיי אַרויסגיין פון אויטאָ און דערנענטערן זיך אָן שוץ: זיי וועלן אים צערייסן אויף שטיקער און אויפעסן...

— ווי אַזוי? — פרעג איך, — די באַבונעס, ווי איך ווייס, שפּייזן זיך דאָך נאָר מיט קאָרע פון די ביימער און מיט די ווערים, וואָס קריכן אויף די צווייגן!...

— אָ, דאָס איז געווען אַמאָל, מיט אַ דור פריער. די קינדער פון יענע באַבונעס האָבן דערשמעקט דעם מענטש, מיט זיינע בהמות און שעפּסן אין שכנות מיט זייער וועלט. נישטאָ שוין אין וואַלד אַזויפיל „פּרנסה״, מיט קאָרע און אינזעקטן. אגב, האָבן זיי ליב באַקומען עפּעס בעסערס: למשל, די מילך, וואָס געפינט זיך אין די אייטערס פון אַ שעפּ־סעלע. באַפאַלט מען אַ בהמה, מען צערייסט זי, מען עפנט איר אינגעווייד און מען פרעסט אויף די געדיכטע מילך. פאַראַן נאָך באַבונעס, אַלץ פון יונגן נייעם דור, וועלכע גייען אַרויס אין אַ געיעג, באַפאַלן אַ פאַרם אין דער נאַכט און פרעסן אויף שעפּסן, קאַטשקעס און אינדיקעס... נישטאָ שוין

דער צניעותדיקער טיפּ מאַלפּעס, וואָס זענען געווען איבערצייגטע וועגע־טאַריאַנער...

זייער אינטערעסאַנט: הייסט דאָס, נישט נאָר דער מענטש פאַסט זיך שנעל צו צו דער נייער אומגעבונג, נאָר אויך חיות, ספּעציעל מאַל־פּעס, וואָס זענען נענטער צום מענטשס צופּאַסונגס־אייגנשאַפטן.

אויפן דאַך פון אונדזער אויטאָמאָביל זיצן שוין אַ פּאָר באַבונעס און קלאַפּן אומגעדולדיק מיט די פיס. מיר איילן זיך נישט אַרויסצוואַרפן דורכן שפּאַלט פון אַ שויב אַ ביסל שפּייז, ווייל מיר האָבן מורא, אַז די באַבונעס וועלן זיך אַ לאָז־טאָן אויף דעם אויטאָ אין אַ מחנה און אונדז צעטראָגן.

מיר ווילן בעסער אָבסערווירן דאָס לעבן אינעם דאָזיקן ווינקל פון דזשונגל, ווו חיות זענען די באַלעבאַטים, און די מענטשן־געסט — איינגע־שפּאַרטע אין אַ שטייג. פּונקט פאַרקערט, ווי בעת אַ באַזוך אין אַ זאָאָ, ווען די חיות זענען אין שטייג און דער מענטש איז אויף דער פריי.

אויפן גראָז אין אָפענעם פעלד, צווישן דיביימער, וויקלט זיך פאָ־נאַנדער אַ שטיק פון מאַלפּישן לעבן: אויף די הינטערשטע פיס גייען אַרום חשובע, באַלעבאַטישע „מאַנקיס" מיט זייערע ווייבער, וואָס שפּרייזן אויף אַלע פיר. אונטערן בויך פון די מאַמעס הענגען קליינע מאַלפּעלעך, צוגע־טשעפּעט מיט די פיר פיסלעך (אָדער, בעסער געזאָגט, הענטלעך) צו דער פעל פון בויך. עס איז צו באַוואונדערן, ווי אַזוי אַזעלכע קליינינקע באַשע־פענישן, — אָפטמאָל אַ טאָג־צוויי אַלט, — האָבן גענוג כוח אָנצוהאַלטן זיך אין די האָר און נישט אַראָפּפאַלן, ווען די מאַמע שפּרינגט.

זאָגט מיר ד״ר הילדער:

— וואונדערט זיך נישט אויף די מאַלפּעס! אויך די נאָר־וואָס גע־בוירענע עופהלעך פון די איינגעבוירענע האַלטן זיך מיט די שוואַכע הענט־לעך און פאַלן נישט אַראָפּ בעת זייער גאַנג. אמת, זיי שרייען דערביי מיט ווילדע קולות; זיי פּראָטעסטירן, ווייזט אויס, אָבער אפילו אַן עופהלע, וואָס איז אַלט נישט מער ווי אַ שעה, איז שטאַרק גענוג זיך איינצוקלאַמערן מיט די הענטלעך אין דער פעל. דאָס זענען די מיסטעריעזע כוחות פון „איבער־לעבן", וועלכע זענען שטאַרק סיי ביי חיות, סיי ביי מענטשן...

און דאָ זעען מיר, ווי אַ גרופּע באַבונעס שפּילט זיך מיט אַ יונגי־טשקער מאַלפּעלע, וועלכע איז שיין און רירעוודיק. זי גייט איבער פון איין

באַבון צום צווייטן. יעדער שפּילט זיך מיט איר צוביסלעך. און ביי דער זייט, אַ ביסל פון דערווייטנס, זיצט די „באַבוניכע״, די מאַמע פון דעם מאַלפּעלע, מיט וועלכן עס שפּילן זיך די שכנים און שכנות. זיצט זי. אַ גרויסע, א האָריקע, אָבער אַ צעשטראַלטע. די מאָרדע איז אונטערגעשפּאַרט מיט דער רעכטער „האַנט״, די אויגן לאָזט זי נישט אַראָפּ פון איר תכשיטל, אַזוי ווי זי וואָלט געזאָגט: „זעט נאָר, זעט, וואָס פאַר אַ פיין קינדעלע איך האָב! האָט איר שוין אַמאָל געזען אַזאַ געראָטענע בעיבי?...״

דערקלערט מיר ווייטער ד״ר הילדער:

— ווען עפּעס אַ געפאַר באַדראָט דער „קהילה״ פון די באַבונעס, ראַטעווען זיי קודם־כל די קינדער. די גרויסע מאַלפּעס וואַרפן זיך אויף די אָנפאַלער, פאַרלירן אָפטמאָל זייערע לעבנס, ביז די מאַמעס מיט די קינ־דער, מיט די שוואַכע פון דער געמיינדע, אַנטלויפן. קוקט נאָר אָן, ווי פאַר־שידן ס׳זענען די כאַראַקטערן פון די באַבונעס, פּונקט ווי ביי מענטשן: אָט שפּילן זיך גרויסע מיט קליינע, שפּרינגען אויף אונדזער אויטאָ, לאַכן ווילד און שרייען; און אָט זיצט אין אַ ווינקל אַ גרויסער באַבון, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, בייז, יאָגט אַוועק פון זיך די יונגע מאַלפּעס, וועלכע רינגלען אים אַרום און מאַכן, ווייזט אויס, חוזק פון אים. ווען קיינער זעט נישט, שלאָגט אַזאַ „מעלאַנכאָליקער״ אַ קליין מאַלפּעלע, וואָס קומט אים אונטער דער האַנט... אים האָט מען פיינט, און ווען עס דראָט אַ סכנה, לאָזט מען אַזאַ „מאַלפּע־פיינט״ הינטער זיך...

*

צוריק קיין קייפּטאַון פאָרן מיר מיט אַן אַנדערן וועג — מיטן ברעג פון אינדישן אָקעאַן, וועלכער פירט ווידער דורך אַ פּאַנאָראַמע פון בערג און ציכטיקע שטעטלעך, וועמענס ווייסע הייזער הענגען אַראָפּ פון צווישן דיביימער.

איך דערמאָן זיך, אַז אייגנטלעך בין איך געקומען קיין דרום־אַפרי־קע נישט כדי אָנצוקוקן די שיינקייטן פון דער נאַטור און דאָס לעבן פון די באַבונעס, נאָר כדי צו רעפּרעזענטירן אַ וועלט־באַרימטע וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציע אין ניו־יאָרק און פּאָפּולאַריזירן אירע אויסגאַבעס.

מיינע קליענטן זענען יידן. אָבער איצט, נאָך אַ פּאָר חדשים אָנווע־זנהייט צווישן מיינע ברידער, וואָלט איך געקאָנט אָנשרייבן אַ בריוו, ווי גאָגאָל, דער גרויסער רוסישער הומאָריסט, וואָס האָט געלאַכט דורך טרערן

און מיט טרערן געשריבן זיין גרויס ווערק: „טויטע נשמות״. אָ, וויפל טיפּן און כאַראַקטערן — גוטע און בייזע, איידעלע און פאַרקריפּלטע, האַרציקע און „באַבונישע״, — איך האָב דאָס געטראָפן בעת מיין וואַנדערונג!

אייניקע פון זיי וואָלט זיך געוואָלט איינפּאַסן אין אַ ראַם; און אַנ־דערע — פאַר די אויערן אַרויסשלעפּן און פאַר דער וועלט דורכלופטערן. עס וואָלט געווען „גוט פאַר יידן״, גלייבט מיר...

און בעת איך טראַכט אַזוי וועגן מיין גאַלעריע „טיפּן״ און וועגן די קומענדיקע באַזוכן, גיט זיך ד״ר הילדער אַ זאָג:

— אָט פאָרן מיר באַלד פאַרביי די אָפרו־שטאַט מיוזענבערג. דאָרט, אין אַ ווילע, ביי רייכע קינדער, וווינט אַ טשעקאַווער עלטערער ייד, אַ משכיל און אַ בן־תורה. איר דאַרפט אים זען.

אַלזאָ, שטעלן מיר זיך אָפּ ביים באַלקאָן פון דער ווייסער ווילע, און אַ „נוירס״ גייט אַרויס פון די צימערן. זי קען דעם ד״ר הילדער, באַגריסט אים, און גיט אַ פרעג:

— איר ווילט זען דעם אַלטן? אָט באַלד פיר איך אים אַרויס...

זי קומט צוריק מיט אַן עלטערן צעשמייכלטן הער, געקליידט אין אַ וואַרעמען מאַנטל (עס איז איצט ווינטער אין דרום־אַפריקע). דאָס פּנים זיינס איז לאַכעדיק; די אויגן ברענען עפּעס פריילעך־אומהיימלעך, אָבער ער דערפרייט זיך מיט ד״ר הילדער ווי מיט אַן אייגענעם. איך ווער פאָר־געשטעלט פאַר אים ווי אַ דעלעגאַט פון דער וועלט־אינסטיטוציע, וואָס פאָרשט, אַנאַליזירט און פאַרעפנטלעכט אַלץ, וואָס האָט צו טאָן מיטן יידישן לעבן — מיט דער קעגנוואַרט און מיטן עבר.

— יאָ, איך האָב געהערט וועגן דער דאָזיקער אינסטיטוציע. שוין באַלד פופציק יאָר בין איך דאָ אין לאַנד. אַ פאַרמעגן געמאַכט, אָבער איצט האָבן די קינדער אַלץ איבערגענומען. איר דאַרפט דאָך מסתמא געלט, שטיצע פאַר אייער וויכטיקער אַרבעט? קאָן איך באַלד אויסשרייבן אַ טשעק אויף צען טויזנט פונט, אויף צוואַנציק... אויב איר ווילט...

עס פאַרדרייט זיך מיר אַזש דער קאָפּ... וואָס רעדט ער עפּעס אַזוי לייכט וועגן אַזעלכע ריזיקע סומעס?...

איך גיב אַ קוק אויף ד״ר הילדער און באַמערק אַ פּאָר לאַכעדיקע אויגן אויף זיין ערנסט פּנים. פאַרשטיי איך שוין, אַז די מעשה איז דאָ נישט גלאַטיק...

— ניין, — זאָגט ד״ר הילדער, — דערווייל דאַרפן מיר נישט אייער טשעק; מיר וועלן אייך נאָך באַזוכן די קומענדיקע וואָך...

דער ייד אין פּאָטעל פילט זיך אַזוי ווי באַליידיקט:

— וואָס הייסט איר דאַרפט נישט? אפשר צו־ווייניק, וועל איך פאַרגרעסערן. געלט שפּילט דאָך נישט קיין ראָל ביי מיר...

עס הייבט מיר שוין אָן צו ווערן קלאָר, מיט וועמען מיר האַנדלען דאָ. ביים אַרויסגאַנג זאָגט מיר ד״ר הילדער:

— איר פאַרשטייט מסתם, אַז דער דאָזיקער „פילאַנטראָפּ״ איז נישט אינגאַנצן ביים זינען. זיין קראַנקהייט הייסט „יופאָריאַ״, און זי באַשטייט אין דעם, וואָס ער אַליין שפּירט זיך שטענדיק גליקלעך און צופרידן און ער וויל אַלעמען מאַכן גליקלעך... דעריבער טאַקע האָבן אים די קינדער אַרויסגענומען פון „אומזאַץ״ און אים אַוועקגעזעצט דאָ, מיט אַ נוירס... איך האָב אייך פּשוט געוואָלט ווייזן, אַז אויב עס געפינט זיך שוין יאָ אַ ייד, מיט אַ ברייטער פאַרשטענדעניש פאַר קולטור־צוועקן און וויל נישט זשאַלעווען אויף דעם קיין געלט, — איז ער אַ שטיקל משוגענער...

— ניין, ד״ר הילדער, — גיב איך אַ זאָג מיט אַ פאָרוואורף, — וואָלטן אויף דער וועלט נישט געווען קיין ג ע ז ו נ ט ע „משוגעים״, וואָלטן נישט עקזיסטירט אָט־די אַלע אוניווערסיטעטן, שפּיטאָלן, מוזייען און נאָך און נאָך אינסטיטוציעס, וואָס מאַכן דאָס לעבן ליכטיקער און העלער.

אויך פיל אַזעלכע יידן קען איך... ווי האָט אַמאָל געזאָגט דער באַרימטער פאָלקס־דאָקטאָר פון ביאַליסטאָק, יוסף כאַזאַנאָוויטש, דער גרינדער פון דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק אין ירושלים: „אויב אָט־די אַלע זעלבסטצופרידענע, גייציקע און עגאָיסטישע מענטשעלעך אַרום מיר זענען קלאָרע, וויל איך שוין בעסער זיין אַ משוגענער...״

## דער ראַסן-קאַמף אין דרום-אַפריקע

דער האָטעל, אין וועלכן איך וווין אויפן ברעג פון אינדישן אָקעאַן, איז אַ ווייס הויז מיט באַלקאָנען, וואָס הענגען איבער די כוואַליעס, וועלכע

דערקייקלען זיך ביז דעם פונדאַמענט פֿון פעלדז, אין וועלכן דאָס הויז איז אויסגעהאַקט. דער פּלאַץ איז צען מייל ווייט פון דער מאָדערנער שטאָט קייפּטאָן, צו וועלכער עס פירן געפּלאַסטערטע וועגן, אויסגעפּילט מיט אויטאָבוסן און אויטאָמאָבילן.

זיץ איך אויפן באַלקאָן אין דער לבנהדיקער נאַכט און זע דאָס פאָספאָר־ליכט, וואָס באַלייכט די וואַסערן, אויספורעמענדיק אַזוי ווי אַ קאָרידאָר פון גאָלדענער העלקייט צווישן דער אומענדלעכער פינצטערקייט פון די וואַסערן, וואָס ברומען מוזיקאַליש זייער אייביק געזאַנג. פון שוואַרץ־סאַמעטענעם הימל לייכט אַראָפּ אַ קאַנדעלאַבער מיט די אַזוי גרויסע פּלאַנעטן און שטערנס, צווישן וועלכע עס שיינען מיט אַ באַזונדערן גלאַנץ די „מיוחסים״ — די פינף דימענטן, וואָס בילדן דעם „דרום־קרייץ״ (אַ גרופּע, וועלכע מען זעט נישט אין אונדזערע מקומות). און עס שטענען אַרום מיר די מאַסיווע גראַניט־בערג מיטן פאַנטאַסטישן „לייבן־קאָפּ״, מיטן אומוואָרשיינלעכן „קעמל־עק״, מיט דעם פלאַכן „טיש־באַרג״, וועלכער איז גראָד איצט נישט באַדעקט מיט זיין „טישטעך״ פון ווייסע וואָלקנס. פרומע קריסטן זעען דאָ אויך די גרופּע בערג וואָס הייסט „צוועלף אַפּאָס־טאָלן״... איך זע אָבער אין דעם גאַנצן אַרום די מיט פּאַטאָס באַהויכטע ווערק פון גרויסן און איין־און־איינציקן באַשעפער... די פייערלעך פונדער־ווייטנס זענען פון די ים־לאַמטערנעס, וועלכע זענען די „אויגן״ פון די צאָלרייכע שיפן, וואָס שניידן די וואַסערן פוןביידע אָקעאַנען, וועלכע איניקן זיך דאָ: דער אינדישער און דער אַטלאַנטיק.

די פייער־גירליאַנדעס רעכטס — דאָס זענען די גאַסן פון דער בום־שטאָט — פון קייפּטאָן.

איר טומל דערגייט נישט צו אָט דעם פעלדז אויף וועלכן איך וווין, — צו דעם קליפטאָן־האָטעל, — וועלכן אַן אונגאַרישער ייד האָט אויפגע־בויט צווישן אָט דער אומבאַשרייבלעכער רייכקייט פון בראשית־רויקייט, דורכגעפלאָכטן מיט אַזוי פיל קאָלירן.

און אויך די מענטשן דאָ, אויפן דאָזיקן שפּיץ־ערד פון אַפריקאַנער קאָנטינענט, זענען נישט ווייניקער קאָלירפול, ווי די נאַטור אַרום זיי.

מיט אַ פיר הונדערט יאָר צוריק, איידער דער ווייסער מענטש האָט דאָ געשטעלט זיינע שריט, האָבן דעם דאָזיקן שטח באַוווינט די ליליפּוטן־בושמענער. זייערע קיילעכדיקע קעפּ, געשוואָלענע בייכער און פלאַטשיקע

נעז האָבן זיך אין משך פון דורות „אַריינגעגנבעט" אין די קערפּערס פון אַנדערע ראַסן, וואָס וווינען דאָ איצט, אָבער די בושמענער אַליין זענען, דורכן דראַנג פון די שטאַרקערע פעלקער, אַוועקגעשטופּט געוואָרן מיט הונדערטער מיילן ווייטער, צו דרום־מערב אַפריקע. געווען זענען זיי קליי־ניקע מענטשעלעך, נישט געוווסט וועגן קולטיווירן די ערד, געלעבט פון גרייטן: פון יאַגד אויף חיות און פיש־פאַנג, פון די ווילדע געוויקסן, האָניק און ווערים אויף די ביימער. געשאָסן האָבן זיי מיט פאַרסמטע פיילן. געווען זענען זיי אַ קליין, גליקלעך פאָלק פון פּיגמייען, וואָס האָט ליב געהאַט צו טאַנצן נאַקעטערהייט, אין ליכט פון דער לבנה.

געוווינט האָט דאָ אויך אַ ראַסע פון האָטענטאָטן, וועלכע איז דורך דער „ווייסער קולטור" כמעט פאַרניכטעט געוואָרן, כאָטש די זעלבע קול־טור אונדזערע האָט אויסגעטראַכט דעם באַגריף — „האָטענטאָטישע מאָראַל" דווקא לגבי דעם דאָזיקן אומגליקלעכן פאָלק, וואָס האָט געלאָזט נאָך זיך אייניקע צאַרטע פּאַסטאָראַל־געזאַנגען, אין וועלכע עס איז נישטאָ קיין שפּורן פון בלוט־דורשטיקייט.

נאָכדעם זענען דאָ געקומען די באַנטו־איינגעבוירענע פון צפון (די זולוס, די סוואַיוס, די קסאָזאָס), וועלכע דער ווייסער מענטש האָט פאַר־וואַנדלט אין זיין פאַרשקלאַפטער אַרבעטס־קראַפט. שפּעטער, שוין אין משך פון די לעצטע צוויי הונדערט יאָר, האָט מען געבראַכט פון די ווייטע אינדזלען — יאַוואַ, סומאַטראַ און פון די מאַלאַיען — די שאָקאָלאַד־הויטיקע „אַזיאַטן", וועלכע ווערן דאָ גערופן „מאַלאַיער" און וועלכע מען האָט פאַרשקלאַפט אין די פאַרמעס און פּלאַנטאַציעס. און אויך הינדוסן האָט מען דאָ געבראַכט — מערסטנטיילס פון פּאַקיסטאַן. לכתחילה האָבן זיי געאַרבעט אין די צוקער־פּלאַנטאַציעס פון נאַטאַל, און שפּעטער אויך אין דער קייפּ־געגנט פון דרום, וווּ זיי וווינען אין קאָמפּאַקטע מאַסן אין זייערע קוואַרטאַלן לויטן הינדוסישן שטייגער. און כינעזער זענען דאָ געקומען — אַלס קולי־אַרבעטער.

אָט דער קאָנגלאָמעראַט פון פעלקער, ראַסן, גלויבנס, האָבן זיך געמישט צווישן זיך און אויך מיט די איינגעבוירענע. דער ווייסער מענטש, דער קאָלאָניזאַטאָר, איז דאָ לכתחילה געקומען אָן אַ ווייב, און אויך ער האָט זיך „געמישט" מיט דעם דאָזיקן פעלקער־רעגנבויגן.

אַלס רעזולטאַט האָט זיך אינעם דאָזיקן טייל פון אַפריקע אויסגע־

בילדעט אַ באַזונדערע ראַסע, וועלכע מען רופט דאָ די „קאָלירטע״, כדי אונטערצושיידן פון די איינגעבוירענע, וועלכע זענען שוואַרצע, נו, און געוויס פון די פּריווילעגירטע ריין־ווייסע.

זעט איר דאָ אין קייפּטאָן אַ גאַנץ אַנדערן טיפּ פון מענטשן, ווי אין יאָהאַנעסבורג, למשל, ווו דער מענטש איז אָדער ווייס, אָדער „נעיטיוו־שוואַרץ״.

האָבן די קינדער פון אַמאָליקע מאַלאַיער, הינדוסן, כינעזער און אויך די געמישטע מיט ווייסע, אויסגעלערנט זיך פאַכן, געעפנט קראָמען, אַרבעטן אַלס ספּעציאַליסטן אין פאַבריקן; פאַראַן צווישן זיי דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, קינסטלער, פירנדיקע קירכע־פּערזענלעכקייטן. צווישן די זיבן הונדערט טויזנט איינוווינער אין קייפּטאָן זענען פאַראַן 275 טויזנט ווייסע, 350 טויזנט „קאָלירטע״ און 65 טויזנט „נעיטיווס״ (אין יאָהאַנעסבורג: 400 טויזנט ווייסע, 600 טויזנט „נעיטיווס״ און נאָר 50 טויזנט „קאָלירטע״). זעט זיך טאַקע אָן דער דאָזיקער אונטערשיד אין די גאַסן פון די ביידע שטעט: צווישן „ווייסן״ און „נעיטיוו״ אין יאָהאַנעסבורג שטייט אַ וואַנט פון טויזנט יאָר ציוויליזאַציע; צווישן „ווייסן״ און „קאָלירטן״ אין קייפּ־טאָן איז שוין אַזאַ וואַנט כמעט נישטאָ. דער „קאָלירטער״ איז אָפטמאָל נישט ווייניקער געבילדעט ווי דער ווייסער, אָבער די באַגרענעצונגען קעגן אים, ספּעציעל אונטער דער נאַציאָנאַליסטישער רעגירונג, זענען כמעט אַזוי שאַרף ווי קעגן „נעיטיוו״. דער „אַפּאַרטהייד״, די ליניע, וואָס טיילט־אָפּ דעם „ווייסן״ פון „קאָלירטן״ ווערט דאָ אָנגעווענדט מיט דער גאַנצער שאַרפקייט. דערביי זענען די קאָנסעקווענצן, ווען מען באַגרענעצט אין זיינע מענטשלעכע רעכט אַ מענטש פון דעם זעלבן ציוויליזאַציע־ניוואָ, געוויס געפערלעך פאַרן אונטערדריקער. נאָכמער, ווען די ווייסע זענען דאָ אין אַזאַ מינדערהייט (אין גאַנצן לאַנד ארום דריי מיליאָן ווייסע קעגן צוועלף מיליאָן איינגעבוירענע און „קאָלירטע״).

*

איך שטעל אָן מיין שפּאַקטיוו אויף די „קאָלירטע״, וואָס וווינען דאָ, אין קייפּטאָן. איך באַזוך די קוואַרטאַלן פון די „מאַלאַיער״ און פון די הינדוסן. איך שמועס מיט זיי אין די קירכעס, מעטשעטן און שולן. ביי מיר, אַלס ייד, קומען אויף די זכרונות פון אונדזער פאָלק אין די צאַרישע צייטן, ווען מען האָט געמעגט וווינען נאָר אין באַשטימטע געגנטן, ווען

מען האָט נישט אָנגענומען פריי אין די שולן און אוניווערסיטעטן; ווען מען האָט באַגרענעצט אויף שטעלעס און אין פאַכן. זענען אָבער מיר, יידן, דאָך געווען אַ קליינע מינדערהייט צווישן הערשנדיקן פאָלק; און דאָ זענען די „קאָלירטע" און „נעיטיווס" אין דער איבערוויגנדיקער מערהייט. ווי לאַנג נאָך קאָן אַזאַ טייוול־שפּיל אָנגיין? פאַר די „קאָלירטע" זענען פאַראַן באַזונדערע שולן. קוקט נאָר אָן ווי פיין די קינדערלעך זייערע האַלטן זיך אין גאַס; ווי אינטעליגענט זיי באַנעמען דאָס לערנען; וויפל געזיכטער פון נישט־דורכשניטלעכער שיינקייט איר באַגעגנט צווישן די יונגע מיידלעך אין זייערע קוואַרטאַלן! די קינאָס פאַר די „קאָלירטע" זענען איבערפולט, — זיי זעען די זעלבע בילדער, ווי די ווייסע; זיי לערנען אויך אין די שולן פון די זעלבע ביכער; דער נאַטירלעכער פּראָטעסט קעגן זיין באַגרענעצט, קעגן די באַליידיקונגען פון „געטאָ־לעבן", פון „אַפּאַרטהייד" — רייצט זייערע געמיטער מיט דער זעלבער אינטענסיווקייט, ווי עס האָט גערייצט די געמיטער פון יידן און אַנדערע אונטערדריקטע פעלקער אין צאַרישן רוסלאַנד.

איך פרעג ביי אַ „קאָלירטן" גלח־מעטאָדיסט:

— איז טאַקע אמת, אַז אַ „קאָלירטער" פּאָליציאַנט האָט נישט קיין רעכט צו אַרעסטירן אַ ווייסן פאַרברעכער?

ענטפערט דער גלח, קוקנדיק אַרום, מיט מורא:

— יאָ, פרעגט נישט אַזעלכע פראַגעס! מיר קאָנען ליידן פון דער תשובה וואָס מיר וועלן געבן!...

אָבער אָט האָב איך די תשובה אין דער הייניקער קייפּטאָנער צייטונג (23־טן מאַי 1958): „די קאָלירטע טראַפיק־פּאָליציאַנטן טאָרן נישט אַרעסטירן אַ ווייסן ווען ער פירט זיין אויטאָ שיכורערהייט; ווען ער אַנטלויפט נאָכן אַרויסרופן אַן אינצידענט; ווען ער וויל נישט אָנגעבן זיין נאָמען און אַדרעס אא"וו".

גראָד איצט גייט אָן אין קייפּטאָן די רעגיסטראַציע פון ראַסן: די אייראָפּייער באַקומען אַ ספּעציעלן פּאַספּאָרט, און די קאָלירטע — אַ קאַר־טע וועגן זייער אידענטישקייט. היות צווישן די אַזוי גערופענע „קאָלירטע" זענען פאַראַן אויך ווייסע און בלאָנדע, — ווייל זיי שטאַמען פון געמישטע חתונות, — ווערן די ראַסן־פראַגן געשטעלט אויפן פאָלגנדיקן אופן: „צי איז אייער באָבע געווען אַ ווייסע? יאָ? נו, און אייער עלטער־באָבע?".

פאַראַן אַזעלכע „ראַסן־קאַלירטע״ וואָס זעען אויס אַזוי ווייס, אַז זיי ווילן אַנטלויפן פון זייערע אבות און שפּילן די ראָל פון אַן אייראָפּייער. אָבער די לעצטע ראַסן־רעגיסטראַציע לאָזט זיי זייער ווייסקייט נישט באַקומען — מען פאָרשט נאָך, און אויב מען געפינט איין „ברונעטע״ באָבע, ווערט געפּסלט די גאַנצע פאַמיליע, און דער מענטש וואָס זעט אויס אינגאַנצן אַ ווייסער — אָפטמאָל מיט גרויס בילדונג און סטאַזש אין דער אייראָפּעישער געזעלשאַפט, — ווערט צוריק פאַריאָגט אין זיין „געטאָ״.

פון באַזונדערער שאַרפקייט איז דער אַזוי גערופענער „אוממאָראַלישקייט־געזעץ״, וועלכער דערמאָנט היטלערס געזעץ וועגן „ראַסן־שאַנדע״: עס איז שטרענג פאַרבאָטן פאַר אַ ווייסן צו האָבן וועלכע נישט איז געשלעכטלעכע באַציונגען מיט עמיצן פון אַן אַנדערער ראַסע.

דאָס דאָזיקע איז פאַרווערט נישט נאָר פאַר אַ בירגער פון דרום־אַפריקע, נאָר אפילו, אז מען כאַפּט ביי אַזאַ „פאַרברעכן״ אַ מאַטראָס פון אן אויסלענדישער שיף, אָדער אפילו אַ טוריסטין פון אַ פרעמד לאַנד, וואָס איז דאָ געקומען אויף איניקע טעג — איז די שטראָף די זעלבע: מינימום זעקס חדשים תפיסה און אַזויפיל שמיץ (עס קאָן אויך דערגיין ביז צוואַנציק חדשים תפיסה און צוואַנציק שמיץ).

נישט איין אויסלענדער, וועלכער אָריענטירט זיך נישט אַזוי גוט אין „קאָלירן״, איז אַרעסטירט געוואָרן און באַקומען שמיץ, ווייל ער האָט פּשוט נישט געוווסט, אַז די אָדער יענע „פלירטנדיקע שיינהייט״ איז נישט פון ריינעם אייראָפּעישן בלוט — און די צרה איז, וואָס פיל מיידלעך פון „געמישטן״ אָפּשטאַם זענען אַזוי רייצנדיק און אַנציִענדיק, אַז די ווייסע קאָנען פּשוט נישטביישטיין דעם „יצר־הרע״... וואָס דאַרפט איר מער? דער פּריוואַטער סעקרעטאַר פון איצטיקן פּרעמיער־מיניסטער סטרידאָס, — דער גרעסטער אַפּאָסטאָל פון „אַפּאַרטהייד״ — איז נישט לאַנג צוריק געכאַפּט געוואָרן אין פולער „פלאַגראַנטי״ מיט אַ „קאָלירט״ יונג מיידל. די מעשה וועגן דעם איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אַלע צייטונגען. די חרפה צווישן די ראַסיסטן איז געווען זייער גרויס, און דאָס געלעכטער צווישן די „קאָלירטע״ און „נעיטיווס״ — נאָך גרעסער... דער סוף איז געווען, אַז דער הויכגעשטעלטער סעקרעטאַר פון פּרעמיער האָט באַקומען שמיץ אויף דעם זעלבן אָרט ווו יעדער געוויינלעכער מענטש: אי שמיץ באַקומען, אי פון דער שטעלע אַרויסגעוואָרפן געוואָרן, און דאָס זעלביקע

האָט אויך באַקומען די זעכצניאָריקע שיינקייט, וואָס האָט אים פאַרפירט.

פּאָליציאַנטן אין קייפּטאָן זענען ספּעציעל אינסטרוירט געוואָרן אויסצוזוכן אויטאָמאָבילן, וואָס שטייען אין דער פינצטערניש פון די בערג־לעכער, און אַריינלייכטן דאָרט מיט אַן עלעקטרישן לעמפּל: געפינען זיי אַ „ווייס" פּאָרל באַשעפטיקט מיט „אוממאָראַלישקייט", אַנטשולדיקן זיי זיך און פאַרשווינדן; אויב אָבער, חלילה, איינער פון די אָנטיילנעמער איז קאָלירט, דאַן, פאַרשטייט זיך, טרעט אַריין אין קראַפט דאָס שאַרפע געזעץ פון „אוממאָראַלישקייט"...

פאַרשטייט איר שוין, פאַרוואָס איך האָב אין אָנהייב פונעם דאָזיקן אַרטיקל זיך אָנגענומען פאַר די האָטענטאָטן, — די ערשטע איינוווינער אויף דער דאָזיקער ערד, — וועלכע מען באַשולדיקט עפּעס אין שרעקלע־כער דעמאָראַליזאַציע. איינע פון די פראַזן, וואָס מען שרייבט־צו אַ האָטענ־טאָט איז:

„גוט איז, ווען איך נעם צו ד י י ן ווייב; שלעכט אָבער איז ווען דו רויבסט צו מ יי ן ווייב..."

מילא, די האָטענטאָטן זענען שוין כמעט אינגאַנצן פאַרניכטעט געוואָרן דורך די ווייסע, וועלכע האָבן זייער לאַנד צוגענומען, קאָן איך דעריבער נישט קאָנטראָלירן, צי איז טאַקע אַזוי געווען די האָטענטאָטישע מאָראַל; אָבער אַז דאָס „אוממאָראַלישע געזעץ" וועגן ראַסן־מישונג איז די גרעסטע אוממאָראַלישקייט אַן און פאַר זיך — קאָנט איר שוין משפּטן פון די פאָר ציטירטעביישפּילן.

וואָס האָט דער „אַפּאַרטהייד" — דאָס געטאָ־געזעץ — דאָך דער־גרייכט?

ביז מיט אַ צען יאָר צוריק, בעת די פריערדיקע רעזשימען, האָבן אַלע נישט־אייראָפּעער, די מאַלאַיער, די כינעזער, די הינדוסן, די „נעי־טיווס", — זיך געהאַלטן באַזונדער, יעדער אין זיין „קהילה"; יעדער האָט זיך געלעבט לויט זיין לעבנס־שטייגער; עס האָט געהערט צווישן זיי אַ צעטיילונג, אָפטמאָל — אויך פאַראַכטונג און שנאה. איצט, אונטער דער ווירקונג פון די פאַרפאָלגונגס־געזעצן, הייבן זיי זיך אָן דערנעענטערן, ספּעציעל די אינטעליגענץ פון אָט די אַלע פעלקער. זיי גיבן אַרויס ספּעציעלע צייטונגען פאַר „נישט־אייראָפּעער"; „לינקע" העקטאָגראַפישע פלוגבלעט־לעך און אַנדערע ליטעראַטור. נאַצערס אַגענטן אַרבעטן שוין צווישן די

מוסולמענער (עס איז שוין דערשינען אַפילו אַן אַנטי־יידיש פלוגבלעטל — אַן אומגעווײנלעכע זאַך צווישן די רויקע און ביז איצט טאָלעראַנטע מאַכ־מעדאַנער); קאָמוניסטישע אַגענטן אַרבעטן מיט דערפאָלג צווישן אַלע גרופּן; עס קומט פאָר דער פּראָצעס פון קאָנסאָלידירונג צום קאַמף קעגן אַלעמענס שונא — דעם ווייסן מענטש. נו, און ווער איז שולדיק, ווען די קומענדיקע דורות וועלן טייער באַצאָלן פאַר די זינד פון די קורצזיכ־טיקע טאַטעס?...

# יידן אין נעגער־געטאָ אין אַפריקע

מיין געלערנטער פריינד און עקספערט אין דרום־אַפריקאַנער ענינים, ד״ר הילדער, פירט מיך איצט איבער די גאַסן, ווו די אַמאָליקע יידישע באַפעלקערונג האָט געלעבט. היינט זענען די גאַסן באַוווינט פון די „קאָלירטע": די אינדאָנעזער, די כינעזער, דער געמיש פון די פּאָרטו־געזער, אינדיאַנער, — מיט די גאָר טונקלהויטיקע און כמעט ווייסע, וואָס געהערן לויטן הערשנדיקן געזעץ צו אַ ספּעציעלער קאַטעגאָריע: די ווייסע מוזן לעבן אין באַזונדערע ראַיאָנען; די קאָלירטע — אין די פאַר זיי באַ־שטימטע געגענטן אין די שטעט, און די נעיטיווס — די ראַסן־שוואַרצע — אין דראָט־געצוימטע רעזערוון אויסערהאַלב דער שטאָט.

איצט זענען מיר אין דעם טייל פון קייפּטאַון, וועלכן די קאָלירטע האָבן געירשנט פון די יידן.

ד״ר הילדער, וועלכער האָט באַגלייטנדיק מיך בעת מיינע רייזעס איבער אַפריקע, שטענדיק פאַרהאַלטן זיך מיט דער רויקייט און אָביעק־טיווקייט פון אַן עקספּערט, סיי ווען מיר זענען געווען די געסט פון משונה־דיקן נאַקעטן קעניג סאָבוזאַ אין סוואַזילאַנד, סיי אין געצעלט פון אַלטן האַלב־שיכורן מטובאַ־מטובאַ, דעם הויפּט־טשיף פון זולולאַנד, צי אַפילו צווישן דיווילדע חיות אין בוש, — איז דאָס מאָל אינגאַנצן אַ געענדער־טער. ער פירט מיך איבער די איצט „קאָלירטע" גאַסן און איז דורכגע־דרונגען מיט עמאָציע, וואָס איך בין נישט געווען געוווינט צו זען ביי אים.

די סיבה איז אַ פאַרשטענדלעכע. אָט אין די דאָזיקע גאַסן האָט ער זיין קינדהייט פאַרבראַכט.

ד״ר הילדער לעבט אויף פאַר מיינע אויגן אויך יענע שאָטנס, וואָס זענען שוין אַוועק פון דאַנען און זענען איצט פאַרטראָטן מיט די „קיטאַי־צעס״ און מיט די „מאַלאַיצעס״.

„מיט זעכציק יאָר צוריק איז מיין טאַטע געקומען פון אַ קליין שטעטעלע נעבן קאָוונע (סרעדניק). אַ שמיד איז ער געווען, א גרויסער קינסטלער אין זיין פאַך. און עס וועט זיך אייך אויסדוכטן אומגלויבלעך — ער איז געבליבן אַ שמיד די גאַנצע זעכציק יאָר — דער איינציקער יידי־שער שמיד אין קייפטאָון. די אַלע ליטווישע יידן, וואָס זענען דעמאָלט אָנ־געקומען אין אונדזער מדינה, האָבן זיך געכאַפּט צו פעדלעריי, צו מעבלע־ריי, צום שטרויספעדער־האַנדל, און מיין טאַטע איז געבליבן אַ שמיד. פאַרמערס פון דער גאַנצער אומגעגנט האָבן זיך מיט זייער פערד און וואָגן געצויגן צו אָט דעם זעלבן געלן הייזל, וואָס שטייט איצט פאַר אייערע אויגן, און דער טאַטע האָט געשמידט פּאָדקאָוועס און געברענט אייזן־רייפן. די בורן־פאַרמערס פלעגן צאָלן מיט מעל, מיט אייער, מיט פיש, מיט מילך־פּראָדוקטן, און אין אונדזער שטוב מיט דרייצן מיילער האָט קיין עסן נישט געפעלט. זעט איר, אַ שיכעלע, אַ קליידעלע, אַ מאַנטעלע — דאָס האָבן די מעכטיקע הענט פון מיין פאָטער נישט געקענט אויסאַרבעטן. אָבער אויף שכר־לימוד פאַר קינדער האָט געמוזט זיין. דאָס האָט מען אַלץ גע־צויגן פון דער „קאָוואַדלע״ מיט די שטיקער וויס־צעגליטן אייזן פון „בלאָז־זאַק״, וואָס האָט דאָס פייער פאַנאַנדערגעבלאָזן. אויך אונדז, קינדער, פלעגט מען צולאָזן צום „בלאָז־זאַק״ און מיר האָבן מיט יונגן ברען גע־צויגן די קייטן פון דער „האַרמאָניקע״, וועלכע האָט מיט איר שאַרפן ווינט דאָס קליינע פייערל פאַרוואַנדלט אין פלאַמען, וואָס פרעסן אייזן. פלעגט דער טאַטע זינגען אונטערן טאַקט פון האַמער:

קלינג־קלאַנג, קלינג־קלאַנג
קלאַפּט דער האַמער מיט זיין געזאַנג...

„פלעגט שבת פאַרשטומט ווערן דער האַמער ביי אונדז, פלעגן אַלע קראָמען אַרום ווערן געשלאָסן, פלעגט מען גיין אָט אין דער צעוואָרפענער חורבה, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ בית־מדרש, און נאָכן דאַווענען גלייך

פון שול איז דער עולם געקומען צו אונדז אויף קידוש; בראָנפן, געהאַקטע הערינג, קיכלעך אויף „מזונות״...

„טויזנטער יידן האָבן דעמאָלט דאָ געוווינט, פיל פון זיי נאָך אָן די פאַמיליעס, וועלכע מ'האָט שפּעטער פון ליטע אַראָפּגעבראַכט. נישט ווייט פון דאַנען איז געשטאַנען אַ הילצערנע „כאַטע״, אַ קלוב אַזאַ, ווו מען האָט אין די אָוונטן צוזאַמען געלייענט די יידישע צייטונג. פיל פון די שפּעטער־דיקע גרויסע ביזנעסלייט (זיי זענען שוין כמעט אַלע אויסגעשטאָרבן) האָבן געאַרבעט אין פּאָרט ביי שיפן אַלס אויסלאָדער און פאַרדינט אַרום פינף שילינג (אַ דאָלאַר) אַ טאָג. אַנדערע האָבן געטראָגן מילך און אייער איבער די הייזער. איר זעט אָט די כינעזישע וועשעריי? זי האָט אַמאָל געהערט צו אַ ליטווישן ייד, קאַצין. ער אַליין, צוזאַמען מיט אַ כינעזער, האָבן די וועש געוואַשן. נו, ער לעבט שוין נישט מער. אָבער זיין זון איז דער קויר־נעל אַלפרעד קאַצין, דער מיליטערישער ראַטגעבער פון יונאַיטעד נעי־שאָנס, טאַקע דער, וואָס איז אין ברען פון דער סיני־אַקציע געלאָפן מיט דיפּלאָמאַטישע שליחותן צו נאַצערן.

„און די ריזיקע פאַבריקן, וואָס באַשעפטיקן איצט פיל טויזנטער ווייסע און שוואַרצע אַרבעטער, און די דאָזיקע פילשטאָקיקע סחורה־הייזער, וואָס איר זעט ביי אונדז אין שטאָט, און די ריכטער, דאָקטוירים, אַדוואָ־קאַטן, וואָס איר האָט היינט געזען אויף דער זיצונג פון באָרד אָף דעפּיוטיס, דאָס זענען אַלץ די קינדער פון יענער גרויסער ליטווישער אימיגראַנטן־מאַסע, וואָס האָט פאַרפלייצט די גאַסן פון דעם קוואַרטאַל, ווו מיר גייען איצט, און וועלכער איז שוין די „געטאָ פון די קאָלירטע״.

„אָרנטלעכע האָרעפּאַשניקעס זענען געווען די טאַטעס און אַ גוטן נאָמען האָבן זיי זיך פאַרדינט ביי די נישט־יידישע שכנים.

„אָט דערמאָן איך זיך ווי אין יענע יאָרן פלעגט אַמאָל קומען צו מיין טאַטן אין „שמידעריי״ אַ פאַרשוין מיט אַ שטיק שטיינערנעם מעטאַ־לענעם צוזאַמענגוס. אין גוס זענען געווען דיקע אָדערן פון גאָלד. דאָס האָט ער וואָרשיינלעך געגנבעט אין אַ גאָלד־גרובן ביי דער אַרבעט. געוואָלט, אַז דער טאַטע מיינער זאָל פאַר אַ פעטן פרייז אויסהאַקן און אויסברענען דאָס גאָלד פון שטיינערנעם צוזאַמענגוס. אָבער דער טאַטע, דער אָרעמאַן, וואָס האָט אזוי זיך געניייטיקט אין די פּאָר שילינג, האָט אָפּגעזאָגט, נישט גע־וואָלט זיין אַ שותף צו אַ גנבה פון גאָלד־גרובן.

„איר זעט, דאָ האָבן די ברידער קייזער, חסידישע יידן פון גאַליציע, אויפגעבויט די ערשטע באָד און מקוה. און דאָ איז כמעט מיט זעכציק יאָר צוריק געגרינדעט געוואָרן די „קאָוונער לאַנדסמאַנשאַפט", ווו מען האָט געלייענט צוזאַמען, דיסקוטירט, „רעפּעטירט" יידיש טעאַטער. נישטאָ מער יענע יידן, און די קינדער זייערע האָבן די לאַנדסמאַנשאַפט פאַר־וואַנדלט אין דער אַריסטאָקראַטישער „קינג דוד לאָדזש"...

נאָר זעט: עפּעס איז יאָ געבליבן פון יענער ווייטער עפּאָכע פון די ערשטע אימיגראַנטן. דאָס איז דאָס ביכער־געשעפט אונטער דער פירמע „בענקענשטאַד", וועלכער איז געווען דער שווער פון היינטיקן אייגנטימער, דעם ענערגישן קולטור־טוער בערל פּאַדאָוויטש.

אינמיטן פון איצט פרעמדן, שמוציקן קוואַרטאַל, איז געבליבן דאָס דאָזיקע געשעפט פון ספרים, ביכער און טליתים. ער זעט מיר אויס ווי אַן איינציקער גאַנצער צאָן אין מויל מיט אַלע אַרויסגעפאַלענע ציין.

גייען מיר אַריין. בערל פּאַדאָוויטש איז מיינער אַן אַלטער פריינד, און צוזאַמען מיטן חשובן צוויטן פריינד מיינעם, הירש טוראָק, זענען זיי צווישן די איינציקע פעסט־געבליבענע זיילן, אויף וועלכע עס האַלט זיך די יידישע קולטור אין קייפּטאָונער ישוב.

אין געשעפט פון פּאַדאָוויטשן פאַרגעסט איר אויף אַ ווײַלע די פרעמדקייט, וואָס הערשט אַרום אין די „קאָלירטע" גאַסן. ווען איך זאָג „פרעמדקייט", בענק איך גאָר נישט נאָך דער צייט, ווען אַלע יידן האָבן דאָ געוווינט — ענג, אָרעם און אויך אַביסעלע שמוציק. איצט געפינט איר די יידן — בעסער געזאָגט, זייערע קינדער — אין די פּרעכטיקע הייזער אַרום דעם ים־ברעג און אין די בערג, וואָס בילדן צוזאַמען די אומ־באַשרייבלעכע שיינקייט פון דער קייפּטאָונער אומגעגנט. אַלע האָבן זיי אויטאָמאָבילן, אַלע זענען זיי, ברוך השם, אַ פאַרמעגלעכער עלעמענט צווישן דעם אַזוי פּריווילעגירטן דאָ „ווייסן" סעקטאָר פון דער באַפעל־קערונג. גייסטיק און מאַטעריעל לעבט מען זיך אויס אַרום אַכציק פּראָצענט אין ענגליש. פון די אַמאָליקע מנינים אין געדונגענע שטיבלעך זענען אויסגעוואַקסן סינאַגאָגעס, די לעצטע פון זיי, „תפארת ישראל", פון אַזאַ אַרכיטעקטור, וואָס פּאַסט זיך אויף דער וועלט־אויסשטעלונג אין בריסעל. די סינאַגאָגע איז אַ קיילעכדיקער מאָנומענט, וואָס דערמאָנט דעם אַמערי־קאַנער פּאַוויליאָן דאָרטן, אין סטיל פון רוימישן „קאָלאָסעום". און שבועות

ביינאַכט האָב איך נאָך דערצו געהערט דאַווענען דעם כישוף־חזן שמחה קוסעוויצקי, איינער פון די פיר געבענטשטע ברידער, מיט דעם „גאָלדן־גלעקל״ אין האַלדז...

אָבער צוריק צו פּאַדאָוויטשס געשעפט, ווו עס ליגן אָנגעוואָרפן, נישט דווקא אין אַרטיסטישער אָרדענונג, משניותן און טליתים, מנורות און די ווערק פון שלום־עליכם, די צייטונגען פון ניו־יאָרק און אַ מעשה־ביכל פון פריערדיקן יאָרהונדערט. אויך מצות און הער־ינג פאַרקויפט מען דאָ. א סברה, אַז פּאַדאָוויטש מאַכט אַ לעבן פון די לעצטע צוויי אַרטיקלען, ווייל דער געדראַנג נאָך ביכער זעט זיך דאָ צו שטאַרק נישט אָן.

*

דער בכבודיקער כאַראַקטער פון מיין איצטיקער קולטור־שליחות אין נאָמען פון ייווו״אָ האָט אויך אין קייפּטאָן, ווי אין אַנדערע שטעט, גרו־פּירט אַרום מיר די עלעמענטן פון יידיש־ליבהאָבער, ווי אויך די אַרבע־טער־ציוניסטן, וועלכע זענען אין זייער מערהייט דאָ פון די שטיצער פון ביידע שפּראַכן: יידיש און העברעיש. זיי זענען אין דרום־אַפריקע פאַראיי־ניקט אין אַ „קולטור־פעדעראַציע״ און ווו איך קום בין איך זייער גאַסט.

ברענגט מען מיך דעמזעלבן אָוונט פון מיין אָנקומען קיין קייפּטאָן אין אַ פּריוואַטער שטוב, ווו אַ פּאָר צענדליק מיטליאָריקע פרויען און מע־נער בילדן אַ „לייען־קרייז״ פאַר יידישער ליטעראַטור.

לייענט מען צוזאַמען, זינגט מען צוזאַמען, יעדע וואָך אין אַן אַנדער שטוב. און כאָטש די שטובן, ווו איך בין געווען, זענען אייגנטלעך רייך אויסגעשטאַטע ווילעס, פאַר וועלכע עס שטייען שוין אַ ריי אויטאָמאָבילן, וואָס האָבן אַהערגעבראַכט די „יידיש־ליבהאָבער״, און כאָטש דער „כיבוד״ איז געטיילט מיט אַ ברייטער האַנט, און קיין זאַך דאָ דערמאָנט נישט אין יענע „שטיבלעך״ אין איצט פאַרלאָזענעם „קאָלירטן״ קוואַרטאַל, ווו אַזעל־כע לייענער־גרופּעס פלעגן זיך אַמאָליקע יאָרן צונויפקומען אין ענגשאַפט און אין נויט, — פיל איך דאָך, אַז די נייע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס און דער לייכטערער לעבנס־שטייגער האָבן די דאָזיקע גרופּע נישט צעבאַלעוועט. עס זענען מערסטנטייל האַרציקע פאָלקס־מענטשן, וואָס ווילן זיך אויס־לעבן אין דער שפּראַך און אין דער סביבה, וואָס איז זיי צוגעוואָוינטסטן. אין דער שטוב, ווו איך געפין זיך איצט, האָט דער באַלעבאָס און גאַסט־

געבער, יצחק קורגאַן, אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן זיין לעצטן באַזוך אין ישראל בעת די „יום העצמאות"־פייערונגען. איך ווייס, אַז צווישן די צו־הערער זענען פאַראַן ציוניסטן, בונדיסטן און אַ שיין ביסל אַמאָליקע „לינ־קע". אָבער דאָס לאָזט זיך גאָרנישט מערקן אין דער ענטוזיאַסטישער אויפנאַמע, וואָס דער גאַסטגעבער האָט באַקומען ביי די צוהערער. עס הערשט חברשאַפט און טאָלעראַנץ, אַ געענדערטע שטימונג אויף דער יידי־שער גאַס, וואָס מיר האָבן צו פאַרדאַנקען סטאַלינען און כרושטשאָוון און זייער פּאָגראָם אויף ייִדיש... אַ געוויסן אויסנאַם שטעלט מיט זיך פאָר אַן ענלעכער קרייז אין יאָהאַנעסבורג, ווו אַ פּאָר פאַרריסענע סטאַליניסטן ווילן נישט „אַראָפּלאָזן פון פּרייז". נאָר וועגן דעם וועל איך דערמאָנען אין מיינע איינדרוקן וועגן יאָהאַנעסבורג.

איין מענטש וויל איך יאָ אויסטיילן צווישן די פאַרזאַמלטע, ווייל ער האָט געמאַכט אויף מיר אַ טיפן איינדרוק מיט זיין גרייטקייט אויף קרבנות, כאָטש ער האָט געהערט גראָד צו די אַמוויייניקסטן פאַרמעגלעכע אין דעם דאָזיקן קרייז פון יידיש־ליבהאָבער.

דער מאַן מיטן צעפּלאָשעטן קראַגן, מיטן קיינמאָל נישט געפּרעסטן אָנצוג, איז סך הכל אַן אייגנטימער פון אַ געוועלבל, ווו מען פאַרריכט צעבראָכענע שירעמס און מען פאַרקויפט אַלטע קאָמיק־מאַגאַזינען. קיין אויטאָמאָביל פאַרמאָגט נישט מיין „העלד", וואָס רופט זיך אַליין „באָהעם" און „ציגיינער". אָבער אַ וואַרעם האַרץ האָב איך דערפילט אין אים, און ווען ער האָט מיך געבעטן איך זאָל זיך אַמאָל מטריח זיין און באַזוכן אים אין זיין „געשעפט", האָב איך אים צוגעזאָגט. אגב, האָט ער מיר געזאָגט, אַז ווען די פאַרשטאָרבענע ד"ר י. שטיינבערג און פּריער ב. בראַמסאָן האָבן באַזוכט קייפּטאָן, איז ער מיט זיי שטענדיק מיטגעגאַנגען און געהאָלפן אין זייערע „קאַמפּיינס". האָב איך זיך איינמאָל אָפּגעשטעלט נעבן דעם פינצטערן בודקעלע, אַרום וועלכן עס ליגן צעלייגט אויפן טראָ־טואַר די אַלטע זשורנאַלן און אינעווייניק ווערן פאַרריכט צעבראָכענע שירעמס.

גרויס איז געווען די שמחה פון מיין „ציגיינער". „איך ווייס", זאָגט ער, „אַז איר רעפּרעזענטירט ייוו"אָ און אַז דער פּרייז פון אַלע ווערק פאַר אייניקע יאָר פאָרויס איז אַרום הונדערט דאָלאַר. איז טוט מיר אַ טובה: נעמט דערווייל די צוואַנציק דאָלאַר, וואָס איך האָב היינט געלייזט. אין

משך פון דער וואָך וועל איך איך יעדן טאָג ברענגען אַ העלפט פון מיין „פדיון״, ביז איך וועל דעקן די גאַנצע הונדערט דאָלאַר״...

ווען איך האָב זיך געוואָלט אָפּזאָגן פון זיין פאָרשלאָג, וועלכער האָט מיר אויסגעזען צו שווער פאַר אים, האָט ער זיך באַליידיקט: „נישקשה, ווען עס קומט צו שטיצן יידישע וויסנשאַפט, בין איך גרייט אויף נאָך גרעסערע קרבנות, ווי עס דערלויבט זיך אַן אַסימילירטער גביר״.

און ער האָט געהאַלטן וואָרט: אין משך פון דער וואָך האָט ער אין קאָנווערטן געבראַכט פּאַפּירלעך און קליינגעלט, ביז ער האָט געדעקט די סומע פון הונדערט דאָלאַר.

איך האָב זיך געטראָפן מיט הונדערטער מענטשן בעת מיין איצטיקן באַזוך, מיט אַזעלכע, וואָס האָבן געגעבן גערן, און מיט אַזעלכע, וואָס מען האָט געדאַרפט אַמאָל אַ שטאַרקן קוועטש טאָן, און מיט מיליאָנערן־רשעים, וואָס האָבן מיט אַ טאַלאַנט, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט געניאַלקייט, זיך אַרויסגעדרייט, באַהאַלטן, געזאָגט ליגנס, און צום סוף „געוווּנען״ דעם קאַמף מיט מיר: זיי האָבן קיין סענט נישט געגעבן... און דאָ טרעף איך אַ ייד, אַ שווער פאַרהאָרעוועטן אַרבעטער, וואָס טראָגט אַנטקעגן זיין ביי־טראָג מיט אַזויפיל „באָהעמיש־ציגיינערישן״ חן, אַז עס ווילט זיך דאָס פאַר־רעגיסטרירן אלס איינע פון די דערשיינונגען, צוליב וועלכע, ווייזט אויס, אונדזער סדומישע וועלט ווערט נאָך אַלץ נישט חרוב...

*

דאָס שטעטל מיוזענבערג, דרייסיק מייל פון קייפּטאָן, ליגט ביים סאַמע אינדישן אָקעאַן. רוען דאָרט אָפּ אויף זייערע עלטערע יאָרן אַ פּאָר הונדערט יידן אין פיינע האָטעלן און פּריוואַטע ווילעס. האָבן זיי אויך אַ פּיי־נעם חזן, — ל. גאָלדוואַסער איז זיין נאָמען (אַמאָל פון ביאַלאָבזשעג, נעבן ראַדאָם). ווי אַנדערע חזנים אין די פאַרוואָרפענע יידישע ישובים, איז ער אויך אַ קולטור־מענטש, פאַרמאָגט אַ גרויסע יידיש־העברעישע ביבליאָ־טעק, און זיין הויז איז דער „בית ועד״, דער זאַמל־פּונקט פאַר אייגענע יידישע מענטשן און פאַר אַלע דעלעגאַטן פון דער פרעמד.

פירט מיך חזן גאָלדוואַסער ווייט־ווייט מיטן סאַמע ברעג פון אינדישן אָקעאַן אין דער ריכטונג צו אַן אַנדער שטעטל, — האַלב שוין ביים סוף פון דער וועלט, — דאָרטן, וווּ דער „שפּיץ פון דער יבשה״ ענדיקט זיך

און עס הייבט זיך אָן דער ים, וואָס ציט זיך אַזש ביזן דרום־פּאָל... נו, איז דאָרט אויך פאַראַן א ליטוואק, א יידישער קרעמער, וואָס שטאַמט פון מאַריאַמפּאָל. ווי אַזוי ער האָט אָנגעשפּאַרט צום עקזאָטישן ישוב אין אינ־דישן אָקעאַן, נישט ווייט פון דאָרטן, וווּ ווילדע חיות און אויך די מאַלפּעס־באַבונעס וווינען, ווייס איך נישט. זיין נאָמען איז ג. מאַרקאָוויטש. אַ בוכ־האַלטער אין דער יידישער באַנק. אָבער דאָ פאַרמאָגט ער, אָן עין הרע, אַ גרויס שפּייז־געשעפט. ער איז נאָך אַלץ דער משכיל, ער אינטערעסירט זיך מיט די געשעענישן אין דער ברייטער יידישער וועלט און איז אין זיי באַהאַוונט. אויפן טיש ליגט אַ ניו־יאָרקער צייטונג, — מיין צייטונג. איך וואָלט געזאָגט, אַז דאָס איז דער ווייטסטער פּונקט אויפן ערד־קיילעך, וווּ אַ יידישע צייטונג דערגייט, ווייל אין די צוויי פּאַראַלעלע פּונקטן, — אין טאַסמאַניע (אויסטראַליע) און צווישן די ווילדע אינדיאַנער פון דער „פייערדיקער ערד" אין טשילי, זענען קיין יידיש־לייענער נישטאָ.

דערפרייט זיך מיט מיר אונדזער פריינד, אונדזער לייענער, ווייל ער ווייסן וועגן יעדן פון די שרייבער, וועלכע ער שלינגט ממש מיט אייפער אָט דאָ, אין עק וועלט. אַבאַנירט ער מיט פרייד אַלע ייוואָ־שריפטן, ווייל ער אויך איך זאָל אים דערציילן וואָס איך האָב געזען אין ישראל...

גרויס און ברייט איז די יידיש־וועלט, ווייט צעשפּרייט זענען אירע אמבאסאדאָרן און עס ווילט זיך „שהחיינו" מאַכן אויפן לייענער, וואָס האָט איר רום פאַרטראָגן אַזש ביזן „ברעג פון דער גאָלדענער האָפענונג", וווּ די יבשה ענדיקט זיך.

## אַ גאַליציאַנער ייד — אַ ליבלינג פון די נעגערס אין דרום-אַפריקע

די שיף, וועלכע פירט מיך פון קייפּטאָן קיין פּאָרט עליזאבעט, הוידעט זיך אויף שטורמישע כוואַליעס.

נאָרמאַל דאַרף זי פאָרן אַהין צוויי טעג און צוויי נעכט; פּאַקטיש אָבער האָט דאָס געדויערט, צוליבן אומגעוויינלעכן שטורעם, מיט 36 שעה

לענגער. און די דאָזיקע פּאַרשפּעטיקונג האָט „איינגעשלונגען" דעם אָוונט פון מיין לעקציע, וועלכע דער אָרטיקער קאָמיטעט פון ייוו״אָ האָט איינ־געאָרדנט.

גלייבט מיר, עס געהערט נישט צו די פּאַרגעניגנס: אין משך פון כמעט צוויי מעת־לעת זען פונדערווייטנס די פייערן פון דער שטאָט, צו וועלכער מען פאָרט — אָבער מעכטיקע ווענט מיט שטורמישע וואַסערן דערלאָזן נישט צוקומען די שיף צום ברעג.

מילא, איז די פאַרלעזונג פאַרגעקומען מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער — אָבער אַ געפיל האָב איך געהאַט, אַז די שטאָט וועט מיך שלעכט אויפ־נעמען — פונקט אַזוי ווי זי וויל נישט אויפנעמען די שיף, וועלכע שאָקלט זיך אַזוי אומברחמנותדיק.

אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז זעלטן ווען באַגעגנט דער אויסגעמאַטער־טער רייזנדער אַזאַ וואַרעמע אַטמאָספער, ווי ביי דער קליינער קהילה פון פּאָרט עליזאַבעט.

ספּעציעל האָב איך דאָס צו פאַרדאַנקען דער גרופּע יידישע קולטור־טוער, מיטן סעקרעטאַר פון דער פעדעראַציע לואיס לייבאָוויטץ, דעם עלטסטן קאָנסילמאַן און געוועזענעם בירגערמייסטער פון פּאָרט עליזאַבעט, דעם באַרימטן אין גאַנצן לאַנד „באַשיצער פון די שוואַרצע" — אַדאָלף שאַודער.

אייגנטלעך האָב איך א. שאַודערן שוין אַמאָל געזען: אויפן לייוונט פון אַ פילם־בילד, וואָס ווייזט, וואָס אַזוינס ער האָט אויפגעטאָן פאַרן לאַנד, און ספּעציעל פאַר די „קאָלירטע" און „נעיטיווס". ווען איך האָב דערזען אויפן בילד דעם דאָזיקן עלטערן דזשענטלמען, האָב איך זיך גאָרנישט פאַר־געשטעלט, אַז ער איז אַ ייד — ווייל צופיל לויב־געזאַנגען האָבן די רעגי־רונגס־ספּערן, וואָס האָבן געשאַפן דאָס בילד, אים צוגעטיילט. אָבער איצט, אין לאָקאַל פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע, וווהין ל. לייבאָוויטץ האָט אים געבראַכט, מיר זאָלן זיך באַקענען, האָב איך דערזען נישט נאָר די פּראָמינענטע פערזענלעכקייט, נאָר אויך דעם וואַרעמען, האַרציקן און רע־ליגיעזן ייד, און אויף די דאָזיקע אייגנשאַפטן האָב איך זיך גאָרנישט געריכט.

בקיצור, א. שאַודער באַגריסט מיך און מיין קולטורעלע מיסיע, אין נאָמען פון דער שטאָט, און זאָגט־צו, אַז ער פערזענלעך וועט פירן דעם

פאַרזיץ אויף דער פאַרזאַמלונג, ווו איך טרעט אַרויס, און וועט אויך באַנוצן זיין פּערזענלעכן איינפלוס, אַז מיין מיסיע זאָל זיין אַ דערפאָלגרייכע.

ספּעציעל, פאַרשטיי איך, האָט ער געוואָלט, אַז די יידישע וועלט זאָל דורך מיינע „שפּאַקולן" אַ קוק־טאָן, וואָס עס האָט אין משך פון פופ־ציק יאָר אויפגעטאָן אין ווייטן דרום־אַפריקע אַן אָרעם יינגל פון קאָלאָמיי, גאַליציע.

און איך אַליין בין אויך געווען נייגעריק צו זען מיט מיינע אייגענע אויגן די באַרימטע איצט דאָ אין לאַנד, און אין דער גאַנצער ענגלישער אימפּעריע, ביליקע הייזער, וועלכע זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שטעט, פאַר וויסע, קאָלירטע און שוואַרצע.

אַלע וויסן, אַז די גרעסטע מערהייט פון דרום־אַפריקאַנער יידנטום שטאַמט פון ליטע. און ביז נישט לאַנג צוריק האָט אַ פּוילישער ייד, — בפרט נאָך אַ גאַליציאַנער, — זיך געפילט אין „גלות" ביי די ליטוואַקעס.

און דאָ קומט אַ קאָלאָמייער און רייסט אַרויס די בכורה פון פאָפּו־לאַריטעט און אָרגאַניזאַציע־טאַלאַנט פון דער „ליטווישער" מערהייט. שומר שמים! עס איז נישט אַזוי לייכט צו באַקומען דעם טיטל „סאָנגעבאַ", וואָס באַדייט אויף דער זולו־שפּראַך: „דער מענטש פון רחמנות" אין אַ לאַנד, ווו מען האָט אַזוי אומברחמנותדיק באַהאַנדלט דעם „נידעריקן" טיפּ פון מענטש — דעם קאָלירטן און דעם שוואַרצן.

און ביי מיר איז דער דאָזיקער טיטל, מיט וועלכן עס האָבן דעם גאַליציאַנער ייד באַשאָנקען טאָקע די מיליאָנען אונטערדריקטע, פיל חשו־בער, ווי מען וואָלט אים געמאַכט פאַר אַ מער אָדער פאַר א לאָרד... טיטו־לירטע יידן האָבן מיר געזען אַ סך, אָבער אַ „סאָנגעבאַ", אַזוי באַליבט ביי די נישט־וויסע — האָבן מיר נאָר איינעם.

*

פּינקטלעך צוויי אַזייגער באַכמיטאָג קומט דער כמעט אכציק־יאָרי־קער א. שאַודער מיך נעמען פון מיין האָטעל, כדי מיך פירן צו די דורך אים אויפגעבויטע „שטעט".

איך באַמערק אַ פייערל פון אומגעדולד אין זיינע אויגן — ער איילט זיך מיר דאָס אַלץ צו באַווייזן; ער איילט זיך. אַזוי ווי אַ יונגער בחור לויפט וואָס שנעלער זען זיין געליבטער. פונדעסטוועגן, גליען נאָך

שטאַרקער זיינע אויגן אויף, ווען איך דערצייל אים, אַז מיט עטלעכע יאָר פאַרן קריג האָב איך באַזוכט קאָלאָמייע אין די ענינים פון די דאָרטיקע קאָאָפּעראַטיווע בענק; אַז איך בין אויך געווען דאָרט אין די באַרימטע פאַבריקן פון טליתים. וויל ער וויסן איינצלהייטן, וואָס איך אַליין געדענק קוים. רוף איך אים אָן אַ פּאָר באַרימטע קאָלאָמייער אין אַמעריקע; דער־צייל אים, אַז ד״ר ש. ביקל האָט אָנגעשריבן אַ ווונדערבאַר בוך איבער זיין געבורט־שטאָט — וויל ער דאָס בוך.

און ווען מיר פאָרן איבער די מאָדערנע גאַסן פון פּאָרט עליזאַבעט — די יונגע אינדוסטריעלע שטאָט, — הער איך אָפּגעריסענע זכרונות פון אַלטן גאַליציאַנער: זיין טאַטע איז געווען אַ הייסער חסיד, וואָס האָט גע־וווסט נאָר פון בית־מדרש און פון רבין; פּרנסה האָט געדאַרפט פאַרשאַפן די מאַמע; ווען ער איז אַלט געוואָרן דרייצן יאָר, האָט אים די קאָלאָמייער איק״א אַרויסגעשיקט קיין ווין לערנען אַ פאַך; האָט ער זיך אַ יאָר צייט געוואַלגערט ביי אַ קריסטלעכן סטאָליאַר, און נאָך צוויי יאָר — ביי אַ ווינער היטלמאַכער, און צום סוף, זיך נישט אויסגעלערנט ווי מען דאַרף די דאָזיקע פאַכן.

נאָכדעם איז ער פאַרוואָגלט געוואָרן קיין נאָרוועגיע; פון דאָרט — קיין ענגלאַנד, ווו ער האָט פאַרדינט זיבן שילינג אַ וואָך (דעמאָלט — אַרום צוויי דאָלאַר) ביי אַ יידישן היטלמאַכער; איז דאָס אים אויך דערעסן געוואָרן; און ווען פון מאַנטשעסטער איז אַוועק אַ שיף קיין אויסטראַליע, אין אָנהייב פון היינטיקן יאָרהונדערט, איז ער מיטגעפאָרן; אָבער די שיינ־קייט פון קייפּטאָן האָט אים פאַרכאַפּט, איז ער דאָ אַראָפּ פון שיף. געווען איז דעמאָלט די בורישע מלחמה, און שפּעטער האָט זיך דערשלאָגן קיין פּאָרט עליזאַבעט, ווו ער איז געוואָרן אַ קעלנער אין אַ רעסטאָראַן; אויך דאָס האָט זיין שטורמיש געמיט נישט געקאָנט באַפרידיקן; האָט ער זיך פאַרשריבן אַלס סאָלדאַט אין דער ענגלישער קאַוואַלעריע; נו, און נאָכן קריג איז ער שוין געבליבן אַלס טעטיקער מיטגליד פון קליינעם יידישן קיבוץ; צו 23 יאָר גרינדעט שפּעטער די „חברה קדישא״ און ווערט איר פאָרזיצער; דאָס דויערט גאַנצע 25 יאָר; דערנאָך העלפט ער גרינדן די העברעישע שול און די אָרטאָדאָקסישע סינאַגאָגע; נאָכדעם קלייבט מען אים אויס אַלס קאָונסילמאַן אין שטאָט־ראַט, ווו ער דינט שוין מער ווי 35 יאָר; אין די היטלער־יאָרן האָט אים דער שטאָט־ראַט אויסגעוויילט אַלס

מעיאָר, און ביז איצט איז ער נאָך אַלץ דער עלטסטער ראַטמאַן אין שטאָט, וועלכן מען קלייבט אויס אויף נייע טערמינען!

— איך האָב — זאָגט ער — בייגעוווינט דעם קאָלאָסאַלן וווּקס פון מיין שטאָט, וועלכע האָט אין 15 יאָר פאַרדאָפּלט איר באַפעלקערונג; איך האָב אָבער אויך געזען די אומדערטרעגלעכע באַדינגונגען, אין וועלכע עס לעבן די קאָלירטע און ספּעציעל די „נעיטיווס", ד. ה. די פּיזישע בויער פון דער שטאָט, זענען דאָ געקומען פון די ווייטע „קראַאַלס" (דערפער) זוכן ברויט; געלעבט אין שמוץ, אין פּשוטע גאַזאָלין־בלעכן, אָדער אין הילצערנע קאַסטנס; נישט בעסער איז געווען דער גורל פון די פאַראָרעמטע ווייסע פאַרמערס, וועלכע זענען געקומען אַרבעטן אין שטאָט און נישט געהאַט ווו זייער קאָפּ אַוועקצולייגן; און איצט, זעט!

מיר פאָרן אַרויס פון די באַבויטע מיט גרויסע הייזער באַרגיקע גאַסן, און אונטן, אין טאָל, עפנט זיך אַ פּאַנאָראַמע וואָס מען קאָן גאָרנישט פאַרגעסן: דער „אַפּאַרטהייד" דאָס הייסט, דאָס פאַנאַנדערטיילן די ווייסע, קאָלירטע און נעיטיווס, האָט דאָ באַקומען אַ מאָדנעם „תיקון": דאָס גוטע האַרץ פון אַ ייד, וואָס האָט פון אַ שלעכט געזעץ געשאַפן אַ גרויס הומאַניטאַר ווערק.

אַ ים מיט ווייסע, קליינע הייזלעך — צוואַנציק טויזנט הייזער פאַר אָרעמע ווייסע. זיי צאָלן־אויס דער שטאָט, וואָס האָט די הייזער פאַר זיי געבויט, אַרום זעקס דאָלאַר אַ חודש. זיי האָבן דאָ: קלובן, קירכעס, שפּיל־פּלעצער. אין יאָרן אַרום וועלן זיי ווערן די אייגנטימער פון די הייזער. מיר פאָרן דורך דער הויפּט־גאַס און דערזען אַן אויפשריפט — זי רופט זיך: „שאַודער עוועניו!" זענט איר אפשר נישט שטאָלץ מיטן גאַליציאַנער בויער? איך — יאָ!

און דאָ איז די אַנגליקאַנער קירכע.

— דאָס האָב איך געלייגט דעם פונדאַמענט פון איר. דער הויפּט פון דער ביבל־סאָסיעטע אין דער געגנט, דאָמיני וואַן אַרקעל, האָט אין זיין רעדע דאַן געזאָגט: „דער שטאָט־ראַט ביי אייך באַשטייט פון 21 מיטגלידער, אָבער דער איינציקער, וואָס קאָן אָנגערופן ווערן „קריסט", לויט דער מיינונג פון דער עוואַנגעליע, איז דער ייד שאַודער..."

מיר לאָזן הינטער זיך די שפּיל־פּלעצער, מאָנומענטן, שפּיטאָל פון דער ווייסער שטאָט, און מיר פאָרן אַריין אין דער נייער געגנט: די שטאָט

פאַר די „קאָלירטע״ (דער געמיש פון די אָפּשטאַמיקע פון אַלע ראַסן). אפשר ווייסט איר, ווי די דאָזיקע שטאָט הייסט? — „שאַודערוויל...״ אָן קאָמענטאַרן — אָבער איך האָב אָנגעקוקט מיין אַכציק־יאָריקן באַגלייטער, מיט פייכטע אויגן.

אָט איז אַ מעדיצינישע קליניק, ווו שאַודערס טאָכטער, — אַ דאָק־טאָרין, — אַרבעט אָן געלט. און אָט איז די קאַטוילישע קירכע, דער קאָ־לעדזש פאַר כינעזער. די פּאַטערסאָן־מיטלשול, די שפּיל־פּלעצער פאַר קינדער.

הונדערט טויזנט „פאַרביקע״ מענטשן וווינען דאָ, און יעדע פאַ־מיליע צאָלט דער שטאָט אַ רענטע פאַר די הייזער, וואָס וועלן מיט יאָרן שפּעטער ווערן זייער אייגנטום — זעקס שילינג און דריי פּענס אַ חודש (אַרום אַ דאָלאַר).

נאָכדעם ווי די דאָזיקע שטאָט מיט אירע קירכעס איז אויפגעבויט געוואָרן, האָט דער פּויפּסט אין רוים אָנגענומען אויף אַ ספּעציעלער אוי־דיענץ דאָס געוועזענע אָרעמע יינגל פון קאָלאָמיי.

און אָט פאָרן מיר צו צום פּאָסט־אַמט — דער איינציקער אין גאַנץ דרום־אַפריקע פּאָסט־אַמט אויסשליסלעך פאַר „קאָלירטע״. אַ שילד הענגטביים אַריינגאַנג: „שאַודערוויל פּאָסט און טעלעגראַף״.

מיר גייען אַרויס פון אויטאָ און גייען אַריין אין אַ גרויסער שטוב, אויף וועלכער עס הענגט אַ שילד: „נוירסערי״. דאָס איז אַן אַנשטאַלט, ווו אַרבעטנדיקע „קאָלירטע״ מאַמעס לאָזן איבער זייערע קינדער. דאָ שפּייזט מען זיי, מען שפּילט זיך מיט זיי און מען לערנט. אַ געלויף פון אַרום זיבעציק קאָלירטע קינדערלעך... אייניקע — קאָלירטע לערערינס. עס איז דאָס ערשטע מאָל, ווען איך דערהער, ווי מען רופט מיין באַגליי־טער: „סאָנגעבאָ״ — מענטש פון רחמנות. מען קען אים דאָ; מען דער־פרייט זיך מיט אים; די לערערינס זעצן אויס אַרום אונדז, אין אַ קאַראַ־האָד, דעם פילפאַרביקן „אינטערנאַציאָנאַל״ — דעם רעזולטאַט פון דריי הונדערט יאָר צוזאַמענמישן זיך, אין ליידן און אין פריידן, פון די פּאָר־טוגעזער, פּאָלינעזער, כינעזער, אינדיער, אַראַבער... איר זעט אויף די פּנימער, אין די אויגן, אין די באַוועגונגען פון די קינדער, די ווירקונג פונעם דאָזיקן היסטאָרישן פּראָצעס.

איצט זענען מיר שוין ביים אַריינפאָר אין דער שטאָט פון די אמתע שוואַרצע פון די „נעיטיוואָס״.

פון דער שטאָט האָט מען דאָס געמאַכט דעם פילם, וועלכן איך האָב געזען אין יאָהאַנעסבורג, אונטערן אַ ביסל פּראָפּאַגאַנדיסטישן נאָמען: „די פאַרמשפּטע געפינען זייער גליק״ (מיר וועלן אים אויך זען אין אַמע־ריקע).

פריער פאָר אַלץ וואַרפן זיך אין די אויגן די טויזנטער הייזער, וואָס פאָרד האָט געהאָלפן בויען, אַוועקגעבנדיק אויף דעם צוועק די הילצערנע קאַסטנס, אין וועלכע זיינע אויטאָמאָבילן זענען אָנגעקומען איינגעפּאַקט. דאָס איז געווען אין די מלחמה־יאָרן און קיין אַנדער בוי־מאַטעריאַל איז נישט געווען.

ביי דער זייט פון דער געגנט זעט מען נאָך די פאַרזשאַווערטע „באַראַבאַנען״ פון גאַזאָלין, אין וועלכע עס וווינען נאָך אַ צאָל „נעיטיוואָס״ פאַר וועלכע מען בויט איצט די געמויערטע הייזער.

און אָט איז דער נייער „וואָלד״ — גאַנצע צוועלף טויזנט געמויערטע הייזער פון וועלכע אפילו די „טשיפס״ פון די שבטים האָבן קיינמאָל נישט געוווּסט. הונדערט טויזנט מענטשן קלייבן זיך אין זיי אַריין גראָד איצט און אין משך פון די קומענדיקע חדשים. אַ גראַנדיעזער שפּיטאָל, מיט שוואַרצע דאָקטוירים, שולן, קירכעס, שפּיל־פּלעצער. יעטוועדע משפחה צאָלט פאַר איר הייזל אַרום פיר דאָלאַר אַ חודש — שוין מיט וואַסער און עלעקטרי־באַלייכטונג.

אַז איר דערמאָנט זיך, וואָס פאַר אַ שרעקלעכע וווינונג־ און סאַני־טאַרע באַדינגונגען איך האָב געטראָפן אין דעם „אַלעקסאַנדראַ געטאָ״, נעבן יאָהאַנעסבורג, וועלכע איך האָב אויבן באַשריבן, וועט איר באַגרייפן, וואָס דאָ איז אָפּגעטאָן געוואָרן.

פרעג איך, פונדעסטוועגן, מיין באַגלייטער די קיצלדיקע פראַגע: „צו וואָס דאַרף מען בויען אַזש צוויי שטעט, פאַר שוואַרצע באַזונדער און קאָלירטע באַזונדער? איך רעד שוין נישט וועגן דעם, אַז פון מיינעטוועגן האָט מען געמעגט דאָ בויען נאָר איין גרויסן וווינונגס־צענטער, אפילו מיט די ווייסע צוזאַמען״.

ענטפערט שאַודער: „דורך איך רעדט דער טעאָרעטישער הומאַ־ניטאַר, וואָס קען נישט די אָרטיקע באַדינגונגען; די ראַסן דאָ קאָנען זיך

נישט מישן, אַזוי ווי בוימל קאָן זיך נישט צונויפמישן מיט וואַסער... מען מוז דעריבער זען, אַז אין די געגעבענע באַדינגונגען און אונטער די הער־שנדיקע געזעצן, זאָלן די באַזונדערע גרופּעס לעבן אין מענטשלעכע וווינונגען.

„און אָט האָב איך 25 יאָר נאָכאַנאַנד געשטרעבט דערצו, געחלומט וועגן דעם און דאָס פאַרווירקלעכט: איך האָב אַריינגעלייגט מיין יידישע נשמה אין דער דאָזיקער „שוואַרצער״ שטאָט; און אַז איך האָב זי געבויט, האָב איך שטענדיק געדענקט דעם „ואהבת את הגר, כי גרים הייתם בארץ מצרים״ (האָב ליב דעם פרעמדן, ווייל פרעמדע זענט איר געווען אין לאַנד פון מצרים)...

*

מיר פאָרן צוריק און מיין פּראָמינענטער גאַסטגעבער דערציילט מיר, ווי אַזוי ער האָט אין דער זעלביקער שטאָט אויפגענומען נחום סאָקאָ־לאָוון, פּרץ הירשביינען, ד״ר ל. בראַמסאָנען און א. סינגאַלאָווסקין; ווי אַזוי ער איז שטאָלץ געווען צו זיין דער פריינד פון פאַרשטאָרבענעם טשיף־ראַביי פון אַפריקע ד״ר י. לאַנדוי — „אויך אַ גאַליציאַנער געווען, און נישט פאַרשעמט האָבן מיר ביידע די שטאָלצע ליטווישע יידן אונדזערע...״

נאָך אַנדערע טעג און נעכט זענען מיר געווען מיט א. שאַודערן צוזאַמען אויף פּריוואַטע „פּאַרטיס״ און בעת דער אָפיציעלער אויפנאַמע פאַרן גאַסט פון ייוו״אָ.

ער ווערט אינגיכן אַכציק יאָר אַלט. בין איך גליקלעך געווען אויך מיין ווייניקייט אַריינשליסן אין פּערזענלעכן קאָנטאַקט מיט אַ מענטש, וואָס איז אַ שטאָלץ פאַר דער מענטשהייט, פאַר יידן, פאַר אפריקע, נו, און אויך פאַר די גאַליציאַנער בכל אתר ואתר...

## ביים יידישן פּרעמיער פון ראָדעזיע

דער שוואַר־לייביקער, הויכגעוואַקסיקער מענטש, וואָס זיצט אויבנ־אָן פון לאַנגן טיש, צווישן מיר און ראַבאַי מרדכי קאָנוויסער, גיט אַ זאָג, ענטפערנדיק אויף איינער פון מיינע פראַגן:

„יאָ, איך פיל אָפט אַ באַדערפעניש צו גיין אין שול דאַווענען, ספּעציעל ווען איך בין צופרידן מיט אַ פּאַסירונג אין מיין לעבן, פאַר וועלכער עס ווילט זיך דאַנקען דעם אייבערשטן. היינט אָונט, למשל, וועל איך גיין „מקבל שבת" זיין אין דער ספרדישער שול, ווייל זי איז אַ נייע און מען האָט זי פאַראַכטאָגן געעפנט. געוויינלעך אָבער דאַוון איך — ווי איר ווייסט דאָס גוט, ראַבאַי קאָנוויסער — אין אייער אשכנזישער שול, ווו מיין טאַטע האָט אַזוי פיל יאָרן זיין „שטאָט" געהאַט..."

דער מענטש, וואָס האָט אַרויסגעזאָגט די דאָזיקע ווערטער, איז דער פּרעמיער־מיניסטער פון דער פעדעראַציע פוןביידע ראָדעזיעס און ניאַסאלאנד. דאָס גליקלעכע געשעעניש, וועגן וועלכער ער דערמאָנט, איז דער רעזולטאַט פון די וואַלן, וועלכע זענען נאָר־וואָס פאָרגעקומען און געגעבן זיין פּאַרטיי אַ מערהייט אין פעדעראַלן פּאַרלאַמענט.

עס זיצן איצטער אין רעגירונגס־פּאַלאַץ אין דער הויפּטשטאָט סאַליסבורי דריי יידן אַרום אַ שרייבטיש. איינער פון זיי איז דער פּרעמיער סער ראָי וועלענסקי, וועמענס פאָטער איז געקומען אין ווייטן אַפריקע פון אַ קליין שטעטעלע נעבן ווילנע (ער געדענקט נישט דעם נאָמען).

דער צווייטער, רעווערענד מרדכי קאָנוויסער, איז דער טשיף־ראַבאַי פון דער אָרטאָדאָקסישער אשכנזישער קהילה אין סאַליסבורי, אַן אָפּשטאַמיקער פון סלאָנים, גראָדנער גובערניע, און דער דריטער איז דער שרײַבער פון אָט די שורות...

אַ מאָדנער צוזאַמענשטעל פון אַ „מזומן", וועט איר זאָגן: ווילנע, סלאָנים, ביאַליסטאָק, רעדן וועגן „קבלת שבת" אין אַ פּאַלאַץ פון אַ פּרעמיער־מיניסטער. אָבער אַזוי זענען אָפּטמאָל די קאַפּריזנע קאָמבינאַציעס פון לעבן... און אויב איר ווילט נאָך אַן אויסטערלישן צולאָג צו אָט דער דאָזיקער קאָמבינאַציע, איז דאָס דער רעקאָמענדאַציע־בריוו, וואָס איך האָב געבראַכט מיט זיך אַדרעסירט צו אַ פּרעמיער, סער ראָי, און אונטערגעשריבן דורכן אַרבעטס־מיניסטער אייב אַדאַמסאָן, דער געטרייער זון פון לאַנגיאָריקן גבאי אין דער אָרטאָדאָקסישער שול אין בולאַוואַיאָ, וועלכער האָט מיט פערציק יאָר צוריק עמיגרירט קיין צענטראַל־אַפריקע פון ביאַליסטאָק...

איך וועל נאָך האָבן די געלעגנהייט צו באַקענען דעם לייענער מיט די דערמאָנטע און אויך מיט אַנדערע אינטערעסאַנטע יידן פון ראָדעזיע,

אָבער דערווייל — צוריק צום טיש פון פּרעמיער אין סאַליסבורער רעגי־רונגס־הויז.

קוקט איר אָן דעם סער ראָי, וואָלט איר געמיינט, אַז ער איז אַ פּראָפעסיאָנעלער באָקסער; איבער זעקס פוס הויך. זיינע מוסקולן, דוכט זיך, צעשפּאַרן דעם נישט־געפּרעסטן אָנצוג, וועלכן ער טראָגט אויף זיך. זיין פּאָרויס אויסגעשטרעקטע אונטערשטע טייל פון פּנים דערציילט וועגן ענערגיע און דינאַמישקייט; זיין שמייכל און פריינדלעכע באַנעמונג גיבן צו זיכערקייט דעם באַזוכער. זיינע גרויע אויגן אָבער פינקלען מיט שטאָלענער פעסטקייט; איר זעט פאַר זיך דעם מענטש, וועלכער האָט אין די פופציק יאָר פון זיין לעבן דורכגעזעצט אָט מיט די טשעמפּיאָן־פויסטן די ריזיקע וועגנט פון אָרעמקייט, אַנטיסעמיטיזם, פּאַרטיי־ און ראַסן־קאַמפן, ביז ער האָט דערגרייכט דעם העכסטן שטאַפּל אין לאַנד פון זיין געבורט — דעם אַמט פון פּרעמיער־מיניסטער.

סער ראָי איז, פאַרשטענדלעך, שטאָלץ סיי מיט דער עקאָנאָמישער און סיי מיט דער פּאָליטישער לאַגע, אין וועלכער עס געפינט זיך איצט די פעדעראַציע פון צפון־ און דרום־ראָדעזיע און ניאַסאַלאַנד, בריטישע דאָמיניע מיט מער ווי זיבן מיליאָן נפשות, צווישן וועלכע נאָר אַ פערטל מיליאָן זענען ווייסע.

דער שטח פון אָט דעם לאַנד איז קרוב צו אַ האַלבן מיליאָן קוואַדראַט־מייל, דאָס הייסט, עס איז גרעסער פון גאַנץ צפון־אייראָפּע, אָדער פון די שטאַטן ניו־יאָרק, קאַליפאָרניע און טעקסאַס צוזאַמענגענומען. די דאָזיקע פעדעראַציע איז אינגאַנצן פיר יאָר אַלט, און אויפן גורל פון סער ראָי איז אויסגעפאַלן צו זיין דער „צונויפשמעלצער" פון די לחלוטין נישט גלייכע דריי טיילן לויט קולטור און אַנטוויקלונג, וועלכע זי פאַראייניקט.

און סער ראָי זאָגט צו מיר אין פאַרלויף פון אונדזער שמועס:

„לויטן באַריכט פון דער וועלט־באַנק גייט צו דיווירטשאַפטלעכע אַנטוויקלונג פון אונדזער פעדעראַציע מיטן שנעלסטן טעמפּ אין פאַרגלייך מיט אַנדערע לענדער אויפן ערד־קיילעך.

אויך זענען מיר די ערשטע אין דאָזיקן טייל פון אַפריקע, וואָס האָבן אָנגעהויבן געבן וואַל־רעכט די „נעיטיווס", וואָס באַזיצן געוויסע בילדונגס־קוואַליפיקאַציעס. זיי האָבן שוין זייערע פאַרשטייער אין פעדעראַלן פּאַרלאַמענט. לאַנגזאַם וועלן מיר די דאָזיקע פאַרשטייערשאַפט פאַר־

ברייטערן. פאַרגעסט נישט, אַז פריער פאַר אַלץ דאַרפן מענטשן עסן, וווי־נונגען, בילדונג. פריער פאַר אַלץ דאַרפן מיר באַקעמפן אָרעמקייט און אומוויסן, דערנאָך קומט די ברכה פון וואַל־רעכט. אָט ליגט פאַר מיר אַ טעלעגראַמע פון גובערנאַטאָר פון ניאַסאַלאַנד, ווו ער גיט איבער דעם דאַנק פון די „נעיטיווס" פאַר בויען אַ ניי שפּיטאַל. אָט ליגן ראַפּאָרטן וועגן דער אַלץ־וואַקסנדיקער פּראָדוקציע פון מינעראַלן און מעטאַלן. אין משך פון די לעצטע פינף יאָר איז די פּראָדוקציע פון קוילן און קופער געשטיגן פון 100 מיליאָן דאָלאַר אויף 350 מיליאָן. אָט דאָס איז דאָס וויכטיקסטע, ווייל אין דער זעלבער פּראָפּאָרץ שטייגט דאָך דער וווירטשאַפטלעכער וווילזיין פון דער גאַנצער באַפעלקערונג.

„איר ווילט וויסן אונדזער באַציונג צו מדינת ישראל? מיר זענען זייער פאַראינטערעסירט אין דער אַנטוויקלונג דאָרטן. און וועלכער ציווי־ליזירטער מענטש איז דאָס נישט פאַראינטערעסירט? איך האָב אַן איינ־לאַדונג פון בן־גוריונען צו באַזוכן ישראל. גלייך נאָך דער קאָנפערענץ פון די פּרעמיערן פון דער ענגלישער קאָמאָנוועלט אין לאָנדאָן, וועל איך, בעת מיין צוריקרייזע, באַזוכן ישראל.

„וועגן דער טאָלעראַנטער באַציונג צווישן די פאַרשידענע רעליגיעס אין אונדזער פעדעראַציע וועט אייך אילוסטרירן דער פאַקט, אַז צווישן די דרייסיק מיטגלידער אין פעדעראַלן פּאַרלאַמענט זענען פינף יידן, און זיי זיצן סיי אויף די רעגירונגס־בענק, סיי צווישן דער אָפּאָזיציע".

(באַמערקונג פון ה. ש.: אין לאַנד געפינען זיך אַרום זעקס טויזנט יידן און עס מאַכט אויס כמעט איין יידישער דעפּוטאַט אויף יעדע טויזנט נפשות).

אונדזער געשפּרעך גייט אַריבער אויף דעם נישט פאָרמעלן טייל, וועגן וועלכן מען ראַפּאָרטירט נישט געוויינלעך אין דער פּרעסע: מען רעדט וועגן נאַצערן, וועגן רוסלאַנד, וועגן סודאַן. מען ענדיקט דאָס גע־שפּרעך מיט דער אויבנגעבראַכטער ציטאַט: וועגן גיין „מקבל שבת" זיין אין דער ספרדישער שול, ווו מיר האָבן זיך טאַקע ווידער דעם זעלבן אָוונט געטראָפן מיטן פּרעמיער, זיצנדיק זייט־ביי־זייט.

מיר פאָטאָגראַפירן זיך צוזאַמען, און ווען דאָס בילד וועט זיין פאַרטיק, וועט איר זען אויף אים דעם סער ראָי פון ווילנער טאַטן, דעם

ראַבאַי מ. קאָנוויסער פון סלאָנים און דעם שרייבער פון די שורות, אויך פון דער זעלביקער „גובערניע״...

*

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב דעם פּרעמיער נישט אויסגעפרעגט צופיל וועגן זיין פאַמיליע און וועגן זיין קינדהייט.

וואָלט איך געוועז נאַיוו און זיך באַגנוגנט מיט דער אָפיציעלער ביאָגראַפיע, וואָלט איך דאָרט געלעזן, אַז ער שטאַמט פון שוועדישע על־טערן... ער אַליין לאַכט, ווען מען דערציילט אים דאָס: אין שטעטעלע פון זיין טאַטנס געבורט, צווישן סמאַרגאָן און ווילנע, האָט מען שוועדיש נישט גערעדט, נאָר אַ פּשוטן ליטווישן יידיש.

דעריבער פאַרשטייט טאַקע דער פּרעמיער נישט שוועדיש, נאָר אונדזער מאַמע־לשון. אַנטלאָפן איז דער טאַטע מיכאל וועלענסקי פון ווילנער געגנט, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָפּגעהאַקט אַ פינגער, כדי נישט צו דינען דעם צאַר, און מען האָט אים פאַר דעם געוואָלט איינזעצן. איז ער אַריינגעפאַלן קיין דייטשלאַנד בעת דער פּרייסיש־פראַנצויזישער מלחמה, און זייענדיק אַ „נייטראַלער״ בירגער, האָט ער פאַרקויפט פערד צוביידע אַרמייען... שפּעטער, ווען עמיצער האָט אים געזאָגט, אַז אין קימבערליי, דרום־אַפריקע, וואַלגערן זיך דימענטן אין די גאַסן, איז דער יונגער מיכאל אַוועק קיין אַפריקע, געמאַכט דאָרט אַרום פופציק טויזנט דאָלאַר פון רויע דימענטן במשך צוויי יאָר צייט. פאַרלוירן האָט ער דאָס געלט אין די נאָ־ענטסטע צוויי יאָר, ווען ער האָט אָנגעהויבן האַנדלען מיט שטרויס־פע־דערן. שפּעטער האָט ער געקעמפט אין דער אַרמיי פון פּרעזידענט קרוגער און באַקומען אַ מעדאַל פאַר העלדישקייט. אויך דער טאַטע מיכאל איז געווען מער ווי זעקס פוס הויך, געוויגן דריי הונדערט פונט און פאַר זיינע פויסטן האָט מען מורא געהאַט אין דער גאַנצער אומגעגנט. אין צפון־ראָ־דעזיע, וווּ ער האָט זיך באַזעצט אויף אַ פאַרם, האָט זיין ווייב לאה, אַן אָפּ־שטאַמיקע פון האָלאַנד, אים געבוירן צוועלף קינדער, פון וועלכע דער יונגסטער, דער פּרעמיער, איז פופציק יאָר אַלט.

מען האָט געלעבט אין גרויס אָרעמקייט. די פאַרם איז אַוועק מיטן רויך. האָט מען זיך גענומען צו קרעמעריי, צו פאַרדינגען ביליקע צימערן. ווען דער טאַטע מיכאל איז אַלט געוואָרן זיבעציק יאָר, איז ער פלוצלינג פרום געוואָרן. מען האָט שוין געוווינט אין סאַליסבורי. מיכאל וועלענסקי

האָט געקויפט אַ „שטאָט" אין דער שול, וואָס איז נאָר־וואָס אויפגעבויט געוואָרן (אין יאָר 1916), זיך פאַרשריבן אין דער „חברה קדישא" און פאַר־בראַכט נעכט ביים זאָגן תהילים ביי אַ „בר־מינן". ער פלעגט בעטן זיין זון, דעם איצטיקן סער ראָי, ער זאָל לערנען פאַר אים דאָס חומש (אין ענגליש). דערמאָנט זיך דער פרעמיער: „דער טאַטע האָט מיך איין מאָל געפרעגט, וואָס טראַכט איך וועגן דער געשיכטע מיט דעם קעסטעלע, אין וועלכן משה רבינו איז „צוגעשווומען" אויפן טייך נילוס צו פרעהס טאָכ־טער? האָב איך געענטפערט, אַז לויט מיין מיינונג איז דער קליינער משהלע געווען אַ זון פון פרעהס טאָכטער, און נישט פון דער מכלומרשטער יידישער מאַמען, וואָס האָט דאָס קעסטעלע געלאָזן אויפן טייך... פאַר דער אַפּיקורסות האָט מיך דער טאַטע געשלאָגן מיט אַ שטול איבערן קאָפּ, און נאָך היינט זענען דאָרט געבליבן סימנים".

ראָי איז געוואַקסן גרויס און דיק און מען האָט אים גערופן „פעטטי". געוואָרן איז ער דער פירער פון אַ „גענג" פון באָיס צווישן דער וועסליין־טשוירטש און דער סינאַגאָגע, און געשלאָגן האָט מען זיך מיט די יינגלעך פון די שכנותדיקע גאַסן. שפּעטער איז ער געוואָרן אַ משרת אין אַ שפּייז־קראָם, דערנאָך אַ געהילף ביי אַ קצב, ביי אַ בעקער. און ווען ער איז גע־וואָרן זיבעצן יאָר אַלט איז ער געוואָרן אַן אַרבעטער אין די קוילן־גרובן. גלייך נאָכדעם — אַ מאַשיניסט אויף דער אייזנבאַן. און דאָ האָט ראָי באַ־וויזן זיינע אָרגאַניזאַטאָרישע יוניאָן־פעיקייטן. אין אַ פּאָר יאָר אַרום זעען מיר אים שוין אַלס טשערמאַן פון דער מעכטיקער באַן־אוניאָן. אין משך פון דער צייט איז ער פיל מאָל באַליידיקט געוואָרן אַלס ייד און געמוזט מיט זיינע קולאַקעס דערווייזן ווער עס איז גערעכט... דאַן האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ שיינער קעלנערין פון סקאָטיש־האָלענדישער אָפּשטאַמונג, עליזאַבעט הענדערסאָן (אַ קריסטין), מיט וועלכער ער לעבט גליקלעך ביזן היינטיקן טאָג.

(די אַמאָליקע קעלנערין איז דורכגעגאַנגען מיט אייניקע יאָר צוריק אַ „שול פאַר אַריסטאָקראַטקעס", אָנגעפירט אין לאָנדאָן דורך אַ „געפאַ־לענעם" לאָרד. דאָרט לערנט מען פיינע סאַלאָן־מאַניערן, ווי אַזוי צו עסן, גיין, שטיין, זיך פאַרנייגן, רעדן, טאַנצן א.ד.גל. און פון דער יונגער קעל־נערין איז איצט אויסגעוואַקסן די „ערשטע לעידי" פון לאַנד, וועלכע אַלע ליבן און שעצן. — ח. ש.).

מיט צוואַנציק יאָר צוריק איז ראַי וועלענסקי אויסגעקליבן געוואָרן אַלס דעפּוטאַט צו דער לעגיסלאַטור אין צפון־ראָדעזיע. דאָרט איז ער אויסגעוואָקסן אַלס פּאָליטישער פירער, אַלס דער „באָס" פון די יוניאָנס, צו וועמענס שטימע מען האָט זיך צוגעהערט מער, ווי צו דעם גוווערנאָר פון ענגלאַנד.

בעת דער היטלער־העצע האָט אַן אַנטיסעמיטישער דעפּוטאַט דזשאָן סמיט באַליידיקט וועלענסקין בעת אַ רעדע. ראַי האָט אים רויק און מיט ווירדע אָפּגעענטפערט פון דער טריבונע. אָבער ווען מען איז אַרויס נאָך דער זיצונג אויף דער גאַס, האָט ראַי זיך געווענדעט צו סמיטן: „נו, איצט, באַסטאַרד (ממזר), וועסטו אויסטאָן דיין רעקל און מיר וועלן זען ווער עס איז גערעכט". בקיצור, אַלע דעפּוטאַטן האָבן זיך געשטעלט אַרום זיי און די אמתע „דיסקוסיע" האָט זיך אָנגעהויבן מיטן רעזולטאַט, אַז סמיט, אַ צעקיילטער און צעביילטער איז געבליבן ליגן אין דער שטויביקער גאַס. מער האָט מען אים שוין אַלס דעפּוטאַט נישט געוויילט.

און אַזוי איז ראַי געוואָקסן, פון דעפּוטאַט צו ווערן אַרבעטס־מיניס־טער, שפּעטער אַלס וויצע־פּרעמיער פון ראָדעזיע, און — זינט נאָוועמבער 1956, איז ער פּרעמיער פון לאַנד.

דערציילט מיר ראַבאַי קאָנוויסער: „ווען ראַי איז געוואָרן פּרעמיער (און אויך באַקומען דעם טיטל „סער" פון דער קעניגין), איז ער שבת געקומען דאַווענען אין שול. אַזוי ווי מען האָט וועגן דעם פריער אָנגעזאָגט אַלע יידן, איז די שול געווען געפּאַקט. פאַרן פּרעמיער איז צוגעגרייט גע־וואָרן אַ שטול אויף דער בימה, אָבער ער האָט דווקא געוואָלט זיצן אויף דער „שטאָט" פון זיין טאַטן, ביים סאַמע אַרויסגאַנג אין הויף, ווו עס זיצן די אָרעמע.

„דאַן האָט זיך סער ראַי אויפגעהויבן און אויסגעשריגן אויפן קול: „שמע ישראל ד׳ אלהינו ד׳ אחד". דאָס איז געווען זיין אויסדרוק פון האַרצן אין דאָזיקן גרויסן מאָמענט פון זיין לעבן".

און שפּעטער, בעת דער באַגריסונגס־דרשה האָט ראַבאַי קאָנוויסער צוו. אַנד. געזאָגט: „ווען דער גרויסער דיזראַעלי האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן, איז ביים בעט געזעסן סער פּרענסיז קלאַרק, זיין ביאָגראַף. פּלוצ־לינג זעט ער, ווי דער לאָרד עפנט די אויגן און שעפּטשעט עפּעס אַרויס אין אַ פרעמדער שפּראַך. סער פּרענסיז, וועלכער איז לאַנג געווען אין

ענגלישן דינסט אין מיטעלן מזרח און פאַרשטאַנען אַ ביסל העברעיש, האָט דערהערט: „שמע ישראל ד׳ אלהינו ד׳ אחד״ — און מיט די דאָזיקע ווערטער אין לאָרד ביקאָנספילד־דיזראַעלי אויסגעגאַנגען.

איצטער, האָט פאַרגעזעצט דער ראַבאַי, האָבן מיר צום ערשטן מאָל אין דער ענגלישער אימפּעריע אַ פּרעמיער, וועלכער הייבט אָן זיין דינסט מיטן „שמע ישראל״, — זאָל ער לאַנג לעבן און ווייטער ציען די גאָלדענע קייט מיט די הייליקע ווערטער...

*

מען זאָגט דאָ אין לאַנד, אַז אויף די אַקסלען פון סער ראָי איז געפאַלן דער מאַנטל פון גרויסן גרינדער און פאָטער פון ראָדעזיע, סעסיל ראָדעס.

עס פּאַסט זיך דעריבער דאָ צו דערמאָנען סעסיל ראָדעס׳ס ווערטער, ווען ער האָט געהערט, אַז אין זיין טעריטאָריע איז געגרינדעט געוואָרן די ערשטע סינאַגאָגע (דעם 2־טן יוני 1895): „מיין לאַנד גייט אויף אַ גוטן וועג, אויב יידן קומען דאָ; מיין לאַנד וועט אויפבליען!״.

די דאָזיקע נבואה האָט זיך אָנגעהויבן פאַרווירקלעכן דורכן נאָענטן מיטאַרבעטער פון סעסיל ראָדעס, דעם ייד אַלפרעד בייט, און ציט זיך ווייטער ביזן ייד סער ראָי וועלענסקי מיט זיין פלעיאַדע מיטאַרבעטער, פון וועלכער דער ייננסטער איז דער איצטיקער אַרבעט־מיניסטער איי. אַבראַמסאָן.

# זון פון אַ פרומען ביאַליסטאָקער ייד — אַ מיניסטער אין ראָדעזיע

עס איז אַ זוניקער טאָג, ווען דער עראָפּלאַן לאַנדעט אין בולאַוואַיאָ, נאָך צוויי שעה פליען פון יאָהאַנעסבורג.

דאָ איז שוין אַן אַנדער לאַנד, איינגעשלאָסן אין דער פעדעראַציע פון די ראָדעזיעס און ניאַסאַלאַנד, אונטער דעם ענגלישן פּראָטעקטאָראַט.

בולאַוואַיאָ פאַרמאָגט די גרעסטע צאָל יידן אין דער פעדעראַציע — דריי טויזנט נפשות. אין דער הויפּשטאָט סאָליסבורי וווינען דריטהאַלבן טויזנט יידן און צו עטלעכע צענדליק — ביז 250 (אין דער שטאָט לוסאַקאַ), אין 15 אַנדערע פּונקטן פון די ביידע ראָדעזיעס (אין כמעט ווילדן ניאַסאַ־לאַנד זענען קיין יידן אינגאַנצן נישטאָ).

זענען מיר, הייסט עס, אין דרום־ראָדעזיעס שיינער און יונגער שטאָט בולאַוואַיאָ, און אַ צענדליק יידן וואַרטן אָפּ אויפן פּלי־פעלד דעם גאַסט. פאָרויס באַווייזט זיך די מאַסיווע פיגור פון מיין אַלטן פריינד שמואל גאָץ, דער אַמאָל זייער פּאָפּולערער טוער אין ליטע אין די צייטן פון דער אויטאָנאָמיע, דער קוזין פון די באַרימטע אין דער געשיכטע פון רוסישן רעוואָלוציאָנערן קאַמף, טעראָריסטן מיכאל און אברהם גאָץ.

און עס שמייכלט פריידיק און חבריש דער אַמאָליקער טעאַטער־דירעקטאָר און אַקטיאָר אין ריגע — מאַרק מאַרקאָוו, היינט אַ פאַרוואַלטער פון אַ גרויסער פאַבריק. און דאָ איז אויך איינער פון די עלטסטע תושבים (50 יאָר) מאָריס מאַיערס פון קאַרעליטש — דער דיריגענט פון לאָקאַלן סימפאָנישן אָרקעסטער און יידישער כלל־טוער. מיט זיי איז אויך דאָ דער יונגער, שוין דאָ געבוירענער, לייבל פראַנק, דער סעקרעטאַר פון ציוניס־טישן פאַראייניקטן קאָונסיל, נו, און נאָך אומבאַקאַנטע פריינד וועמענס נעמען איך געדענק שוין נישט.

איך טראַכט מיר: אָט איז אַ שטאָט, וואָס איז „געבוירן״ געוואָרן מיט פיר יאָר שפּעטער ווי איך, דער שרייבער פון אָט־די שורות... זעט נאָר, ווי יונג, ווי פריש, ווי דינאַמיש זי באַווייזט זיך פאַר מיר נאָך צען יאָר זינט מיין פריערדיקן באַזוך. זי ווערט אַלץ קרעפטיקער, שענער, האָפענונגספולער. נו, און איך, דער מענטש?... „אוי, אָדם, אָדם, אָדם!...״ ווי עס זינגט זיך צעבראָכענערהייט אין „ונתנה תוקף״.

יאָ, דעמאָלט, ווען איך בין נאָך אין חדר געגאַנגען, איז אויפן אָרט ווו איצטער איז בולאַוואַיאָ, אַ ווילדער דזשונגל געווען, און אַ קריגעריש שוואַרץ פאָלק, אונטער דער אָנפירונג פון זייער העלדישן קעניג לאָבענ־גולאַ, האָט מיט פייל־און־בויגן פּרובירט איינהאַלטן די אינוואַזיע פון די ווייסע קאָלאָניזאַטאָרן, וועלכע האָבן זיך מיט כוח געשפּאַרט אין די דאָזיקע רייכע — מיט גאָלד און מינעראַלן — פעלצער. דער קעניג לאָבענגולאַ האָט אפילו געהאַט אַ יידישן ראַטגעבער — פּאַדרי קאָהען, וועלכער האָט

געהאָלפֿן רעדאַגירן די פּראָטעסטירנדיקע בריוו פֿון שוואַרצן הערשער צו דער ענגלישער קעניגין וויקטאָריאַ. אָבער געזיגט האָבן די ביקסן און האַרמאַטן, און די שוואַרצע פֿעלקער אין דער גאַנצער געגנט זענען אַרונ־טערגעפֿאַלן אונטער דער הערשאַפֿט פֿון ווייסן מענטש.

דער גרויסער וויזיאָנער, קעמפֿער און טרוימער סעסיל ראָדעס, וועמענס נאָמען די נייע קאָלאָניע האָט אַדאָפּטירט, האָט דאַן געזאָגט וועגן דער פּרעכטיקער נאַטור אַרום איר: „איך באַוווּנדער די גראַנדיעזקייט און די פּאָעטישע בערג, פֿעלדזן, גרינע טאָלן אַרום. איך וויל באַגראָבן ווערן דאָ טאָקע צווישן די פֿעלדזן און שטיינערנע בערג". מיט אַכט יאָר שפּעטער, ווי בולאַוואַיאָ איז געגרינדעט געוואָרן, ד. ה. אין יאָר 1902, איז סעסיל ראָדעס געשטאָרבן און באַגראָבן געוואָרן צווישן יענער ווילדער פּראַכט פֿון דער נאַטור, וואָס הייסט מאַטאָפּאָס און געפֿינט זיך צוואַנציק מייל פֿון דער שטאָט.

אויף צומאָרגנס נאָך מיין אָנקומען אין שטאָט, בין איך געפֿאָרן זען יענע ווינקל און דאָס קבר פֿון גרינדער פֿון ראָדעזיע. נאָר דאַן, ווען איך האָב פֿאַרלאָזט דעם אויטאָמאָביל און זיך אַרויפֿגעדראַפּעט אויפֿן שפּיץ באַרג, וווּ די מאַרמאָרנע פּליטע ליגט אויף סעסיל ראָדעס קבר, האָב איך פֿאַרשטאַנען פֿאַרוואָס דאָס דאָזיקע אָרט ווערט גערופֿן „די פּאַנאָראַמע פֿון דער וועלט".

עס עפֿנט זיך פֿאַר אייך ווי אַ פֿענצטער צווישן ריזיקע קיילעכדיקע שטיינערנע בערג און איר דערזעט אַן אומענדלעכע כוואַליע פֿון גרינע בערגלעך און לאָנקעס, טייכן און וואַסערפֿאַלן, א כוואַליע פֿון שוימענדיקער נאַטור־פּראַכט, וואָס ציט זיך אַזוי ווייט ווי דאָס אויג קאָן אויפֿכאַפּן. פֿאַר־שטייט איר דאַן, אַז דער ווייסער מענטש האָט געוווּסט וואָס פֿאַר אַן אוצר ער גייט דעראָבערן, און דער שוואַרצער מענטש האָט פֿאַרשטאַנען פֿאַר־וואָס ער גייט דאָ שטאַרבן אין דעם נישט גלייכן קאַמף. נאָך אַן אינטערע־סאַנטער פּרט: בעת דער לוויה פֿון סעסיל ראָדעס, האָט דער טשיף פֿון שבט מאַטאַבעלע, וועלכער האָט זיך אויך באַטייליקט אין דער לוויה, גע־בעטן רחמים ביי די ענגלישע אָפֿיצערן, אַז מען זאָל נישט ענדיקן די לוויה מיט דער צערעמאָניאַלער ביקסן־שיסעריי. „דער פּלאַץ אַרום איז פֿול מיט די הייליקע גייסטער פֿון שיינקייט און ליבשאַפֿט; די שיסערייען וועלן זיי

פאַרטרייבן פון די דאָזיקע ליכטיקע פעלדער״... אַזוי האָט געדעדט אַ „ווילדער״ נעגער־טשיף...

מסתמא האָט מען דעמאָלט נישט געשאָסן, ווייל איך האָב נאָך אויך איצט, בעת מיין באַזוך, דערזען גאָטס גייסט, שוועבנדיק אין דער פלאַך פון דער דאָזיקער „וועלט־פּאַנאָראַמע״, ווו ראָדעס׳ס קערפּער רוט. מען האָט אים נישט פאַרטריבן!

און אויך דער גייסט פון אונדזער אַלטן שטאַם האָב איך דערפילט און דערזען אין די עטלעכע הונדערט יידן פון אַלע טיילן פון אונדזערע אייראָפּעישע גלותן, וועלכע האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אין גרויסן קהילה־זאַל, כדי צו הערן אַ גרוס וועגן יידן אויף דער וועלט, וועלכן עס האָט זיי געבראַכט דער גאַסט־רעדנער. אַפילו מיט עטלעכע טעג שפּעטער, ווען דער דאָזיקער גרוס איז איבערגעחזרט געוואָרן אין ענגליש פאַר דעם יונגערן דור, וואָס פאַרשטייט נישט גוט קיין יידיש, האָב איך דערפילט דעם אָטעם און דעם צאַפּל און די פאַרבינדונג צווישן וויטן בולאַוואַיאָ און זייערע ברידער אין מאָסקווע, בוענאָס־איירעס, ניו־יאָרק און, פאַר־שטייט זיך, אין תל־אביב.

במשך די עטלעכע טעג, וואָס איך האָב פאַרבראַכט מיט די בולאַ־וואַיער יידן, האָב איך פאַרשטאַנען וויפל ענערגיע, טרייקייט, לאָיאַלקייט אונדזערע עמיגראַנטן האָבן אין אַזאַ קורצן שפּאַן פון יאָרן אינוועסטירט אין זייער ניי־אַדאָפּטירט לאַנד: אַ גאַנצע אינדוסטריע־געגנט האָבן יידן אויפגעבויט אַרום בולאַוואַיאָ — איך האָב פיל פון די פאַבריקן פערזענלעך באַזוכט: קליידער־פאַבריקאַציע, אייזן־שמידערייען, ברעטער און מעבל, צוקער און שאָקאָלאַד, דרוקערייען און פאַרבן.

מיט צוויי פון די דאָזיקע אינדוסטריעלער זענען פאַרבונדן מיינע פערזענלעכע סענטימענטאַלע דערינערונגען: מיט איבער דרייסיק יאָר צוריק האָב איך, זייענדיק אינספּעקטאָר פון די קאָאָפּעראַטיווע בענק אין פוילן, באַזוכט אַ שטעטעלע קאָשיץ ביי דער ווייסל, נישט ווייט פון באָכ־ניע און קראָקע. אין דער פיינער חסידישער דירה פון אַ דאָרטיקן למדן ר׳ אברהם לעווענשטיין, דער פאָרזיצער פון קאָאָפּעראַטיוו, האָב איך גע־טראָפן זיינע צוויי יונגע בחורימלעך, אין חסידישע היטעלעך און קאַפּאָט־קעלעך, אשר און אפרים, וואָס האָבן געאַרבעט טאַקע אין באַנק, וועלכע איך בין געקומען קאָנטראָלירן.

יאָרן זענען אַוועק — שטורמישע, בלוטיקע יאָרן, וואָס האָבן אָפּ־געווישט סיי אונדזער קאָשיץ און סיי אונדזער וואַרשע. אָבער איצט אין בולאַוואַיאָ האָב איך מײַנע אַמאָליקע חסידישע בחורימלעך ווידער גע־טראָפן: אָסקאַר לעווענשטיין איז אַן אייגנטימער פון אַ גרויסן טאַרטאַק און פון אַ פאַבריק פון אַרטיסטישן פּאַרקעט־האָלץ, און אפרים — איז דער אייגנטימער פון אַן אייזן־גיסערײַ און רערן־פּראָדוקציע. זיי טראָגן מער נישט די חסידיש־יידישע היטעלעך, אָבער זיי טראָגן אויף זיך דעם יאָך פון יידישקייט, פון ישראל, פון אונדזער קולטור. עס איז געווען אַ נחת, מיט טרערן געמישט, צו פאַרברענגען אין זייערע הייזער אויף די צוויי „פּאַרטיס״, וואָס זיי האָבן פאַר זייער אַמאָליקן אינספּעקטאָר אײַנ־געאָרדנט.

און אָט איז די קליידער־פאַבריק פון ב. זאָנאַבענד, דער ברודע־פון פאַרשטאָרבענעם מעיאָר פון אשקלון, ד״ר העברי זאָנאַבענד. אויך זייער אַלטע היים אין שטעטל ניעשאַוווע, נעבן וולאָצלאַוועק, האָב איך מיט דרײַסיק יאָר צוריק באַזוכט. זייער טאַטע, דער ניעשאַוווער רב, איז געווען אַ גרויסער למדן און אויך אַ משכיל, און אויסגעהאָדעוועט קינדער, מיט וועלכע סיי ישראל און סיי ראָדעזיע שטאָלצירן.

אָט פון יענער גרויסער מויער מיט די מיטלאַלטערלעכע ארקאַדן אינמיטן פון ניעשאַוווער מאַרק, פון רבס דירה, זענען די יונגע אָדלערלעך אין דער גרויסער וועלט אַרויסגעפלויגן. מיין פריינד, דער פּראָפעסאָר פון יאָהאַנעסבורגער אוניווערסיטעט און שפּעטערדיקער ערשטער מעיאָר פון אשקלון איז פּלוצלונג געשטאָרבן, און מיט זיין ברודער אין בולאַוואַיאָ טיילן מיר זיך מיט אײַנדרוקן וועגן דעם גרויען הויז אויפן אַלטן מאַרק, ווו זייער פאָטער, דער ניעשאַוווער רב, האָט מיט זיין שוין איצט פאַרשני־טענער עדה, אָנגעפירט.

אין אַ טונקעלן בין־השמשות האָב איך פאַרבראַכט מיט מיין אַלטן פריינד שמואל גאָץ, וועלכער איז דער „ספּיריטוס מאָווענס״, די באַוועגנ־דיקע קראַפט צווישן נאַציאָנאַלן יידנטום אין ראָדעזיע.

נעמט ער אַרויס פון זיין אַרכיוו די דאָקומענטן וועגן דער יידישער אויטאָנאָמיע אין ליטע, פּאַפּירן אונטערגעשריבענע דורך די מיניסטאָרן ראָזענבוים, סאָלאָווייטשיק... ערשט נעכטן איז דאָס געווען, און עס דוכט זיך — עס איז גאָר אַ חלום: ליטע איז איצט כלומרשט באַפרייט, סאָציאַ־

ליסטיש, אָבער יידישקייט, צוזאַמען מיטן יידישן אַלף־בית זענען ברוטאַל דערמאָרדעט! פיזיש האָט די ליטווישע יידן אויסגעראָט היטלער, און גייסטיק ווערן די עלנטע איבערגעבליבענע פאַרענדיקט אונטער דעם איצטיקן קאָמוניסטישן רעזשים.

און גאָץ נעמט אַרויס די פאָטאָגראַפיע פון זיין קוזין מיכאל גאָץ, דער באַרימטער פירער פון דער אַמאָליקער העלדישער סאָציאַל־רעוואָלו־ציאָנערער פאַרטיי. און עס וויקלען זיך זכרונות וועגן דער גאַנצער גאָץ־משפחה, וועגן אברהם גאָץ, אויך אַ רעוואָלוציאָנערער פירער, וועלכן דער איצטיקער רעזשים אין רוסלאַנד האָט ליקווידירט.

וועגן יענער כמעט אומוואָרשיינלעכער צייט, ווען די „נאַראָדניטשעס־קע״ (פאָלקס) רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פון רוסישן פויערטום איז אָנגע־פירט געוואָרן פון אַזעלכע „עכט־רוסישע״ בונטאַרן, ווי: די גאָצס, גער־שוני, ד״ר ח. זשיטלאָווסקי, ש. אַנסקי און, להבדיל, דער פּראָוואָקאַטאָר יונה אַזעף...

אויפן טיש, בעת אונדזער געשפרעך, ליגן ביכער פון וויקטאָר טשערנאָוו, געווידמעט מיין מיטשמועסער, ווי אויך אַ שטאָלץ־באַמבאַס־טישער בריוו, געשריבן פון באַרימטן אָסקאַר גרוזענבערג צו אַ מכבי־פייע־רונג אין ריגע.

איך פּרוביר איבערצייגן מיין פריינד ש. גאָץ, אַז אַזעלכע אוצרות דאַרפן זיך געפינען אין דער ייוואָ־צענטראַלע אין ניו־יאָרק, און נישט אין פאַרוואָרפענעם פון צענטראַלן יידישן שליאַך בולאַוואַיאָ.

*

געוויינלעך זוך איך, ווי יעדער צייטונגס־מענטש, אַן אינטערוויו מיט אַ מיניסטער אָדער פּרעזידענט, אָדער מלך דאָרטן, ווו זיי אַמטירן — אין די פּאַלאַצן אָדער רעגירונגס־אַמטן.

אין בולאַוואַיאָ איז מיט מיר געשען אַן אויסנאַם: דער געזוכטער מיניסטער איז געקומען צו מיר אין האָטעל, און ביי אַ גלעזל וויסקי, אונטן אין באַר, איז דער שמועס פאָרגעקומען.

דער באַמת מערקווירדיקער יונגערמאַן, קוים עטלעכע דרייסיק יאָר אַלט, איז דער איצטיקער מיניסטער פון אַרבעט און ווּילזיין אין ראָדעזיע. אויף זיין אַמט איז ער באַשטימט געוואָרן נישט מער ווי מיט איין שעה

פריער, איידער ער איז געקומען אין האָטעל. קלאַנגען וועגן דעם זענען שוין געווען אין שטאָט, אָבער אָפיציעל זענען זיי נאָך נישט באַשטעטיקט געוואָרן.

זיצט אַנטקעגן מיר דער דאָזיקער יונגעטשקער, דאַרינקער אייב אַבראַמסאָן, קוקט מיט אָפענע פינקלדיקע אויגן אויף זיין „לאַנדסמאַן" (כאָטש ער איז שוין געבוירן אין ראָדעזיע, רעכנט ער זיך נאָך אַלץ לויט זיין פאָטערס יחוס, פאַר אַ ביאַליסטאָקער).

די מוזיק שפּילט און איך פרעג אים, צי איז אמת דער קלאַנג, אַז ער איז נאָר־וואָס באַשטימט געוואָרן אַלס מיניסטער? ער וואַרפט אויף מיר אַ „שעלמישן" בליק און ענטפערט מיט אַ פראַגע: „צי קענט איר די מעלאָדיע, וואָס די מוזיק שפּילט איצט? זי הייסט: „ער זאָגט נישט יאָ און ער זאָגט נישט ניין..." אויב אַזוי גיב איך שוין נאָך אַ קוועטש, — זאָגט ער: „יאָ". באַקומט זיך אַ „מזל־טוב" און אַ „לחיים".

אייב אַבראַמסאָן איז שוין געווען צוויי מאָל פּאַרלאַמענט־מיטגליד, און במשך פון די לעצטע וואָכן פון דער פריערדיקער רעגירונג — אפילו פינאַנס־מיניסטער.

אָבער ער איז שטאָלץ אויך מיט זיינע יידישע אַקטיוויטעטן: געווען פאָרזיצער פון יידישן סטודענטן־פאַראיין, שפּעטער פון די „חובבי ציון", געווען ביז נישט לאַנג צוריק פּרעזידענט פון אָרטיקן „באָרד אָף דעפּיו־טיס"... ער איז שטאָלץ, וואָס זיין פאָטער איז דער גבאי פון דער אָרטאָ־דאָקסישער שול, וואָס אין שטוב האָט מען שטענדיק גערעדט יידיש. ער שרייבט מיר גערן אונטער אַ דעקלאַראַציע פון אַלע ווערק פון ייוו"אָ, און באַצאָלט פאָרויס פאַר אַ יאָר. ער טוט דאָס אַלץ מיט יענעם ליבלעכן, אויפריכטיקן שמייכל, וועלכער האָט אים אַזויפיל שווערע טירן געעפנט. ער גיט מיר אויך אַ רעקאָמענדאַציע־בריוו צום פּרעמיער־מיניסטער פון דער פעדעראַציע אין סאַליסבורי, צום זון פון פרומען ווילנער ייד — סער ראָי וועלענסקי.

וואָס פאַר אַ זכות דיביידע טאַטעס, — דעם ביאַליסטאָקער און דעם ווילנער, — איז בייגעשטאַנען, אַז זייערע קינדער זאָלן זיך איבער־שרייבן אין וויטן גילגול זייערן אין אַפריקע — איינער אַלס מיניסטער, און דער צווייטער — אַלס פּרעמיער?

און אפשר איז אויך מיין זכות נישט קלענער, וואָס איך בין אין

אַזעלכע און אַנדערע באַדינגונגען א לעבעדיקער עדות און כראָניקער פון פיל ענלעכע סיטואַציעס ?

*

אין דעם זעלביקן טאָג, ווען איך בין געזעסן ביים אויבנבאַשריבע־נעם שמועס אין האָטעל, האָט מען אין אַ שכנותדיקער געביידע, אין קרייז־געריכט, געמשפּט אַ בושמען מיטן נאָמען לאַנדי, פאַר שטעכן מיט אַ מעסער זיין שטיף־טאַטן מאַיקאַנאַ. לאַנדי האָט זיך פאַרענטפערט אַזוי: „איך האָב אים געשטאָכן מיט אַן „אסעגאַי״ (ברייטן מעסער), ווייל ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט ליב מענטשן־פלייש, אַז ער האָט שוין פּרובירט דעם טעם פון דעם פלייש פון זיין שוועסטער, איצטער וויל ער פּרובירן מיין פלייש — האָב איך אים דערשטאָכן״... לאַנדי איז באַשטראָפט גע־וואָרן מיט פינף יאָר תפיסה.

אינעם זעלביקן טאָג האָט די אָוונט־צייטונג געבראַכט די פאָלגנ־דיקע ידיעה:

„אין דער ראָדעזיער שטאָט פאָרט ראזעבערי האָט זיך באַוויזן אַ גאַנצע מענגע לייבן אינמיטן דער הויפּט־גאַס. זיי זענען רויק געגאַנגען זייער וועג ביז די באַהאַטי־פאַרמס, ווו זיי האָבן זיך געוואָרפן אויף די שעפּסן. איין לייב איז דערשאָסן געוואָרן, אויף די איבעריקע, וואָס טעראָ־ריזירן די גאַנצע אומגעגנט איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ יאַגד״.

*

צווישן דעם בושמען און די לייבן בליט אַ מאָדערנע מדינה — ראָ־דעזיע, און אין ראָדעזיע וואַקסט זיך פאַנאַנדער אַ יונגער יידישער בוים.

וועט ער שלאָגן וואָרצלען אין דעם דאָזיקן זיך וואַקלענדיקן באָדן פון דרום־אַפריקע ?

## אַ באַזוך אין העלפאַנד־קעניגרייך

אויף אַ בערגל שטייט אַן איינזאַם הויז צו וועלכן מיר זענען דער־פאָרן מיטן אויטאָמאָביל, אים איבערגעלאָזן דאָ אַליין און אַראָפּ אין טאָל, ווו דער פאַרפלאָכטענער „בוש״ מיט שטעכעדיקעביימער און קאַקטוסן

הייבט זיך אָן. דאָ ערגעץ לעבן די העלפאַנדן און אַנדערע חיות, וועלכע זענען אויפן זעלבן אָרט געבליבן און נישט אָפּגעטראָטן זינט מען האָט זיי באַשאַפן אין יענע גורלדיקע „ששת ימי בראשית". און די שטעכעדיקע צווייגן דאָ ווערן אויף ענגליש גערופן: „טיקעט", דאָס זעלבע וואָרט וואָס ווערט אין חומש באַצייכנט אַלס דער דאָרן, אין וועלכן עס האָבן זיך פאַר־טשעפּעט די הערנער פון באַראַן, ווען דער אייבערשטער האָט צוגע־שיקט אברהמען אַלס קרבן אָנשטאָט יצחקן זיין זון.

פון די געדיכטע צווייגן גייט אַרויס אַ מעכטיקער העלפאַנד. ער לאָזט זיך אַראָפּ צום אָרט נעבן עלעקטרישן דראָט, ווו עס שטייען גרויסע מולטערס מיט אָנגעגרייטער שפּייז.

דער העלפאַנד ווייסט, אַז די דראָטן טאָר מען נישט אָנרירן, אַז דאָס איז די שטראָף פאַר די שטורמישע יאָרן פון הריגות, צעשטערונגען און פּאָגראָמען, וועלכע זיינע ברידער, די העלפאַנדן, האָבן ביז נישט לאַנג צוריק געמאַכט איבערן קליינעם צווייפיסיקן באַשעפענישל, וואָס האָט פאַרנומען זיין וואַלד, זיינע בערג און זיינע טאָלן.

דער ערשטער העלפאַנד איז אַן אויסשפּירער: ער קומט אַ שמעק טאָן מיט זיין לאַנגער־לאַנגער נאָז, צי עס איז נישטאָ קיין געפאַר פאַר זיינע משפחה־מענטשן און ווייטערע קרובים אַראָפּצוקומען עסן דעם מאָל־צייט, וועלכן דעם צווייפיסיקער שונא זיינער גרייט אים אָן פונקט איינס אַזייגער בייטאָג — „לאָנטשטאָים" — זינט דער מלחמה צווישן אים און מענטשן האָט אויפגעהערט. מיין העלפאַנד דרייט מיטן „כאָבאָט", בליאָס־קעט אין דער זון מיט זיינע צוויי לאַנגע שאַרפע שווערדן־ציינער און בלייבט מסתמא צופרידן, — קיין געפאַר נישטאָ. גיט ער א ברום, אַ סיג־נאַל אזא, וואָס צעטראָגט זיך ווי אַ טרומייט־שאַלן איבער די פאַרפלאָנ־טערטעביימער און עס באַווייזן זיך פון בײדע זייטן נאָך העלפאַנדן, — גרויסע, קליינע, רויטע, ברוינע. זיי שפּרייזן שווער אין דער ריכטונג, ווו עס שטייען די מולטערס מיטן שפּייז.

זיי שטעלן זיך אַרום די מולטערס אין אַ ראָד: די גרויסע און שטאַרקע פאָרויס, די פרויען און קינדער אינדערמיט, אַ סטראַטעגיע אזא, וואָס די געפאַרן האָבן זיי אויסגעלערנט צו באַנוצן זינט די לעצטע הונ־דערט יאָר, ווען דער צווייפיסיקער איז דאָ געקומען און אָנגעהויבן פאַר־ניכטן דאָס העלפאַנדן־פאָלק.

פאַראַן צווישן די העלפאַנדן אַלטע לייט, וואָס געדענקען נאָך ווי אַזוי עס האָט זיך אָנגעהויבן. זיי זענען דעמאָלט געווען אַזוי קליין ווי דאָס פינף־חדשימדיקע מוזיניקל, וואָס שטייט ווי אַ שפּילצייג חנעוודיק נעבן זיין מאַמען. עס ווילט זיך אים אַ כאַפּ טאָן אויף די הענט און אויסקושן אַלע גלידערלעך, אָבער גיי כאַפּ אים. ווען דאָס דאָזיקע „עופהלע״ וועגט שוין איבער צוויי הונדערט פונט, און זיין קליינגעוויקסיקייט איז נאָר אַ פאַרבלענדעניש אין פאַרגלייך מיט די „מומעס״ און „פעטערס״ זיינע, וואָס וועגן צו עטלעכע טויזנט פונט און זענען גרויס ווי די ווענט פון אַ הויז.

די העלפאַנדן האָבן, — עטלעכע צענדליק אין צאָל, — געענדיקט זייער ״לאָנטש״ און אָנגעהויבן צוריקגיין אַהיים, צווישן די געדיכטע שטע־כעדיקע סכך׳ן, וואָס איז די דעמאַרקאַציע־ל׳יניע צווישן זיי און דעם מענטש: זינט די מלחמה האָט זיך מיט דרייסיק יאָר צוריק געענדיקט, ווייסט דער העלפאַנד, אַז זיין גרענעץ איז דער עלעקטרישער דראָט, — ווייסט דער מענטש, אַז ער טאָר נישט קריכן אין די טיפענישן פון „בוש״, וואָס זענען זינט די בראשית־צייטן באַשטימט פאַרן העלפאַנד.

דער ערשטער רירט זיך פון אָרט דער ריזיקער העלפאַנד־אויס־שפּירער, וואָס איז געקומען אַהער דער ערשטער.

וואָלט ער געקענט רעדן, וואָלט ער אייך דערציילט ווי אין די אַמאָ־ליקע גוטע יאָרן האָט די גאַנצע ערד אַרום געהערט צו זיי, די העלפאַנדן. נאָך דעם איז אַהערגעקומען דער „צווייפיסיקער״, געאַקערט, געזייט, פאַר־יאָגט די העלפאַנדן טיף אין „בוש״. פלעגן די העלפאַנדן אַרויסגיין פון צייט־צו־צייט פון צווישן די צווייגן און צעטרעטן די תבואה, די הייזער, צוזאַמען מיט די מענטשן. האָבן די מענטשן דערשאָסן הונדערטער פון זיי, אַראָפּגעשינדן די הויט, דאָס פלייש אויפגעגעסן און די טייערע לאַנגע העלפאַנד־ציינער פאַרקויפט.

אַ סך פון די בראַווע העלפאַנדן האָט מען לעבעדיקערהייט געכאַפּט, אין קייטן געשמידט, אין גלות פאַרטריבן און געלערנט טאַנצן און פאַר־ווײַלן אין צירקן אָט די מענטשן, וועלכע האָבן אויף זיי דעם חורבן גע־בראַכט.

דערנאָך איז געקומען דער גרויסער לאַנגער שלאַנג — די אייזנ־באַן, און דורכגעשניטן אַ וועג אינמיטן פון בעסטן טייל פון דער העל־פאַנדן־מלוכה. די נאָבעלע חיות האָבן נישט געקאָנט פאַרטראָגן דאָס פייפן

און דעם רויך פון דער דאָזיקער „שלאַנג", זענען זיי אַרויס מאַסנווייז (דאָס איז געווען אין די צוואַנציקער יאָרן פון הײַנטיקן יאָרהונדערט), צעטראָטן דעם באַן־וועג, אַרויסגעריסן די שינעס און — פאַרכאַפּט די סטאַציע...

עס האָט אָבער נישט געהאָלפן. דער מענטש האָט זיך אַקעגנגע־שטעלט. ווידער זענען פיל בראַווע העלפאַנדן געפאַלן אין קאַמף און אַוועק אין גלות פאַרן פרייהייט־אידעאַל, אָבער דער צווייפיסיקער האָט געזיגט. מען האָט די העלפאַנדן־מלוכה אָפּגעצוימט מיטן אַן עלעקטרישן דראָט און פאַריאָגט די קעמפער אין די טיפענישן פון וואַלד. דערפאַר אָבער גיט מען זיי יעדן טאָג אַ בחינמדיק מאָלצייט, טאַקע נישט ווייט פון עלעקטרי־זירטן דראָט. און אויפן דאָזיקן באַדינג האָבן די העלפאַנדן געשלאָסן דעם „וואָפנשטילשטאַנד". זיי האָבן צורו געלאָזט דעם מענטש, זיין אייזנבאַן און זיינע פאַרמס, און ער, דער מענטש, באַזאָרגט זיי מיט „עסן־טעג", מיט מזונות, מיט קצבה, „וועיאַ וויקטיס" (ווי צו די באַזיגטע), ווי די אַלטע רוימער פלעגן זאָגן.

אָבער אַ העלפאַנד פאַרגעסט נישט. ער האָט אַ גוטן זכרון. און דעריבער טאַקע האָב איך איצט, שוין מער ווי דרייסיק יאָר נאָך דעם „וואָפנשטילשטאַנד" געזען ווי דער שטאַרקסטער, מעכטיקסטער פון די העלפאַנדן ווערט יעדן טאָג געשיקט אַלס אויסשפּירער, איידער זיינע קינ־דער, טאַטעס, מאַמעס, מומעס און פעטערס לאָזן זיך אַראָפּ עסן די שפּייז, וואָס דער שונא גרייט אָן: א קשיא אויף אַ מעשה! טאָמער האָט דער מענטש ווידער באַשלאָסן זיי מאָרדן, פאַרכאַפּן, פאַרניכטן, אין גלות טרייבן. שמעקט מען אויס יעדן טאָג אויפסניי די געשאַפענע לאַגע.

דער העלפאַנד האָט אוודאי נישט געלערנט די אַלטע קלאַסישע מאַקסימע „טימעאָ דאַנאַאָסועט דאָנאַ פאַרענטאַס" (געטרוי נישט די גריכן, אפילו ווען זיי ברענגען דיר מתנות). אָבער די אַלמעכטיקע נאַטור האָט מער געלערנט די אמתן מיט אירע באַשעפענישן, ווי אַלע קלאַסישע ביכער צוזאַמענגענומען.

און נאָך אַ זאַך ווייסט נישט דער העלפאַנד: דער מענטש גיט נישט אומזיסט קיין עסן, שענקט נישט קיין מתנות. זיינע הוצאות אויפן אָרעמען שפּייז, וואָס ער גיט די חיות, שלאָגט ער זיך אויס מיט גרויסן ריווח דורך דער מאַסע טוריסטן, פון וועלכע איך בין דאָך איינער, וואָס קומען צו פאָרן פון ווייטע מקומות אָנקוקן אָט דאָס מערקווירדיקע אָרט

אויף דער וועלט „די נאַציאָנאַלע היים פון העלפאַנדן״, — זי הייסט אַדאָ, — וועלכע איז געבליבן פון יענע צייטן, ווען די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן, — פריער דער העלפאַנד, נו, און ערשט שפּעטער דאָס כיטרע מענטשעלע...

דער העלפאַנד, דער גרעסטער פון די באַשעפענישן אויף אונדזער ערד, איז דאָך אייגנטלעך, אַן אייניקל פון די מאַמוטן, די ריזיקע חיות, וואָס האָבן געשפּרייזט נאָך פאַרן מבול און פאַרן מענטש איבער אַן אייז־באַדעקטן ערד־קײלעך. זיינע ביינער געפינט מען אויך דאָ, אין אַפריקע, און מען לערנט פון זיי, אַז דער היינטיקער העלפאַנד איז גרויס ווי איין פוס פון יענעם גיגאַנט, פון זיין זיידן. די לעגענדע וועגן שור־הבור, וועמענס פלייש מיר (איך מיין מיר, צדיקים), וועלן עסן אויף יענער וועלט, הייבט אָן אויסקוקן רעאַל, ווען איר דערזעט אַ טייל פון אַ מאַמוט־סקעלעט, רעקאָנסטרוירט אין אַ מוזיי. דאָס פלייש פון אַ העלפאַנד איז טריף, — אָבער אַנדערש, גאַנץ אַנדערש ווערט טראַקטירט דאָס פלייש פון שור־הבור. און אַזוי איז אויך די מעשה מיטן פיש־פלייש פונעם לויתן, וועמענס אוראייניקל, דער וואַל־פיש, שווימט אין די וואַסערן פון אינדישן אָקעאַן און מען דאַרף זיין שטאַרקער ווי אייזן איבערצוגעוועלטיקן דעם יצר־הרע און נישט פּרובירן אים אויפזוכן און כאַפּן אויף אים אַ קוק כל זמן מען לעבט. אמת, אויך דער לויתן, ווי דער שור־הבר, זענען שטרענג רעזערווירט פאַר דער סעודה, — דער גרויסער, דער גרעסטער, וואָס מען וועט פּראַווען ווען משיח וועט קומען. אָבער „איידער איך קום צו יענער קרעטשמע, ווילט זיך דאָך אויך מאַכן אַ שנאַפּס״, ווי דאָס פאָלקסווערטל זאָגט. פאַר איך דעריבער זען אַ וואַלפיש, דעם גרעסטן פיש אין דער היינטיקער וועלט, —— דעם זעלבן טאָקע, וועלכער האָט איינגעשלונגען יונה הנביא, ווי אין פּסוק שטייט.

איז ווו געפין איך אים? אין דער שיינער קוראָרט־שטאָט דורבאַן, וועלכע איז אַ פיר הונדערט מייל ווייט פון יאָהאַנעסבורג און ליגט ביים ברעג פון אינדישן ים. איצטער, אין יולי, איז ווינטער אין דרום־אַפריקע, אָבער נישט אין דורבאַן, ווו אַ זוניקער פרילינג ציט צו צענדליקער טויזנטער געסט, וועלכע לעכצן נאָך וואַרעמקייט און נאָך ים־בעדער.

# איך זוך דעם לויתן אין דרום-אַפֿריקע

פֿאַר איך ווידער צווישן פֿעלדער באַוואַקסן מיט געדיכטע צוקער־שטאַנגען, פֿאַר איך שפּעטער אַריין צווישן די פּאָענטסעטיאַ־ביימער, וואָס ברענען, דוכט זיך, מיט די בלוט־רויטע פֿלאַמען פֿון זייערע בלומען. און ווידער בין איך צווישן די מאַגנאָליעס, וואָס בליען און פֿאַרשיכורן מיט זייערע ראָזעווע פֿאַרבן און צאַרטן מאַנדל־ריח.

די מאָדערנע שטאָט דורבאַן מיט אירע ווייסע מענטשן, הינדוסן און שוואַרצע, האָט זיך צעוואַקסן מיט מאָדערנע הייזער און אַ ים־פּראָנט מיט האָטעלן, וווּ עס ווימלען די קוראָרט־געסט, וואָס לעכצן נאָך זון, און איר ווערט איבערראַשט, ווען אין געלויף פֿון גלאַנציקע אויטאָמאָבילן, זעט איר ריקשעס פֿאַרביקע און סטיליזירטע, געצויגן דורך פֿלינק־פֿיסיקע זולוסן, באַצירט מיט פֿעדערן און ווײַדלען, וועלכע פֿירן אייך איבער די גאַסן, שפּרינגענדיק אין דער לופֿטן, ווי די יונגע, ווילדע הירשן צווישן וועלכע זיי זענען אויפֿגעוואַקסן.

איך זעץ זיך אַריין אין אַזאַ ריקשע, לאָז זיך פֿאָטאָגראַפֿירן, כאָטש מײַנע רייזעס מאַך איך נישט מיט דער קראַפֿט פֿון שוואַרצן, פֿאַרמאַטערטן מענטש, נאָר מיט אַן אויטאָמאָביל, און שפּעטער צו די וואַלפֿיש, אין אַ קליין מאָטאָר־שיפֿל.

ווען זענען די וואַלפֿיש באַשאַפֿן געוואָרן? גיט אַ קוק אין דער סדרה בראשית, פּסוקים כ״א־כ״ג, וועט איר געפֿינען זייער מעטריקע. עס ווערט דאָרט געזאָגט: „און גאָט האָט באַשאַפֿן די גרויסע וואַלפֿיש״ (התנינים הגדולים)... „און עס איז געוואָרן אָוונט און עס איז געוואָרן דער מאָרגן פֿון פֿינפֿטן טאָג״.

אַלזאָ, דער וואַלפֿיש איז עלטער מיט אַ גאַנצן טאָג אין דער בריאת־העולם־טאַבעלע פֿון די חיות, בהמות און פֿון דעם מענטש, וועלכע דער רבש״ע האָט געשאַפֿן, ווי איר ווייסט, אין זעקסטן טאָג, אין אַ פֿרייטיק. (די גמרא זאָגט: „דער מענטש האָט זיך נישט מיט וואָס איבערצונעמען. יעדעס ווערימל איז עלטער פֿאַר אים״).

עס איז נישט קיין אַפּיקורסות צו טראַכטן, אַז אַ „טאָג״ אין גאָטס אויגן איז טויזנט יאָר (כי אלף שנים בעיניך כיום אתמול...) און אפֿילו

פיל מער: מיליאָנען יאָרן, ד. ה. פיל פריער איידער די איצטיקע געשטאַלטונג פון דער מאַמע־ערד איז פאָרמירט געוואָרן. איך דערמאָן זיך, אַז אין מיינע יינגל־יאָרן האָט מיר מיין פאָטער ע״ה געוויזן אין מלבי״ם אַן אָרט, ווו עס ווערט געזאָגט, אַז מען מעג אָננעמען, אַז איידער אונדזער תקופה איז עטאַבלירט געוואָרן, זענען שוין געווען איינצקע אַנדערע תקופות, און מיר וויסן דאָך, אַז דער רבונו־של־עולם איז בורא עולמות ומחריבם (שאַפט וועלטן און מאַכט זיי חרוב). איך זאָג דאָס אַלץ אַנטקעגן דעם, אַז איידער דאָס ערשטע באַשעפעניש האָט זיך באַוויזן מיט פיס אויף דער ערד אין יענעם פרייטיק, זענען אין משך פון אַ לאַנגן דאָנערשטיק, וואָס האָט מסתם געדויערט מיליאָנען יאָרן, — באַשעפענישן געשוואומען אונטער די וואַסערן. און דער גרעסטער פון זיי איז געווען דער וואַלפיש. אַזאַ מין פיש האָב איך אין זאָאָלאָגישע גערטנער נישט געקאָנט געפינען, — לאָמיר דעריבער פאָרן איבער אינדישן אָקעאַן צום אָרט, ווו מען האָט מיר צוגעזאָגט צו וויזן נאָר־וואָס געכאַפטע וואַלפיש.

אונדזער שיפל, נאָך עטלעכע שעה רייזע, דערנענטערט זיך צו אַ ווינקל, ווו עס שטייט אַ גאנצער פלאָט פון פישער־שיפלעך. אויפן ברעג טומלט זיך אַ געמיש פון ווייסע הינדוסן, כינעזישע, שוואַרצע. די אויגן ביי אַלעמען זענען ברייט צעעפנט, יעדער דריקט אויס באַוואונדערונג אין זיין שפראַך. נעבן ברעג, צוגעשמידט מיט פילפאַכיקע קייטן, שווימען אויף דער אויבערשטער פלאַך פון וואַסער צוויי גיגאַנטישע שוואַרצע קערפּערס. איך וואָלט געזאָגט, אַז דאָס זענען אונטערוואַסער־שיפלעך, ווען איך זע נישט, אַז פון די קעפּ רינט בלוט: אָט זענען די גרעסטע פיש פון דער היינטיקער וועלט, וועלכע א גרופּע פון פישערס מיט שאַרפע האַרפּונעס (גאָפּלען), וואָס באַזיצן דינאַמיט־קוילן, האָבן אויפגעריסן, באַזיגט און מיט טריומף, שוין טויטע, דערשלעפּט צו די ברעגעס און צוגעשמידט צו דער ערד.

אָבער אַ וואַלפיש איז נישט קיין פיש. דאָס איז אַ חיה, די ערשטע חיה, וואָס האָט געלעבט און לעבט נאָך היינט אין וואַסער. אַ וואַלפיש האָט הייס בלוט (אַ פיש איז קאַלטבלוטיק), קינדער ווערן געבוירן לעבעדיקערהייט, נישט פון רויגן, באַזיצט נישט קיין שיפּן און נישט קיין פליספעדערן (לחלוטין טריף), אָבער אַ מעכטיקער ווידל, ווי אַ רודער פון אַ שיף, העלפט אים שווימען. אַ וואַלפיש זייגט זיינע „פישלעך״

מיט דער מילך פון ברוסט, ווי אַ חיה, כדי צו אָטעמען שטעקט ער אַרויס זיין קאָפּ פון וואַסער יעדע האַלבע שעה, נעמט אָן לופט אין די לונגען און שפּעטער שיסט ער אַרויס זיין אָטעם ווי אַ פאָנטאַן מיט וואַסער, וואָס מען זעט פון אַ וויַיטן מהלך. דאָס איז טאַקע דעמאָלט, ווען פון די שיפן, וואָס ווילן אים כאַפּן, דערהערט זיך דאָס געשריי פון די מאַטראָסן: „ער בלאָזט!" און מען גיט זיך אַ לאָז אויף דעם וואַלפיש פון אַלע זייטן. מען פאַרוואַרפט די האַרפּונעס, וואָס רייסן אויף מיטן דינאַמיט. דאָס וואַסער ווערט רויט אַרום. אַ קאַמף צווישן אור־פיש און מענטש גייט־אָן אויף לעבן און טויט.

איצטער ליגן פאַר מיר צוויי באַזיגטע פיש־חיות. זיי וועגן צו זי־בעציק טאָן אַ שטיק. זייערע צוויי לאַפּעס, מיט פינף פינגער אויף יעדער, ליגן הילפלאָז צעשפּרייט.

די לופט אַרום איז שטיקנדיק, שווער צו אָטעמען.. באַלד וועט מען אָנהייבן צאַפּן דעם אייל. וויפל אייל גיט אַ וואַלפיש? גיבן גיט ער גאָר־נישט, — אָבער דער מענטש קוילעט, נעמט מיט כּוח! איינגאַנצן וועלן אויסגעצאַפּט ווערן אַרום ניינציק פעסער אייל, יעדעס צו 250 פונט.

נאָכדעם וועט מען שינדן די הויט און מאַכן שיך, גוטע שיך. נאָכ־דעם וועט מען אויספּאָמפּען אַ פליסיקייט, פון וועלכער מען פּראָדוצירט גאָר די טייערסטע פּאַרפומען... פאַרגלייכט נאָר די פּאַרפומען מיט דער לופט איצט אַרום, אין וועלכער איר ווערט ממש דערשטיקט. נאָכדעם וועט מען אויסשניידן אָט די לאַנגע נאָז־ציינער און פאַרקויפן זיי טייערער ווי העלפאַנד־ביין.

זעט נאָר, זעט, וואָס מען קאָן שוין אַלץ, נישט וואַרטנדיק אויף דער גרויסער סעודה, מיט כוח אַרויסבאַקומען פון „לויתן".

*

מיר פאָרן צוריק איבער די שפּיגלדיקע כוואַליעס פון אינדישן אָקעאַן. געזען דעם וואַלפיש, אָבער קיין יונה הנביא איז פון זיין אינגעווייד איצט נישט אַרויס. די נבואה קומט פון די ווונדערבאַרע בלויע הימלען איבער אונדז. אַ בת־קול אין מיר זאָגט אָן, אַז די צייט פון דער גרויסער סעודה אויף „יענער וועלט", ווען מען וועט אויפהערן צו קוילען און דאַן געניסן פון שור־הבר מיטן לויתן, וועט דאָך קומען. און מיטן יין־המשומר,

מיטן רעזערווירטן פאַר דעם צוועק הימלישן וויין, וועט מען זיך אויך קוויקן. אָבער זאָגט מיר, גוטע מענטשן, ווו זענען די ערטער ווו דער דאָזיקער וויין ווערט געהאַלטן? איך וועל זיך באַמיען דאָרט אַהין צו באַקומען אַ וויזע און אַ ברכה מאַכן, און אויך איך, מיינע לייענער, „מוציא״ זיין.

## צווישן יידן אין דרום-אַפריקע

מיר פאָרן אַ גאַנצן טאָג אין אויטאָמאָביל, פון יאָהאַנעסבורג קיין דערבען — די הויפּטשטאָט פון דער נאַטאַל־פּראָווינץ. מען לאָזט זיך פּאַמעלעך אַראָפּ פון אַ הייך פון זעקס טויזנט פוס ביזן ים־פלאַך.

אָבער די פיר הונדערט מייל, וואָס מיר מאַכן אַדורך, געהערן צו פאַרשידענע ציוויליזאַציעס: איר פאָרט אויף דעם מאָדערנעם אַספאַלט־שאָסיי דורך קליינע ווייסע שטעטלעך, מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן פון אונדזער יאָרהונדערט.

אָבער דאָס איז דאָך פאַר מיר נישט אַזוי אינטערעסאַנט. ווייסט איר אָבער, אַז אַ ביסל אין אַ זייט פון הויפּט־וועג ליגט דאָס אַזוי פּרימיטיווע זולו־לאַנד, ווו עס לעבן אַרום אַ האַלבן מיליאָן האַלב־ווילדע זולוסן, וועמענס הויפּט־באַשעפטיקונג איז — בהמות־צוכט און יאַגד אויף ווילדע חיות.

איידער איר דערפאָרט צו דער זולו־הויפּטשטאָט מיט דעם נאָמען מטובאַ־טובא (מיינע לייענער געדענקן מסתם, אַז מיט צען יאָר צוריק האָב איך באַשריבן מיין באַזוך ביי דעם אַלטן טשיף, מיט דעם זעלבן נאָמען, ווי עס הייסט איצט דער „קראַאַל״ נאָך אים: מטובאַ־טובאַ), פאָרט איר שנעל דורך דעם חיות־רעזערוו הלולווע, וואָס עס מיינט „זיס וואַסער״, און איז זעכציק קוואַדראַט־מייל אין שטח. דאָ, צווישן הויכן דיקן גראָז און ביימלעך מיט גרויער קאָרע, וועלכע דערמאָנען די היימישע בעריאָזעס, פּאַשען זיך פון „ששת ימי בראשית״ מען ווי צען טויזנט חיות מכל המינים, פאַר

ווענען די טייכלעך פון זיסן וואַסער, וואָס שלענגלען זיך צווישן די גראָזן, זענען די הויפּט־אַטראַקציע פונעם אָרט.

איך פאָרט איבער דער נישט־געוויינלעך האַרטער ערד, און עס לויפן פאַרביי סטאַדעס פון אימפּאַלאַס, — רויט־פּעליקע, לאַנג־פּיסיקע בעק, — וועלכע קאָנען שפּרינגען אין דער לופטן ביז צען פוס הויך; און דאָ לויפן נאָך דעם אויטאָמאָביל די קודו־הירשן מיט אָנגעשפּיצטע אויערן און שאַרפע בליקן, — אַזוי ווי פון אַ ציַיטונגס־רעפּאָרטער, וועלכער וויל אויפכאַפּן אַ סענסאַציאָנעלע נייעס.

פּאַמעלעך שלעפּן זייערע שווערע לייבער די ווילדע חזירים, וועמענס קעפּ זענען באַצירט מיט צוויי שאַרפע, אויסערלעכע ציינער, און נאָך אַ באָרד דערצו. זיי דערנענטערן זיך מיט פילאָזאָפיש־אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און געמאָסטענע טריט צום טייך, פאַרטרינקען זיי זייער „לאַנטש" מיט זיס וואַסער.

פון טייך פויזען אַרויס, ווי קליינע אונטערוואַסער־שיפלעך, שוואַרצע קראָקאָדילן; די זון שטייט הויך אין הימל — צייט צו דערוואַרעמען די אויסגעגנעצטע, גלאַנציק־גליטשיקע געקאַרבטע קערפּערס.

פון טייך אָן ווערט דער בעריאָזע־וואַלד געדיכטער, אָבער געטונקט אין זון־שטראַלן איז ער נאָך אַלץ דורכזיכטיק גענוג, כדי צו קאָנען נאָכקוקן די לויפנדיקע „רינאָסעראָס" — יענע אויסטערלישע מאַסיווע חיה, מיטן שאַרפן האָרן אויף דער נאָז, וועלכע באַוועגט זיך ווי אַ טאַנק, און וואַרפט אָן אַ מורא אויף אַלע ארומיקע חיות, וועלכע אַנטלויפן פון איר, מאַכנדיק אַ „וואַרע".

אַ רינאָסעראָ איז אויך געפערלעך פאַר אַן אויטאָמאָביל, וועלכער ווערט מאָמענטאַל איבערגעקערט, אויב נאָר ער שטייט אין וועג פון אַזאַ לעבעדיקן „טאַנק". פאַרהאַלטן מיר דעם מאָטאָר און וואַרטן איבער צווישן דיביימער, ווען דער ריז, מיטן שאַרפן האָרן אויף דער נאָז, וועט פאַרביילויפן. ער איז דאָ דער קעניג, אַזוי ווי דער לייב איז קעניג אין קרוגערס חיה־רעזערוו, און דער העלפאַנד — אין רעזערוו פון אַדאָ.

און איצט פאָרן מיר שוין ווידער אויף אַ זייטיקן וועג צום „קראַאַל" מטובא־טובא. איך ווייס שוין, אַז דער אַלטער פאַראַמונט־טשיף פון אַלע זולוסן, מיטן זעלבן נאָמען, איז שוין געשטאָרבן, און עס קיניגט איצט זיין איינציקער זון. ער הייסט פערקאַנדאַ, און איך געדענק אים פון מיין פריער־

דיקן וויזיט אין שטרויענעם פּאַלאַץ פון זיין הערשנדיקן טאַטן. פאַר אונדז איז געשטאַנען אַן איינגעבויגענער זולו, מיט אַ בערדל, און אַן אונ־טערטעניקן בליק אין די אויגן. ער האָט געוואָלט וויסקי; מיר האָבן עס נישט געהאַט (עס איז שטרענג פאַרבאָטן דאָ צו געבן שטאַרקע געטראַנקען צו א שווארצן). נעבן אים איז געשטאנען זיין שוועסטער — א יונג, גענצ־לעך דעקאָלטירט, שוואַרץ מיידל, מיט א פיגור, וועלכע קאָן זיך נישט פוארשעמען פארגליכן צו ווערן צו מערילין מאָנראָו. זי, די פּרינצעסין איז שפּעטער אַוועק קיין לאָנדאָן. א שיין מיידל איז זי געווען, און א רייכע כלה דערצו אויך — האָט זי חתונה געהאָט מיט א יידישן מאָלער פון אונגאַרן. מיין געלערנטער פריינד פון יאָהאַנעסבורג, י. ס. יודעליאָוויטש, האָט טאַקע אין אזא פאַל געזאָגט: „גם־זו־לטובה״... פאַרשטייט זיך, אַז די שוואַרצע פּרינצעסין טראָגט איצט אַ קליידל, נישט אַזוי ווי זי האָט זיך, בעוונותינו הרבים, געוויזן פאַר אונדז.

אין קראַאַל דערוויסן מיר זיך, אַז דער טשיף פּערקאַנדאַ איז נישטאָ אין דער היים: געפאָרן אויף אַן אָפיציעלן וויזיט קיין נאָנגאָמאַ, צום דיסטריקט־קאָמיסאַר פאַר די נעיטיווס.

פאָרן מיר שוין אַרויף אויפן אַספאַלט־וועג, און אין צוויי שעה אַרום געפינען מיר זיך צווישן די אולטראַ־מאָדערנע האָטעלן און געפלאַסטערטע גאַסן פון דערבען — אַ מין אַטלאַנטיק־סיטי ביים ברעג פון אינדישן אָקעאַן. עס ווילט זיך גאָרנישט גלויבן, אַז דאָ נישט ווייט שפּאַצירן אין זייער אוראַלטער סביבה ווילדע חיות און עס לעבט דער זולו־שבט אונ־טער דער הערשאַפט פון אן אייניקל פון טשיף דינגאַן — דער זעלבער, וואָס האָט מיט אַזויפיל העלדישקייט געקעמפט קעגן די ווייסע בורן, ווען זיי זענען דאָ געקומען פאַרנעמען זיין ערד. איצט זענען אַנדערע צייטן, און דער זולו־טשיף פאָרט זיך בוקן צו אַ ווייסן בור, וועלכער וועט אים אפילו זיין האַנט נישט געבן.

*

עס קומט גלייך אין האָטעל מקבל־פנים זיין דער פאָרזיצער פון יידישן קולטור־פאַריין, פּיוול ראָגאָוו, און דער אָרטאָדאָקסישער רב א. ט. שראָק.

פייוול ראַגאָוו, — דער „אַמבאַסאַדאָר" פון דער יידישער ליטעראַ־טור אין ווייטן דערבען, — איז מיר גאָרנישט פרעמד. אין אַלטן ביאַליס־טאָק האָט ער געהייסן פייוול ראַגאָווסקי, און איז אַ ברודערן־זון פון יענעם מערקווירדיקן ייד, ר׳ פייוול דער הייזעריקער (אויך ראַגאָווסקי), וואָס האָט געהאַט אַ שניט־קראָם אונטער דעם שטאָט־זייגער. ער איז געווען הויך, רעפּרעזענטאַטיוו, און צוליב זיין הייזעריקייט האָט ער שטענדיק אויסגעזען אַ ביסל בייזלעך. אָבער וואָס פאַר אַ גאָלדן האַרץ האָט אָט דער שניט־קרעמער פאַרמאָגט! צוויי דורות ביאַליסטאָקער געדענקען אים, ווי ער פלעגט פרייטיק בייטאָג איבערלאָזן זיין קראָם אויף הפקר, און זיך אַרויסלאָזן איבער די גאַסן מיט אַן אויסגעשטרעקטער לאַנגער האַנט, אויף וועלכער ס׳זענען געלעגן אויסגעלייגטע קופּערנע מטבעות „פאַר אָרעמע אויף שבת"...

קיינער האָט ר׳ פייוולען נישט אָפּגעזאָגט, און אָט מיט די קופּערנע מטבעות פלעגט באַצאָלט ווערן די בעקערס, די קצבים, די בשמים־קרע־מערס, ווו אָרעמעלייט, געשיקט דורך ר׳ פייוולען, פלעגן באַקומען זייער שפּייז. ווו נעמט מען איצט אַזעלכע יידן? יאָ, שבת פלעגט ער נישט רעדן קיין „זשאַרגאָן", נאָר לשון־קודש; אָבער היות ער האָט מסתם קיין סך העברעיש נישט געקענט, איז דער שבת דורכגעגאַנגען מיט: „אָ־אָ, נו־נו, אַי־אַי"...

אָבער פייוול ראַגאָוו אין דערבען רעדט שוין יאָ יידיש — סיי שבת, סיי אינדערוואָכן, — און האָט באַוויזן דאָס מאַמע־לשון אויפצוהאַלטן צווישן אַ פּאָר הונדערט יידן, — ליטווישע און פּוילישע — וואָס געהערן נאָך צו דער אימיגראַציע.

אמת, איך האָב געמוזט מיין לעקציע אין יידיש איבערחזרן אויפ־צומאָרגנס אויך אויף ענגליש פאַר דעם יונגן דור, אָבערביידע מאָל איז דער זאַל פון דער יידישער קהילה געווען פול — אַ סימן פון אינטערעס צו דער רייך־יידישער ליטעראַרישער טעמע.

אַן עלטערער בכבודיקער ייד האָט זיך מיט מיר באַפריינדט נאָך דער לעקציע און פאַרגעלייגט מיך פירן אין זיין אויטאָמאָביל צו פערזאָנען, וועלכע קאָנען זיין פאַראינטערעסירט אַלס אַבאָנענטן פאַר ייוואָ־אויסגאַבן אין דערבען. דער נאָמען פון דעם דאָזיקן ייד איז ר׳ נפתלי הערץ, און ער איז אויך דער אָנפירער פון קליינעם קלוב „חובבי שפת עבר", ווו

מיר איז אויסגעקומען צו רעדן פאַר אַ גרופּע העברעיסטן, אין הויז פון ראַבינער מילער.

פאָרנדיק צוזאַמען אין אויטאָמאָביל דערציילט מיר ר׳ נפתלי, — אַ ייד שוין איבער זיבעציק, — אַ ביסל זיינע יוגנט־זכרונות: געקומען אַלס יינגל פון האָראָדישטש, מינסקער גובערניע, קיין גראָדנע, אין דער תלמוד־תורה; שווער איז געווען פאַר א יינגל פון צוועלף יאָר צו באַקומען אַלע „טעג״ — ס׳פלעגט פעלן אַ דינסטיק אָדער אַ דאָנערשטיק, — האָט מען צוגעהונגערט; שפּעטער האָט ער שוין געוווּסט, ווי מען קויפט־אָפּ פאַר אַ „פּיאַטאָק״ (צען גראָשן) אַ „טאָג״ פון אַן אַנדער יינגל, וועלכער איז געווען פּיפּיקער און באַקומען „בעל־הביתטעס״; צומבעסטן, דערציילט ער, פלעגט מען געבן עסן דעם תלמוד־תורה־יינגל אין באַלמעלאָכישע הייזער, ווו מען האָט געזעצט ביים טיש צוזאַמען מיט דער משפּחה; אין גבירישע הייזער האָט מען מערסטנס געגעבן עסן דעם יינגל אין דער קיך, און אַ ביסל רחמנות און גוטהאַרציקייט פלעגט אַרויסווייזן נאָר דאָס דינסטמיידל.

מיט זעכציק יאָר צוריק האָט מען תלמוד־תורה־יינגלעך געשלעפּט אויף גבירישע לוויות — אפילו אין שניי און אין רעגן. נישט אַלע קינדער האָבן געהאַט שיכלעך אויף די פיס.

דאָס אַלץ האָט ר׳ נפתלי הערץ געדענקט, ווען ער האָט זיך אַרויפגעאַרבעט און איז געוואָרן אַ גביר אין דרום־אַפריקע. זיין ספּעציאַליטעט איז געווען, — אין די עמיגראַציע־יאָרן און שפּעטער אין די יאָרן פון ביידע מלחמות, — הכנסת אורחים: זיך פאַרנעמען מיט די „גרינע״ און זיי העלפן זיך שטעלן אויף די פיס. ווען דורך דערבען זענען דורכגעפאָרן די יידיש־פּוילישע פּליטים און מען האָט זיי נישט געלאָזט בלייבן וווינען אין דרום־אַפריקע, האָט זיי הערץ אויסגעשטאַט מיט בילעטן און אַנדערע צרכי־הדרך.

דורך דערבען האָט אויך דורכגעוואַנדערט ש. לאַנדינסקי, — דער דיכטער, וואָס איז נישט לאַנג צוריק געשטאָרבן אין ניו־יאָרק, — און ער האָט פאַראייביקט ב. הערצס גוטע האַרץ מיטן פאָלגנדיקן ליד:

„אין אַ וועלט נאָך נישט אינגאַנצן אַ באַזיגטער,
מיט אַ גייסט נאָך נישט אינגאַנצן אַ דערשטיקטן,

און אַ מענטש מיט נאָך נישט אײנגאַנצן פֿאַרלוירענעם געדאַנק, וועלט, ווי קאָן איך דיר זינגען אַן אַנדער געזאַנג ווי — האַרץ ?״

*

אונדזער אויטאָ פֿאָרט־צו צו אַ גרויסער פֿאַבריק־געביידע, אַ צען מייל ווייט פֿון דער שטאָט דערבען, אין אַ פֿאָרשטאָט, באַוווינט מיט אינדיאַנער.

אויף דער געביידע געפֿינט זיך אַן אויפֿשריפֿט: „מיליאָנען העמדער״.

— דאָס איז איינע פֿון די גרעסטע העמדער־פֿאַבריקן אין אונדזער לאַנד; די אייגנטימער זענען יונגע ביאַליסטאָקער לאַנדסלייט, — זאָגט צו מיר ר׳ נפֿתלי הערץ.

אינמיטן רוישיקן האָל פֿון דער פּילשטאָקיקער פֿאַבריק זיצט איינער פֿון די אייגנטימער, אַ מאַן פֿון אַ יאָר פֿערציק. מען שטעלט מיר אים פֿאָר: „סעם לי״.

— ניין, נישט קיין כינעזער, נאָר אַ ביאַליסטאָקער. דאָרט געהייסן שמואל ליזשאַנסקי, לאַנגיאָריקער סעקרעטאַר (1927—1935) פֿון „לינקן״ שניידער־ און בעקער־פֿאַריין. בין איך אַנטלאָפֿן, איידער מען האָט מיך געוואָלט נעמען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער קאַרטוז־בערעזע, נעבן בריסק; געווען אַמאָל פֿון די בעסטע תּלמידים אין וואַרשעווער תּחכמוני; דער חבֿר פֿון היינטיקן פֿירער פֿון רעליגיע־מיניסטעריום אין ישׂראל, ד״ר שלמה זיינוויל כּהנא, ווי אויך אַ בן־בית ביי מיין רבין הרב סאָלאָווייטשיק ז״ל; גלייך נאָך „סמיכה״ בין איך „אַראָפּ פֿון וועג״, זיך געחבֿרט מיט די „לינקע״ לאַנגע יאָרן; נו, און איצט חבֿר איך זיך מיט קאַפּיטאַליסטן — אַ „מיליאָנער פֿון העמדער״... כ׳בין דאָ אין שותּפֿות מיט מיין שוואָגער, דעם זון פֿון לאה דער פֿישערקע; ער איז געווען נישט קיין „רעכטער״ און נישט קיין „לינקער״, נאָר אַ „מזיק״; גאַנץ „סענדערס גאַס״ און דער „פֿיש־מאַרק״ האָבן פֿאַר אים געציטערט; איך האָב געביטן מיין נאָמען אויף „לי״, אָבער ער הייסט נאָך אויפֿן ערשטן נאָמען: „איוואַן״...

— איז דאָס דער זעלבער איוואַן, וואָס בלאָזט שופֿר? — פּרוביר איך זיך וויצלען.

— ניין, קיין שופר בלאָזט ער נישט, אָבער פון זיך בלאָזט ער גאָר שטאַרק. אָט וועט איר באַלד אַליין זען.

אין גלעזערנעם אָפיס גייט אַריין אַן עלעגאַנט־געקליידטער הער, מיט אַ רויט, בייז פּנים; קוקט זיך גאָרנישט אום אויף די געסט, וואָס זיצן מיט זיין שוואָגער; ענטפערט נישט אויפן „העלאָ״, וואָס עס זאָגט אים דער אַלטער נפתלי הערץ; ער נעמט עפּעס אַ פּאַפּיר פון שרייבטיש און וויל אַרויסגיין; מען זעט ער איז זייער באַשעפטיקט.

הערץ האָט זיך אפילו אויפגעהויבן, ווען ער איז אַריין. אָבער זיין שוואָגער, לי, שמייכלט אַ ביסל פאַרשעמט:

— איוואַן, — רופט ער זיך אָפּ צום עלעגאַנטן הער, — דאָס איז דאָך אונדזער פריינד הערץ, און מיט אים איז דאָ גאָר א פיינער גאַסט, ד״ר ש., דערקענסט נישט?

דער איוואַן רופט זיך אָפּ מיט אַ ברוגזער שטימע:

— איך האָב דאָך געזאָגט „העלאָ״. אויף שמועסן, אָבער, האָב איך קיין צייט נישט. אַ באַזוכער זיצט אין מיין אָפיס.

און דאָ רוף איך זיך אָפּ:

— מיסטער איוואַן, אייער מוטער לאה פלעגט בעסער אויפנעמען אירע „קונדן״, ווי איר נעמט אויף אייערע געסט... מילא, מיך מעגט איר נישט דערקענען, אָבער דעם אַלטן הערץ, פאַרוואָס האָט איר אים באַ־לײדיקט?

איך זע, אַז איך האָב געטראָפן אין פּינטל אַריין, מיטן דערמאָנען זיין מוטער, לאה די פישערקע.

— האָט איר דען געקענט מיין מאַמען?

— יאָ, מיין מוטער פלעגט ביי איר קויפן יעדן פרייטיק. אַלס קינד האָט מען מיך אויך אַמאָל מיטגענומען. איך האַלט, פונדעסטוועגן, אַז כאָטש איר זענט אַזוי באַשעפטיקט, קאָנט איר אונדז שענקען אַ פּאָר מינוט. דער פּרעמיער־מיניסטער פון אייער לאַנד איז געוויס מער באַשעפטיקט, ווי איר, און דאָך האָט ער נעכטן מיט מיר געהאַט אַ לאַנגן שמועס. מסתם האָט איר דאָך געלעזן וועגן דעם אין דער היינטיקער צייטונג?

איך זע, אַז די שטייפקייט פון איוואַנען לאָזט נאָך. דער לעצטער אַרגומענט האָט געווירקט. ער אַנטשולדיקט זיך אפילו פאַרן אַלטן הערץ.

און איך קלער דערביי: צוויי שוואַגערס, צוויי לאַנדסלייט, האָט איי־נער פון זיינע מיליאָנען העמדער אויסגעקליבן אַ ווייכס, אַ זיידנס, צו טראָגן אויף זיין האַרץ; און דער אַנדערער, דער איוואַן, האָט פון מיליאָנען דורך אים פאַבריצירטע העמדער אָנגעטאָן דווקא דאָס האַרטע, דאָס שטעכיקע, דאָס פאַרקראָכמאַליעטע...

# אַ באַזוך ביי די רואינען פון זימבאַבווע אין לעגענדאַרישן לאַנד אופיר

אין דער שיינער שטאָט בולאַוואַיאָ, אין דער מלוכה ראָדעזיע (דרום־אַפריקע), אין דעם זעלבן לאַנד, ווו דער פרעמיער־מיניסטער איז דער ייד סער ראָי וועלענסקי, וואָס שטאַמט פון ווילנע, און דער אַרבעטס־מיניסטער איז אייב אַבראַמסאָן וואָס שטאַמט פון ביאַליסטאָק, האָב איך ליב זיך צו פאַרהאַלטן פאַרן שויפענצטער פון אַ קראָם פון אַ ליטווישן ייד, וואָס הייסט הערש שור. אין פענצטער הענגער קראָקאָדילן, עס שטייען אויך אויסגע־שניצטע פון האָלץ און העלפאַנד־ביין אויסטערלישע „געטער" און ווילדע נאַקעטע מענטשן. עס הענגען אַמולעטן, קמיעות, פייל־בויגנס, מאָדנע מע־סערס און שפּיזן.

דאָס איז אַפריקע, ווי זי איז אַמאָל געווען, ווי זי איז אויך איצט, ווי נאָר איר פאָרט אַרויס פון די גרענעצן פון אָט דער מאָדערנער יונגער שטאָט, וואָס איז נאָך מיט מער ווי זעכציק יאָר צוריק געווען די הויפּט־שטאָט פון לעצטן שוואַרצן קעניג־הערשער לאָבענגולאַ, וועלכן די ווייסע האָבן פון טראָן פאַרטריבן און זיין פאָלק פאַרשקלאַפט.

איך גיין אַריין אין געשעפט פון דעם ליטוואַק, וועלכער איז אַהער־געקומען פון שטעטעלע וועקסלע, נעבן שאַוועל, מיט 45 יאָר צוריק, אַלס אַ יונג בחורל פון זיבעצן יאָר.

איך ווייס פון פריער, אַז ער איז נישט דער ליבלינג פון יידישן ישוב דאָ, — פון די עטלעכע טויזנט גוט־אָרגאַניזירטע און געטרייע נאַציאָנאַלע יידן.

זיי זאָגן מיר, אַז שור איז דער רייכסטער ייד אין בולאַוואַיאָ, נאָר האַלט זיך פונדערווייטנס און פרעמד: אַמאָל גיט ער צדקה מיט אַ ברייטער האַנט, און ס׳גייען אַריבער יאָרן, ווען ער וויל גאָרנישט געבן און פון גאָר־נישט וויסן. עפּעס אַן אויסטערלישער ייד — זאָגן זיי. אָבער פאַר מיר איז ער שוין אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס ער גיט זיך אָפּ מיט „אַפריקאַנאַ״, מיט אָט־דעם רייכן אַסאָרטימענט פון חיות־פעלן און געטער, וועלכע פאַר־כאַפּן מיין אויג מיט זייער עקזאָטישקייט.

עס באַגעגנט מיך אַ ברייטביינִיקער, פעסט־געבויטער ייד מיט אַ נישט גאָר פריינדלעכן בליק, ער צעוואָרעמט זיך אָבער ביסלעכווייז, ווען ער דערזעט מיט וואָס פאַר אַ פיעטעט איך גלעט די צעקודלעטע „הויטן״ פון די לייבן און די טעפּיכער, געמאַכט פון טיגערס און פּאַנטערעס.

ער גייט מיר נאָך און דערקלערט דעם ווערט פון אָט דער סחורה. ער רעקאָמענדירט מיר צו קויפן ביליק די סטאַטועטקעס פון שוואַרצן הע־באַן־האָלץ, וועלכע מען האָט אים נאָר וואָס געבראַכט פון טאַנגאַנאַיקאַ.

„איך ווייס״, זאָגט ער, „אַז איר זענט אַ יידישער שרייבער, כאָטש איך לייען שוין לאַנג נישט קיין יידיש. איך וועל אייך מאַכן ספּעציעלע פּרייזן, נישט די, וואָס איך האָב אייך נאָר־וואָס געזאָגט. קלייבט אויס וואָס איר ווילט — האָט קיין מורא נישט, איך וועל אייך נישט באַרייסן״.

און איך קלייב אויס אייניקע לעמפּערט־פעלן און אַן אָריגינעלע זעברע אין פּאַסן. איך שטעל אַוועק אין אַ זייט אייניקע געשניצטע פיגורן פון בושמענער, זולוסן, האָטענטאָטן. ער באַרעכנט מיר פאַר אַלץ פונקט אַ העלפט, ווי די פּרייזן, וואָס זענען אויפגעשריבן אויף די בלעטלעך. דאַן הייסט ער אַריינברענגען קאַווע און מיר זעצן זיך שמועסן.

די פריערדיקע פערמדקייט פאַרשווינדט. ער רעדט שוין אַ גע־שמאַקן ליטווישן יידיש אָנשטאָט דעם ענגליש מיט „סינען״, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר די אַלטע ישובניקעס אין דרום־אַפריקע.

שור דערציילט מיר, אַז אָט די גאַנצע קראָם זיינע מיט די „ווילדע״ סחורות איז נישט זיין עיקר־באַשעפטיקונג, נאָר אַ צייט־פאַרטרייב; אַז ער האָט זיך, ברוך השם, אַרויפגעאַרבעט אויף אַ פאַרמער־באַזיצער פון גרעסטן פאַרנעם אין לאַנד, — ער פאַרמאָגט 26 טויזנט אַקער פרוכטבאַרע ערד מיט וועלדער, מיט טויזנטער בהמות. אַז אָט דער האָטעל „פּאַלאַס״, ווו איך וווין,

איז זיין אייגנטום. און אַז ער איז אויך דער באַלעבאָס פון „גראַנד האָטעל",
אָט דאָ קעגנאַיבער אין גאַס.

ער קאָן זיך אָבער נישט שיידן מיט די חיות און „נעיטיוס", צווישן
וועלכע ער האָט געלעבט אַזוי פיל יאָרן אין די טיפענישן פון לאַנד
אויף דער גרענעץ פון מאָזאַמביק. פאַרקויפט ער איצט זיינע פעלן און
פיגורן. דוכט זיך אים, אַז ער איז ווידער דער יונג מיט דער ביקס, וואָס
יאָגט נאָך אַ לייב, וואָס האָט נאָר־וואָס פאַרציקט אַ שעפּסעלע פון זיין
פאַרם.

אינמיטן געשפּרעך גייט אַריין אין געשעפט אַ געוויקסיקער בלאָנדער
הער מיט גרוילעכע לאַנגע וואָנצעס, איינגעצויגענע רייטער־הויזן און אַ
ברייטן קאַפּעלוש פון אַן אַמאָליקן בורישן גענעראַל.

מען שטעלט מיר אים פאָר אַלס קוירנעל יאָהאַן פּאַריי, דער לאָרד
פון זימבאַבווע.

אָבער פּאַריי פאַרריכט גלייך: „ניין, איך בין אַ קוירנעל, אָבער נאָך
נישט דערוויל קיין לאָרד. דעם טיטל האָבן מיר געשענקט די ראָדעזער לצים
פאַר דעם אינטערעס, וואָס איך וויַז אַרויס אין שטודירן די געהיימנישפולע
רוינען פון זימבאַבווע. מיין פאַרם איז נישט ווייט פון פאָרט וויקטאָריאַ,
אויפן וועג צו די רוינען. איך האָב וועגן דעם פאַרעפנטלעכט פיל אַרטיק־
לען, האָט מען מיר אַ נאָמען געגעבן דער „לאָרד פון זימבאַבווע".

דער גאַסט האָט מיך פאַראינטריגירט. אַ ביסל האָב איך געהערט
און געלייענט וועגן אַ גאַנצער שטיינערנער שטאָט, וואָס מען האָט אַנטדעקט
אויפן וועג צווישן בולאַוואַיאָ און מאָזאַמביק. נישט מער ווי מיט אַכציק יאָר
צוריק האָט מען געפונען די אויסטערלישע שטיינער־געביידעס, און אַ גאַנצע
ליטעראַטור איז שוין אַרום זיי אויסגעוואַקסן. מערסטנטיילס געלערנטע און
פאָרשער זענען געקומען צום באַשלוס, אַז די געביידעס שטאַמען פון פרע־
היסטאָרישע צייטן, נאָך איידער די שוואַרצע באַנטו־מענטשן זענען געקו־
מען אין די דאָזיקע לענדער, ד. ה. אַ קימאַ־לן פון אַ פינף טויזנט יאָר צו־
ריק. אַנדערע ווידער האַלטן, אַז דאָס אָרט איז נאָך עלטער. פאַראַן אַזעלכע,
וואָס מיינען, אַז זימבאַבווע איז נישט מער ווי אַ צוויי טויזנט יאָר אַלט.

אָבער קיינער האָט נאָך נישט אַנטדעקט דעם סוד פון די מענטשן,
וועלכע האָבן דאָ געוווינט, וואָס איז געווען זייער באַשעפטיקונג, זייער קול־
טור און די ריכטיקע עפּאָכע פון עקזיסטענץ. מען ווייסט אַלץ וועגן די רוי־

נען אין בבל, וועגן די פּיראַמידן אין מצרים, וועגן די אינקאַס אין פּערו און די אַצטעקן אין מעקסיקע, זייער קולט און זייערע טעמפּלען, מען טאַפּט אָבער אין דער פינצטער, ווען עס קומט צו די רוּינען אין זימבאַבווע.

און אָט שטייט פאַר מיר אַ שמייכלענדיקער פריינדלעכער מענטש פון אַלט־האָלענדישן אָפּשטאַם, וועלכער מיינט, אַז ער איז נענטער ווי אַלע פאָרשער דערגאַנגען צום סוד פון זימבאַבוועס אָפּשטאַם.

„צי ווייסט איר", זאָגט ער, „אַז די געגנט פון זימבאַבווע איז אייגנט־לעך, יענער ביבלישער אופיר פון וועלכן גאָלד האָט געשטראָמט אין דער אַנטיקער וועלט פון שלמה המלך? און אויב איר ווייסט נישט, פאַרוואָס זאָלט איר נישט פאָרן מיט מיר און זען מיט אייערע אייגענע אויגן? שוין זאָגט מיר, אַז איר זענט אַ יידישער שרייבער, — וועט דאָך פאַר אייך זיכער זיין אינטערעסאַנט אַ קוק צו טאָן אויף פעלדער, וואָס זענען געווען אַמאָל אַזוי שטאַרק פאַרבונדן מיטן אויפבלי פון דער יידישער מלוכהשאַפט".

איך האָב געפילט, אַז מיינע נאָזלעכער הייבן זיך אָן צו באַוועגן, — אַ סימן פון דער עמאָציע, וואָס האָט מיך אַרומגעכאַפּט פון זיין פאָרשלאַג.

איך רעכן שנעל אויס, אַז פון פאָרט וויקטאָריאַ ביז די רוּינען דאַרף מען פאָרן אינגאַנצן אַ שעה־צוויי הין־און־צוריק. אַז שפּעטער וועל איך זיך קאָנען אומקערן פון זימבאַבווע צו דער באַן־סטאַציע וויקטאָריאַ און נעמען דעם צוג קיין סאַליסבורי, ווו איך וועל קומען שפּעט ביינאַכט. אַלזאָ, קיין גרויסן אומוועג וועל איך דאָך נישט מאַכן און קיין טעג נישט פאַרלירן. איך נעם אָן מיט פאַרגעניגן די איינלאַדונג פון קוירנעל אים צו באַגלייטן אין זיין אויטאָמאָביל ביז די זימבאַבווער רוּינען.

צומאָרגנס גאַנץ פרי פאָרן מיר אַרויס פון בולאַוואַיאָ דורכן מאָלע־רישן וועג צווישן בערג, טייכן, וואַסערפאַלן, וואָס צוליב זיין שיינקייט ווערט ער מיט רעכט אָנגערופן „דאָס פענצטער צום הימל".

מיין גאַסטגעבער, דער קוירנעל, טרייבט זיין סטעישאַן־וואָגן, זינ־גענדיק שטיל תפילה־געבעטן פון תהילים און קריסטלעכן ריטואַל. ביי דער זייט נעבן אים ליגט אַן ענגלישע ביבל מיט פאַרלייגטע פּאַפּירלעך צווישן די בלעטלעך, כדי שנעלער צו געפינען אַ געזוכטן ציטאַט. ווען מיר שטעלן זיך אָפּ פון צייט־צו־צייט נעבן אַ טיי־הויז, נעמט ער מיט די ביבל מיט זיך און ווייזט מיר די אונטערגעצייכנטע פּסוקים. מיר פאָרן שנעל דורך דאָס שטעטל פאָרט וויקטאָריאַ, דעם עלטסטן ישוב אין ראָדעזיע, אַרום וועלכן

מען גראָבט איצט קוילן און אַ ביסל גאָלד און ווו עס וווינען אויך אַרום פערציק יידישע משפחות צווישן די טויזנט ווייסע מענטשן, וועלכע געפינען זיך אין שטאָט צוזאַמען מיט זעקס טויזנט שוואַרצע.

מיר פאָרן אַראָפּ פון הויפּט־וועג, וואָס איז ביז איצט געווען אַספאַל־טירט, און פאָרן אַריין צווישן בערגיקע סטעזשקעס מיט דראָבנע שטיינדלעך באַשאָטן, אויף וועלכע אונדזער „וואָגן" באַוועגט זיך זייער לאַנגזאַם.

די זיבעצן מייל פון דאָזיקן וועג זענען געווען שווערער דורכצומאַכן ווי דעם גאַנצן לאַנגן וועג פון בולאַוואַיאָ אָן.

און אָט באַוויזט זיך פונדערווייטנס אַ שיטער וועלדל און אַרום אים דערזען מיר אַ ריזיקע שטיינערנע וואַנט. איבער די ביימער הייבט זיך אויף אַ טורעם פון קאָנישער פאָרם. אַרום אַ האַלבן מייל ווייטער, אויף אַ בערגל פון עטלעכע הונדערט פוס די הייך, שטייען רוינען פון אַ טעמפּל אין דער פאָרם פון אַן עליפּס.

נידעריקער אַ ביסל ציען זיך ווידער ווענט מיט שמאָלע קאָרידאָרן.

פאַר מיר, אַלס נישט קיין גרויסן ספּעציאַליסט אין אַרכעאָלאָגיע, וואָלט אָט די גאַנצע קאָנסטרוקציע פון רוינירטע טעמפּלען און ווענט קיין סך נישט דערציילט.

אָבער איך האָב נעבן זיך אַ גרויסן וויזיאָנער, וואָס פאָרשט די געגנט לאַנגע יאָרן און איז באַשיימפּערלעך פאַרליבט אין איר. די אויגן זיינע פינקלען, ווען ער רעדט און דערקלערט; די פינגער זיינע ציטערן ווען ער עפנט דעם תנ"ך און ווייזט מיר די געהעריקע פּסוקים.

„אָט דאָס איז דאָס אָרט פון „גרויס זימבאַבווע", וואָס באַדייט אויף אַן אוראַלטן לשון „דער פּאַלאַץ פון גרויסן הערשער", און זעט נאָר די קאָנוס־פאָרם פון צענטראַלן טורעם, — קוקט זיך גוט צו צו איר, וועט איר פאַרשטיין, אַז דאָס איז געווען אַמאָל אַ טעמפּל פון די נאָכפאָלגער פון „פאַלליק קולט", ד. ה. פון די, וואָס האָבן געהאַלטן דעם „מענער־גליד" פאַר זייער אָפּגאָט..."

און וווּנדערט זיך נישט, ווי אַזוי אַזעלכע שווערע שטיינער האָט מען, אָן דער הילף פון מאָדערנע מאַשינען, אויפגעהויבן אַזוי הויך. דאָ איז געשען דאָס זעלבע, ווי בעת מען האָט געבויט די מצרישע פּיראַמידן, — קנעכט, וועמענס לעבן מען האָט נישט געשעצט, האָבן זיי געבויט.

אין אַלטע לידער פון די באַנטו־שבטים געפינען מיר אַ טיף־פּאָע־

טישן פערז: „מען האָט די ווענט געבויט, ווען די שטיינער זענען נאָך ווייך געווען"...

און איך גלייב, אַז די שטיינער שטאַמען פון דער זעלבער עפּאָכע, ווען מענטשן האָבן אויסטערלישע שטיינער אַלס „אָפּגעטער" געמאַכט. דערמאָנט זיך דעם „קאַבאַ"־שטיין אין מעקאַ, די לעגענדאַרע שטיינער, וואָס מען האָט פון ערגעץ ווו געבראַכט און פאַרמויערט אין קאָראָנאַציע־טראָן פון פויפּסט אין וואַטיקאַן.

און איצט הערט, וואָס פאַר אַ שייכות דער פּלאַץ האָט מיט שלמה המלך און מיט אופיר.

מיר ווייסן ווו עס פלעגן אָנקומען די שיפן, וואָס חירם מלך צור צוזאַמען מיט שלמהס מאַטראָסן האָבן געפירט די אוצרות פון אופיר. דער פּאָרט איז באַצייכנט אין מלכים אי אַלס עציון־גבר נעבן אילת (אַזוי ווי היינט: אויפן רויטן ים). אָבער ווו איז דאָס אופיר, דאָס לאַנד, וואָס איז אַזוי פיל דערמאָנט אין תנ״ך אַלס דער קוואַל פון גאָלד? מען האָט אופיר געזוכט אין דרום־אַראַביע, אין עטיאָפּיע, אין מזרח־אַפריקע (נעבן איצטיקן מאָמבאסאַ), אָדער גאָר אין פּערו.

זענען אָבער אין אָנהייב פון 16־טן יאָרהונדערט געקומען די שיפן מיטן באַרימטן אַנטדעקער־רייזנדיקן וואַסקאָ־דע־גאַמאַ און די געלערנטע גרופּע האָט צווישן די נעטיוווס לידער און לעגענדעס, אין וועלכע עס ווערן דערמאָנט דער פּאָרט סאָפאַלאַ און דאָס גאָלד אין שלמהס טעמפּל — אַנטדעקט אופיר.

אין איין ליד דערציילט זיך, אַז:

„גאָלד האָט מען געגראָבן אין די פינצטערע ווייטע צייטן, ווען מען האָט געטאַנצט אַרום געטער אָן אַ נאָמען, געקומען זענען שלמהס שליחים און גענומען דאָס גאָלד, וואָס האָט ווי פייער געברענט, כדי צו באַצירן דאָס הויז, וואָס גאָט האָט אויסדערווײלט. דאַן האָט מען געזונגען אין סאָ־פאַלאַ און געטאַנצט אין אופיר".

לויט דער אַלטער אַראַבישער טראַדיציע איז סאָפאַלאַ־אופיר די גאַנצע געגנט צווישן די טייכן זאַמבעזי און לימפּאָפּאָ, ד. ה. פּונקט אָט דאָ, ווו מיר געפינען זיך איצט. און די שיפן פלעגן קומען צום פּאָרט, וואָס הייסט איצט ביירא, אויפן אינדישן אָקעאַן, עטלעכע צענדליק מייל פון די רוינען פון זימבאַבווע.

קוירנעל פּאַריי צעהיצט זיך איצטער, ווען ער מיינט, אַז דער לעגענדאַרער פּלאַץ אופיר איז שוין אַזוי קלאָר פאַר מיר, ווי ער איז קלאָר פאַר אים.

„אָט זעט!" שרייט ער אויס, „נישט ווייט פון דאַנען זענען דאָך אַנטדעקט געוואָרן אין פריערדיקן יאָרהונדערט די רייכע טראַנסוואַלער גאָלד־מינעס. אָט קוקט, ווי עס שיינען נאָך איצט פּיצלעך גאָלד־זאַמדן נאָכדעם, ווי די וואַסערלעך טריקענען אויס. אין דער וועלט פון שלמה, חירם און מלכה שבא האָט מען געהאַלטן געהיים דעם פּלאַץ, פון וואַנען אַזאַ מטמון מיט גאָלד איז געבראַכט געוואָרן קיין ירושלים. זעט נאָר, וואָס עס דערציילט וועגן דעם די „באַיבל": „איינמאָל האָט מען געבראַכט פיר הונדערט צוואַנציק ככר" (מלכים א׳ ט׳); „דער קעניג חירם האָט געגעבן שלמהן הונדערט מיט צוואַנציק ככר" (מלכים י׳ י׳). אין איין יאָר האָט שלמה אַריינבאַקומען אַ סך הכל פון 666 ככר גאָלד, און פון דעם האָט שלמה געמאַכט 200 גאָלדענע שיסלען, 300 גאָלדענע פּאַנצערס און באַדעקט זיין ריזיקן העלפאַנד־ביין־טראָן מיט ריינעם גאָלד (מלכים י׳).

„זילבער האָט זיך גאָרנישט גערעכנט אין יענע צייטן פון שלמה (דאָרטן)... און מיר געפינען גאָרנישט קיין אַנדער פּלאַץ אין יענער אַנטיק־וועלט, ווי אָט דאָ, ווו לויט אַלטע לעגענדעס און לידער האָט זיך געפונען דאָס לאַנד אופיר"...

מיר גייען נאָך שעהן לאַנג איבער די אונטערערדישע קאָרידאָרן פון זימבאַבווע. מיר באַטראַכטן מיסטעריעזע געמעלעכצן, וואָס עס האָבן געמאַכט מענטשן אין פאַרנעפּלטע אַלטע צייטן.

און ווידער שטעלן מיר זיך אָפּ ביים קאָנוסאַרטיקן טורעם, — ביים אָפּגאָט פאַלוס, ווו פּרימיטיווע שבטים האָבן געפּראַוועט אָרגיעס לכבוד דעם סימבאָל פון פּרוכטבאַרקייט.

פול מיט דאַנקבאַרקייט צום אָריגינעלן קוירנעל פּאַריי, דעם „לאָרד פון זימבאַבווע", שטייג איך אַריין אין לאַנגן צוג, וואָס פירט מיך צו דער הויפּטשטאָט סאַליסבורי.

# די יידישע דימענטן-הענדלער אין אַפריקע

ס'איז סוף נאָוועמבער און די טראָפּישע היץ מאַטערט אָן רחמנות דעם נישט־אַקלימאַטיזירטן ווייסן מענטש. מיר זיצן אין גלעזערנעם בנין פון קאַפּיטאָל — דעם פּאַלאַץ פון ליבעריער פּאַרלאַמענט, — וואָס דער־מאָנט, לויט זיין פאָרם, דעם קאַפּיטאָל אין וואשינגטאָן. ס'איז היינט אַ יום־טוב — דער געבוירנטאָג פון רעפּובליק־פּרעזידענט וויליאם טובמאַן. עס זענען אָנוועזנדיק: דער דיפּלאָמאַטישער קאָרפּוס, די מיטגלידער פון „הויז" און סענאַט, און חשובע אויסלענדישע געסט. מען איז אָנגעטאָן יום־טובדיק, כאָטש צוליב דער היץ איז שווער צו פּאַרטראָגן אפילו די וואָג פון איין־און־איינציק העמד. מוזיק שפּילט. מען האַלט לאַנגע רעדעס. פלוצים דערהערן זיך ביים אַריינגאַנג בילערייען און קוויטשערייען, און עס רייסן זיך אַריין אין קיילעכדיקן זאַל צענדליקער נאַקעטע, שוואַרץ־גלאַנצנדיקע פּאַרשוינען, מיט פעדערן אין די קעפּ, מיט שווערדן און פּיקעס אין די הענט, און זיי שפּרינגען ווי ווילדע חיות דירעקט צו דער טריבונע, ווו דער פּרעזידענט זיצט, און ווו אַ שוואַרצע ליידי, אין אַ גרינעם קלייד, האַלט אינמיטן רעציטירן אַ פּאָעמע לכבוד דעם יובילאַר.

עס ווערט אַ טומל. דער פּרעזידענט אַליין לויפט אַנטקעגן די אור־ווילדע אונטערטאַנען זיינע, וועלכע מען האָט געבראַכט פון די אינערלעכע טעריטאָריעס, כדי זיי זאָלן מיט זייערע טענץ און קולות, וואָס אימיטירן דאָס בילעריי פון הינט, ברומען פון לייבן און שאַלן פון העלפאַנדן — משמח זיין די איינגעלאַדענע געסט.

מען האָט אָבער די דאָזיקע אַקטיאָרן פון דזשונגל לאַנג נישט גע־קאָנט איינהאַלטן אויפן פעלד נעבן קאַפּיטאָל, האָבן זיי זיך פּשוט אַריינגע־ריסן אין זאַל, און נאָר דער פּרעזידענט איז געווען אימשטאַנד זיי צו באַ־הערשן און האַלטן אין צוים.

קיין רעדעס האָט מען שוין מער נישט געהאַלטן; דאָס „וואָרט" האָבן באַקומען די טענצערס און כישוף־מאַכערס אין שרעקעוודיקע מאַס־קעס, וועלכע האָבן מיט אַן אימפּעטיקן טופּען דערמאָנט די שטורעם־רעגנס אין זייערע היימישע דזשונגלס, אונדז אַלעמען אַריבערגעטראָגן אין די נישט־וויטע פון דאַנען פלעצער, ווו די נאַטור איז נאָר־וואָס פון

„בראשית" אַרויס, און דער מענטש האָט נאָך נישט פאַרזוכט פון עץ־הדעת, און גייט דעריבער אַרום מוטער־נאַקעט.



דער ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין ליבעריע, חנן יבור, צוזאַמען מיטן מחבר — אויפן עראָדראָם אין מאָנראָוויאַ

די יונגע טענצערינס אָבער, וואָס האָבן האַלטנדיק זיך ביי די טאַליעס, אַריינגעשלייכט ווי אַן אומענדלעכע שלאַנג אין קאַפּיטאַל, און זיך געדרייט אין אַ ריטמישן טאַנץ אַרום פּרעזידענט און זיינע געסט, האָבן

פאַראַדירט אין יענער אומשולדיקער נאַקעטקייט, וואָס ווערט באַזונגען אין „שיר־השירים״, — אָבער זי האָט גאָרנישט צו טאָן מיט דער באַצאָל־טער אויסגעלאַסנקייט פון אַ קאַבאַרעט אַ לאַ „פאָלי בערזשער״ אין פאַריז.

ערגעץ ווו, נישט ווייט פון דאַנען, דרימלט נאָך די ציוויליזאַציע אין נישט דורכגעשלאָגענע וועלדער און נעבן דזשונגל־שטעגעלעך, ווו מען טראָגט דעם רייזנדן, אָדער דעם הויכגעשטעלטן באַאַמטן, אויף אַ האַמאַק, און עס נעמט טעג, — אַמאָל צענדליקער טעג, ביז מען קאָן אים דער־טראָגן צו די גרענעצן פון דער רעפובליק, אָדער נאָך ווייטער, אין די שכנותדיקע לענדער: סיעררא־לעאָנע, פראַנצויזישע גווינעאַ, גאַנאַ אָדער טאָגאָ.

*

איך וועל נאָך, ביי אַן אַנדערער געלעגנהייט, דערציילן מיינע לייע־נער וועגן פשוט רעוואָלוציאָנערן פראָגרעס, וואָס דאָס דאָזיקע אַפריקע האָט דורכגעמאַכט אין די לעצטע אַכט יאָר, זינט איך האָב דאָ צום ערשטן מאָל געררייזט אין די ווילדע טיפענישן מיטן פרעזידענט טובמאַן. אין מאָנ־ראָוויאַ — אין דער הויפטשטאָט, האָט דעמאָלט געוווינט נאָר איין־און איינציקער ייד — דער נאָר־וואָס פאַרשטאָרבענער סימאָן סימאָנאָוויטש.

*

עפּעס דערמאָנט מיר איצט ליבעריע בכלל יענע צייטן אין סיביר, אָדער קאַליפאָרניע, אָדער קימבערליי אין דרום־אַפריקע, ווען מען האָט דאָרטן אַנטדעקט גאָלד און טייערע שטיינער. זענען זיך צונויפגעלאָפן אין יענע מקומות טיפּן און כאַראַקטערן, שטענדיק געוואַגטע און אונטער־נעמערישע, שטענדיק מיטן זודיקן, אַוואַנטוריסטישן בלוט אין די אָדערן, וואָס האָבן אין שווערע אומשטענדן, — אָפטמאָל אין לעבנס־געפאַרן, — געשאַפן פאַרמעגנס, און אויך נישט־זעלטן זיי פאַרלוירן, צוזאַמען מיטן לעבן.

איך זע איצט אַרום זיך: שפּאַניער, איטאַליענער, דייטשן, פּאָליאַקן, שוועדן און שווייצאַריער, וואָס זוכן און בויען און עקספּלאָאַטירן די גומי־ביימער, די אייזן־גרובן, די קאַווע און קאַקאַאָ — די בתולה־וועלדער;

איך זע דעם שטאַרקן דאָ סוחרישן עלעמענט פון לבנון און סיריע, — די אַראַבער, — װאָס האָבן נאָך מיט יאָרן צוריק פאַרשטאַנען, װי צו שאַפן דעם קרעמערישן קלאַס אין מערב־אַפריקע, — װי די הינדוסן האָבן דאָס פאַרשטאַנען צו טאָן אין די מזרח־ און דרום־טײלן פונעם זעלביקן קאָנ־טינענט.

אָבער זעט נאָר די מערקװירדיקע גרופּע „דימענטענע" יידן: פיר — פון אַנטװערפּן, צװײ — פון ניו־יאָרק, צװײ — פון ישראל, צװײ — פון לבנון; זײ זענען טויט־קאָנקורענטן אײנער מיטן אַנדערן אַ גאַנצן טאָג; אָבער קומט דער אָװנט, זיצט מען אַרום ליכטיקן טיש, מען עסט היימישע מאכלים, מען שפּילט שפּעטער אין קאָרטן, מען גייט צוזאַמען אין קינאָ. נאָר אײנער איז דאָ מיט זײן װײב, — אַ בעלגישע קריסטין, — אַלע איבעריקע האָבן זײערע װײבער און קינדער געלאָזט אינדערהיים; און מען קומט דאָ אָפּ, נישט־זעלטן, אין דער טראָפּישער היץ און אין דער פרעמדער סביבה, מיטן שװאַרצן „פּרויען־ערזאַץ" פון צװײפלהאַפטער היגיענע און געזונט־צושטאַנד... א מנין יידן, אָבער אָן אַ „מנין" צום דאַװענען, אָן אן אינטע־רעס צו די אַלגעמײנע און יידישע געשעענישן, װאָס שפּילן זיך אָפּ אין דער גרויסער אויסערלעכער װעלט, אָדער אפילו אין ליבעריע גופא. דאָס זענען דורכגעטריבענע סוחרים, דימענטן־ספּעציאַליסטן, די אײנגעשפּאַר־טע, װאָס זענען דאָ געבליבן, — דאָס רעשטל פון אַ גרופּע פון אַ פּופּציק מענער, װאָס האָבן זיך דאָ אין די לעצטע יאָרן אַראָפּגעלאָזט, װײל עס האָט געשמעקט מיט מיליאָנען דאָלאַרן צו פאַרדינען. אָבער דער רוב האָט נישט נאָר קײן מיליאָנען נישט געמאַכט, נאָר דערלײגט אַ היפּשע פּאָר צענדליק טויזנט דאָלאַר, װאָס מען האָט מיט זיך מיטגעבראַכט; געבליבן זענען די שטאַרקסטע, די פאַרהאַרטעװעטע, די נישט־אָפּגעשראָקענע.

װען איך בין צום ערשטן מאָל אַרײַן אין דער הײמישער עס־שטוב, איז אויבנאָן געזעסן א ייד, אין אַ װײס היטל, אָן ערנסטער, אין ברילן, װעלכן מען האָט מיר פאָרגעשטעלט מיט אַן איראָנישן קװעטש אַלס דעם „ראש־הקהל". דאָס איז ר' יהושע װײסמאַן, אַ ייד אין די מיטע־לע יאָרן; אַמאָל — פון װאַרשע, שפּעטער — פון אַנטװערפּן, שפּעטער — פון היטלערס קאָנצענטראַציע־לאַגערן, נאָך שפּעטער — פון ישראל.

אַ מערקװירדיקער ייד, א באמת פרומער און א גרויסער למדן. ער איז שוין דאָ א פּאָר יאָר, און פון אָנהײב האָט ער געלעבט אויף גרינסן,

וועלכע ער האָט געקאָכט אַליין אין זיין צימער; איצט קאָכט מען פאַר אים באַזונדער, און שטרענג כשר, אין רעסטאָראַנדל.

נעבן אים זיצט ווידער א ייד, אין די מיטעלע יאָרן, וועלכער וויל נישט, אַז איך זאָל זיין נאָמען אָנרופן אין צייטונג.

„איבערהויפט", זאָגט ער, „דאַרפט איר קיין נעמען פון אַזעלכע יידן, ווי מיר זענען דאָ, נישט אָנרופן; דאָס איז דאָך אַ מין „סיביר", אויף וועלכן מיר האָבן זיך אַליין פאַראורטיילט: טייל — צוליב פאַמיליע־אָנגעלעגנהייטן, אַנדערע — צוליב בעל־חובות אין די היימישע ערטער, וועלכע מען האָט הינטער זיך געלאָזט, איז צו וואָס דאַרף מען אָנגעבן אַדרעסן?..."

זאָגט ר' יהושע, דער אַזוי־גערופענער „ראש־הקהל":

„וואָלט דאָ געווען אַן אנדער סאָרט יידן, האָט מען אפשר געדאַרפט אַראָפּברענגען אַ ספר־תורה, שאַפן אַן אָרט צום דאַווענען כאָטש ימים־נוראים; אָבער אָט די אַלע קאָלעגן מיינע (ער ווייזט אָן מיטן פינגער אויף אלע אָנווועזנדיקע ארום טיש) זענען דאָך מחלל שבת בפרהסיא, עסן טריפה, זענען נישט אָפּגעהיט מיט פרויען, פאַרוואָס זאָל איך, אַ פרומער ייד, זיך מצרף זיין צו זייער „מנין", אָדער גאָר אים אָרגאַניזירן, ווען זיי אַלע פילן גאָר קיין באַדערפעניש נישט אין אים?".

איך פּרוביר מיט אים דיסקוטירן; איך ווייז אים אָן, אַז מיט זיין פאנאטיזם און קפדנות דערלאָזט ער נישט, אַז מתוך „שלא לשמה בא לשמה"; אַז דורך אַן אָנהייב, וואָס איז אפשר גאָרנישט פרום, קאָן דאָך אַמאָל קומען צו אַן אָרגאַניזירטן קהילה־לעבן; אז אַזוי האָט זיך דאָס אָנגעהויבן אין אַלע גלותן, פון די צייטן פון בבל אָן.

ער פאַרוואַרפט מיך אָבער מיט ציטאַטן פון רמב"ם, פון שולחן־ערוך, וועלכע פאַרגלייכן, — זאָגט ער, — א „מחלל־שבת" מיט „עבודה־זרה"־דינען; נו, און א „געצנדינער" קאָנט איר דאָך צום מנין נישט מצרף זיין!

ענטפער איך אים אָפּ מיט דעם, וואָס איז נאָך געבליבן אין זכרון פונעם זעלבן רמב"ם און פון די צאָלרייכע קאָמענטאַרן אויף „כל־נדרי", מיט וועמען אלץ מען איז מתיר צו דאַווענען אין א מנין.

דערזע איך אָבער אין זיינע אויגן יענעם פאַנאַטישן, עקשנותדיקן בליק, וואָס לאָזט זיך נישט איבערצייגן, לאָז איך אָפּ. מישט זיך אַריין דער שכן זיינער ביים טיש, — וועלכער וויל נישט, איך זאָל זיין נאָמען דער־

מאָנען, — זיין משפחה איז אין ניו־יאָרק; געקומען דאָ פון אַנטווערפּן; גע־
קומען דאָרט אַזש פון מונקאַטש.



דער ערשטער יידישער קבר אין ליבעריע פון ערשטן ייד, וואָס האָט זיך דאָרט באַזעצט

„ר׳ ייד״, זאָגט ער צו מיר, „אומזיסט אייער טרחה! איך, למשל, וואָלט נישט געגאַנגען דאַווענען אפילו ווען איר בויט דאָ א בית־המקדש; איך בין איבערהויפּט קעגן רעליגיע; איך בין אַ „לינקער״, כאָטש אין ישראל־זאַכן האַלט איך גראָד מיט בן־גוריונען... איז פאַרוואָס־זשע בין איך, א ייד פון מונקאַטש, — פון דער פעסטונג פון פאַנאַטיזם, — קעגן פרומא־קעס? דאָס ציט זיך נאָך פון די צייטן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. איך בין דעמאָלט געווען אַן עלנט בחורל, וואָס האָט געהאַקט שטיינער אויף א שאָסיי נעבן מונקאַטש. מיין בעל־הבית, וועלכן די דייטשן האָבן איבער־געגעבן דאָס געשעפט פון בויען דעם שאָסיי, האָט מיר פאַר מיין ארבעט

געצאָלט מיט קדחת, קוים געהאַט מיט וואָס דעם טאָג איבערצולעבן; און ער מיט זיין אידעם, ביידע „שיינע" מונקאַטשער חסידים, זענען געזעסן אויפן גאַניק פון זייער שטוב, נעבן שאַסיי, און „געפרעסן" אַ זאַטן מיטאָג. איך, אָבער, האָב דאַן געגריזשעט אַ טרוקן שטיק ברויט, ביי דער זייט פון וועג. ווען מיינע באַלעבאַטים האָבן געענדיקט זייער מיטאָג האָט מען מיך, דעם האַלב־הונגעריקן משרת זייערן, צוגערופן צום טיש, אַלס דריטן צום בענטשן „במזומן". דאָס האָט מיך „אויסגעהיילט" פון רעליגיע אויף אייביק..."

אויך אין די אויגן פון דאָזיקן „דימענטענעם" ייד האָט זיך אָנגעצונדן אַ פאַנאַטיש פייערל, און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָ וועט ווידער קיין שום דיסקוסיע נישט העלפן.

עס נעמט אויך אַ וואָרט דער „בעלגיער" — אייגנטלעך, גאַליציאַנער יונגערמאַן, וועלכער רעדט פראַנצויזיש מיט זיין קאַטוילישער פרוי, אָבער יידיש — מיט אַלע איבעריקע יידן:

„יעדער פון אונדז דאָ איז אַ „כאַראַקטער", אַ טיפּ, וואָס מען קאָן צוגלייכן צו די אַמאָליקע פאַרמאַציעס פון פראַנצויזישן „פרעמדן־לעגיאָן": איר האָט דאָרט געפונען דעם געוועזענעם פירשט, וואָס האָט מורד געווען אין זיין קעניג; דעם מערדער, וואָס איז אַנטלאָפן פון אַ תפיסה; דעם געוועזענעם גלח, וואָס זיין קלויסטער איז אים דערעסן געוואָרן, און דעם אַנטרונענעם מאַן, וואָס האָט געוואָלט פּטור ווערן פון זיין ווייב.

„אין לעגיאָן האָט מען די פאַרגאַנגענהייט נישט נאָכגעזוכט, קיין נעמען נישט געפרעגט; עס האָט זיך געפאָדערט נאָר אייזערנע דיסציפּלין, אויסגעהאַלטנקייט און קוראַזש, — דאָס זענען מיר אַלע דאָ! אייגנטלעך דאַרפט איר וויסן, קאָנען מיר אַלע לעבן פון אונדזער געלט און פון אונדזערע געשעפטן אין די שענסטע היימען פון אייראָפּע און אַמעריקע, און נישט וואַלגערן זיך דאָ, אין די טראָפּיקס, צווישן האַלב־ווילדע; איז פאַרוואָס־זשע זענען מיר פאָרט דאָ? די תשובה קאָן אייך געבן נאָר אַ גוטער פּרווידיסט, ווען ער וועט יעדן פון אונדז אַנאַליזירן..."

*

אויף צומאָרגנס גאַנץ פרי, זיץ איך אין ביוראָ, ווו דער זעלבער בעלגיער קויפט־אויף די רויע דימענטן. דאָס צווייטע צימער איז פול מיט שוואַרצע פון עטלעכע שכנותדיקע לענדער. קיינער פון זיי איז נישט קיין

ליבעריער, ווייל די פּאַרקויפער זענען דאָך ריזיקאַנטן־שמוגלער פון גווינעאַ, פון דאַהאָמיי, פון ניגעריע און אפילו פון קאָנגאָ און פון ווייטן סודאַן.

די פּנימער — אַ געמיש העל־שאָקאָלאַדע־הויטן, ביז פּנימער טונקעלע, ווי שוואַרצער טינט. מען איז איינגעוויקלט אין פאַרביקע טאָגעס, אין ווייסע ליילעכער, אָדער אַ גאַנץ שמאָלער פּאַס אויף די לענדן איז די גאַנצע קליידונג. זיי זענען דאָס רוב געצנדינער, אַ ביסל מאַכמעדאַנער, אמאָל — א „קורצטערמיניקער" תלמיד פון א קריסטלעכן מיסיאָנער. זיי לייגן אַרויס אויפן טיש פּאַפּירן, מיט מאַטע שטיינדלעך, אַמאָל די גרייס פון קליינע ארבעסלעך, און אמאָל — גרעסער, ווי א ווייסער באָב. מיין בעלגיער זיפּט די דראָבנע שטיינדלעך, טיילט זיי אָפּ פון די מיטעלע, לייגט אַוועק אין א זייט די גרעסערע; וועגט, שרייבט, קלאַפּט אויף א רעכן־מאשין; רופט אָן דעם פּרייז, וואָס ער קאָן צאָלן.

דער „אורח" אין דער פאַרביקער טאָגע איז פון א פראַנצויזישער געגענט; הערט ער, ווי מען לייגט אים פאָר פאַר די גרויסע, מאַטע שטיינדלעך זעקס טויזנט דאָלאַר; פאַר דער גאַנצער „שופלע" קלענערע — אַרום צוויי טויזנט דאָלאַר; אויב ער האָט צוטרוי צום בעלגיער — נעמט ער דאָס געלט; אויב נישט — גייט ער צו ר' יהושען, צום מונקאַטשער, צו די לבנון־יידן. לערנט ער אויף אזא אופן אויס דעם בעסטן פּרייז, און נעמט אים ביי דעם, וואָס גיט מער.

דער אומזאַץ איז אין מיליאָנען דאָלארן; דער פאַרדינסט — פון צוויי ביז דריי פּראָצענט, צוליב דער קאָנקורענץ, — אַזוי זאָגן זיי...

*

שבת ביי טאָג שפּאַציר איך מיט ר' יהושען. דערציילט ער מיר ווי כלאחר־יד:

„היינט אַרבעט איך נישט; דער „קאָנטאָר" איז געשלאָסן; איז גראָד צו מיר אינדערפרי געקומען אַ „טשיף" (ראש פון א שבט) פון סיערראַ לעאָנע. מיט אַ „שטיין", מיט וועלכן מען קאָן פלעטן דעם קאָפּ... עס איז געווען א מסחר, פון וועלכן מען קאָן שפּעטער לעבן א גאנץ יאָר; אָבער עס איז שבת; מען דאַרף קאָנעןביישטיין דעם נסיון; איך האָב דעם „טשיף" אוועקגעשיקט; ער איז אוועק אנטקעגנאיבער, צום בעלגיער.

„אגב, רופן מיך דאָ די מוסולמענער „אַל יאהוד", ווייל איך האַלט שבת; האָב איך זיי געמוזט אויפקלערן, אז „יאהודים" זענען אלע, נאָר יענע היטן נישט אָפּ שבת, און איך טו דאָס".

*

אונטערן פענצטער טאַנצט אַ כישוף־מאַכער אין אַ שוואַרצער מאַסקע. אונטער דער מוזיק פון פייפלעך און אַ טאַם־טאַם־פּויק.

און אין מײנע אויערן קלינגט נאָך אלץ די אייביקע דיסקוסיע: „ווער איז אַ ייד", — וועלכע איז אזוי משונהדיק אריבערגעטראָגן געוואָרן אין דער ווייטער ליבעריע, ווו ביז נישט לאַנג צוריק האָט אַ יידישער פוס גאָרנישט באַטראָטן די דאָזיקע ערד.

# אַ ייד — שיפס־קאַפּיטאַן ביים פּרעזידענט פון אַ נעגער־רעפּובליק

דער פּרעזידענט פון ליבעריע, ווילי‍אַם טובמאַן, און זיין שיפס־קאַפּיטאַן, עדואַרד שרון (שאַראָן), זענען נישט נאָר פאַרשידן אין קאָליר פון זייער הויט און רעליגיע, נאָר אויך טויזנטער יאָרן פון אנטוויקלונג, אָפּשטאַמונג און לעבנסגעשיכטע טיילן זיי פאנאנדער. און דאָך זענען זיי נאָענטע פריינד, פאַרברענגען צוזאַמען אייניקע טעג אַ וואָך אויף דעם פּרעזידענטס לוקסוס־יאַכט בעת די „וויק־ענד"־רייזעס אויפן ים און בעתן פאַרהאַלטן זיך אין די טיף־אינערלעכע געגנטן פון ליבעריע.

פּרעזידענט טובמאַנס אור־עלטערן האָט מען מיט אייניקע הונדערט יאָר צוריק געכאַפּט אין די דזשונגל־טיפענישן פון עקוואַטאָרישן אַפריקע און אַ געשמידטן אין שקלאַפן־קייטן פאַרקויפט אין דער דעמלטיקער אַמעריקאַנער קאָלאָניע ווירדזשיניאַ. פון דאָרטן האָבן זיך מיט אַרום הונדערט פערציק יאָר צוריק טויזנטער פרייהייט־ליבנדיקע נעגערס אומגעקערט קיין אַפריקע זוכן אַ היים און געגרינדעט אויפן וויסטן ברעג פון מערב־

אַפריקע אַ נייע היים — ליבעריע (פרייהייט). צווישן אָט די גרינדער איז אויך געווען טובמאַנס עלטער־זיידע.

די אַרום 20 טויזנט אָפּשטאַמיקע פון יענע צוריקגעקומענע אמע־ריקאַנער נעגערס, צוזאמען מיט א צוויי מיליאָן אָפּשטאַמיקע פון יענע ווילדע שבטים, וואָס האָבן דאָ פון פריער געוווינט, בילדן דאָס איצטער די באַפעלקערונג פון דער פרייער, דעמאָקראַטישער רעפּובליק ליבעריע. די נעגערס, וואָס שטאַמען פון אַמעריקע, זענען נאָך אַלץ דער הערשנדיקער, געבילדעטער קלאַס און נאָר אין די לעצטע פופצן יאָר, זינט טובמאַן איז געוואָרן פּרעזידענט, האָט ער צוגעצויגן צו דער רעגירונג די נידעריקע און אויך העכערע שטאַפּלען פירערס פון די איינגעזעסענע שבטים.

שיפס־קאַפּיטאַן שאַראָן האָט זיך מיט פיר יאָר צוריק אָפּגעשטעלט אין האַפן פון מאָנראָוויא, ליבעריע, מיט זיין ישראל־שיף, וועלכע האָט דאַן געמאַכט אַ פריינדשאַפטלעכע וועלט־רייזע. דער פּרעזידענט טובמאַן האָט באַזוכט די שיף און געוואָרפן אַן אויג אויפן געוויקסיקן בלאָנדן קאָ־מאַנדיר מיט די בלויע אויגן און מוסטערהאַפט־מיליטערישער פיגור.

„צי וואָלט איר נישט געוואָלט איבערנעמען די קאָמאַנדע פון מיין יאַכט? איך וואָלט אייך געמאַכט פאַר מיין העכסטן פלאָט־אָפיציר און גע־געבן א לאַנגיאָריקן קאָנטראַקט", האָט דער פּרעזידענט געמאכט אַן אָנבאָט דעם יידישן קאַפּיטאַן.

„איך וועל גערן אָננעמען אייער פאָרשלאַג, אויב מיין שעף, דער אַדמיראַל פון ישראל־פלאָט וועט איינשטימען. אָבער אַפילו דאַן וויל איך נאָר אויסגעליען ווערן צו אייך און בלייבן א ישראל־בירגער און א רע־זערוו־אָפיציר פון ישראלס באוואָפנטע כוחות".

די ישראל־רעגירונג האָט מסכים געווען. און שוין דריי יאָר ווי עד־וואַרד שאַראָן איז דער טיטולירטער פלאָט־קאַפּיטאַן פון פּרעזידענטס יאַכט.

פון וויפל שיפן באַשטייט דאָס דער פלאָט פון ליבעריע?

אייגנטלעך נאָר פון דער איין־און־איינציקער שיף, וועלכע עס „טרייבט" קאַפּיטאַן שאַראָן. אָבער נאָמינעל שווימען איבער אלע ימים נישט ווייניקער ווי פינף הונדערט שיפן אונטער דער ליבערישער פאָן.

דאָס זענען שיפן פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, וועלכע האָבן צוליב „באַקוועמלעכקייט־צוועקן" זיך רעגיסטרירט אין ליבעריע און שטעלן

צוזאַמען א מעכטיקן פלאָט פון מיליאָנען טאָן — דער צווייטער לויט דער גרייס האנדלס־פלאָט אין דער וועלט. עס שווימען אויך אזעלכע שיפן אונטער די פענער פון פּאַנאַמאַ, האָנדוראַס און קאָסטאַריקאַ. דאָס איז אָבער א באזונדער קאפּיטל, מיט וועלכן איך וועל זיך איצט נישט פאַר־נעמען.

אונדזער קאַפּיטאַן שאַראָן איז, הייסט עס, דער העכסט־ראַנגיקער פלאָט־קאָמאַנדיר אין ליבעריע, וועלכע האָט דערוויילן אין איר פלאָט נאָר איין שיף — די יאַכט פון פּרעזידענט.

*

בעת מיין איצטיקן באַזוך אין ליבעריע אין משך פון עטלעכע וואָכן, האָב איך נאָך מער פאַרשטאַרקט די פריינדשאַפט, וואָס איך האָב פאַרבונדן בעת מיינע פריערדיקע באזוכן סיי מיטן פּרעזידענט און סיי מיט שאַראָנען.

אין די פרימאָרגנס אַרבעט איך אין אַ צימער בשכנות מיטן פּרע־זידענט טובמאַן אין זיין רעזידענץ. איך האָב די געלעגנהייט, ווי נאָך קיינ־מאָל נישט, צו אָבסערווירן די טעטיקייט פון אַ מלוכה־שעף אין אַ נאָך אַלץ פּרימיטיוו לאנד, ווו די הויפּט־באַפעלקערונג איז אין משך פון איין דור אַראָפּגעשפּרונגען, אזוי צו זאָגן, פון דיביימער און ארייַנגעשפּרונגען אין דער עפּאָכע פון ראקעט־עראָפּלאַנען... זע איך ווי דער פּרעזידענט — אינ־טעליגענט, שטרענג און ענערגיש, — פירט זיין פאָלק אויפן שווערן וועג פון דזשונגל אַרויס. זע איך ווי יעדן פרימאָרגן ווערן אויסגעפּילט די פּופּ־ציק שטולן פון דעם גלעזערנעם באַלקאָן, וואָס געפינט זיך נעבן קאַבינעט, ווו דער פּרעזידענט בעמט אויף באזוכער. עס מעג קומען יעדער, וואָס וויל, יעדער, וואָס האָט אַ טענה, א ביטע, א פאָרשלאַג.

צוויי דעלעגאַציעס זענען געקומען פון טיפן דזשונגל, ווו שבטים פירן צווישן זיך א לאַנגע מחלוקת וועגן באזיץ פון גומי־ביימער. עס גיסט זיך דאָרט בלוט צוזאַמען מיט דער ווייסער קלעפּיקער „מילך״ פון אונטער דער קאָרע פון די גומי־ביימער... משפּט דער פּרעזידענט און די דעלע־גאציעס גייען אוועק צופרידענע.

די גאַנצע צייט, וואָס א פשוטער פאָלקס־מענטש זיצט אין פּרעזי־דענטס קאַבינעט, מוז אפילו א קאַבינעט־מיניסטער וואַרטן אויף זיין ריי.

מעג עס לאַנג דויערן. זעט מען טאַקע אויפן זעלבן באַלקאָן, ווי דער אויסערן־מיניסטער צוזאמען מיטן פינאנס־מיניסטער זיצן און ווארטן געדולדיק ביז דער פּרעזידענט וועט ארויסלאָזן פון זיין אויפנעם־צימער עפּעס א האלב־נאַקעטן מכשף, וועלכן זיין אדיוטאַנט, א בריגאדיר־גענעראל, האלט שטאַרק ארומגענומען ער זאָל זיך נישט צעטאַנצן און צעשרייען אין פּרעזידענטס אָנוועזנהייט.

און איצט טאַקע רופט מען מיך אריין, ווען יענער מכשף איז נאָך אַלץ אין צימער.

דער פּרעזידענט האלט א בלוי פּאפּיר אין האנט און א שמייכל איז צעשפּרייט איבער זיין טונקל געזיכט ווען ער דערזעט מיך:

„איך וויל איר זאָלט זיין אַן עדות פון א געשעעניש, וואָס קומט אפילו זעלטן פאָר אין מיין לאנד. געוויס וועט איר דאָס נישט זען אין אמעריקע און אייראָפּע. איר זעט דאָס פּאפּיר? דאָס שרייבט איך אונטער א באפרייונגס־פאַראָרדענונג פאר אָט דעם מענטש, וואָס האָט מיך געוואָלט דערמאָרדן", דערקלערט דער פּרעזידענט טובמאַן.

א דערשטוינטער פרעג איך איבער:

„פאַרוואָס־זשע באפרייט איר אים, אויב ער איז אזא שרעקלעכער פארברעכער? ער קאָן דאָך אויף דער פרייהייט זיין א געפאר פאר זיינע מיטבירגער?".

„ניין, די געפאַר איז נישט אזוי גרויס... איך וועל אייך באלד דערציילן".

דער פּרעזידענט הייסט זיין אדיוטאנט ארויספירן דעם פארשוין — א שווארצער ריז מיט א צעקודלעטער באָרד, מיט געפּארבטע שניטן אויף די באַקן. איידער ער גייט אַרויס וואַרפט ער אויף מיר אַן אומפריינדלעכן בליק מיט די ווייסלען פון זיינע ווילדע אויגן, א בליק, וואָס גיט גלייכצייטיק אי א ברי, אי איר ווערט פארגליווערט...

„האָט קיין מורא נישט", זאָגט טובמאַן, וועלכער האָט באמערקט מיין נערוועזקייט, „עס וועט אייך גאָרנישט געשען. ער האָט אייך איצט אָנגעטאָן א כישוף. עס וועט אייך אַזוי פיל שאטן ווי עס האָט מיר געשאַט... איצט הערט: אָט דער מכשף איז געדונגען געוואָרן פון מיינע פּאָליטישע שונאים — שטעלט אייך פאָר: אייניקע פון זיי מענטשן מיט אוניווערסיטעט־בילדונג — ער זאָל מיך טויטן דורך אַ קללה און כישוף... נישט ווייט פון

דאנעז, אין אַ דאָרף, האָט מען דורכגעפירט די צערעמאָניע. מען האָט געקאָכט פאַרשידענע קרייטעכצער, געקוילעט א באָק (גאָר אמאָל פלעגט מען קוילען א מענטש בעת אזעלכע צערעמאָניעס). מען האָט געטאַנצט און געזונגען. געשיקט די קללות און כישופים דורך אַ „דראָטלאָזן טעלע־גראַף״ דירעקט צו מיר אין שלאָפצימער. אויך צו מיין פרוי און צו מיינע קינדער. מען איז שפּעטער געזעסן און געוואַרט אויף דער ידיעה, אז מיר זענען אלע טויט. אָנשטאָט דעם אָבער האָט מען זיך דערוווּסט, אז איך בין גאָר ארויסגעפאָרן אויף א שפּאַציר אויף מיין יאַכט.

„נו, האָט מען דאַן דעם „כישוף־דאָקטאָר״ געשלאָגן, געבונדן און געבראַכט קיין מאָנראָוויא אין תפיסה. דאָס האָבן געטאָן מיינע באַאַמטע, וועלכע האָבן דורכגעפירט אַן אויספאָרשונג. געטראָפן האָט דאָס מיט עטלעכע וואָכן צוריק. דאָס אַלץ זענען די דאָקומענטן פון דער אויספאָרשונג. און דאָס איז מיין אורטייל. באַפרייען דעם כישוף־מאכער און פארהאלטן די, וואָס האָבן אים געדונגען.

דער אורטייל לייענט זיך אזוי:

„...און עס ווערט אויך פאַראָרדנט צו באפרייען דעם „כישוף־דאָקטאָר״. די רעגירונג פון ליבעריע אונטערשטיצט נישט, גלייבט נישט און האָט נישט קיין צוטרוי אין כישוף־קראַפט און אַרויסרופונג פון גייסטער. שטעלט אָפּ די אויספאָרשונג, ווייל כישוף־מאכט איז אַן אומזין. מען דאַרף זען, אַז דאָס גאַנצע פאָלק זאָל וויסן, אז איך האָב באַפרייט די פּערזאָן, וועל־כע מען האָט געדונגען מיך צו דערמאָרדן דורך כישוף און אז איך האָב זיך פון דעם הארציק אויסגעלאכט״...

איך האָב שטום געדריקט די האַנט פון פּרעזידענט, כאָטש נאָך אַלץ דערשיטערט פון בליק, וועלכן עס האָט אויף מיר אַ שאָט געטאָן דער ווילדער כישוף־מאַכער בעת מען האָט אים אַרויסגעפירט פון פּרעזידענטס צימער.

*

אין אָוונט זיץ איך אין דער גערוימער דירה פון קאַפּיטאַן שאַראָן. איך דערצייל אים די סצענע מיטן כישוף־מאכער. די געשיכטע איז פאַר אים קיין נייעס נישט. אין זיינע רייזעס מיטן פּרעזידענט אין די טיפע־נישן פון לאנד, זעט ער זיך אָן און הערט זיך אָן גענוג געשעענישן, וועלכע נאָר אזא שטאַרקער כאַראַקטער ווי פּרעזידענט טובמאַן קאָן באַהערשן...

מיט שאַראַנען רעדן מיר... פּויליש. מיט זיין יונגער, אין אונגאַרן געבוירענער, פרוי פון ישראל רעדט זיך אמבעסטן אויף יידיש.

עדוואַרד שאראַן האָבן בעתן קריג מיט די דייטשן געהייסן סקאר־זשעווסקי. און פאַרן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג, ווען ער האָט מיט זיינע עלטערן געוווינט אויף מוראנאָוו־פּלאַץ אין ווארשע, האָט ער גע־הייסן יצחק פישביין, דאן נאָך א יונג יינגל, דערצויגן אין א פּוילישער גימנאַזיע מיט ווייניק יידיש וויסן.

אַרויסגעגנבעט זיך פון געטאָ, האָט ער צוליב זיין בלאָנד־פּוילישן אויסזען געקאָנט אָנגיין פאַר א פּאָליאַק. די פּוילישע אונטערערדישע אַרמיי, די „א.ק.", האָט אויך דאַן נישט געטאָרט אויסזאָגן, אַז ער איז אַ ייד, און אַריינגענומען אים צווישן אירע קעמפער. ער האָט זיך מיטן אַכטן אונטערערדישן רעגימענט אריינגעשמוגלט אין די וועלדער פון ווילנער ראַיאָן. ווי ער דערציילט, האָט דער דאָזיקער רעגימענט איינגענומען ווילנע מיט איין טאָג פריער איידער די סאָוויעטישע ארמיי איז דאָרט אריין.

די סאָוויעטן האָבן זיי דאָס נישט מוחל געווען און מען האָט די גאַנצע גרופּע אונטערערדישע קעמפער ארעסטירט און פארשיקט קיין רוסלאַנד.

נאָכן קריג איז ער צוריקגעקומען קיין ווארשע, ווו מען האָט גע־דענקט זיין העלדישקייט אלס פוילישער פּאַרטיזאַן און אים באלוינט מיט דער הויכער אויסצייכענונג „ווירטוטי מיליטאַרי". ער האָט נאָך אַלץ מורא געהאט אויסצוזאָגן, אז ער איז א ייד, צוליבן טראַר, וואָס זיינע געוועזענע חברים, די „א.ק." האָבן באַנוצט אויך קעגן יידן.

אונטער זיין פוילישן נאָמען האָט מען אים געשיקט שטודירן אין דער ים־אַקאַדעמיע, וועלכע ער האָט גלענצנדיק געענדיקט און ער איז באַ־שטימט געוואָרן אַלס אָפיציר אין פוילישן האַנדלס־פלאָט. ער האָט אָבער שוין מער נישט געקאָנט פאַרטראָגן די אַטמאָספער פון שאָוויניזם און אַנטיסע־מיטיזם, וואָס האָט באַהערשט די אָפיצירן פון כלומרשטן קאָמוניסטישן פוילן.

איז ער איינמאָל אין אן אויסלענדישן פּאָרט אַראָפּ פון שיף און אוועק — קיין ישראל. דאָרט איז ער שנעל אויסגעוואָקסן צום ראַנג פון „קאָמאנדיר", וועלכן מען האָט אָנפארטרויט די ישראל־שיף, וואָס האָט געמאכט די גלענצנדיקע פּראָפּאגאנדע־רייזע ארום א האלבער וועלט.

*

נו, און ווייטער ווייסט איר שוין: דער ישראל־פּלאַט האָט אים „אויסגעליען" דעם פּרעזידענט טובמאַן, וועלכער רעכנט נישט דערווייל אומצוקערן די „הלוואה", ווייל ער האָט ליב זיין קאַפּיטאַן און זיין אינ־טימען פריינד שאַראָן.

אין מאָנראָוויא איז אויך מיט א פּאָר וואָכן צוריק געבוירן געוואָרן שאַראָנס טעכטערל. ווען די פּרוי זיינע איז געווען אין די לעצטע חדשים פון שוואַנגערשאַפט און מען האָט גערעכנט, אז עס וועט געבוירן ווערן א יינגל, האָט זיך אַ פּרומער דימענטן־סוחר, וועלכער איז צייטווייליק אין ליבעריע, אונטערגענומען ברענגען אויף זיינע הוצאות אַ מוהל פון קאַסאַבלאַנקאַ, מאַראָקאָ. דער געבורט פון א מיידעלע האָט פארשפּאָרט די הוצאות...

ווען איך האָב אָבסערווירט מיט אייניקע טעג צוריק, ווי מיליטע־ריש דיסציפּלינירט, עלעגאַנט און מיט ענגלישער פּאַראַד־פּרעציזקייט ס'האָט דער ווייס־מונדירטער עדוואַרד שאַראָן אויפגענומען אויף זיין שיף די ביידע מלוכה־הויפּטן: דעם פּרעזידענט טובמאַן און דעם פּרעמיער־מיניסטער פון שפּאָגל־נייעם שטאַט גווינעאַ — סעגו טוריי, — האָב איך זיך דערמאָנט דאָס אַמאָליקע ווארשע, מוראַנאָוו און די ליכטיקע קינדער דאָרטן, פון וועלכע אַזוי ווייניק — צווישן זיי אָט דער איציקל — ס'זענען געבליבן.

# אויף אַ קאָנפערענץ פון נעגער־פעלקער

איך שרייב אָט די שורות אין תל־אביב. אַהער בין איך געקומען די־רעקט פון אַקראַ, די הויפּטשטאָט פון גאַנא, וווּ איך האָב בייגעוווינט די פּאַן־אפריקאַנער קאָנפערענץ, וואָס איז דאָרט פאָרגעקומען.

איך קאָן זיך נאָך אַלץ נישט צוגעוווינען צו די ווייסע פּנימער, וואָס איך טרעף אַרום זיך אויף די תל־אביבער גאסן: אין משך פון פיר לאַנגע וואָכן האָב איך געוואַנדערט איבער די לענדער פון דער אַזוי־גערופענער „טונקעלער אַפריקע". באַזוכט סענעגאַל, גווינעאַ, ליבעריא, אַבידזשאַן, גאַנאַ

אוןביידע ניגעריעס. איז מיר געוועזן „שווארץ פאר די אויגן". צווישן די פיל מיליאָנען שווארצע פון פארשידענע שאטירונגען פלעגן זיך דורכ־וואַרפן אויך ווייסע, אָבער זיי זענען געווען אין א נישטיקער צאָל (אין גאנא, למשל, לעבן זיבן טויזנט ווייסע צווישן פינף מיליאָן שוואַרצע; און אין ריזיקן לאַנד ניגעריאַ — נאָר אַכצן טויזנט ווייסע צווישן קרוב פערציק מיליאָן שוואַרצע). פאַרשטייט איר שוין, פאַרוואָס מיינע אויגן דארפן זיך ווידער צוגעוווינען צו דער ווייסער הויט־פאַרב פון די מענטשן אַרום מיר.

און דאָך, — וויפל פארביקייט און מוזיק אין הארצן האָב איך מיט־גענומען מיט זיך פון ביידע קאָנפערענצן, וועלכע איך האָב איצט בייגע־וווינט אין ווייטן מערב־ און צענטראַל־אפריקע: די קאָנפערענץ אין אקרא (גאנא), און די צווייטע — פון דער ניגערישער „אַקציאָנס־פּארטיי" אין קאנא (צפון־ניגעריא).

*

אין משך פון די דריי יאָר, וואָס איך האָב נישט געזען די שטאָט אַקראַ, האָט זי זיך געביטן, — נישט צו דערקענען: דער לוקסוס־האָטעל „אמבאסאדאָר" מעג שטיין אין יעדער אייראָפּעישער שטאָט; קינאָ־טעאַ־טערס, רייך אויסגעשטאַט, מיט טויזנטער פלעצער; קאנאליזאַציע (מיט צוויי יאָר צוריק נאָך איז דער אָפּפאַל פון דער שטאָט געפלאָסן אין רינ־שטאָקן איבער די הויפּט־גאַסן, ווי אין אלטן פּערסיע); צוויי גרויסע כל־בו־מאַגאַזינען; עלעקטרישע סיגנאַלן פאַר דער שטאַרקער אויטאָמאָ־ביל־באַוועגונג. און טאָקע הונדערטער גלאנציקע אויטאָמאָבילן פון אַמע־ריקאנער פאבריקאַציע.

מען זעט, אַז די נייע, קוים אנדערהאלבן יאָר אלטע מלוכה האָט א טיפן „גראמזש" געטאָן מיט די איבער הונדערט מיליאָן ענגלישע פונט שטערלינג, וואָס זי האָט אָנגעזאמלט אין לאָנדאָנער בענק אויף אַ „שוואר־צן טאָג", פון דער בליענדיקער קאקאָא־אינדוסטריע.

און אז דער „שווארצער טאָג", — אין דעם פאַל, דער גליקלעכער טאָג פאַרן „שווארצן קאָנטינענט" איז געקומען, — האָט מען זיך „גע־קנייפּט די באַקן, כדי די פאַרב זאָל שטיין", און מען האָט אויסגעפּוצט אקרא מיט אירע 150 טויזנט איינוווינער, מיטן שענסטן און מיטן בעסטן.

א ים פענער פון אלע אפריקאנער פעלקער, — די וואָס זענען שוין זעלבשטענדיק, און די וואָס האָפן נאָך דאָס צו ווערן, — באַצירן די גאסן, וואָס פירן צו דעד קאָנפערענץ־געביידע (דער קאָמיוניטי־צענטער).

און טויזנטער יונגע, צעהיצטע אפריקאַנער, מיט פלאקאטן אין די הענט, בילדן שפאַלערן ביים ארייגאנג אין זאל, און באגעגענען שטורמיש די געסט. און די אויפשריפטן אויף די פלאקאטן אליין דערציילן די געשיכטע, וואָס אייגנטלעך מען וויל דאָ:



פאַן־אַפריקאַנער קאָנפערענץ אין אַקראַ
אין דער צווייטער ריי — דער פרעמיער־מיניסטער פון גווינעאַ סעגוּ טורע און זיין פרוי, אין דער דריטער ריי — דער מחבר

„נעמט אוועק די הענט פון אפריקע!"

„אפריקע פאר אַפריקאנער"!"

„קעמפט פאר פרייהייט — ווייל די איינציקע זאך, וואָס איר קאָנט פארלירן, זענען נאָר אייערע קייטן!" א. אַז. וו.

און אָט באַווייזן זיך די דעלעגאַציעס: זאַנזיבאַר און טאַגאַנגאַנע, טאַנגאַנאַיקאַ און טוניס, אַלזשיר און עגיפּטן, מאַורעטאַניאַ און מאַראָקאָ, סודאַן און סאָמאַלי־לאַנד, ניגעריאַ און נאָרד־ראָדעזיע, פּאָרטוגעזישע טע־ריטאָריעס און סיעררא לעאָנע, קאָנגאָ און קאַמערון, ליביע און ליבעריע, עטיאָפּיע און גאַמביאַ — אַרום 25 רעפּרעזענטירטע אַפריקאַנער לענדער, מיט קרוב צוויי הונדערט דעלעגאַטן, וואָס פאַרטרעטן צוויי הונדערט מיל־יאָן נפשות, — דערביי האָבן די מערסטע לענדער געשיקט צו עטלעכע דעלעגאַציעס; מצרים (פאַראייניקטע אַראַבישע רעפּובליק), למשל, האָט געשיקט גאַנצע פופצן דעלעגאַציעס, פון וועלכע, אָבער, נאָר זיבן זענען אָנערקענט געוואָרן אַלס אָפיציעלע — די איבעריקע, אַלס אָבסערוואַטאָרן.

שטילערהייט און אפילו דיסקרעט האָט זיך אין זאַל אריינגעשלייכט די רוסישע גרופּע פון אכט מענטשן, פון וועלכע דריי האָבן געהאַט קרומע אויגן, — א סימן פון זייער מאָנגאָלישער אָפּשטאַמונג. עס איז נישט גע־ווען קיין שום דעמאָנסטראַציע, — פריינדלעכע אָדער פיינטלעכע, — פאַר די רוסן בעתן גאַנצן פאַרלויף פון דער קאָנפערענץ: מען האָט זיי פשוט אויסגעמיטן צו באַמערקן, כאָטש די אַפריקאַנער מיטגלידער פון די לינקע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פלעגן זיך מיט זיי בעראַטן ביי די טישן אין רעס־טאָראַן פון האָטעל „אַמבאַסאַדאָר".

*

דער זאַל איז שוין פול. אין די ווינקלען זיצן אויך אַ ביסל ווייסע אָבסערוואַטאָרן, אָבער גאָר וואַזשנע פּערזאָנען, וואָס וואָלטן אַמאָל גע־שטעלט דעם זאַל אויף די פיס, אַמאָל — אין די קאָלאָניאַלע צייטן. דאָס זענען: דער ענגלישער גענעראַל־גובערנאַטאָר פון גאַנאַ (זי איז דאָך אַ פרייע רעפּובליק, אָבער א דאָמיניע פון דער אימפּעריע); דער אַמעריקאַ־נער וויצע־מיניסטער פון אַפריקע, וואָס איז ספּעציעל געקומען פון וואַ־שינגטאָן; און א צענדליק אַקרעדיטירטע אַמבאַסאַדאָרן אין גאַנאַ, צווישן זיי, דער באַוועגלעכער און וואַכזאַמער, מיט זיינע טויזנט אויגן און אויע־רן, אַמבאַסאַדאָר פון ישראל, אהוד אבריאל, און זיינע צוויי געהילפן: י. צור און בן־חיים.

אויף דער גאַס דערהערט זיך אַ געוויש, געשרייען „פרייהייט" און „וואָנדער־באָי" („וווּנדער־קינד"), א סימן — דער פּרעמיער־מיניסטער

קוואָמע נקרומאַ איז געקומען. דער זאַל שטעלט זיך אויף (אויך דער גענע־ראַל־גובערנאַטאָר ; אויך דער אמעריקאַנער וויצע־מיניסטער — ווי צו די ראַסיסטישע אויגן וואָס זעען דאָס אויפן פילם־עקראַן !...).

דראַפּירט אין זיין מאַלערישער טאָגע, מיט דיקן גאָלד געשטריקט, — אַט אַזוי מסתמא פלעגן זיי טראָגן די רוימישע סענאַטאָרן, — שפּרייזט דער מאַגנעטישער נקרומאַ, וועמענס פּערזענלעכקייט פּילט שנעל אויס דעם גאַנצן זאַל. עס פירן אים לאַנגזאַם צו דער טריבונע צוויי בעגערס פון נישט־דורכשניטלעכער, מענלעכער שיינקייט : דער קליינער, ווי פון העל־באַן־האָלץ אויסגעשניצטער, מיט א פּרעכטיק, טונקל פּנים — דער דעלע־גאַט פון קעניא און פאָרזיצער פון דער קאָנפערענץ, אַדוואָקאַט טאָם מבאָיאַ. זיין פּנים, מיט חן־גריבעלעך, דערמאָנט א גריכישן „גאָט" — אין טינט אָפּגעטונקט.

דער צווייטער, — דער אויסערן־מיניסטער, קאָיאָ באָטסיאָ, אַט־לעטיש געבויט, איז שוין לאַנג פאַררעכנט אַלס דער שענסטער מאַן אין אפריקע, און אַזוי טאַקע רופט מען אים דאָ (דורך אסאָציאַציע דערמאָן איך זיך, אַז דעם ד״ר טעאָדאָר הערצל האָט מען בשעתו גערופן : „דער שענסטער מאַן אין ווין").

נאָך זיי ווערט געפירט אונטער דער האַנט, מיט דעם צערעמאָניאַל פון א הויף־דאַמע, אַ יונגע פרוי, אין א בלויען טורבאַן פון מושלין, אין א העל־בלויער טוניקע־קלייד פון דורכזיכטיקן שטאָף, א דעליקאַטע, פון קאַקאַאָ־פאַרב שיינהייט, — דאָס איז די פרוי פון פּרעמיער פון גווינעאַ, דער נייסטער אפריקאַנער רעפּובליק, סעגוע טורע. דער גאַנצער זאַל ווענדט אָפּ די בליקן פון נקרומאַן און זיינע באַגלייטער, און שטעלט זיי אָן אויף דער דאָזיקער עקזאָטישער קעניגלעכער שיינקייט, מאַדאַם טורע, וועלכע איז די פאָרזיצערין פון איר לאַנד־דעלעגאַציע. אָט אַזוי מסתמא האָט אויסגעזען די מלכה שבא, ווען שלמה המלך האָט אָנגעהויבן זיין ליבע־אַוואַנטורע...

עס רעדט פריער דער קעניער אַדוואָקאַט מיט דער גאָלדענער צונג, טאָם מבאָיאַ. א שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן ברעכט אויס אין זאַל, ווען ער גיט א זאָג : „מיט 48 יאָר צוריק האָבן זיך פרעמדע דיפּלאָמאַטן אין וויטן בערלין, אונטערן אייזערנעם קאַנצלער ביסמאַרק, צונויפגעזאַמלט און צעטיילט אַפריקע צווישן זיך, צעשניטן אויף שטיקער, צעקלאַפּט זי

ווי אייער אין א „פיינקוכן". איצט זענען מיר אַלע דאָ, די צעשניטענע, די צעקלאַפּטע, און זאָגן צו די אימפּעריאַליסטן: „גענוג געהערשט! גענוג אונדזער בלוט געזויגן און עקספּלאָאַטירט! טראָגט זיך אָפּ פון אפריקע, און וואָס שנעלער!".

און שפּעטער רעדט נקרומאַ, פּערציק מינוט צייט, אין אַ גוטן ענג־ליש, וואָס ווערט איבערגעזעצט אין פראַנצויזיש ביי אַן אנדערן מיקראָפאָן.

נקרומא באַזיצט שאַרם און הומאָר, ער באַנעמט זיך ווי א דזשענטל־מאַן. מען פאַרגלייכט אים, אין דער הינזיכט, צו נערו. מען וואַרפט אים נישט פאָר, — ווייניקסטנס אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ, — אַז קוים מיט אייניקע טעג צוריק האָט ער אַרעסטירט זיינע אַלע אָפּאָזיציאָנערן, — אויך גרויסע אפריקאנער פּאַטריאָטן, אָבער פון אַן אנדערן שניט, — זיי האָבן געטענהט, אַז מען דאַרף נישט בויען אזעלכע לוקסוס־האָטעלן, ווי דער „אַמבאַסאדאָר", ווען מיליאָנען פון פאָלק גייען ארום האלב־נאקעט און שלאָפן אין שטרויענע שטאַלן; אַז מען טאָר נישט בויען קיין לוקסוס־ווילעס פאר מיניסטאָרן און קויפן פאַר זיי די טייערסטע אויטאָמאָבילן... נו, האָט מען זיי אַרעסטירט, און די קאָנפערענץ איז אָפּאָזיציע־ריין. אגב, האָט מען אין דעם קאָנפערענץ־זאַל גופא אויך אַרעסטירט אייניקע דעלע־גאַטן פון מאַורעטאַניע, וועלכע האָבן געהאַט ביי זיך עפּעס אַ גאַר שאַרפע רעדע קעגן דעם עצם־אידעע פון דער קאָנפערענץ. די רעדע, האָט מען זיי באַשולדיקט, זאָלן האָבן אָנגעשריבן די ענגלענדער, און די דעלעגאַטן זענען— אימפּעריאַליסטישע אַגענטן...

און נקרומא רעדט: „אפריקע איז פאַר די אַפריקאנער; זי מוז זיין פריי; מיר מוזן באַנוצן אונדזער ניי־דערוואָרבענע פּאָליטישע פרייהייט, כדי אויפצוהייבן עקאָנאָמיש און סאָציאַל אונדזערע פעלקער. אין יאָר 1960 וועלן די מיליאָנען מענטשן פון ניגעריאַ, טאָגאָלאנד, קאַמערון און סאָמאַליאַ אויך פולשטענדיק באַפרייט ווערן, און דאַן, צוזאַמען מיט די איצטיקע פרייע מלוכות, וועלן מיר פאַרענדיקן אונדזער אָפענסיווע קעגן קאָלאָניאַליזם. מען האָט ביז אַהער באַהערשט אפריקע, ווייל זי איז געווען צעטיילט: שבט קעגן שבט, שכן קעגן שכן".

און דאָ האָט נקרומאַ אַ זאָג־געטאָן זיין וויכטיקסטן געדאַנק פון דער רעדע:

„איר דאַרפט נישט פאַרגעסן, אַז קאָלאָניאַליזם און אימפּעריאַליזם קאָנען ווידער צו אונדז קומען, און נישט דווקא פון אייראָפּע; זיי קאָנען קומען פארשטעלט אין אַנדערער קליידונג... מיר מוזן שטיין אויף דער וואַך און דערקענען די דאָזיקע פאַרשטעלטע אימפּעריאַליסטן און נישט לאָזן זיי אויפהייבן דעם קאָפּ; מיר מוזן זיין גרייט און קעמפן קעגן זיי...״

נישט אַלע אויף דער קאָנפערענץ האָבן פארשטאַנען דעם טיפן מיין פון די דאָזיקע ווערטער. אָבער כדי קיין ספק זאָל נישט בלייבן, וועט מען נקרומא האָט געמיינט, וויל איך אנטדעקן דעם סוד, אַז א טאָג פאַרן אָנהייב פון דער קאָנפערענץ, האָט נקרומא גערופן צו זיך צוויי אמבאַסאַדאָרן (איינער פון זיי איז געווען דער אמעריקאַנער), געשמועסט מיט זיי וועגן טעקסט פון זיין רעדע, און דערביי דערמאָנט: „סיי דער אימפּעריאַליזם פון ראטנפארבאנד, סיי די טענדענצן פון דעם איצטיקן פירער פון דער פאראייניקטער אַראַבישער רעפּובליק, זענען נישט ווייניקער געפערלעך פאר דער נייער אויפוואכנדיקער אפריקע, ווי די קאָלאָניאַליסטן, וואָס מיר טרייבן איצט אַרויס״.

## מאָדנע באַגעגענישן אין אפריקע

בעת איך בין געזעסן אין זיצונגס־זאַל פון דער פּאַן־אַפריקאַנער קאָנפערענץ אין אַקראַ — גאַנאַ; בעת איך האָב געהערט די רעדעס, געשמועסט מיט מיינע שכנים אין זאַל און אין די קולוארן, האָט מיך די גאַנצע צייט געעקבערט דער געדאַנק, צי וועט מען דען לאָזן אָנקוקן דעם קלאַנג־פילם פון דער דאָזיקער היסטאָרישער פאַרזאמלונג אין דרום־אפריקע אָדער אפילו אין געוויסע דרום־שטאַטן פון אַמעריקע? ער וואָלט געלערנט די איבערצייגטע ראַסיסטן, אַז עפּעס האָט זיך געביטן אין דער וועלט, ביי די מענטשן, וואָס באַוווינען דעם אפריקאַנער קאָנטינענט, אַז די פאַר־אַכטונג און אָפּטמאָל דער פיזישער ווידערווילן, וואָס זיי פילן צום מענטש מיט דער טונקעלער הויט־קאָליר, דאַרף שנעל און גרינטלעך רעווידירט ווערן; אַז אַ נייע דינאַמישע קראַפט איז געבוירן געוואָרן אין דער וועלט,

אין וועלכער מיר לעבן איצטער, און נישט קיין סך יאָרן וועלן אריבער און דער דאָזיקער יונגער כוח וועט זיך גוט לאָזן פילן צווישן די אַנדערע ראַסן און פעלקער.

איך האָב שוין פריער דערמאָנט די מאַגנעטישע קראַפט, וואָס עמאַנירט פון אַזאַ נקרומאַ, למשל, ווען דראַפּירט אין זיין גאָלד־רויטער טאָגע לאָזט ער הערן זיינע געדאַנקען איבער דעם אַפריקע פון מאָרגן. ער איז טיף מענטשלעך, כאָטש שאַרף נאַציאָנאַליס־טיש. עס באַליידיקט אפילו נישט, ווען איר דערהערט זיין קאָנדענסירטע פאָרמולע פאַר גאַנאַ: „איין פאָלק, איין לאַנד, איין מזל״, כאָטש עס דער־מאָנט אין דער פאַרמיאוסטער לאָזונג פון דעם פאַרהאַסטן דיקטאַטאָר: „איין פאָלק, איין רייך, איין פירער״... ווייל „מזל״ איז נישט פירער, ווייל נקרומאַ איז אַרויס, כדי צו פאַרוואַנדלען אָרעמע, נאַקעטע, פּאַרוויל־דעוועטע און אומוויסנדיקע דזשונגל־מענטשן אין אַ פאָלק, אויסשמידן פון זיינע פינף מיליאָן גאַנאַ־מענטשן אַן איינהייטלעכע נאַציע, מיט געזונג שפּיץ, מיט כאָטש אַ ביסל בילדונג, מיט זעלבסטווירדע, וועלכע איז אין משך פון הונדערטער יאָרן גאָרנישט געווען בנמצא.

פאַרגעסט נישט, אַז צווישן די פינף מיליאָן מענטשן פון גאַנאַ זענען 66 פראָצענט נאָך אַלץ געצנדינער (מען „דינט״ דער נאַטור און חיות), 30 פראָצענט זענען קריסטן און 4 פראָצענט זענען מוסולמענער.

„און טאָמער ווילסטו, טייערער, יחוס?״... דערציילט מען איצט דעם פאָלק זאַכן, וואָס זיי האָבן שוין לאַנג פאַרגעסן און די לעצטע דורות האָבן פון דעם אפילו גאָרנישט געוווּסט — אַלנפאַלס נישט אין די יאָרן ביזן מיטן פון ניינצטן יאָרהונדערט, ווען דער ווייסער מענטש האָט באַטראַכט דאָס דאָזיקע לאַנד, ווי די פיל אַנדערע לענדער ארום — פאַר נישט קיין שלעכטע הכנסה־קוואַלן פון שקלאַפן־האַנדל.

קומט מען איצט און מען דערציילט אין די שטעט און אין די וויטע דזשונגל־דערפער: „מיר זענען אַמאָל געווען אַ טייל פון אַ גרויסער אימ־פעריע, אַמאָל, ווען די ענגלענדער זענען געווען ווילדע באַרבאַרן אויף זייערע פאַרוואָלקנטע, פאַרדומפּענע שטיינערנע אינדזלען״.

אָט, הערט טיילן פון אַזאַ, מיט גרויס ליידנשאַפט, אַרויסגעזאָגטער רעדע:

„אונדזער וואַרעם נעגראָ־בלוט איז געפלאָסן אין די אָדערן פון דער

טונקלהויטיקער קלעאָפּאַטראַ, ווען צעזאַר האָט זיך אין איר פאַרליבט...
דער נעגראָ־הערשער האַניבאַל מיט זיינע העלדישע לעגיאָנען זענען אַרי־
בער די אַלפּן־בערג, ווען די שנייען זענען נאָך יונג געווען... יאָ, דאָס
האָבן מיר געבויט די פּיראַמידן און געקעמפט מיט די רוימישע לעגיאָ־
נען, געהערשט איבער שפּאַניע און דאָמינירט די פּירענעען... מיר, די
קינדער פון יענע שוואַרצע — גייען איצטער גרויס ווערן. קיין קנעכט
וועלן מיר שוין מער נישט זיין!״.

און דאָ גייט אַרויף אויף דער טריבונע אַ דעלעגאַט פון דרום־אַפ־
ריקע. ווי קומט ער דאָ, אויף דער קאָנפערענץ, אויב די דאָרטיקע ראַסיס־
טישע רעגירונג האָט באַשלאָסן נישט צו געבן פּאַספּאָרטן די שוואַרצע
אָדער קאָלירטע, וואָס האָבן געוואָלט פאָרן רעפּרעזענטירן די עלף מיליאָן
ברידער זייערע אין באמת פינצטערן „ווייסן״ גלות? ווענן דעם דערציילט
נישט דער געוויקסיקער גלאַנציק־הויטיקער עזעקיעל מפאַעלאַ, א לערער
אין ערגעץ אַ וויטן קראַאַל אין טראַנסוואַל.

סיי־ווי וועט ער שוין מער אַהיים נישט פאָרן, אָבער דערווייל לאָזט
מען אים אויסשרייען זיין ווייטיק:

„די דריי מיליאָן ווייסע — אַלע אָן אונטערשיד — באַטראַכטן אונדז
ווי בהמות, ווי קנעכט... מען האַלט אונדז פאַרשפּאַרט אין שמוציקע, מיט
דראָטן פאַרצוימטע שטעט, אָן רעכט אויף בילדונג, אָן א צוקונפט פאַר די
קינדער, אָן א רעכטלעכער אַרבעטס־מעגלעכקייט... מען באַשטראָפט מיט
שמיץ פאַר יעדער קלייניקייט, מען דערדריקט די מענטשלעכע ווירדע אין
אונדז. אָבער פון דעם שטויב פון די צעטראָטענע מענטשלעכע ברואים,
רייסן זיך שוין פלעמלעך, בליצן אויף פונקען, וואָס וועלן זיך פאַרוואַנדלען
אין איין גרויסן פלאַם... אַ, גרויס וועט זיין דער טאָג!״...

ווען דער רעדנער מאָלט די ליידן פון זיין פאָלק אין דרום־אַפריקע,
ווערט ער אָפט איבערגעריסן מיט אויסגעשרייען „שעים, שעים!״ (חרפּה,
חרפּה) און דער ייד אין מיר, וואָס האָט נישט איין מאָל געפילט אויף זיין
אייגענער פלייצע די נבזהדיקע רעזשימען פון צאַריזם און היטלעריזם,
און וועלכער האָט אויסער דעם פּערזענלעך בייגעוווינט און באַשריבן דאָס
לעבן פון די נעגערס און קאָלירטע אין דרום־אַפריקע, דער דאָזיקער ייד
שרייט מיט — דאָס איינציקע מאָל בעת דער גאַנצער קאָנפערענץ: „חרפּה!
חרפּה!״.

און עס ציטערט אין מיר דאָס האַרץ, ווען איך זע די מיט שנאה פלאַמענדיקע אויגן פון די זאַנזיבאַרער און סענעגאַלער, פון די ניגעריער און ליבעריער — פון אָט־די אַלע ריזן און קאַרליקעס, — פּאָליטיקער, לערער, האָלץ־העקער און גומי־פּלאַנצער — ווי ס'ביילן זיך די פויסטן, ווי עס שפּריצן מיט מאָרד־צוזאָג די אויגן...

אָרעמע דרום־אַפריקע, וווּהין גייסטו ?!

און אַלע דעלעגאַטן שטייען אויף פון די ערטער, פּאַטשן און שרייען מיט ענטוזיאַזם, ווען דער אלזשירער דעלעגאַט ד״ר אָמאַר פאַנאַן בעט מען זאָל העלפן זיין פאָלק געווינען די פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט. די באַגריסונגען האָבן געקלונגען ווי וואָרענונג און אַ צוזאָג.

איך מוז אָבער אונטערשטרייכן מיט סאַטיספאַקציע די וואַרעמע אַפּלאָדיסמענטן, וואָס עס האָט באַקומען דער קעניער דעלעגאַט בען קיאַנאַ, ווען ער האָט אין זיין רעדע געזאָגט:

„יעדער, וואָס איז קעגן אַן אפריקע, וואָס וועט רעגירט ווערן דורך די אפריקאַנער אַליין — מער ער זיין אַ קאַפּיטאַליסט, פאַשיסט, אָדער קאָמוניסט — זאָל הערן מיין וואָרענונג: „איר האָט דאָ גאָרנישט וואָס צו טאָן! פּאַקט איין אייערע זאַכן און טראָגט זיך אָפּ פון דאַנען!״.

כאָטש אין זאַל זענען געווען אַ גרופּע „לינקע״ דעלעגאַטן פון פּראָ־פעסיאָנעלע פּאַראיינען; כאָטש עס איז אויך אין ווינקל געזעסן אַ „באַראַ־טונגס־דעלעגאַציע״ פון רוסלאַנד פון אכט פּערזאָן — האָבן זיי גאָרנישט געקאָנט מאַכן, ווען מען האָט געבעטן זיך אָפּטראָגן, סיי די פאַשיסטן און סיי די קאָמוניסטן.

דער אַמעריקאַנער נעגער ד״ר וויליאַם דובוא — אַ באַקאַנטער קאָמוניסטישער נאָכלויפער אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס האָט געהאַט די חוצפּה צו רופן די קאָנפערענץ זי זאָל זיך פאַראייניקן מיטן מזרח־פראָנט (דובוא איז געווען נישט מער ווי אַן איינגעלאַדענער גאַסט), האָט באַקומען אַ ביסל אַפּלאָדיסמענטן און אַ גרעסערע צאָל פּייפערייען פאַרן דאָזיקן רוף.

אין אַ געוויסן מאָמענט איז אויף דער קאָנפערענץ אָנגעקומען דער מעכטיקער הויפּט־טשיף פון די אשאַנטיס, דער באַזיצער פון „גאָלדענעם טראָן״ — דער יורש פון דער אלטער דינאַסטיע אין גאַנאַ — זיין „ספּי־ריטועלע האָהייט״ פּרעמפּע דער צווייטער.

וואָס הייסט אָנגעקומען? מען האָט פאַר אים געטראָגן אַ שטעקן פון שווערן גאָלד, מיט אַן אָדלער אויפן שפּיץ; מען האָט מיט אַ זילבער־נער קייט אים אַרומגערינגלט ווען ער האָט געשפּרייזט, כדי אַ געוויינלע־כער בשר ודם זאָל זיך, חלילה, אין אים נישט אָנרייבן. צוויי לויפערס פון פאָרנט, צוויי לויפערס פון הינטן און דער שווערער בעל־דבר איינגעוויקלט אין גאָלדענע בראָקאַט־קליידער אינמיטן. מען מאַכט אַ וואָרע: „שאַ, שאַ, — דער רבי גייט!״.

אפילו נקרומאַ דערמאָנט אין זיינס אַ רעדע די אָנוועזנהייט פון טשיף פּעטעמאַה אין זאַל. ער זאָגט „מיין טשיף און מיין פאָלק״ — אַ סימן, אַז ער דאַרף זיי נאָך שטאַרק האָבן, — זיינע טשיפס, כדי איינצופירן דעם סאָרט „דעמאָקראַטיע״ — „געפירטע דעמאָקראַטיע״, — אויב איר ווילט.

זיצט דער טשיף, זיין גאָלדענער אָדלער און זיין סוויטע אָנגעבלאָזן און צערעמאָניעל, שעהנלאַנג אויף איין זיצונג. איך ווייס, זיי פאַרשטייען נישט קיין וואָרט. זיי קענען צוויי „שפּראַכן״: „גאַ״ און „טשווי״, אָבער נישט קיין ענגליש אָדער פראַנצויזיש — די אָפיציעלע שפּראַכן פון דער קאָנפערענץ. אָבער גאַ און טשווי רעדן די מיליאָנען אין דעם לאַנד און דער טשיף וועט זיי ברענגען אין זיין אינטערפּרעטאַציע די באַדייטונג און צילן פון דעם צוזאַמענפאָר, ווי עס וועלן אים דערקלערן אָט די פלינקע סעקרעטאַרלעך אין קראַוואַטן, וועלכע זיצן איצט צווישן ביידע זייטן פון דער גאָלדענער פּעלערינע, וועלכע זיי באַרירן נישט.

דערציילט מען מיר שפּעטער די פּאַטעטישע געשיכטע פון טשיף און פון „גאָלדענעם טראָן״, פאַר וועלכן בלוט האָט זיך געגאָסן אין משך פון לאַנגע יאָרן.

פרעמפּע דער צווייטער האָט אַזאַ לאַנגן נאָמען און טיטל, אַז ער פּאַסט זיך נישט אַריין אין די ראַמען פון אַ צייטונגס־אַרטיקל (זעקס שורות לאַנג, — מען קאָן פון אים מאַכן אַ ליד). זיין פעטער איז געווען דער פריערדיקער קעניג, געהאַט האָט ער אַ פאַסנדיקע צאָל ווייבער און אַרום פערציק קינדער. אָבער אַזוי ווי דער יורש צום טראָן האָט צעבראָכן אַ פוס און געוואָרן הינקעדיק, איז דאָס „קעניגרייך״ אַריבער צום ברודערס עלטסטן זון, אָט דעם קיילעכדיקן שכן מיינעם אין גאָלדענע „תכריכים״ איינגעוויקלט. ווייל אַ געזעץ איז פאַראַן אין לאַנד פון די אשאַנטיס: אויב אַ קעניג ווערט צעקאַליעטשעט, אויב ער פאַרלירט, למשל, אַ פינגער, אָדער

אויב אפילו מען שניידט אים אויס דעם „אַפּענדיקס", אָדער מען מאַכט אַן אַנדערע אָפּעראַציע, איז ער געפּסלט. מוז ער, הייסט עס, דעטראָניזירט ווערן. אַ גליקלעכער אויסנאַם איז נאָר, ווען מען נעמט אַרויס נאָר איין צאָן, נישט מער. ער טאָר, הייסט עס, קיין „מום" נישט האָבן.



אויסערן־מיניסטער גאָלדע מאיר און אירע געהילפן מיטן פּרעמיער פון גאַנאַ נקרומאַ און זיינע מיניסטאָרן

די דינאַסטיע עקזיסטירט שוין מער ווי דריי הונדערט יאָר, און אַזוי אַלט איז דער „גאָלדענער טראָן", וואָס האָט די באַדייטונג, להבדיל, ווי דער „אָרון הברית" ביי יידן: דאָס איז די נשמה פון פאָלק, פאַר אים קעמפן זיי און שטאַרבן.

מיט אַ יאָר פופציק צוריק האָט אַן אידיאָטישער בריטישער גאָווער־נאָר געפאָדערט, מען זאָל אים איבערגעבן דעם דאָזיקן „גאָלדענעם שטול" צו באַצירן זיין רעזידענץ.

די אַשאַנטיס האָבן אָפּגעזאָגט, דער גאָווערנאָר האָט געשיקט סאָלדאַטן אים נעמען, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לאַנגיאָריקע בלוטיקע מלחמה. מען האָט דעם טראָן ערגעץ באַגראָבן. און נאָר מיט דרייסיק יאָר צוריק האָבן אַרבעטער, בויענדיק אַ בנין אים געפונען. און די אַשאַנטיס האָבן

גלייך מיטגעטיילט די ענגלענדער: ווען איר פּרובירן צונעמען די שטול, — וועלן מיר א נייע מלחמה אָנהייבן!

נו, דער שטול איז געבליבן אין די פאַרבאָרגענע צימערן פון פּרעמפּע דעם צווייטן אין דער שטאָט קומאַסי, זעכציק מייל ווייט פון אַקראַ. דאָס איז דער רייכסטער ווינקל פון גאַנאַ. דאָ געפינט זיך די אַבואַזי גאָלד־גרוב, וועלכע גיט איין אונץ ריינעם גאָלד אויף יעדן צוויבענעם טאָן זאַמד. דאָס איז די העכסטע פּראָפּאָרציע.

אויך א ציטונג אין ענגליש און גלייכצייטיק אין דער שפּראַך „גא" גייט אַרויס אין קומאַסי, און פון דאָרט דערוויס איך זיך גאָר טשעקאַווע זאַכן. עפּעס אַ פאַרביטערטער רעפּאָרטער וואַמבא פרעגט: „פאַרוואָס זידלט זיך די לערערקע פון וואַססאר קאָלעדזש, ווי אַ געמיינע זיצערקע?" „פאַרוואָס רירט אָן אַ געווויסער קאָנדוקטאָר אויף דער באַן, וואָס גייט קיין אַקראַ, די בריסטן פון די יונגע מיידלעך, כדי צו וויסן צי זענען זיי טאַקע יינגער פון 12 יאָר?" (באַמערקונג: קינדער ביז 12 יאָר צאָלן נאָר א האלבן בילעט. קיין געבורט־מעטריקעס האָט מען נאָך נישט אין קומאסי, — באַנוצט דעריבער דער קאָנדוקטאָר זיינע הענט אויף אויס־צופּרובירן דעם עלטער...) — — — —

בעת אַן איבעררייס אין די פּאַן־אַפריקאַנער קאָנפערענץ־זיצונגען, כאַפּ איך זיך אַראָפּ אויף דער דימענטן־בערזע פון גאַנאַ, ווו אַכט יידן, זייער רייכע יידן, בשותפות מיט זייער אָרעמע, אָבער איינפלוסרייכע שוואַר־צע, האָבן אַ מאָנאָפּאָל אויף אויפצוקויפן און עקספּאָרטירן דימענטן. גאַנאַ פּראָדוצירט אייניקע מיליאָן קאַראַט דימענטן אַ יאָר, מיינסטנס אינדוס־טריעלע, וועלכע קאָסטן זיי אַליין אַרום צוואַנציק מיליאָן דאָלאַר. דאָ — אַזוי ווי אין ליבעריע, — ווערן די דימענטן צוגעשטעלט דורך „סוחרים" האַלב־נאַקעטע, וועלכע גראָבן זיי, וואשן זיי, באקומען זיי ארויס מיט מסירת נפש פון טייכלעך און בלאָטעס.

די זאַקיקע „סוחרים" זענען נישט גאָר קיין ראַיעלע „פירמעס": אַמאָל איז דאָס אַן אַרבעטער, וואָס האָט אַ גוט „שטיינדל" איינגעשלונגען און דערטראָגן עס קוים אין מאָגן, ביז ער האָט זיך דערשלאָגן צום יידישן דימענטן־אויפקויפער. קאָנקורירן צווישן זיך די יידן. האָבן זיי זיך פיינט. טרעפט מען זיך נישט אפילו צוזאַמען, כדי צו מאַכן א „מנין", אָדער אַן אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונג.

געפינט זיך אין צענטער פון דימענטן־קלוב דער רעגירונגס־קאָנט־ראָלער פון דימענטן, — אויך אַ ייד פון ענגלאַנד, ה׳ קראָס, צוזאַמען מיט זיין סימפּאַטישן יונגן געהילף, דוד דזשוניאָר פון לאָנדאָן, וואָס בענקט נאָך אַ יידישער סביבה, וועגט מען דאָ די בריליאַנטן, מען שאַצט זיי, מען פּאַרפּאַקט זיי און מען עקספּאָרטירט זיי.

דער ה׳ קראָס איז דאָ דער עלטסטער יידישער תושב, שוין זעקס יאָר אין לאַנד.

מיינע באַמיונגען צו טרעפן זיך מיט די „דימענטענע״ יידן, וואָס האָבן דאָ די קאָנצעסיעס, האָבן זיך נישט איינגעגעבן: מען האָט חושד געווען, אַז דאָס וויל איך ווערן דער ניינטער צו עפענען אַ ביורא און אויך אויפקויפן בריליאַנטן. דער חשד האָט זיך גענומען פון דעם, וואָס צו דער געביידע פון דימענטן־יריד האָט מיך געבראַכט אין זיין אויטאָמאָביל אַן אַלטער באַקאַנטער, פון אַן אַמאָליקער רייזע קיין לאָנדאָן: דער פינאַנס־מיניסטער פון גאַנאַ, ק. א. גבעדאמא, דאָס איז ער דאָס דער בריליאַנטע־נער עקאָנאָמיסט, וואָס פירט מיט אַזאַ דערפאָלג די ווירטשאַפט פון לאַנד.

בקיצור: די „יידעלעך מיט דימענטן״ האָבן מיך אויסגעמיטן, ווי עס מיידן געוויינלעך אויס אלטע אַכט בעטלער ביים בית־עולם דעם נייעם — דעם ניינטן — וואָס שטעלט זיך אויך אַוועק נעבן טויער מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט.

## איין ייד צווישן 17 מיליאָן נעגערס

אָט בין איך אין ניגעריע, — אין גרעסטן לאַנד לויטן שטח און צאָל פון דער באַפעלקערונג פון גאַנצן אפריקאַנער קאָנטינענט.

איז ווען איך דערצייל מיינע איינדרוקן פון דאָזיקן ריזיקן לאַנד, — צי אין שרייבן, צי אין רעדן, — מוז איך כמעט שטענדיק צוגעבן: „ניגע־ריע איז נישט ליבעריע. ליבעריע, אויך אין מערב־אַפריקע און אַ טויזנט מייל ווייטער, איז אַ זעלבשטענדיקע רעפּובליק שוין מער ווי הונדערט יאָר און פאַרמאָגט העכסטנס דריטהאַלבן מיליאָן איינוווינער. ניגעריע אָבער איז

נאָך דערווייל — ביזן סוף פון לויפנדיקן יאָר 1959 — אַן ענגלישע קאָלאָ־ניע. עס וווינען דאָ אַרום פערציק מיליאָן מענטשן, וועלכע שטעלן זיך צונויף פון מער ווי צוויי הונדערט שבטים.

ווען ענגלאַנד האָט נישט לאַנג צוריק פּאַרעפנטלעכט איר פּראָיעקט פון דער נייער קאָנסטיטוציע פאַר ניגעריע, האָט זי אים פאַרעפנטלעכט אין 12 שפּראַכן. דאָס לאַנד איז צעטיילט אין 3 טיילן: דער מערב און מזרח ווערן דאָ אָנגערופן „דרום" און פאַרמאָגן מער ווי צוואַנציק מיליאָן מענטשן. דער גרעסטער טייל פון זיי זענען „פּאַגאַנעס" — געצנדינער־אַנימיסטן, — די מינדערהייט זענען קריסטן, בעסער געזאָגט „קליענטן", וואָס זענען אין משך פון דורות „באַאַרבעט" געוואָרן קאָמערציעל, מעדי־ציניש און ספּיריטועל דורך די צאָלרייכע מיסיאָנערן־גרופּן פון אַלע קריסט־לעכע שאַטירונגען.

אַז איך האָב זיך פריער אין אַקראַ — גאַנאַ, און שפּעטער אין לאַגאָס נאָכגעפרעגט, צי וועל איך געפינען אַ ייד אין קאַנאָ, האָט מען מיר געענטפערט, אַז קיין יידן זענען דאָרטן איבערהויפּט נישטאָ. אגב, דער אַמעריקאַנער מלחמה־רייזנדער דזשאַן גאַנטער, האָט אין זיין קאַפּיטאַל־ווערק „אינעווייניק אין אפריקע" אויך באַמערקט: „צווישן די זיבעצן מיליאָן מענטשן אין צפון־ניגעריע זענען פאַראַן מאַכמעדאַנער, קריסטן און געצנדינער. קיין איין ייד צווישן זיי איז אָבער נישטאָ".

נו, האָב איך נישט געוואָלט שלום מאַכן מיט דעם געדאַנק, אַז צווישן אַזוי פיל מיליאָנען מענטשן איז נישטאָ קיין איינציקער פון משה רבינוס גלויבן.

„אויב דאָס איז אמת, טאָ צוליב וועמענס זכות לעבן זיי דאָ איבער־הויפּט?" האָב איך דביקותדיק־תמימותדיק זיך געפרעגט.

בקיצור, איך האָב איינגעשפּאַנט מיין ישראלדיקן גאַסטגעבער אין לאַגאָס — ד. גזית. ער האָט געניטשערט און געזוכט צווישן סוחרים און באַקאַנטע, און צום סוף מיר געבראַכט א נאָמען פון א מענטש אין קאַנאָ, — אין צפון־ניגעריע, — וואָס איז אַ ייד. מען רופט אים שאול קרח; זיין אַדרעס ווייסט מען נישט, נאָר מסתם וועל איך אים געפינען אין טעלעפאָן־בוך, ווייל ער איז אַ גרויסער עקספּאָרטער און גביר.

פלי איך שוין קיין קאַנאָ — אַרום זעקס הונדערט מייל פון לאַגאָס — און אין מיין געגנוג שווערן באַגאַזש געפינט זיך שוין אַן איינציקער

יידישער נאָמען, וואָס וועט באַלייכטן די זיבעצן־מיליאָניקע „שוואַרצקייט" אַרום מיר.

*

דער באַרימטער פירער אין ניגעריע, דער טשיף אָבאַפעמי אָוואָ־לאָוואָ, מיט וועמען איך האָב זיך שפּעטער פּערזענלעך באַגעגנט, — האָט אַזוי דעפינירט דעם גרויסן אונטערשיד צווישן די פאַרשידענע טיילן פון ניגעריע: „דער מערבדיקער טייל פון לאַנד און זיין מזרחדיקער זענען אַזוי פאַרשידן ווי אירלאַנד און דייטשלאַנד; און דער צפונדיקער (דאָרט וווּ איך פלי איצטער), איז אַזוי פאַרשידן פון זיי ביידן, ווי ס'איז — כינע".

פאַרשטייט איר שוין וויפל צופּאַסונגס־פעיקייטן מען דאַרף באַזיצן, ווען מען פאַלט אריין אין משך פון צוויי שעה אין אזעלכע פאַרשידענע סביבות.

קאַנאָ, — די שטאָט, וווּ איך בין אָנגעקומען, — איז איינע פון יענע פלעצער אין דער וועלט, וואָס ווערן איינגעקריצט אין זכרון, ווי אַ משונהדיק געזאַנג פון עקזאָטישע לידער, ווי אַ מאָדערניסטיש געמעל פון אויסטערלישע פאַרבן. אָט אַזוי איז געבליבן אין מיין זכרון די שטאָט מאַראָקעש אין מאַראָקאָ פון מיט דרייסיק יאָר צוריק, אײדער ווינסטאָן טשערטשיל האָט זי געמאַכט פאַר זיין „זומער־רעזידענץ" און האָט געבראַכט מיט זיך די כאַליאַסטרע פון „סאָסיעטי און זשורנאַליע", וואָס פאַרדאַרבן יעדע מאָלערישקייט (כאָטש טשערטשיל אַליין מאָלט דאָ...). אַזוי אויך האָט אַמאָל אויסגעזען פעקין, אײדער זי איז געוואָרן אַ „מעקאַ" פון קאָמו־ניזם, — אַזוי מסתם זעט טאַקע אויס די מיסטעריעזע שטאָט מעקאַ אַליין, וווּ מיך און אייך און אונדזערע לייבלעכע קוזינען, די קריסטן, לאָזט מען אינגאַנצן נישט אַריין. (מיט פינף יאָר צוריק בין איך „שטיין" געבליבן אין דער שטאָט דזשעדדאַ — 30 מייל פון מעקאַ).

קאַנאָ איז אַרומגערינגלט מיט ווענט — ברוינע ווענט פון ציגל מיט טורעמס: הונדערט טויזנט מענטשן, וועלכע געהערן צו די אָרטיקע שבטים, — די צפונדיקע, מעגן וווינען אינעווייניק; פופציק טויזנט מענ־טשן — „אויסלענדער פון דרום" — די איבאָס און יאָרובאָס, — מעגן לעבן נאָר אויסער די ווענט, כאָטש זיי האָבן דאָס רעכט אין משך פון טאָג אַריינגיין און אַרבעטן הינטער דער מויער. נעכטיקן אָבער דאָרט

האָבן זיי נישט קיין רעכט. זיי זענען „פרעמדע״, כאָטש זיי זענען אויך ניגעריער. זייער חטא באַשטייט אין דעם, וואָס זיי זענען מער אינטעליגענט, פיל פון זיי קענען אויך לייענען און שרייבן, — האָבן די צפונדיקע מורא פאַר זייער קאָנקורענץ. פון צייט צו צייט קומען פאָר בלוטיקע געשלעגן צווישן די ביידע טיילן פון דער באַפעלקערונג, דאַן פאָגראָמירט מען די איבאָס — די שוואַכערע, די אינטעליגענטערע.

נישט אומזיסט רופן אַמאָל די לאָנדאָנער צייטונגען דעם שבט „איבאָ״ מיטן נאָמען „די יידן פון ניגעריע״.

דער האָטעל אין קאַנאָ איז פיל מאָדערנער ווי דער „זומפ״ אין לאַגאָס: זיינע געביידעס זענען מאַלעריש צעוואָרפן אין אַ וועלדל, און טאָמער טרעפט איר דאָ אַמאָל יאָ אַ שלאַנג (קאַנאָ איז בארימט מיט אירע אויסאַרבעטונגען פון שלאַנגען־פעל), איז זי ענלעך אויף אַ פאַפוגע מיט אירע בונטע פאַרבן און איידער איר האָט צייט זיך צו שרעקן, פויזעט פון אייך אַוועק די מאָדנע „פאַפוגאַי״ אויף אירע קורצע פיסלעך.

איך בעט דאָס טעלעפאָן־בוך. אין דמשק האָט מען מיר עס געגעבן נאָר אויף אַראַביש, — אין מאַדראַס (אינדיע) נאָר אויף בענגאַליש, אָבער דאָ באַקומט איר עס אין דריי שפּראַכן: אין ענגליש, אין פולאַניש און קאַנוריש. די לעצטע צוויי באַהערש איך נישט לחלוטין, אָבער אין ענגלישן געפין איך שנעל דעם נאָמען שאול קרח, און כאָטש עס איז שפּעט אין אָוונט, קלינג איך אָן אין זיין פריוואַטער וווינונג. אַ הייזעריקע שטימע פון אַן עלטערן מענטש ענטפערט: „איך וועל אייך זען מאָרגן פרי ביי מיר אין געשעפט, דערווייל אָבער שיק איך צו אייך מיין זון, וועלכער וועט אייך וויזן אונדזער שטאָט״.

קומט גאָר שנעל אַ שוואַרצע לימוזינע און פון דאָרט גייט אַרויס אַ טונקעלער יונגערמאַן פון אָריענטאַלישן אויסזען, פרעגט זיך אויף מיר ביים פאָרטיער און גאַנץ שנעל בין איך שוין מיט אים אין אויטאָמאָביל אויפן וועג צום צענטער פון דער שטאָט.

„לאָמיר זיך איילן״, זאָגט צו מיר דער יונגערמאַן, וועמענס נאָמען איז פּיטער — פּיטער קרח, — „דער טשיף אַוואָלאָוואָ קומט אָן קיין קאַנאָ צו דער מאָרגנדיקער קאָנפערענץ. עס קומט איצט פאָר אַ פייערלעכע באַ־געגעניש פאַר אים. עס איז ווערט דאָס צו זען״.

דער יונגערמאַן איז צוליב דער היץ געקליידט נאָר אין איין העמד

מיט קורצע הויזן. ווי נאָר אָבער דער אויטאָמאָביל פאָרט אַריין אין די באַלויכטענע גאַסן פון שטאָט, באַמערק איך ווי אויף זיין האַלדז באַמבלט זיך אַ גאָלדן צלמל... שוין זשע האָב איך אָנגעקלונגען אויף אַ פאַלשן טע־לעפאָן, און דער „איינציקער ייד" איז גאָר אַ געטרייער קריסט?

שעם איך זיך נישט און פרעג דעם מאַן, וואָס הייסט פּיטער, צי שאול קרח איז אַ ייד און צי איז ער זיין טאַטע. מיין יונגערמאַן צעשטראַלט זיך אַזש: „אַ ייד, אַ ייד! וואָס זשע דען? ער דאַוונט יעדן טאָג אין אַ טלית, אונדזער טייערער טאַטע. אָ, איר וווּנדערט זיך, וואָס איך טראָג אַ צלם? זייער איינפאַך: מיין מאַמע איז א קריסטין, אַן אַראַבערין פון טריפּאָלי, ביז דרייצן יאָר זענען מיר — איך און מיין צווילינג־ברודער פּאַוועל (פּיאָטר און פּאַוועל, די ריכטיקע יידישע בנים) — געווען דערצויגן אַלס „געצנ־דינער", נישט דער טאַטע, נישט די מאמע האָבן אונדז געוואָלט אָנוואַרפן זייער גלויבן. אָבער צו דרייצן יאָר האָט געזיגט די מאמע: מען האָט אונדז געשיקט לערנען אין דער מיסיאָנערישער שול אין ביירוט און איצט זענען מיר גלויביקע מאראניטן־קאַטאָליקן. דאָס שטערט נישט דעם טאַטן צו דאַווענען יעדן טאָג מיטן טלית און מיט די תפילין. מיר שעצן זייער הויך אונדזער פאָטער און זיין גלויבן"... בקיצור, איצטער ווייס איך שוין ווו איך האַלט מיטן איינציקן ייד, אין וועמענס „זכות" עס דאַרפן אויך לעבן די זיבעצן מיליאָן מענטשן אַרום.

ווען איך האָב מיט איניקע וואָכן שפּעטער דערציילט די דאָזיקע מעשה דעם פּרעזידענט יצחק בן צבי אין ירושלים, האָט ער וויציק באַ־מערקט: „אייער ייד אין קאַנאָ הייסט דאָך, אייגנטלעך, קרח, ער איז אויך רייך ווי קרח, — און אַזוי ווי קרח, נעבעך, וועט ער איינגעשלונגען ווערן דורך דער ערד מיט זיין גאַנצער משפּחה".

*

אַרום די ווענט פון קאַנאָ דערזע איך פּלוצלינג אַ צעטאַנצטן ים מיט ברענענדיקע פאַקלען, טויזנטער שוואַרצע מענטשן אין לאַנגע ווייסע העמדער, אין ווייסע טורבאַנען אויף די קעפּ. פון אַלעמענס מיילער רייסט זיך אַ געזאַנג אין אַ מזרח־טאָן:

„אַווּאָ, אַווּאָ!" ראַהאַמאַ, ראַהאַמאַ!".

דאָס באַגריסט די שטאָט דעם גאַסט, דעם טשיף אַוואָלאָוואָ, וועל־

כער איז געקומען פון מערב, צו באַהערשן פּאָליטיש אָט די דאָזיקע פעס־טונג פון איסלאַם און געצנדינער. אַוואָלאָוואַ איז אַ קריסט, א סאָציאַליסט, א הומאַניטארער. זיין פּארטיי איז קעגן דעם עמיר, דעם מוסולמענישן טשיף, וואָס הערשט דאָ.

„דער עמיר האָט פיינט יידן״, דערקלערט מיר מיין באַגלייטער, „אָבער דער עמיר האָט זייער ליב מיין פאָטער, זיי זענען נאָענטע פריינד״... צעשמייכל איך זיך. „אייער פאָטער איז דאָך דער איינציקער ייד דאָ, קיין אַנדערע יידן האָט דאָך דער עמיר נישט געזען. פאַרוואָס האָט ער זיי פיינט ?״.

„פאַרוואָס פאַרשטייט איר נישט ? דער עמיר איז אַן אראבישער נאציאָנאַליסט. לעצטנס איז ער באַאיינפלוסט דורך נאַצערן פון עגיפּטן. דער עמיר איז אונדזער געמיינזאַמער פּאָליטישער שונא : ער איז קעגן יידן און קעגן קריסטן. מיין פאָטער אָבער מאַכט מיט אים גרויסע געשעפטן, פאַרדינט ער פון אונדז, האָט ער אונדז ליב״...

ווייס איך שוין מיט וועמען צו האַלטן. אויב אַוואָלאָוואָ איז קעגן דעם עמיר, איז ער דאָך אויך קעגן נאַצערן, איז ער דעריבער מיין פריינד. לאָמיר טאַקע מיטשרייען מיטן יובלדיקן עולם, וואָס טאַנצט ווילד מיט די פאַקלען און זינגט אויס : „אַווא, אַוואָ ! ראַהאַמאַ, ראַהאַמא !״.

עפּעס פיל איך, אַז דער דאָזיקער נאָמען איז טאַקע „גוט פאַר יידן״.

## אַ באַזוך ביי דעם איינציקן ייד אין א געהיימנישפולער אַפריקאַנער שטאָט

פּיטער קרח, דער קריסטלעכער זון פון אַן אַלטן איינזאַמען ייד, וועלכן מיר דאַרפן זען מאָרגן פרי, פירט מיך מיט זיין אויטאָ ביז שפּעט אין דער נאַכט איבער די טאַנצנדיקע, יובלדיקע גאַסן פון דער מיסטיש־מיסטעריעזער, מיט שטיינערנע ווענט אַרומגערינגלטער שטאָט קאַנאָ. טויזנטער פעך־שוואַרצע ניגעריער, איינגעוויקלטע אין לאַנגע ווייסע

„תכריכים־ליילעכער", מיט שטורקאַצן אָדער פויקן אין די הענט, שרייען און זינגען: „אַוואָ־אַוואָ — ראַהאַמאַ, ראַהאַמאַ!".

דאָס זענען די שמחה־אויסגעשרייען צוליבן אָנקומען אין שטאָט פון טשיף אָבאַפעמי אַוואָלאָוואָ, וועלכער איז, אגב, דער פּרעמיער־מיניס־טער פון ניגעריעס מערב־פּראָווינץ (9 מיליאָן מענטשן). איצט איז ער געקומען קיין קאַנאָ, די הויפּטשטאָט פון דער צפון־פּראָווינץ (17 מיליאָן מענטשן), כדי זי פּאָליטיש צו באַהערשן און אַרויסרייסן פון די הענט פון אַן אנדער גרויסן „פּאָליטיקער". ד״ר אַזיקיווע, וועלכער שטיצט דעם עמיר און זיין מוסולמענישע קאָרומפּירטע קליקע. כאָטש דער עמיר האָט הינטער זיך נישט מער ווי 2 מיליאָן מוסולמענער, איז אָבער זיין ווירקונג גרויס אויף די איבעריקע מיליאָנען. און דער אַמביציעזער אַסקעטיש־קריסטלעכער, מיט גאַנדי־אידעאַלן דורכגעדרונגענער אַוואָלאָוואָ, איז געקומען אין שונאס פעסטונג, כדי זי צו שטורעמען. און די אטאקע, — א פרידלעכע, — וועט פאָרקומען מאָרגן אויף דער קאָנפערענץ פון דער אַקציאָנס־פּאַרטיי, וועמענס פירער ס'איז אַוואָלאָוואָ.

עצהט מיך מיין באַגלייטער פּיטער, אַז איך זאָל אומבאַדינגט זען קריגן אַ פּלאַץ אין זאַל פון דער קאָנפערענץ. ער אַליין האָט דאָס געוואָלט טאָן, נאָר מען ווייסט, אַז זייער משפּחה איז באַפריינדט מיטן עמיר, וואָלט מען אים פּשוט צעשלאָגן און אַרויסגעוואָרפן פון זאַל.

מיר פאָרן אַרויס פון די מויערן, וואָס רינגלען אַרום קאַנאָ, און געפינען זיך גלייך אין שמוציקן לאַבירינט פון געצעלטן און ברוין־ליימענע געביידעס, וואָס זענען גיכער ענלעך אויף קברים, ווי אויף פּלעצער, ווו מענטשן וווינען.

דאָס איז די „געטאָ" פאַרן שבט איבאָ, פאַר יענע מער ווי דרייסיק טויזנט מענטשן, וואָס זענען אַהערגעקומען פון דרום־ניגעריע, און זייער זינד איז, וואָס זיי זענען אינטעליגענט, קענען לייענען און שרייבן און פאַרנעמען דעריבער כמעט אַלע רעגירונגס־שטעלעס און האַנדלס־פּאָזי־ציעס.

זיי זענען אָבער נישט קיין מוסולמענער, נאָר מיינסטנס געצנדינער־אַנימיסטן (זיי גלייבן אין ספּעציעלע טייכן, ביימער, חיות, אין וועלכע עס איז אַריין אַ הייליקער גייסט. דאָס איז אַ רעליגיע, וועלכע איז אויך געווען אין נגב פון ישראל, איידער אברהם אבינו האָט אַהין „אימיגרירט").

כּאָטש צווישן די איבאָס זענען פאַראַן פאַרמעגלעכע מענטשן, לאָזט מען זיי אָבער נישט בויען קיין בעסערע הייזער און מען האַלט זיי אויפדער־נאַכט אויסער די גרענעצן פון דער „פאַרמויערטער שטאָט״.



דער פּרעמיער־מיניסטער פון מזרח־ניגעריע, טשיף אַוואָלאָהאָ
אין אַ שמועס מיטן מחבר

און אַוואָלאָוואָ, דער מעכטיקער טשיף און פּרעמיער־מיניסטער אין אַ פּראָווינץ פון זעלביקן ניגעריע, איז אויך אַ מיטגליד פון איבאָ־שבט. פאַרשטייט איר שוין, וויפל מוט מען האָט געדאַרפט האָבן צו קומען אין שונאס פעסטונג מיט טענץ און מיט פּויקן, כּדי זי צו דעראָבערן.

פון דער פינצטער, צווישן די פעלדער אַרום די שטאָט־ווענט, הייבן זיך אויף צענדליקער פּיראַמידן. זיי זעען אויס אין לבנה־שיין צו זיין פון

העל־גרינער פֿאַרב. לכתחילה האָב איך געמיינט, אַז עס וווינען אין זיי מענטשן. אָבער מיין באַגלייטער דערקלערט:

„דאָס זענען פּיראַמידן פֿון „פּינאַטס", פֿון בוימל־ניס, וועלכע מען קאָן נישט עסן, אָבער דער בוימל אין זיי איז די עקספּאָרט־רייכקייט פֿון לאַנד. אין יעדער פּיראַמידע געפֿינט זיך 670 טאָן ניס — ביליאָנען ניס. דאָס לאַנד עקספּאָרטירט אַ האַלבן מיליאָן טאָן ניס אַ יאָר. אַ העלפֿט פֿון זיי פֿאַרמירן די פּיראַמידן, פֿון וועלכע מען נעמט זיי אין זעק צו די שיפֿן אויפֿן ים.

און דאָ נישט ווייט זעען זיך אין לבנה־ליכט די מאַוריטאַנישע סלופּעס פֿון געבעט־הויז, וואָס איז אויסער דער „געטאָ". יעדן אינדערפֿרי פֿון צען ביז צוועלף, שמייסט מען דאָ די באַשולדיקטע אין שיכרות. מען שמייסט דאָ אַלעמען, סיי די, וואָס וווינען אינעווייניק אין די מויערן, און סיי די „געטאָ־בירגער". מען טוט דאָס פּונקט ווי אין קאָראַן שטייט: פֿערציק שמיץ מיט אַ לעדערנעם קאַנטשיק אויפֿן „אַנטשפּרעכנדיקן" אָרט. אמת, די שמיץ זענען לייכטע, אָבער די חרפּה איז גרויס, ווייל מען שמייסט עפֿנטלעך.

שפּעט, נאָך האַלבער נאַכט, קום איך צוריק אין מיין האָטעל, וואָס באַשטייט פֿון אַ צאָל געביידעס אין אַ וועלדל. און כאָטש עס איז פֿינצטער, און כאָטש געהיימנישפֿולע שוואַרץ־ווייסע שאָטנס שלייכן זיך צווישן די ביימער און טויזנטער יאַשטשערקעס, ווי שלאַנגען, לאַנגע און פֿאַרביקע, טאַנצן אונטער די פֿיס, — גיי איך אָן מורא, ווייל מען האָט מיר געזאָגט, אַז אין קאַנאָ באַפֿאַלט מען נישט קיין מענטשן, מען רייסט נישט ארויס דעם בייטל פֿון די הענט פֿון אַ פֿרוי, — ווי אין די אַכציקער גאַסן צווישן בראָדוויי און צענטראַל־פּאַרק אין ניו־יאָרק...

אַ געבענטשט און מילד־ווילד לאַנד אין ווייטן מיסטעריעזן אפֿריקע!

*

ס'קומען אינדערפֿריביידע זין פֿון „איינציקן ייד" — פּיטער און פּאָול, — מיט די צלמלעך אויפֿן האַלדז, און נעמען מיך צו זייער טאַטן.

ער זיצט אויף אַ גרויסער וועראַנדע אויפֿן צווייטן שטאָק פֿון אַ פּאַלאַץ־הויז. ער הייבט זיך אויף אַנטקעגן, באַגריסט מיך מיט „שלום", ווייזט אַרויס אַ באַהאַלטענע פֿרייד: „אַ ייד פֿון אַמעריקע? וואָס הערט זיך

עפּעס אין ישראל?״ ייד... אַמעריקע... ישראל... עס טויכט אויף אין שאול קרח׳ס אונטערבאַוווסטזיין די קאָמפּליצירטע, איך וואָלט געזאָגט, אַטאַוויס־טישע נאָסטאַלגיע פון אַ ייד, וואָס האָט מיט פערציק יאָר צוריק פאַרלאָזט די יחוסדיקע קהילה פון טריפּאָלי, כדי זיך צו באַזעצן אין אַ ווייט, פרעמד לאַנד — אינעם דאַן באמת ווילדן צפון פון ניגעריע.

מען דערלאַנגט קאַווע. די זין פאַרלאָזן אונדז. אין פענצטער, וואָס קוקט אַרויס אויף דער וועראַנדע, זעט זיך אַן אראַבערין מיטן סאַמעטענעם קאָפּ־טראַכט, וואָס בלישטשעט מיט שטיינדלעך, איינגעוויקלטע אין אַ גרינעם, סאַמעטענעם מאַנטל. שאול קרח גיט אַ זאָג: „דאָס איז מיין פרוי. איר ווייסט שוין מסתם, אַז זי איז אַן אראַבישע קריסטין. מיין ערשטע פרוי איז געווען אַ נעגערטע פון שבט יאַרובאַ, דעם טשיפס אַ טאָכטער, פון גרעסטן יחוס. אָבער איך בין פון איר אַוועק. איך ווייס אפילו נישט, וואָס ס׳איז געוואָרן מיט די קינדער. די לעצטע 25 יאָר בין איך מיט אָט דער פרוי. אַנטשולדיקט, עס איז נישט דער מנהג ביי אונז פאָרצושטעלן אַ פרוי פאַר אַ גאַסט. זי ווייסט ווער איר זענט און איז נייגעריק אויך צו וויסן וועגן וואָס מיר רעדן. אָבער אַרויסצוגיין צו אייך דאַרף זי נישט.

און פונדעסטוועגן, — גלייבט אָדער נישט, — לייג איך יעדן טאָג תפילין און דאַוון אין טלית...״

ער לויפט אַריין אויף אַ וויילע אין שטוב און טראָגט אַרויס אַ טלית־זאַק, נעמט אַרויס פון דאָרט אַ שוין פאַרגעלטן וואָלענעם טלית און תפילין.

— איך לעב אין צוויי וועלטן: ביים טאַטן אין שטוב, אין טריפּאָלי, ווו מען איז געווען פרום, — און דאָ, אין קאַנאָ, צווישן מיין פרום־קריסט־לעכער משפחה, אַ צעבראָכענער, שוואַכער מענטש בין איך, און דער איינ־ציקער אָנהאַלט מיטן „אַמאָל״ איז דער טלית און תפילין.

— נאָר איינמאָל פאַר דער גאַנצער צייט האָב איך געדאַוונט מיט מנין: מיט אַ פופצן יאָר צוריק אין ירושלים. איך ווייס, איך גיי אונטער, ווייל אויך מיינע זין וועלן חתונה האָבן מיט פרעמדע ווייבער. פרעמדע וועלן ירשנען מיין פאַרמעגן, אָבער איך קאָן שוין מיין גורל נישט ענדערן. נישט קיין סך יאָרן זענען מיר פאַרבליבן...

זיין שטימע ברעכט זיך איין, אויף די צוגעשוירענע וואָנצעס פאַלט אַ טרער.

ניין, איך ווייס נישט צי איך האָב אויף אים רחמנות געהאַט. מיט זיין פאַרמעגן האָט ער שוין מיט יאָרן צוריק געקאָנט ענדערן די מערכה. געוועזן מסתם גייציק, נישט געוואָלט. וויל ער ראַטעווען זיין געוויסן אונ־טערן צודעק פון טלית.

איך בעט דעם ייד ער זאָל מיך באַקענען מיט זיין פריינד דעם עמיר. און דאָ הער איך ווידער: „דער עמיר, אפילו אויב איך זאָל אייך פאָרשטעלן פאַר אים, דאַרף נישט וויסן, אַז איר זענט אַ ייד... ער האַלט פון פאַן־אַראַביזם, פון נאַצערן און ער וועט אייך קיין גוטע אויפנאַמע נישט מאַכן. מיך אַליין האַלט ער פאַר א געטרייען אראַבער, צוליב מיין משפחה, כאָטש ער ווייסט, אז איך בין פון יידישן גלויבן. אגב, האָב איך געגעבן אַ גרויסע נדבה פאַרן נייעם מעטשעט, וואָס איז דאָך די שענסטע געביידע אין ניגעריע. אַלזאָ, איר ווילט גיין מיט מיר צום עמיר?"

— ניין, איך ווייס נישט! — האָב איך געענטפערט. — איך וועל דאָס פרובירן טאָן אַליין, אויף מיין אייגענער אחריות. איך וויל אייך נישט אַריינשלעפּן אין אַן ענין, וואָס קאָן אייך שפּעטער שאַטן, ווייל איך וועל יאָ זאָגן, אַז איך בין א ייד...

איך האָב פאַרלאָזט דעם „הויף־ייד", די דאָזיקע בלאָנדזשענדיקע נשמה, מיט אַ ביטערן טעם אין מויל...

*

אין דעם קינאָ־טעאַטער, וווּ עס דאַרף באַלד פאָרקומען די דערע־פענונג פון קאָנגרעס פון דער „אַקציאָנס־פּאַרטיי", מיטן טשיף אַוואָלאָוואָס אָנטייל, פרעגט מען מיך שטאַרק אויס, פאַרוואָס איך וויל אַלס פּרעסע־מענטש אָנטיילנעמען אין דעם קאָנגרעס. איך קוק זיך אַרום און דערזע, אַז אַלע זענען שוואַרצע, נאָר איך איינער בין אַ ווייסער. — פאַרשטיי איך זייער חשד און נייגיר. מען גיט מיר אַן איינלאַדונג און אַ בכבודיק אָרט. איך גיי אַרויס אין דרויסן, שטעל זיך אויף די טרעפּ פון טעאַטער, כדי צו דערוואַרטן אַוואָלאָוואָס קומען. עס באַגלייט מיך דער פּרעסע־שעף פון קאָנגרעס, אַ מענטש, וואָס האָט גראַדוירט אין אָקספאָרד און אין דער טורמע אין קאַנאָ. — גאָר אַ גרויסער יחסן, הייסט עס, און אַ ליבער באַגלייטער דערצו. אַרום טעאַטער — אַ קאָרדאָן פון ענגלישער פּאָליציי מיטן גענעראַל־אינספּעקטאָר אין דער שפּיץ. אומרועען קאָנען זיך איבערחזרן.

מיט אייניקע יאָר צוריק האָבן זיך דאָ שבטים געשלאָגן און עס זענען געפאַלן ביז הונדערט טויטע.

הינטער דעם פּאָליציי־קאָרדאָן, טויזנטער שרייענדיקע און זינגענדיקע דעמאָנסטראַנטן. טייל פון זיי רופן „זיק־זיק״. דאָס זענען די אָנהענגער פון ד״ר אַזיקיווע, דער פּרעמיער־מיניסטער פון דער ניגעריער פעדעראַציע; אַנדערע זינגען: „אַוואָ״ — פּאַר אַוואָלאָוואָ.

עס קומען אויטאָמאָבילן. פון איינעם גייט אַרויס אַ גרופּע שוואַרצע יונגעלייט און פירט ווי אַ כלה צו דער חופּה אַ קיילעכדיקע שיינהייט, אין גאַז־גאָלדענע קליידער. דאָס איז די מיס ניגעריע, די שענסטע פרוי אין לאַנד, וואָס דאַרף באַשיינען דעם קאָנגרעס. זי באַזיצט טאַקע אַ זייער שיין פּנים, אָבער איר פיגור איז דריי מאָל אַזוי שווער און רונד ווי מערילין מאָנראָ. אגב, באַהאַלט זי אונטער איר גאָלדן קלייד אַלץ דאָס, וואָס מערילין ווייזט דעם פּובליקום...

ס׳דערהערט זיך פונדערווייטנס אַ ברומען פון המון, וואָס ווערט אַלץ שטאַרקער, אַזוי ווי דאָס ברומען פון אַ ים־כוואַליע. פון אויטאָמאָביל גייט אַרויס אַ געוויקסיקער פעד־שוואַרצער דזשענטעלמאַן, מיט ברילן אויף דער נאָז, מיט אַ יאַרמולקע אויפן קאָפּ, איינגעוויקלט אין ליילעכער, וואָס הייבן זיך פון ווינט. דאָס איז דער טשיף אַוואָלאָוואָ. ער דערמאָנט לויטן אויסזען גאַנדין, נאָר זיין געזיכט איז יינגער. מיין באַגלייטער, דער פּרעסע־שעף, נעמט מיך אונטערן אָרעם און פאַרשטעלט דעם וועג אַוואָלאָוואָן, וואָס שטייגט אַרויף אויף די ברייטע טרעפּ: — אַן אַמעריקאַנער זשורנאַליסט וויל אייך עפּעס פרעגן... אַוואָלאָוואָ פאַרהאַלט זיך, גיט מיר זיין האַנט, שמייכלט און הייסט פרעגן, אָבער שנעל:

— וואָס איז דער ציל פון אייער קומען אין קאַנאָ, אין לאַגער פון אייערע שאַרפסטע קעגנער? — פרעג איך.

אַוואָלאָוואָ ענטפערט אין אַ פּערפעקטן ענגליש, מיטן כאַראַקטעריסטישן אָקספאָרד־אַקצענט:

— מיין ציל איז צו געווינען אויך דאָ די וואַלן, ווען ניגעריע וועט ווערן אומאָפּהענגיק אין אַ יאָר אַרום. מיין ציל איז אויסצוראָטן קאָרופּציע, באַזייטיקן די גנבים, וואָס זיצן איצט אין דער רעגירונג. מיר ווילן געבן דעם פאָלק בילדונג, אַרויסנעמען זיי פון פינצטערן אָבערגלויבן, געבן זיי אַ ק ר י ס ט ל ע כ ע קולטור, כאָטש איך אַליין בין נאָר אַן אידעישער

קריסט, אָן אַ ספּעציעלער רעליגיע. מײַן ציל איז זיך באַהעפטן מיטן מערב קעגן די פינצטערע כוחות פון דיקטאַטור און אַבערגלויבן. איז דאָס פאַר אײַך קלאָר?

— יאָ, זייער קלאָר. איך דאַנק אײַך, טשיף!

מיר פאָטאָגראַפירן זיך. אויף דער פאָטאָגראַפיע קומט אויך אַרויס די קיילעכדיקע „מיס ניגעריע".

אָבער ווי נאָר אַוואָלאָוואָ הייבט זיך אויף אויף די טרעפּ, ציט זיך „מיס ניגעריע" אויס פלאַטשיק אויפן שטיינערנעם דיל, אויסשפּרייטנדיק אירע הענט, מיטן פּנים אויף דער ערד. אַוואָלאָוואָ רירט זי אָן מיט זײַן שטעקן אין האַנט, און דאַן הייבט זי זיך אויף און ער קושט איר אין קאָפּ. אַ צערעמאָניע, וואָס דערמאָנט די צייטן פון „מגילת אסתר".

*

אין קאָנפערענץ־זאַל מיט הונדערטער דעלעגאַטן קלינגען רעדעס אין ענגליש, פולאניש און קאַנוריש. איך בין דאָ דער איינציקער ווייסער מענטש און דאָס זעט מען טאַקע אויף דער פאָטאָגראַפיע פון דער קאָנ־ווענשאָן. נעבן מיר זיצט אַן אַלטער מלך פון דזשונגל אין אַ גאָלדענער קרוין און אין אַ קלייד פון גאָלדענעם בראָקאַט. ער זיצט און „קאַלופּעט" אין נאָז. אויך דאָס זעט מען אויף דער פאָטאָגראַפיע.

מען וועט נאָך הערן אַוואָלאָוואָס שטימע, און גאָר שטאַרק, אין משך פון די נאָענטסטע יאָרן אין ראַט פון די פאַראייניקטע נאַציעס.

נייע פירער וועלן זיך ווייזן אויף דער וועלט־אַרענע פון יונגן אַפריקאַנישן קאָנטינענט.

## אין אַ לאַנד ווו מ׳האָט אויפגעגעסן אַ סענאַטאָר

און איצט — אַ שפּאַציר אין אַיוואָריקאָוסט־לאַנד, אויפן מערב־ברעג פון אַפריקאַנער אַטלאַנטיק. דאָס איז אַ פראַנצויזישע טעריטאָריע. דעם שבת, וואָס איך האָב דאָרט פאַרבראַכט (6־טער דעצעמבער 1958), איז די

טעריטאָריע געוואָרן פּראָקלאַמירט אַלס רעפּובליק. אמת, נישט קיין אומאָפּ־הענגיקע אינגאַנצן, ווי דאָס האָט באַשטימט דורך אַ רעפערענדום די שכנותדיקע פראַנצויזישע גווינעא, אָבער דאָך אַ מלוכה מיט אַ פּאַרלאַ־מענט, מיט אַלע זיבן זאַכן, אין דער ראָם פון דע־גאָלס נייער „פינפטער רעפּובליק״. און דער פּרעמיער־מיניסטער פון דער דאָזיקער נייער רעפּו־בליק איז דער שמייכלדיקער, דינאַמישער, פעך־שוואַרצער, דאַרינקער און קליינינקער פעליקס הופּרע־באָאַזי, — אַ הייסער אָנהענגער פון אַן אוניע מיט פראַנקרייך און איצט איז ער אפילו אויך מיניסטער אין דע־גאָלס קאַבינעט.

און די העלפאַנד־ביין ברעג־רעפּובליק איז דאָך גרעסער ווי האַלב פראַנקרייך, כאָטש עס וווינען דאָרט נאָר דריטהאַלבן מיליאָן מענטשן, צווישן זיי אַרום פערציק טויזנט ווייסע פראַנצויזן.

בין איך אָנגעקומען אין דער הויפּטשטאָט אַבידזשאַן מיטן עראָפּלאַן פון ליבעריע, אויפן וועג קיין גאַנאַ, און פאַרפאָרן אין האָטעל וויזשי, וואָס באַשטייט פון באַקוועמע הילצערנע הייזער, צעשאָטן אויפן סאַמע ברעג פון ים. אינמיטן איז אַ רעסטאָראַן, צו וועלכן עס קומען די רייכע פראַנצויזן פון שטאָט אַבידזשאַן, וואָס איז א צוואַנציק מייל ווייט פון דאַנען. דער איינציקער גרויסער האָטעל אין שטאָט גופא איז געווען פאַרנומען מיט די דעפּוטאַטן פון לאַנד, וואָס האָבן היינט פּראָקלאַמירט די רע־פּובליק.

ווילט זיך מיר אָבער נישט בלייבן אָפּגעריסן פון שטאָט, בעט איך מיין האָטעל־אייגנטימער מיר געבן די געלעגנהייט אָנקוקן אַבידזשאַן אין זיין אַלטמאָדישן לאַסט־אויטאָמאָביל. ער איז מסכים — דער ליבלעכער פראַנצויז, — און טרייסלענדיק זיך אין שווערן וואָגן, פאָרן מיר אין דער ריכטונג פון שטאָט.

און אַז איר פאָרט, קאָנט איר שוין פאַרשטיין, פאַרוואָס די באַפעלקע־רונג אין דאָזיקן לאַנד האָט געשטימט „יאָ״ פאַר דע־גאָלן.

אָט איז דער נייער קינסטלעכער האַפן, וואָס איז דורכגעהאַקט גע־וואָרן אין סאַמע דזשונגל און דורך וועלכן עס ווערן עקספּאָרטירט די הונדערטער טויזנטער טאָן קאַווע, קאַקאַאָ, באַנאַנעס און לעצטנס אויך ביינוול און יוטע פאַר זעק.

מיר פֿאָרן איבער אַ ברייטער בריק, וואָס הענגט איבערן קינסט־לעכן האַפֿן, וואָס אַזעלכן זעט מען זעלטן אין אייראָפּע.

מיר פֿאָרן אַריין אין אַ מאָדערנער שטאָט, — אין אַבידזשאַן, — וואָס איז נייער, פֿרישער און באַקוועמער, ווי די גאַסן און געביידעס פֿון פּאַריז גופֿא, — ספּעציעל ווען איר פֿאָרט דאָרט דעם לאַנגן וועג פֿון לופֿט־פּאָרט אָרלי ביז שאַנז־עליזיי.

נאָך מיט 10 יאָר צוריק איז דאָ געווען נאָר אַ דאָרף, אַ שמוציק פֿישער־דאָרף, מיטן זעלבן שאַרפֿן ריח פֿון פֿוילע פֿיש, ווי אין אַן אַנדער דאָרף, וואָס מיר פֿאָרן שפּעטער פֿאַרביי אויפֿן וועג צום פּרימיטיוון בראשיתדיקן וואַלד־דזשונגל.

אָבער דער פֿראַנצויזישער אָרגאַניזאַטאָרישער טאַלאַנט האָט גע־שליפֿן דעם „רויען דימענט" אַרום אבידזשאַן און אויפֿגעבויט אַ שטאָט אַ באָמבאָניערקע: לוקסוס־געביידעס ביז צען שטאָק הויך, טעאַטערס, שאָטנדיקע גערטנער, אַ פּאַלאַץ פֿארן פּארלאמענט און אַ רעגירונגס־הויז, וואָס זעט אויס ווי א פּאַלאַץ, אהין טאַקע פֿירט מיך, אין דעם גאָר נישט יום־טובדיקן טראַק, מיין גאַסטגעבער, דער האָטעל־אייגנטימער.

מיין אויפֿמערקזאַמקייט ווערט פּלוצלינג געווענדט אויף אַ ווינקל פֿון גאַס, ווו מיר פֿאָרן איצט אַריין. די אויפֿשריפֿט זאָגט אונדז, אַז די גאַס הייסט: „רי דע סענאַטור וויקטאָר באָדאַ". עפּעס זאָגט מיר דער נאָמען. כ'שטרענג אָן מיין זכרון און דערמאָן זיך: דאָס איז דאָך דער שלימזלדי־קער סענאַטאָר, וועמען זיינע טרייע ווײלער האָבן טאַקע דאָ, — נישט ווייט פֿון אַבידזשאַן, אָפּגעקאָכט און אויפֿגעגעסן. גאָר פּשוט — אויפֿגעגעסן! איך פֿרעג וועגן דעם מיין „שאָפֿער", דעם הייסן פֿראַנצויזישן פּאַטריאָט פֿון לאַנד, יענער ווערט רויט, שטאַמלט עפּעס, — בקיצור, ער פּאָנפֿעט. בין איך שוין זיכער, אַז מיין זכרון נאַרט מיך נישט אָפּ.

דער סענאַטאָר וויקטאָר ביאַקאַבאָדאַ, אַ באַרימטער נעגערישער לאָיער, וועלכער האָט רעפּרעזענטירט זיין לאַנד אין פּאַריזער סענאַט, איז אין יאָר 1950 געקומען צוריק אָפּגעבן אַ באַריכט זיינע טרייע ווײלער. אין אַבידזשאַן גופֿא איז דאָס צוזעגאַנגען גאָר נישקשה. אָבער ווען ער איז אַרויסגעפֿאָרן אַ ביסל טיפֿער, אין אוראַלטן וואַלד, איז ער שוין פֿון דאָרט צוריק נישט געקומען, פֿאַרפֿאַלן געוואָרן! דריי יאָר האָט מען אים גע־זוכט, און נישט געפֿונען, און מען האָט אויף זיין אָרט געשיקט אַן אַנדערן סענאַטאָר קיין פּאַריז.

אָבער אין 1954 האָט מען צופעליק געפונען באַגראָבן אין „בוש״ נעבן דער קרייז־שטאָט בואַפלע אַ גרויסן טאָפּ און אינעווייניק מענטש־לעכע ביינער.

לויט די גאָלדענע ציין האָט מען אידענטיפיצירט, אַז דאָס בינטל ביינער איז אַלץ, וואָס איז געבליבן פון פּאָפּולערן און געליבטן סענאַטאָר, וועלכער האָט, אגב, געוווֹיגן מער ווי צוויי הונדערט פונט. דאָס איז, וואָר־שיינלעך, געווען די הויפּט־אַטראַקציע פאַר די קאַניבאַלן, וואָס זענען זייער זעלטן אַ שטיקל פלייש פאַר די אויגן... בקיצור, מען האָט ווייטער געזוכט, אַרעסטירט הונדערטער ווילדע, וואָס זענען בייגעווען ביי דער גרויסער „סעודה״ פון אָפּקאָכן און אויפעסן אַ סענאַטאָר. זיבעציק פון זיי האָט מען געהאָנגען, אָבער עס איז פאָרט פאַראַן אַ שטיקל יושר אויף דער וועלט: דעם סענאַטאָרס נאָמען האָט מען פאַראייביקט אויף איינער פון די מאָדערנ־סטע גאַסן אין אבידזשאַן.

מיט די דאָזיקע געדאַנקען בין איך אַריינגעפאָרן מיט אונדזער גאָר נישט פּאַראַדנעם טראַק אין טראָפּישן גאָרטן, וואָס רינגלט אַרום דעם רעגירונגס־פּאַלאַץ, כדי פּרובירן כאַפּן אַ שמועס, — אויב מעגלעך, — מיטן נאָר־וואָס אויסגעווײלטן נייעם פּרעמיער פון העלפאַנדן־ברעג — הופרע־באָאַזי.

ווי שטענדיק אַרום די נייע הערשער, ליגן שוין אויסגעלייגט אויפן גראָז און וואַרטן: טשיפס פון ווייטע שבטים אין זייערע בונטע קליידער, מכשפים פאַרשידענע, מיט שרעקנדיקע מאַסקעס, וואָס זענען געקומען בענטשן; עס שטייען נייאינקע אויטאָמאָבילן ביי דער זייט פון דעקאָרירטע קעמלען, האַלב־אָנגעטאָענע יונגע פרויען, וואָס שעמען זיך גאָרנישט צו ווייזן וואָס מען טאָר נישט, — נו, ואני בתוכם. מיין האָטעל־אייגנטימער פאַרזיכערט מיר, אַז ווי נאָר דער פּרעמיער וועט אָנקומען פון פּאַרלאַמענט, וועט ער זיך מיט אים באַגריסן, ווייל אַ פּאָר מאָל אין וואָך קומט ער אין זיין רעסטאָראַן הנאה האָבן פון דער „וווּנדערלעכער פראַנצויזישער קיך״.

וואַרטן מיר אויף דער ברייטער אָפענער ווערענדע. און אַז איך הער דאָס פייפן פון אויטאָמאָבילן און דערזע ווי די גאַנצע כאָפּטע טשיפן, מכשפים, יונגע טענצערינס און אַנדערע שלעק שטעלן זיך אויף און שרייען עפּעס מיט באַנומענע קולות, פאַרשטיי איך, אַז „ער״ איז דאָ. און כך־הווה: מיין באַגלייטער רוקט זיך אַרויס פאָרויס אויף די טרעפּ פון

באַלקאָן, שטעקט אַריין אַ „שלום־עליכם" דעם לעבעדיקן, לאַכנדיקן פּרע־מיער און שטעלט פאָר זיין גאַסט — דעם אַמעריקאַנער שרייבער. מיין ערשטער געדאַנק איז געווען: ווי קליין און דאַר דער פּרעמיער איז! עס איז נישטאָ וואָס אָפּצוקאָכן און אויפעסן, אָבער איך באַהערש זיך שנעל און גראַטוליר אים מיטן היינטיקן וואַל־רעזולטאַט און ווינטש זיין לאַנד אַ סך גליק.

איך זע, ער איילט זיך, פרעג איך אים פונדעסטוועגן: „צי מיינט ער נישט, אַז די פעדעראַציע פון פראַנצויזישער גווינעאַ מיט דער זעלבּ־שטענדיקער גאַנאַ, וואָס געהערט צו דער ענגלישער קאָמאָנוועלט, וועט שטערן דער אַנטוויקלונג פון זיין לאַנד, וואָס ליגט גראָד צווישן זיי ביידע?"

ענטפערט דער פּרעמיער אין אַ מוזיקאַלישן פראַנצויזיש מיט זיין נאַטירלעכן שמייכל:

— פּרובירט איינשפּאַנען אין איין וואָגן אַ קעמל און אַ הירש, — וואָס פאַר אַ פּראָגרעס קאָנט איר דאַן דערוואַרטן?

— ניין, איך גלייב נישט, אַז דער סאָלידער נקרומאַ (פון גאַנאַ) וועט לאַנג קאָנען מיטשפּרינגען דעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן טאַנץ פון היציקן סעגוּ טורע (פראַנצויזישע גווינעאַ). עס וואָלט געווען פיל געזונטער פאַר גווינעאַ, ווען זי בלייבט אין די ראַמען פון פראַנצויזישן קאָמאָנוועלט. איבעריקנס, האָב איך מיינע דאָזיקע סענטימענטן קיינמאָל נישט באַהאַלטן און טורע באַקעמפט אונדז דעריבער. עס לאַכט אָבער דער, וואָס לאַכט דער לעצטער...

ווידער אַ דריק פון האַנט און שוין רינגלען דעם פּרעמיער אַרום די טשיפן, מכשפים און טענצערינס, און מיר טרייסלען זיך דעם לאַנגן וועג צוריק צום האָטעל וויזשי ביים ים־ברעג.

אין האָל פון רעסטאָראַן קוקט מיך שאַרף אָן אַ מיטלוווּקסיקער בלאָנדער אייראָפּייער. ער גייט צו צו מיר און זאָגט אין ענגליש: „איך האָב אייער נאָמען געזען אין רעגיסטער פון די געסט, אויך איך בין נאָר וואָס געקומען. איר זענט אַן אַמעריקאַנער, אָבער אַנטשולדיקט מיין ניי־גער: זענט איר אויך אַ ייד?"

— שלום־עליכם! — קלינגט אָפּ מיין תשובה, — און פון וואַנען זענט איר?

— איך בין פון לאָנדאָן. מיין נאָמען איז מאַקס סאָכאָר, עקספּאָרטער פון חיות־פעלן. איך קויף זיי טאַקע אויף אין די אַלע לענדער פון מערב־ און מזרח־אַפריקע. מען פילט זיך דאָ אַזוי איינזאַם, בין איך צופרידן צו טרעפן זיך מיט אַ ייד. אגב, וווינט דאָ אין אַבידזשאַן אַ רייכער פראַנצוי־זישער ייד סאָלאָמאָן. ער איז גראָד איצט אין פּאַריז.

בקיצור, מיר זיצן שוין צוזאַמען מיטן ייד סאָכאָר פון לאָנדאָן, וועלכער דערציילט גאָר אינטערעסאַנטע מעשיות פון זיינע רייזעס אין צוזאַמענהאַנג מיט די פעל־ביזנעס.

ערשטנס, שטאַמט דער ענגלישער סאָכאָר פון גאָר אַ וואַזשנעם יחוס: זיין עלטער־זיידע איז געווען דער גרינדער פון דער באַרימטער טליתים־פאַבריק אין דובראָוונע (ווייסרוסלאַנד) — ר׳ נחום שחור. וועגן ר׳ נחומען אַלס טליתים־פּיאָנער איז דערשינען אפילו אַ בוך אין ישראל. אָט דאָס דאָזיקע אור־איניקל זיינס איז טריי דער טראַדיציע און פירט מיט זיך אין באַגאַזש אַן אַלטן וואָלענעם טלית, ווי אויך תפילין. ער פוילט זיך נישט און נעמט מיך אַריין שפּעטער אין זיין צימער, כדי זיך טאַקע באַרימען מיטן ירושה־טלית. ער היט זיך אויך אָפּ פון עסן טריפות! ליידט ער טאַקע אין די דאָזיקע ווייטע מקומות, ווו כשרע רעסטאָראַנען זענען נישט בנמצא. אגב, דערציילט מיר סאָכאָר: — אין צפון־ניגעריע, ווי אויך אין דאַהאָמיי, איז נישט לאַנג איינגעפירט געוואָרן אַ געזעץ, אַז ווען מען פאַרקויפט אַ שטיק רוי־פלייש, מוז שטענדיק אויף דעם זיין אַ שטיקל פעל פון דער חיה. פאַרוואָס? ווייל דאַן ווייסט מען, אַז דאָס איז נישט קיין מענטשן־פלייש. דאָס איז אויך אַ מין „כשר״ און „טריף״, אָבער פון אַן אַנדערן נוסח, לויט די אָרטיקע באַדינגונגען...

סאָכאָר איז אויף מאָרגן פרי מיט מיר צוגעפאָרן צו אַ דאָרף, ווו זיין אַגענט קויפט אויף די רויע פעלן פון געהרגעטע חיות. מיר זענען אַריין אין אַ שמוציקן הויף, אָפּגעצוימט מיט ליימענע ווענט. אויף דער ערד האָבן זיך געטריקנט געפלעקטע פעלן פון לעמפּערטן, לאַנגע גרוי־גלאַנציקע הויטן פון באָאַ־שלאַנגען, אַ געלער, צעקודלטער פוטער פון אַן אַמאָל שטאָלצן לייב, וועלכער וועט אין זיין נייעם גילגול צוזאַמען מיטן לעמפּערט און שלאַנג אַמאָל באַשיינען אַן ערשטע אָפּערע־נאַכט, האַלב צודעקנדיק די דאַרע הויטן פון פאַרפומירטע „מענטשעכעס״.

סאָכאָר מאַכט פון דעם אַ פיין לעבן און אַלס אָנדענק פון אונדזער

פריינדלעכער באַגעגעניש אין וויטן אַבידזשאַן האָט ער מיר מיטגעגעבן אַ גאַנץ פיין פעקל מיט קליינע „שלאַנגישע" מתנות, וועלכע מיינע פריינד אין ישראל האָבן שפּעטער פאַרצוקערט (אין אַמעריקע לאָזט מען קיין רויע פעל נישט אַריין).

ווען מיר זענען צוריקגעקומען אין האָטעל, האָט מיר מיין נעכטי־קער שאָפער, דער באַלעבאָס, אָנגעזאָגט די שמחה, אַז נאָר וואָס איז דאָ געקומען אַ גאַסט פון ישראל — צי וויל איך אים זען? און ווידער דריקן זיך די הענט אין אַ חברישן „שלום" — די יידן פון ניו־יאָרק און לאָנדאָן מיט דעם ייד פון חיפה, וואָס הייסט רודי באַרטאַ, און רעדט סיי ענגליש און סיי עברית מיט אַ שטאַרקן דייטשישן אַקצענט.

יאָ, באַרטאַ איז אַ פאָרשטייער פון דער „דיזענגאָף־האַנדל־געזעל־שאַפט" אין תל־אביב. איך האָב שפּעטער געהאַט דאָס פאַרגעניגן צו זען ישראלס אַנדערע האַנדלס־אַמבאַסאַדאָרן — י. תמיר אין אַקראַ (גאַנאַ), און ג. גזית אין לאַגאָס (ניגעריע). איך האָב מיט פרייד פעסטגעשטעלט, אַז די דאָזיקע פרידלעכע עקספּאַנסיע פון ישראל אין די יונגע לענדער פון דער אויפוואַכנדיקער אַפריקע איז גוט פּלאַנירט, אָרגאַניזירט, און איז פאַרטראָטן דורך די אמתע „ווילע יאַטן", וואָס פאַרשטייען וואָס מען וויל פון זיי, און וואָס פאַרקויפן נישט נאָר „פרידזשידערס" אָדער גלאָז־אַרטיק־לען, נאָר וויסן ווי צו פּאָפּולאַריזירן ישראל בכלל.

רודי באַרטאַ וויל, אַז איך זאָל בעתן זיין אין חיפה איבערגעבן אַ גרוס זיין ווייב. האָט ער פאַרגעסן מיר זאָגן איר אַדרעס. היות אָבער איך האָב געטראַכט אַז זי איז אין חיפה, האָב איך אינמיטן מיין פאָרלעזונג אין „בית־עם" פון הסתדרות, טאַקע אויף דער טעמע פון אַפריקע, זיך גע־ווענדט צום עולם מיט דער פראַגע: — אפשר ווייסט עמיצער דעם אַדרעס פון אסתר באַרטאַ? — צו אַלעמענס דערשטוינונג האָט זיך פון איר אָרט אויפגעהויבן אַ הויכע, בלאָנדע פרוי, און זיך דערקלערט אַלס דאָס ווייב פון באַגעגנטן אין אַבידזשאַן — רודי באַרטאַ. זי האָט געלייענט אויף אַן אַפיש, אַז ס'וועט זיין אַ פאָרלעזונג וועגן אַפריקע, איז זי געקומען הערן: זי האָט דאָך דאָרט איר מאַן... זענען נישט אַזעלכע צופאַלן ווערט די אָנ־שטרענגונגען, וואָס פאַלן אויס אויפן גורל פון רייזנדן?

און צוויי אַנדערע אַזעלכע צופאַלן האָבן זיך מיט מיר געטראָפן גראָד איצט, בעת מיין לעקציע־טור איבער ישראל!

אין רחובות, אין „בית גורדון״, ווען איך האָב דערציילט וועגן מיינע באַגעגענישן מיט די ישראל־דיפּלאָמאַטן, געג. אבידר און חזן, ווע־מען מען האָט אַרויסגעשיקט פון רוסלאַנד אַלס רעזולטאַט פון אַן אַרעסט און אַ בלבול, — האָט מיך פון אָרט באַגריסט טאַקע דער זעלבער חזן, וואָס איז גראָד געווען אין זאַל.

און אין רמת־גן, ווען איך האָב דערציילט, בעתן רעפּעראַט, וועגן מיין באַגעגעניש מיט אַן אַמאָליקער חברטע, וואָס איז איצט אַ גרויסע פּערזענלעכקייט אין קרעמל, — די זעלבע, וואָס האָט מיך רעקאָמענדירט צו ל. קאַגאַנאָוויטשן, — איז צו מיר שפּעטער צוגעגאַנגען זיך באַגריסן די לייבלעכע שוועסטער פון דער באַרימטער „חברטע ליזאַ״. און דער „זאַל״ האָט געהאַט הנאה...

דאָס קאָן נאָר טרעפן אין ישראל, ווו די „רעליקוויעס״ פון אונדזער פאַרגאַנגענהייט און קעגנוואַרט זענען נישט נאָר אַרכעאָלאָגישע, נאָר שוין גאָר־גאָר לעבעדיקע.

*

אין דעם לאַנגן, אינטערעסאַנטן געשפּרעך, וואָס איך האָב געהאַט וועגן מיינע אַפריקאַנער איינדרוקן מיט דער אויסערן־מיניסטערשע גאָלדע מאיר, האָב איך, צוו. אנד. דערמאָנט, אַז ס׳וואָלט געווען גאָר גלייך ווען א ישראלדיקער געשעפטס־פאָרשטייער וואָלט אויך געשיקט געוואָרן קיין קאַנאָ, ניגעריע (ווו ענגלאַנד לאָזט דערווייל קיין קאָנסול נישט אַריין). און איך האָב דערהערט פון איר די אָנגענעמע תשובה: נעכטן איז דאָרט אַרויסגעפאָרן אונדזערער אַ פעיקער, תימנער בחור...

איז גוט צו וויסן „לא ינום ולא ישן שומר ישראל...״.

## באַגעגענישן מיט ישראל־פאָרשטייער אין די אַפריקאַנישע לענדער

אין עראָפּלאַן, מיט וועלכן איך פלי פון אַקראַ (גאַנאַ) קיין לאַגאָס (די פעדעראַלע הויפטשטאָט פון ניגעריע), זיצט מיט מיר דער היפּהער

ייד רודאָלף באַרטאַ, וועמענס אויפגאַבע איז צו פאַרשפּרייטן ישראל־פּאָב־ריקאַטן אין וויטן, נאָך אַלץ א ביסל ווילדן אַפריקע.

הינטער אונדז, אויפן לופט־פעלד אין אַקראַ, איז געבליבן דער ענערגישער י. תמיר, דער פירער פון דער דיזענגאָף־געזעלשאַפט, וואָס דרינגט אַריין אַלץ טיפער אין האנדל פון גאַנאַ, האָבנדיק קעגן זיך אַזעלכע פּיפּיקע קאָנקורענטן, ווי די קאָמוניסטישע בלאָק־לענדער: מזרח־דייטשלאַנד, טשעכאָסלאָוואַקיע און פוילן. נו, און אויך סאָוויעטן־פאַרבאַנד אַליין איז שוין איצט געקומען מאַכן ביזנעס און קלויבט זיך אָפּקויפן אַ העלפט פון גאַנאַס קאַוועס־פּראָדוקציע, און פון פריער זיצן דאָ ענגלאַנד, שוועדן, מערב־דייטשלאַנד.

אָט קעגן דעם דאָזיקן קאָמבינירטן „גלית" פאַרמעסט זיך דאָס דער קליינינקער ישראל־„דוד", — און הלוואי ווייטער, — דער פאַרמעסט איז גוט אויסגעפאַלן.

פאַרוואָס ? מיר דאַכט זיך, אַז דאָס איז צוליבן ספּעציעלן כאַראַקטער פון מענטשן־מאַטעריאַל, וואָס ישראל שיקט אין די דאָזיקע לענדער : דאָס זענען מענטשן פילזייטיק געבילדעטע, פיזיש פעסט־געבויטע, ליידנשאַפט־לעכע פּאַטריאָטן פון זייער פאַטערלאַנד, וואָס באַטראַכטן די דאָזיקע מיסיע איינצונעמען דעם מאַרק פון אַ ווייט לאַנד, ווי די אידעישע קריסטלעכע מיסיאָנערן, להבדיל, האָבן אין די זעלבע לענדער אַריינגעדרונגען „איינ־נעמען" נשמות.

אַזוי זענען די ביידע אַמבאַסאַדאָרן, — אַמאָליקע קיבוצניקעס, — אין ליבעריע און אין גאַנאַ (חנן יבור און אהוד אבריאל), און אַזוי זענען אויך די אַרכיטעקטן, אינזשעניערן, שיפס־אינסטרוקטאָרן און טעכניקער פון ישראל אין די דערמאָנטע לענדער.

איך טו אַ שמייכל צו זיך, ווען איך דערמאָן זיך אַ פאַקט פון מיין זיין אין גאַנאַ, בעת דער שוין איצט היסטאָרישער פּאַן־אַפריקאַנישער קאָנפערענץ : דער ערשטער סעקרעטאַר פון דער ישראל־אַמבאַסאַדע איז די סאַברע בן־חיים, — אַ בלאָנדער, געוויקסיקער „קראַסאַוועץ", וואָס זעט אויס, ווי טויזנט שוועדישע „שקצים" אין איין פּערזאָן... האָט ער, בעתן באַל לכבוד די קאָנפערענץ־דעלעגאַטן, איינגעלאַדן צום טאַנצן די מאַדאַם טורע, די אומגעוויינלעך שיינע פרוי פון גווינעער פּרעמיער, סעגוע טורע. זי איז, אגב, געווען דער הויפּט פון דער גווינעער דעלעגאַציע אויף דער

קאָנפערענץ. בקיצור, עס איז געווען א נחת־רוח צו זען, ווי דער בלאָנדער טשעמפּיאָן־טענצער פון ישראל האָט אין משך פון כמעט צוויי שעה, „פּאַרטאַנצט" ביז צום חלשן די צאַרטע, שלאַנקע, פון קאַקאַאָ־פּאַרב באַ־חנטע, אין גאָלדן טיול איינגעוויקלטע, ערשטע דאַמע פון גווינעאַ.

איך וועל זיך גאָרנישט וואונדערן דעריבער, ווען אין אַ צייט אַרום וועט דער זעלבער דיפּלאָמאַט בן־חיים „אַריינטאַנצן" אין פּרעמיערס פּאַ־לאַץ, אין קאָנאַקרי (גווינעאַ), אַלס אָנגעלייגטער פאַרשטייער פון ישראל.

*

אויפן עראָדראָם אין לאַגאָס וואַרט שוין אויף אונדז דער געוויקסי־קער און ערנסטער י. גזית אין אַ טראָק, אויף וועלכן עס איז מיט גרויסע אותיות אויפגעשריבן זיין ישראל־„יחוס". און עטלעכע אַזעלכע טראָקס קורסירן איבער דער שטאָט טאָג־איין, טאָג־אויס, דערמאָנענדיק די דריי הונדערט טויזנט איינוווינער און פרעמדע געסט, אַז ישראל איז דאָ און שטייט אויך אין שידוכים. וואָס טוט זיך דאָ? איר געפינט אין גזיתס אויס־שטעלונג־ביוראָ מוסטערן פון רערן, בוימל, ראַדיאָס און אייז־קאַסטנס, פון צעמענט און סינטעטישע ציגל, פון מאָדעל־הייזער און פּרדסים. און טאַקע במשך די לעצטע וואָכן האָט ניגעריע איינגעלאַדנט אַ גרופּע ישראל־עקס־פּערטן, וואָס זאָל קומען אין דער שטאָט איבאַדאַן און לערנען די דאָרטיקע ציטרוס־פּלאַנטאַטאָרן ווי אַזוי צו פּאַקן פּאָמעראַנצן און גרעיפּ־פרוכט פאַר עקספּאָרט פון ניגעריע.

אַז איר וועט זיך דערמאָנען, אַז אין דער זעלבער צייט האָבן צענד־ליקער יונגעלייט פון ליבעריע, גאַנאַ, קאַמערון, טאָגאָ, ניגעריע און אנדערע אַפריקאַנישע לענדער, געלערנט די פּראַקטיק און געשיכטע פון דער קאָאָ־פּעראַטיווער באַוועגונג אויף קורסן אין תל־אביב, אַז זיי וועלן ברענגען אין זייערע ווייטע היימען לעבעדיקע גרוסן פון „בנק־הפועלים", „סולל־בונה", „המשביר", פון קבוצות און מושבים — וועט איר פאַרשטיין, ווי וויכטיק און ליכטיק די דאָזיקע קאָנסטרוקטיווע און פרידלעכע, גוט־פאַרטראַכטע און מיט שכל אויסגעפירטע „אַריינדרינגונג" פון ישראל איז אין אויפוואַכנ־דיקן קאָנטינענט.

דאָס, וואָס איז דערוויל אוממעגלעך מיט די אראבישע שכנים, — אַ פרידלעכער אויסטויש פון ווערטן, — ווערט אַלץ מער רעאַל דווקא אין אַזעלכע ווייטע געגנטן, ווי למשל, בורמע אין אַזיע און ניגעריע אין אפריקע.

אין לאַגאָס פאַרפאָרן מיר אין אַ האָטעל, וואָס איך וועל לאַנג געדענ־קען. געוויינלעך בין איך נישט קיין „מפונק״ אין האָטעלן. פאַרגעסט נישט, אַז איך האָב יאָרן־לאַנג באַרייזט די שטעטלעך אין פּוילן, אוקראַינע און ליטע און געגעכטיקט אין אכסניות, ווו אַכט בעטן זענען געשטאַנען אין איין „סאַליע״ און דאָס בעטגעוואַנט האָט מען געביטן פון פּסח ביז פּסח.

אָבער דאָ, אין לאַגאָס! דער האָטעל געפינט זיך אין אַ פּירקאַנטיקער, איינשטאָקיקער געביידע אַרום אַ שטיק דזשונגל, נאָענט צום לופט־פּאָרט, ווייט פון שטאָט.

יעדעס צימערל איז אַ פינצטער לאָך, ווו אינדערמיט שטייט אַ בעט אונטער אַ ווייסער נעץ. אַ קראַן מיט קאַלט וואסער אין צימער, א שמוציקער „באָד־צימער״ אויפן הויף.

בין איך געלעגן א גאַנצע נאַכט מיט די אויגן אָפן און זיך געשטיקט אָן אָטעם אונטער דער געדיכטער נעץ, וואָס איז געווען באַלויכטן מיט אַן עלעקטריש לעמפּל פון סופיט. און געזען האָב איך: עס ווילן אַריינדרינגען דורך דער נעץ און מיך בייסן און מיין בלוט טרינקען פליגעלעך פון אַלע קאָלירן. ווער ווייסט, אפשר איז צווישן זיי אויך פאַראַן די שרעקלעכע „טסע־טסע״־פליג, וואָס איר ביס איז ערגער ווי דער טויט און וואָס מאַכט אַ חורבן צווישן גאַנצע פעלקער אין עקוואַטאָריאַל אפריקע? און אַ שפּין, גרויס ווי אַ פלעדערמויז, וועבט אַ קינציק געוועב דירעקט אויף דער נעץ איבער מיין קאָפּ. איך באַוווּנדער דעם סיסטעמאַטישן געבוי פון די „שטראַלן״, וועלכע זי „שיסט״ פלינק און מיט אַ געפיל פאַר עסטעטיק און וויקלט אין זיי איין דעם אַריינגאַנג צו מיין בעט. און אויף דער שטיינערנער „פּאָדלאָגע״ קריכן, פויזען פאַרביקע יאַשטשערקעס אויף געננג הויכע פיסלעך. דורך די שעהן פון דער נאַכט געוווין איך זיך שוין איין צו זען אין זיי די דירעקטע יורשים פון די גיגאַנטישע „איכטיאָזאַווּרען״, וועלכע האָבן מיט מיליאָנען יאָרן צוריק באַוווינט דעם ערד־קיילעך און זענען איצט רעדוצירט געוואָרן אָט צו די נבזהדיקע קליינע קריכערס, אויף וועלכע עס כאַפּט אַ נישט־גוטקייט צו קוקן.

איך קלער שוין: ווי וועל איך דאָס אין דער פרי שטעלן אַ נאַקעטן פוס אויף אָט דעם שטיינערנעם דיל, — ווו דער „בראשית״ פון דזשונגל האָט זיך אין מיאַזמען פאַרוואַנדלט.

און ווי נאָר די ערשטע זון־שטראַלן האָבן אָנגעזאָגט דעם טאָג, האָב

איך אויפגעריסן די נעץ, אַריינגעשפּרונגען אין די שיך און געלאָפן פּראָ־טעסטירן צום „מענעדזשער״ פון האָטעל פאַר אָט די נאַכט־איבערלעבענישן.

אַ קאַלטער ענגלענדער מיט א ליולקע אין מויל זיצט אין א כאַלאַט, „פּופט״ זיין רויך גלייך אין מיין פּנים, דריקט מסתם אויס עקל און אויפ־רעגונג און ענטפערט „פאַרציענדיק״ זיינע ווערטער מיט רויך:

— אָ, עס געפעלט אייך נישט מיין האָטעל? מיר געפעלט ער אויך נישט! וואָס ווילט איר, איך זאָל בויען אפשר א נייעם האָטעל דווקא איצט, ווען מיר, ענגלענדער, „ציען״ זיך אַרויס פון ניגעריע אויף אייביק?

— אין אַ יאָר אַרום וועלן די נייע באַלעבאַטים, די ניגעריער אַליין, איבערנעמען דאָס לאַנד און וועלן מסתם שוין בויען אַ לוקסוס־האָטעל פאַר אייך.

— אגב, מיט אַכציק יאָר צוריק איז נאָך דער זעלבער האָטעל, וועלכן מיין פאָטער האָט געבויט, געווען איינער פון די מאָדערנסטע אין אַפריקע. מיין פאָטער איז געשטאָרבן און אויך יענץ אפריקע איז געשטאָרבן.

די ליולקע פּופט ווייטער. צי שפּאָט זי, צי איז זי אין כעס?

*

די שטאָט לאַגאָס איז צעוואָרפן אַרום גרויסן וואַסער־לאַגון, וואָס איז אויך איר פּאָרט. אין פאַרגלייך מיט די נאָר־וואָס אויפגעריכטע שטעט קאַראַ און איבאַדאַן זעט נאָך לאַגאָס דערוייל אויס ווי א נישט אויפגע־רוימטער פערד־שטאַל. דאָ און דאָרטן הייבן זיך שוין אויף פּילשטאָקיקע הייזער. אין דעם איינאונאיינציקן פון זיי, וואָס פאַרמאָגט אַן עלעוואַטאָר, געפינט זיך די האַנדל־ביוראָ פון ישראל.

די שטאָט איז נאָך נישט קאַנאַליזירט און דאָס שמוץ פליסט אָפן אין רינשטאָקן אין די גאַסן. די הייזער זענען געבויט אויף אָפענע סלופּעס דורך וועלכער איר קאָנט זען וואָס עס טוט זיך אויף דער אַנדערער גאַס.

דער מאַרק איז אַ מאָלעריש געמיש פון פאַרבן און סחורות: אויף די טישלעך, באַדינטע דורך בלוי־ אָדער ווייס־געקליידטע נעגערס, וואָס שרייען אויס זייער סחורה, געפינט איר: רויטן פּודער צו „רייניקן״ די צונג און בלוילעך קרייד פאַר „שאָטענען״ די אויגן; „מיענטע״, כדי „זיס״ צו מאַכן דעם אָטעם און שלאַנגען־פעלכלעך אויסצוטריקענען דעם שוייס.

און דאָ בין איך שוין ביי דער גרעסטער אפטייק, די זשו־זשו, — די כישוף־קראָם, וואָס באַזיצט רפואות קעגן אַלע קראַנקייטן: דאָ הענגען געטריקנטע מייז, קערפּערס פון „גאָלדענע פּאַוועס״, קאָלירטע יאַשטשער־קעס, די זעלבע, וואָס איך האָב געזען לעבעדיקערהייט היינטיקע נאַכט אין מיין ענגלישן „האָטעל דע וואַנץ״.

דאָ קאָנט איר היילן: די אומטרייהייט פון אייער מאַן אָדער פרוי מיט דער אָפּגעקאָכטער שאַרפער צונג פון אַ גיפטיקער שלאַנג, און אייער אייגענע „מענער־שוואַכע״, די שעה זאָל נישט קומען, — מיט אַן עקס־טראַקט פון געשלעכטס־גלידער פון אַ מאַלפּע.

דאָס נייע ניגעריע, — די אינטעליגענץ, — קעמפט קעגן אַבער־גלויבן מיט אַלע מיטלען: דורך צייטונגען און ראַדיאָ. אין די שולן הייסט מען די קינדער דערציילן וועגן אַבערגלויבן פון זייערע עלטערן און מען דערקלערט זייער אַבסורד. אַ שילער פון אַזאַ שול האָט נישט לאַנג אין ראַדיאָ דערציילט, אַז זיין אייגענער פאָטער האָט אַ פּאַרמאַסקירטער אָנגע־פירט מיט אַ פּראָצעסיע פון זשו־זשו מיט טאָם־טאָם־פּויקן און דערשראָקן דעם גאַנצן קוואַרטאַל, אַפילו זיין אייגענע פאַמיליע. אָבער דאָס ייִנגל האָט שוין קיין מורא נישט געהאַט צו דערציילן די דאָזיקע געשיכטע עפנטלעך אין ראַדיאָ. אמת, צוריק אין שטוב האָט ער מורא געהאַט צו גיין, האָט מען אים דערווייל גענומען אין אַ קינדער־היים.

אָבער נישט ווייט פון לאַגאָס, — אין דער גרעסטער שטאָט פון אַפריקאַנער אין דער וועלט, אין איבאַדאַן, וואָס פאַרמאָגט מער ווי א האַלבן מיליאָן איינוואוינער, איז פאַראַן אַן אוניווערסיטעט מיט אַ פּאָר טויזנט סטודענטן און מיט אַ געביידע, וואָס דערמאָנט דעם מוזיי פון מאָדערנער קונסט אין ניו־יאָרק. פון דאָרט גייען שוין אַרויס די איצטיקע און צוקונפ־טיקע פירער פון דער דאָזיקער גרויסער מלוכה — ניגעריע — וווּ עס וווינען מער ווי 35 מיליאָן מענטשן. אין גאַנצן לאַנד זענען דערווייל פאַראַן נישט מער ווי צוואַנציק טויזנט יונגעלייט, וואָס האָבן געענדיקט אַ מיטל־שול; נישט מער ווי 500 דאָקטוירים (אין פאַרגלייך מיט די קרוב צוויי טויזנט דאָקטוירים אין קליינינקן ישראל), אָבער דאָס לאַנד וואַקסט אויף און אַנטוויקלט זיך שנעל.

אין די לעצטע וואַלן האָבן שוין אָנטיילגענומען, צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע, פרויען. כאָטש די וואַלן זענען געהיימע, האָט מען דאָך

אין געוויסע געגנטן דערלויבט די פּרויען „אַריינצושעפּטשען" אין די אויערן פון די שוואַרצע וואַל־באַאַמטע דעם נאָמען פון קאַנדידאַט, פאַר וועלכן זיי ווילן שטימען. די ענגלענדער האָבן אַליין געמוזט מודה זיין, אַז קיין שווינדלען מצד די שוואַרצע באַאַמטע זענען דערביי נישט פאָרגעקומען.

אַלנפאַלס איז דאָס מער פּראָגרעסיוו ווי אין יענע שווייצאַרישע קאַנטאָנען, ווו מען האָט דורכגעוואָרפן נאָך די לעצטע יאָרן דאָס געזעץ וועגן וואַל־רעכט פאַר פרויען. אין דער היגזיכט מעג זיך דאָס אַלטע קולטורעלע שווייץ שעמען פאַר דעם יונגן אויפוואַכנדיקן מערב־אַפריקע.

נאָך אַן אינטערעסאַנטע דערשיינונג איז די שטימונג פון די ענגלישע באַאַמטע און פּאָליציי־אָפיצערן, וואָס וועלן אינגיכן דאַרפן אויסקלייבן: אָדער פאַרלאָזן דאָס לאַנד, אָדער דינען די נייע שוואַרצע הערשער, אויב יענע וועלן זיי וועלן האַלטן אויף די שטעלעס.

אין דער זעלבשטענדיקער גאַנאַ, למשל, זענען געבליבן עטלעכע ווייסע פּאָליציי־אינספּעקטאָרן אין דינסט פון נקרומאַ, און מען זאָגט, אַז ער געטרויט זיי מער, ווי זיינע שוואַרצע אָפיצערן. איז דאָס די צופּאַסונגס־קראַפט, וואָס פּרנסה דיקטירט און וואָס ווייסט נישט פון ראַסן־באַריערעס?

אין קאַנאָ (די הויפּטשטאָט פון צפון־ניגעריע) האָב איך אַליין דורכגעמאַכט אַן אינטערעסאַנטן אינצידענט:

ווי איך האָב שוין דערמאָנט אין מיינער אַ פריערדיקער באַשרייבונג, בין איך געווען דער איינציקער ווייסער מענטש צווישן עטלעכע הונדערט דעלעגאַטן אויף דער אַקציאָנס־־פּאַרטיי־קאָנפערענץ פון טשיף אַוואָלאָוואָ.

קאַנאָ איז נאָך ד ע ר וו יי ל אונטער דער ענגלישער הערשאַפט. אָבער קיין ווייסע פּאָליציי האָט מען נישט געזען אין זאַל און אַרום.

ווען איך בין אָבער אַרויס פון קאָנפערענץ־זאַל, איז פון אַ פאַרמאַכטן אויטאָמאָביל אַרויס אַן ענגלישער פּאָליציי־אָפיציר. לויט די עפּאָלעטן (3 שטערן מיט איבערגעקרייצטע פאַקעלן) האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער איז פון גענעראַל־ראַנג. מען האָט געקאָנט זען, אַז ער האָט ספּעציעל אָפּגעוואַרט מיין אַרויסגיין. מסתם האָט אים אַ „שוואַרצער" אַגענט מיטגעטיילט, אַז עפּעס אַ ווייסער מענטש דרייט זיך צווישן די דעלעגאַטן און האָט אפילו גערעדט מיטן פּרעמיער־מיניסטער אַוואָלאָוואָ אַליין. האָט

מען געוואָלט די זאַך באַהאַנדלען גוט, אָבער פּאָרזיכטיק. איז געקומען דער פּאָליציי־שעף פּערזענלעך.

ער שמייכלט און באַגריסט מיך אויסשטערקנדיק די האַנט. דערביי גיט ער אַ פרעג: — פון ניו־יאָרק? — ער שמייכלט ווייטער — און וואָס טוט איר דאָ?

דערפיל איך שוין, אַז דאָס איז נישט קיין צופעליקע העפלעכקייט־באַגעגעניש, נאָר אַן אויספאָרשונג. ווער איך גאָר אויפמערקזאַם. נעם איך אַרויס מיינע „פּאַפּירלעך״: אַן אינטערנאַציאָנאַלע פּרעסע־קאַרטע, אַ מיט־גלידס־קאַרטע פון פּאַראיין פון אַמעריקאַנער שרייבער א. ד. גל.

דער פּאָליציי־שעף לייענט זיי אַלע אַדורך אויפמערקזאַם און גיט דערביי אַ זאָג: — לויט אייער אויסשפּראַך זענט איר נישט קיין געבוירענער אַמעריקאַנער... — איך לאָז אים נישט פאַרענדיקן: — אָבער אויך נישט קיין אַגענט פון מאָסקווע אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ, ווי עס קאָן זיך אייך אפשר דוכטן... — און איך לייג אַרויס אָפן און קלאָר דעם ציל פון מיין רייזע, ווייז אים די טעלעגראַמע פון ליבעריער פּרעזידענט מיט דער איינלאַדונג קיין מאָנראָוויע און מיט דעם באַרויק איך אים איגגאַנצן.

אָבער... אָבער אין אַ יאָר אַרום וועט שוין ענגלאַנד דאָ נישט זיין. אַנדערע אָפיצירן וועלן באַוואַכן די קאָנפערענצן אין ניגעריע.

וועט זיי אויך אזוי אינטערעסירן, פון וואַנען א ווייסער באַזוכער קומט, — ווי עס האָט אינטערעסירט דעם איצטיקן פּאָליציי־שעף? נו, דאָס קאָן מען שוין נישט וויסן...

## אַן אינדזל אין אַפריקע ווו עס געפינט זיך די עלטסטע יידישע קהילה

שוין יאָרנלאַנג, אַז איך האָב שטילערהייט זיך באַצייטנס פּאָסמאַ־קעוועט מיטן געדאַנק, אַז איך וועל ווען עס איז, בעת אַ וויזיט אין טוניס, זיך אָנשטרענגען און פאָרן באַזוכן דעם לעגענדאַרן אינדזל דזשערבאַ (גרבה — אין דער העברעישער ליטעראַטור), ווו עס לעבט און עקזיסטירט די עלטסטע יידישע קהילה אין דער וועלט.

לויט דער מסורה, האָבן שוין דאָרט געלעבט יידן אין דער צייט פון דוד המלך, וואָס האָבן אפילו באַנוצט אויף בויען זייער "מקדש" די זעלבע שטיינער, וואָס חירם מלך צור האָט געשענקט שלמה המלך, כדי אויפצושטעלן דעם בית־המקדש אין ירושלים.

אין יאָר 1912 האָב איך אין דער פּאַריזער סאָרבאָנע געהערט אַ לעקציע פון ד"ר נחום סלושטש, פול מיט שפּאַנענדיקע איינצלהייטן וועגן זיינע אויספאָרשונגען אין טוניס בכלל און אין דזשערבאַ בפרט. אַזוי פיל מעשיות, געשיכטלעך באַשטעטיקטע, און אויך אין אַ שלייער איינגע־וויקלטע, האָט ד"ר סלושטש אויפגעדעקט פאַר זיינע צוהערער, אַז איך האָב זיך שטילערהייט אַ נדר געגעבן אַמאָל נאָך פּערזענלעך צו באַזוכן אָט די אַלע יידן, — די עלטסטע פון אונדזער שטאַם, — וואָס האָבן זיך קאָנסערווירט מיט אַלע זייערע אייגנשאַפטן, — פיזישע און גייסטיקע, — דורך אַן אומצאָליקער קייט פון דורות, פאַרפאָלגונגען און וועלט־מלחמות.

(אגב, איז אויף יענער לעקציע, — אין אָנהייב דעצעמבער 1912, ביי דער זייט פון ד"ר סלושטש, געזעסן אַ יונגערמאַן מיט פייערדיקע אויגן, מיט אַ פּעך־שוואַרצער באָרד און געקרייזלטע האָר פון זעלבן קאָליר. דאָס איז געווען דער שוין דאַן באַרימטער העברעישער פּאָעט זלמן שניאור. ער איז אַלט געווען דעמאָלט 25 יאָר, און גראָד היינט, ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות, איז ער געשטאָרבן...).

אין יאָר 1927, — ד. ה. מיט 32 יאָר צוריק, — האָב איך צוזאַמען מיט מיין פריינד, דעם אַדוואָקאַט מ. סוריץ פון וואַרשע, געמאַכט אַ רייזע אויף א שיף אַרום די ברעגעס פון אזיע און אַפריקע. סוריץ האָט "געדעקט" די רייזע פאַרן "מאָמענט" און איך פאַר מיין צייטונג — "היינט".

מיר האָבןביידע באַשלאָסן, אַז ווען אונדזער שיף וועט זיך פאַר־האַלטן אין טוניסער האַפן, זאָלן מיר גלייך זיך דינגען אַן אויטאָמאָביל און פאָרן אין דער ריכטונג צו דזשערבאַ. מיט א קליין שיפל האָט מען אין אַ האַלבער שעה געקאָנט דערגרייכן דעם אינדזל פון ברעג, ווו אונדזער אויטאָמאָביל האָט געזאָלט אָנקומען נאָך אַ רייזע פון זעקס שעה.

אָבער... און איך ציטיר אייניקע שורות פון מיין דעמאָלטיקן אַרטיקל לויט מיין בוך "לענדער און שטעט", ווילנע, 1930, זייט 127 :

"טוניסער ברעג וויל אונדזער שיף נישט אָננעמען. אַזאַ שטורעם האָט שוין נישט געהערשט אין דעם דאָזיקן טייל ים מער ווי 15 יאָר, אַזוי

דערקלערט אונדז דער שיפס־קאַפּיטאַן. ער זאָגט, אַז ער קאָן נישט גאַראַנ־טירן, אַז ביים אַריינפאָר אין האַפן, — ווו די כוואַליעס זענען זייער שטורמיש, — וועט זיך די שיף נישט אָנשלאָגן אין די שאַרפע פעלדזן".

„אַ פראַנצויזישער „פּילאָט" שרייט צו אונדז פון זיין שיפל דורכן מעגאַפאָן אַ התראה נישט צו פאַרהאַלטן זיך ביים ברעג האַפן און וואָס גיכער אַרויספאָרן אין אָפענעם ים"...

און אַזוי איז צערונען געוואָרן מיין פּלאַן צו באַזוכן דאָן טוניס און ספּעציעל די קהילה אין דזשערבאַ.

איך האָב בעת יענער רייזע באַזוכט אַלזשיר און מאַראָקאָ. איך האָב אויך מיט צוויי יאָר צוריק באַזוכט מאַראָקאָ, — אָבער ווידעראַמאָל בין איך קיין טוניס נישט דערפאָרן.

דאָסמאָל אָבער, — בעת דער רייזע מיינער אין די לעצטע חדשים פון יאָר 1958, — האָט שוין טוניס פּראָמינענט פיגורירט אין מיין רייזע־פּלאַן: פיר טעג האָט געזאָלט פאַרנעמען מיין פּילגרימאַזש (מיט אַן עראָ־פּלאַן צוויי שעה פלי) קיין דזשערבאַ.

איז לאָמיך אויך גלייך אַנטדעקן דעם מאָדנעם סוף פון מיינע פּלענער: איך האָב טאַקע גאַנץ באקוועם און פיין פאַרבראַכט מיינע טעג אין דער שטאָט טוניס, אָבער קיין דזשערבאַ בין איך ווידער נישט דער־גאַנגען. איך האָב מיט וואָכן שפּעטער פּרובירט „דערפליען" ביז דזשערבאַ פון אַ גאַנץ אַנדערן פונקט פון אַפריקע, — פון טריפּאָלי, — און ווידער־אַמאָל מיין ציל נישט דערגרייכט...

און איידער נאָך איך באַשרייב מיינע פאַרביקע און אַזוי אינטע־רעסאַנטע טעג און נעכט אין טוניס, — מיינע באַגעגענישן דאָרטן מיט יידן און נישט־יידן, — מיינע וואַנדערונגען צווישן די רוינען פון דער אוראַלטער באַרימטער שטאָט קאַרטאַגען, וועלכע האָט אין דער פעניצי־שער שפּראַך, אַזוי ענלעך צו העברעיש, געהייסן קרתא־חדשא (די נייע שטאָט), געגרינדעט מיט מער ווי 2,700 יאָר צוריק, — נאָך איידער איך שפּאַציר מיט אייך צווישן די שטיינערנע רוינען, — עדות פון אַ בליענ־דיקער יידישע קהילה אין אַלטערטום, — וועל איך זיך אַראָפּרעדן פון האַרצן, דערציילנדיק די אַ ביסל מיסטעריעזע און אויך מיסטישע געשיכ־טע, ווי אַזוי איך בין געשטערט געוואָרן צו באַטרעטן מיט מיינע פיס די ערד פון אינדזל דזשערבאַ און אָנקוקן מיט מיינע אייגענע אויגן דעם

„קדשי־קדשים״ פון טעמפּל חריבה, ווען דער עמפּאַנס טיר, — זאָגט די לעגענדע, — איז דאָ געבראַכט געוואָרן נאָכן חורבן פון ערשטן בית־המקדש. דאָן האָט די זעלבע הייליקייט — חריבה — אויך געהייסן מיטן נאָמען דלת (טיר).

אַלזאָ, ווער ס׳האָט מיר געשטערט פאַרן קיין דזשערבאַ, וועט יעדער פון מיינע לייענער באַשטימען לויט זיין אייגענעם שכל און פאַרנעם, לויט זיינע רעליגיעזע אָדער פילאָזאָפישע אָנשויונגען. איך ברענגט אייך דעריבער די מעשה אַזוי ווי זי האָט זיך פאַרלאָפן און מאַך אייך פאַר די ריכטער.

שפּעט אין אָוונט, — דעם צווייטן טאָג פון מיין זיין אין טוניס, — איז צו מיר אין האָטעל געקומען אַ יונגערמאַן, — דער סעקרעטאַר פון ראַבינאַט, און האָט מיך מיגענומען מיט זיך אין דער וווינונג פון אַלטן רב־הראשי פון טוניס, — רבנו מרדכי אַמייס הכהן — וועלכער האָט שוין געוווּסט וועגן מיינע באַזוכן אין דער קהילה און ישיבה און מיינע געשפּרעכן מיט די ראשי־הקהילה.

אין אַ טיפן פאָטעל, — אַרומגערינגלט מיט שאַפעס פול מיט ספרים, — נעבן אַ טיש, אויף וועלכן ס׳איז געלעגן אַן אָפענער העפט, — אַ כתב־יד, איז געזעסן אַ פּאַטריאַרכאַלע פיגור פון אַן עלטערן רב, — אין אַ ווייסן כאַלאַט, ווי עס טראָגן גייסטלעכע פון אנדערע רעליגיעס — אין אַ פּליושענעם קאָפּ־צודעק, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר טוניס. א פּאָר קלוגע, דורכדרינגנדיקע, כמעט היפּנאָטישע אויגן, האָבן געבליצט אויף מיר דורך ברילן.

דער סעקרעטאַר שטעלט מיך פאָר פאַרן רב אין עברית: אַ שרייבער בין איך פון אמעריקע, א מחבר פון ספרים וועגן יידן אין דער גאַנצער וועלט.

דער רב באַגריסט מיך זייער וואַרעם אין אַן עברית, וואָס איז מיר שווין שווער צו פאַרשטיין. מיר פירן אונדזער ווייטערדיק געשפּרעך אויף אַזאַ אופן, אז דער רב רעדט זיין אוראַלטן העברעיש, און דער סעקרעטאַר זעצט אים פאַר מיר איבער אין דעם מאָדערנעם עברית. דאָס זעלבע איז אויך מיט מיין עברית, וועלכן איך דערגענץ טיילווייז אין פראַנצויזיש. ס׳ווייַזט זיך אַרויס, אַז דער איצטיקער הויפּט־רב פון טוניס איז

טאַקע אַן אָפּשטאַמיקער פון אינדזל דזשערבאַ, ווו ער איז געווען לאַנגע יאָרן דער מרא־דאתרא.

ווערט שוין מיין הויפּט־אינטערעס קאָנצענטרירט אויף יענעם לעגענדאַרן אינדזל. זאָג איך דעם רב, אַז איך האָב שוין אין מיין טאַש אַ בילעט צו פליען מאָרגן קיין דזשערבאַ, — א באזוך וועגן וועלכן איך האָב לאנג געחלומט.

דערציילט מיר דער אַלטער רב וועגן די ווונדער, וואָס איך וועל דאָרט אַלץ זען.

— איר וועט באַזוכן די חריבה, — די „דלת" אָדער „דגת" אין דער דאָרטיקער אויסשפּראַך. איר וועט תפילה טאָן פאַרן „אָרון־קודש", איינגעפּאַסט אין שטיינער פון בית המקדש־צייטן.

— ווען מען האָט איינעם אַזאַ שטיין מיט אַ יאָר הונדערט צוריק געוואָלט אַרויסנעמען און שפּאַלטן, כדי איבערצובויען יענעם ווינקל פון דער הייליקייט — האָבן די באַלמעלאָכעס דערהערט, ווי דער שטיין האָט אַ געשריי געטאָן; שפּעטער האָט ער שטיל געוויינט. זענען זיי זיך אַלע צעלאָפן! מער רירט מען נישט פון אָרט יענע שטיינער.

— דער „קדשי־קדשים" איז, לויטן זעלבן מוסטער, ווי אין שלמהס טעמפּל. זיבן טירן פירן צום היכל. הונדערט ספרי־תורות, געקליידט אין גאָלד און זילבער און מיט טייערע שטיינער באַצירט.

— און קיינער קאָן דאָ נישט גנבענען, ווייל עס האָט שוין געטראָפן, אַז גנבים האָבן אַלץ פאַרפּאַקט אין זעק און שפּעטער האָבן זיי נישט גע־קאָנט געפינען די טיר דורך וואַנען אַרויסצוגיין. אינדערפרי האָט מען זיי געכאַפּט. אויך איצט זענען די טירן אָפן אַ גאַנצן טאָג.

— אין צוויי ערטער וווינען די צוויי טויזנט יידן אויפן אינדזל: איינס הייסט „חארה כבירה" און דאָס צווייטע — „חארה סגירה"; אַן אָרט ווו ס'וווינען די כהנים, לומדים און מיוחסים. די באַלמעלאָכעס — מערסטנ־טייל שפּינערס און זייד־וועבערס, — וווינען אין „חארה כבירה".

— מיר האָבן אויך זינט יאָרהונדערטער אַליין געזעצט און גע־דרוקט אונדזערע הייליקע ספרים.

— דער פריערדיקער רב־הראשי האָט געלעבט 92 יאָר און זיין „יחוס־קייט" האָט זיך געצויגן מער ווי טויזנט יאָר.

— אָבער מיר האָבן אויך געהאַט אַ רב, וועמענס „ספר־היוחסין״ איז געגאַנגען צוריק ביז עזרא הסופר.

— אונדזערע כהנים האָבן געטאָן די „עבודה״ די גאַנצע צייט, כל־זמן דער צווייטער בית־המקדש איז געשטאַנען. קיין לויים האָבן מיר שוין דאָן נישט געהאַט, — זיי זענען אַלע אויסגעשטאָרבן במשך פון אַ יאָר, נאָכדעם ווי עזרא הסופר האָט זיי געשאָלטן...

איך רייס אים איבער:

— פאַרוואָס אָבער האָט עזרא פאַרשאָלטן די לויים?

— איר ווייסט דאָך מסתם, אַז ווען עזרא איז צוריקגעקומען פון גלות־בבל האָט ער געלאָזט וויסן אַלע כהנים און לויים אין די גלות־לענדער, — זיי זאָלן צוריקקומען קיין ירושלים און זיך שטעלן צו דער עבודה אין בית־המקדש. אונדזערע כהנים האָבן זיך אַלע געשטעלט, אָבער די לויים זענען נישט געפאָרן. זיי האָבן געזאָגט, אַז עס איז אַ שאָד די טרחה, ווייל אויך דער בית־שני וועט פאַרברענט ווערן. דאָן האָט עזרא געוואָרפן אויף זיי אַ קללה: „קיין לוי וועט נישט אויסלעבן אפילו איין יאָר אין דזשערבאַ״... און אַלע זענען טאַקע געשטאָרבן. פון דעמאָלט אָן זענען קיין לויים ביי אונדז נישטאָ.

איך פרעג מיט אַ ביסל אַ ציטערדיקער שטים:

— אָבער, רבי, די קללה איז דאָך נאָר חל אויף לויים פון דזשערבאַ, נישט אויף אויסלענדישע יידן־לויים?

— ניין — ענטפערט אַנטשלאָסן דער אַלטער רב, — עס איז אַ קללה אויף יעדן לוי, פון וואַנען ער זאָל נישט קומען...

זאָג איך אַ ביסל נישט דרייסט:

— רבי, איך בין אַ לוי... אָט פאָר איך מאָרגן קיין דזשערבאַ. בין איך אויך אין סכנה?

די היפּנאָטישע אויגן הינטער די ברילן גיבן אַ בליץ:

— פאָר נישט, מיין זון, פאָר נישט! עזרא הסופרס קללה איז נאָך נישט בטל געוואָרן. עס איז אַ סכנה, אַ סכנה, פאָר נישט, טו דאָס צוליב מיר, צוליב דיין פאַמיליע...

— ניין, רבי, איך פאָר נישט! — האָב איך דערקלערט קאַטעגאָריש. איך בין געווען צופיל מבולבל און נישט געקאָנט פאַרזעצן דאָס

געשפּרעך. דער סעקרעטאַר האָט מיך צוריק אָפּגעפירט אין האָטעל. מיט אַ קליינעם היזק האָב איך מיין בילעט בטל געמאַכט.

*

מיט פיר וואָכן און צוועלף טעג שפּעטער בין איך געווען, ווי איך האָב דאָס שוין באַשריבן, אין קאַנאָ, די הויפּטשטאָט פון צפון־ניגעריע.

פון דאָרט האָב איך געזאָלט נעמען אַן עראָפּלאַן קיין טריפּאָלי און רוים, אויפן וועג קיין ישראל.

אַ צופעליקער בליק אויף אַ דעטאַלירטער מאַפּע האָט מיר געוויזן, אַז פון טריפּאָלי קיין דזשערבאַ איז פיל נענטער, ווי פון טוניס קיין דזשערבאַ, עס דויערט נישט מער ווי אַ האַלבע שעה.

די אימה פון די מאַגנעטישע אויגן פון רב, וועלכער האָט רעציטירט עזרא הסופרס קללה, איז שוין שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן.

באַשליס איך שטילערהייט, אַז איך וועל זיך מאַכן פאַרגעסן אַז איך בין אַ לוי און דאָסמאָל שוין גאָר פון אַן אַנדער ווינקל אפריקע זיך אַראָפּלאָזן אויף דזשערבאַ. דער יצר־הרע, ווי איר ווייסט מסתם, האָט טויזנטער וועגן אייך אַריינצושלעפּן אין אַ זינד.

בקיצור, — איך האָב צו מיין נאָרמאַלן בילעט ווידער צוגעקויפט אַ קופּאָן פאַר פליען פון טריפּאָלי קיין דזשערבאַ און צוריק.

אַ פראַנצויזישער „קאָנסטעלעישאָן” האָט מיך אויפגעהויבן און פאַרטראָגן איבער דער מדבר פון סאַהאַראַ. נאָך א שעה און נאָך אַ שעה און מיר דאַרפן לאַנדן אין טריפּאָלי.

נאָר וואָס איז דאָס ? אַ שטורעם־ווינט פון אומגעוויינלעכער קראַפט האָט זיך אָפּגעריסן און אָנגעהויבן וואַרפן אונדזער ריזיקן עראָפּלאַן ווי אַ שפּענדל. פאַר מיר אפילו, — וואָס איז אַ „מיליאָנער” אין פלי־מיילן, — איז אַזאַ „וואַרפעניש” געווען אומגעוויינלעך. עס זענען געפאַלן די פּעקלעך פון אויבן, עס איז אומגעפאַלן און זיך צעשלאָגן דער סטיואַרט פון דער קאַבינע. און דער שטורעם ווערט אַלץ שטאַרקער...

מיר הערן דורכן מיקראָפאָן די שטימע פון פּילאָט : אַ זאַמד־שטורעם, אַ סאַמום, בושעוועט איבער גאַנץ סאַהאַראַ. מיר קאָנען נישט לאַנדן אין טריפּאָלי, מיר פליען ווייטער צום פראַנצויזישן ברעג, צו ניצא.

און ערשט איצט, פילנדיק בעת דער פּאַס מיט וועלכן איך בין צוגעבונדן צו דער שטול שניידט זיך אַזש איין אין בויך צוליב די צאַפּלע־

נישן פון עראָפּלאַן, האָב איך זיך פלוצלינג דערמאָנט אָן אַנדערע געשיכטע, וואָס איז זיך אין ענלעכע באַדינגונגען פאַרלאָפן מיט אַ „געוויסן" ייד, — אַ נביא פון פאַך, — יונה בן אמיתי, וועלכער האָט געוואָלט אַנטלויפן פון גאָטס שליחות אין אַ שיף, וואָס איז געפאָרן פון יפו... נו, מילא, ווייסט איר דאָך, וואָס עס האָט זיך דאַן אָפּגעטאָן: דער ים האָט זיך צעשטורעמט, דער קאַפּיטאַן האָט זיך דערשראָקן, מען האָט געזוכט דעם שולדיקן, געוואָרפן גורל און „געפאַקט" דעם נביא יונה, וואָס האָט געוואָלט אַנטלויפן פון גאָט און פון זיין שיקזאַל.

נאָך אַ נס, וואָס מיין קאַפּיטאַן־פּילאָט האָט נישט געזוכט דעם שולדיקן דורך אַ גורל, אַז נישט וואָלט מען מיך אויך מסתם געבונדן און — אַרויסגעוואָרפן, אָבער צי דער אייבערשטער וואָלט מיר גלייך צוגע־שיקט אַ „פּאַראַשוט", ווי ער האָט דאָס געטאָן אונטער אַנדערע באַדינגונ־גען מיטן וואַלפיש, בין איך שטאַרק מסופק! ווייל נישט קיין נביא בין איך און נישט קיין בן־נביא און מיין שליחות איז דאָך אויך נישט געווען צו ראַטעווען אַזאַ גרויסע שטאָט ווי נינוה פון זינד. סך הכל געוואָלט כאַפּן אַ קוק אויף אַן אַלטער היילקער קהילה...

בקיצור, אין דעם קאַרגן ליכט פון אַ פּראָנצויזישן פרימאָרגן האָבן מיר געלאַנדעט אין ניצאַ.

אָט איז אַן אמתע מעשה, מיט ניסים און מיט אַ מוסר־השכל.

## איך קום אַריין אין אַראַבישן לאַנד סודאַן אָן א דערלויבעניש

מיין באַזוך אין כאַרטום, די הויפּטשטאָט פון סודאַן, געהערט צו יענע געשעענישן, וועלכע האָבן זיך אויסגעדוכט אוממעגלעך.

איך האָב טאַקע אַן אמעריקאַנער פּאַס, פון צייט־צו־צייט קריג איך אַראַבישע וויזעס, וועלכע איך נוץ אויס, אומאָפּהענגיק פון דער פּאָליטישער לאַגע, אָבער אַריינפאָרן אין אַן אראביש לאנד אָן א וויזע, האָב איך נאָך ביז איצט נישט פּרובירט. ליגט אָבער אויפן וועג פון ישראל קיין זיד־אַפריקע אויך די יונגע אראבישע רעפּובליק סודאַן. עס האָט מיך געלאָקט

כאַפּן אַ קוק אויף די דאָרטיקע הערשער, אַ שמועס טאָן מיט זיי, אויב מעגלעך און טאַקע אַ זוך טאָן דאָרט דאָס ביסל יידן, וואָס ווי איך ווייס, האָבן דאָרט געוווינט נאָך דאַן, ווען סודאַן איז געווען אונטער דער ענג־ליש־עגיפּטישער הערשאַפט — און אפילו נאָך פריער איידער דער „קעמל־קאָרפּוס" פון לאָרד גאָרדאָן האָט דאָס לאַנד אַוועקגענומען פון לעגענדאַרן הערשער מאַכדי.

איך וואָלט פּרובירט באַקומען אַ סודאַנער וויזע אין אַטען, קומט אָבער דאָרט דער עראָפּלאַן פון ישראל שפּעט אין אָוונט, ווען דער קאָנסולאַט איז געשלאָסן, און צוליב די מאַכמעדאַנישע יום־טובים וועט ער בלייבן געשלאָסן נאָך צוויי טעג. אָבער מיין עראָפּלאַן קיין אַפריקע גייט אַוועק אין אַ פּאָר שעה אַרום, און וועט זיך אָפּשטעלן אין כאַרטום, די הויפּטשטאָט פון סודאַן, דריי אַזייגער פאַרטאָג.

באַשליס איך פּרוּוון מזל:

ווען דער עראָפּלאַן לאַנדעט אין סוף חודש אָדר׳ס אַ פינצטערער נאַכט אויפן כאַרטומער פלי־פעלד, גיי איך אַרויס מיט מיינע פּעקלעך צוגלייך מיט יענע פּאַסאַזשירן, וואָס לאַנדן דאָרט לעגאַל. האַלב־נאַקעטע סודאַנער זעלנער, מיט ווייסע טורבאַנען אויף די טונקעלע קעפּ, פירן אונדז צום באַלויכטענעם וואַרט־זאַל. אויף זייערע טורבאַנען שיינען אַרויס, אין דעם ליכט פון עלעקטרישע לאָמפּן, די זילבערנע מגן־דודס, וואָס איבערראַשן יעדן ניי־אָנגעקומענעם קיין סודאַן מיט זייער „ישראלדיקן" מאָטיוו. ווי ס׳קומט דער מגן־דוד אַלס עמבלעם פאַר זעלנער אין סודאַן — ווייסט מען נישט גענוי. די סודאַנער אָבער באַרימען זיך, אַז דאָס האָבן דאָ אַמאָל — שוין טאַקע גאָר אַמאָל — אימפּאָרטירט מאַטראָסן פון שלמה המלכס פלאָט, ווען זיי פלעגן זיך אָפּשטעלן מיט זייערע שיפן, אויפן וועג פון פּאָרט אילת צום לאַנד פון תנ"כישן אופיר (מסתם, דזשיבוטי אין עטיאָפּיע, אָדער מאָמבאַסאַ אין קעניאַ).

לויטן תנ"ך האָבן יענע מאַטראָסן געפירט אַזאַ „ראַיעלע סחורה" ווי מאַלפּעס און העלפאַנד־ביין, — אַרטיקלען, וואָס זענען נאָך איצט אין גרויסן געברויך אין די דאָזיקע מקומות. נו, איז דאָ געבליבן אויך דער „מגן־דוד" — דער אַלטער צייכן פון שלמה המלכס טאַטן.

אָבער וואָלט איך דאָ דערציילט, אַז נאָך יענעם פאַרמיטאָג האָב איך פאַרלאָזט מדינת ישראל, ווו דער „מגן דוד" איז נישט קיין קלענערער

יחסן ווי אין סודאַן, וואָלט איך מסתם ווייטער ווי די שוועל פון אויפנעם־זאָל נישט אַריבערגעטראָטן. צוליב א ריי טעכנישע סיבות דערציילט נישט מיין פּאַספּאָרט, אַז איך קום פון ישראל...

דער שוואַרצער, נישט־אויסגעשלאָפענער אַראַבער, וואָס איז דער ממונה אויף פּאַספּאָרטן, ווען ער דערוויסט זיך, אַז איך האָב נישט קיין וויזע, דערקלערט מיר קאַטעגאָריש, אַז מען וועט מיך נישט אַריינלאָזן אין לאַנד, אַז איך זאָל גלייך פאָרן ווייטער. אָבער גראָד דאַן האָט זיך דער עראָפּלאַן, מיט וועלכן איך בין געקומען, אויפגעהויבן אין דער לופטן און אַוועקגעפלויגן טיף קיין אפריקע. בלייבט דעם באַאַמטן איין ברירה: מיך פאַרשפּאַרן אין איינעם פון די צימערן אויפן לופט־פאָרט, ביז אַ צווייטער עראָפּלאַן וועט איבערמאָרגן קומען און מיך נעמען ווייטער.

דאָ מישט זיך אריין א יונגער, בלאָנדער שוועדישער אָפיציר, וועלכער פאַרטרעט די „סאָס"־ליניע, וואָס האָט מיך דאָ געבראַכט. ער פּרובירט באַווירקן דעם שוואַרץ־הויטיקן אַראַבער מיט מיין אינטערנאַציאָנאַלער פּרעסע־קאַרטע, וואָס איז אונטערגעשריבן דורך ד. ל. מעקלער, דער רעדאַקטאָר פון „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל". דער שוועדישער אָפיציר באַמיט זיך צו דערקלערן דעם באַאמטן וועגן דעם טומל, וואָס עס וועט אויסברעכן אין אמעריקע, ווען א דאָרטיקער קאָרעספּאָנדענט וועט איינגעזעצט ווערן אין „חד־גדיא" (און גראָד, צוויי וואָכן צום סדר — גיב איך א טראַכט). בקיצור, דער שוועדישער אָפיציר האָט אָפּגעטאָן א כישוף: זענען מיר דאָך אין כאַרטום (די שטאָט פון כישוף־מאכערס...). דער באַאַמטער האָט מסכים געווען מיך אַרויסצולאָזן אין שטאָט אַריין, ביז דער אַנדערער עראָפּלאַן וועט קומען אין צוויי טעג אַרום. ער וועט אָבער פאַרהאַלטן מיין פּאַספּאָרט ביי זיך, כדי איך זאָל דערווייל אין ערגעץ נישט פאַרשווונדן ווערן.

בין איך „פריי" — אָן א פּאַספּאָרט און אָן א וויזע, אָן א קרוב און אָן אַ גואל, אין אַן אַראַבישער שטאָט. מיר געפעלט די דאָזיקע „אַוואַנטורע" מיט איר אומגעוויינלעכקייט און לאָמיר זען וואָס פון דעם וועט אַרויס־קומען.

טרייסלען מיר זיך צוואַנציק מייל אויף אַ זאמדיקן וועג פון מדבר, איבער וועלכן עס ציען זיך קאראוואנען מיט קעמלען. ביי די זייטן פון וועג פּאַשען זיך שעפּסן, וועלכע ווערן געהיטן פון דערוואַקסענע פּאַסטעכער,

איינגעוויקלטע אין קאַפּושאָנען און מיט לאַנגע שטעקנס אין די הענט, — אַזעלכע, מסתם, ווי אונדזערע אבות האָבן באַנוצט אין יעקב־לבנס „מדבר־פּאַרמס".

און דאָ הייבט אָן אויפגיין די זון. זי שיינט דאָ ווי אַ קופּערנע טאַץ און צעיאָגט גלייך דעם אומעט און די שרעק פון די נאַכט־שאָטנס. עס צעזינגט זיך אין אַלע מיינע גלידער דאָס קאַפּיטל ט׳ פון תהילים, און עס ווערן לעבעדיק די ווערטער: „ווען איך זע דיינע הימלען, די ווערק פון דיינע הענט, די זון, די לבנה, די שטערנס, וואָס דו האָסט באַשאַפן, איז וואָס פאַר אַ ווערט האָט שוין דער מענטש?... אָ, גאָט, ווי גרויס איז דיין נאָמען אויף דער גאַנצער ערד!..."

אין לופטיקן „גראַנד־האָטעל" אין כאַרטום בעט מען נישט מיין פּאַס, מען באַגנוגנט זיך מיט דער פּרעסע־קאַרטע. איך וויל נישט פאַרלירן קיין צייט מיטן גיין שלאָפן, וואַש זיך אָפּ אין שטיינערנעם צימער, ווו דאָס וואַסער פון קראַן באַגיסט די גאַנצע פּאָדלאָגע און פאַרשווינדט ערגעץ אין אַ לאָך, אין ווינקל, טו זיך איבער און גיי אין שטאָט — אַנטקעגן די אומבאַקאַנטע אנטוויקלונגען.

עפּעס אַן אויטאָמאָביל שטעלט זיך אָפּ נעבן אָרט, ווו איך דאַרף אַריבערגיין די גאַס. איך דערזע אינעווייניק צוויי איראָפּעישע פּנימער, וואָס האָבן אויסגעקוקט מאָדנע יידיש — אַפילו די נעז זענען געווען אַנטשפּרעכנדיק קרום.

געדענק איך אָבער איין נאָמען פון אַ ייד, וואָס מיט אים איז פאַרבונדן אין מיין זכרון די טראַגיש־קאָמישע געשיכטע פון אַן אמאָליקן סודאַנער רב ר׳ משה בן־ציון קאָסטי, וועמען דער דיקטאַטאָרישער מאַכדי האָט, אין סוף פון פריערדיקן יאָרהונדערט, געצוווּנגען צו נעמען נאָך אַ ווייב, — אַ שוואַרצע סודאַנערין, וועלכע איז שפּעטער באַרימט געוואָרן אַלס „די שוואַרצע, פרומע רביצין פון סודאַן".

איך האָב געוווּסט דעם נאָמען פון איר זון — אַ יידישן, אויך פרומען און אויך שוואַרצן דאָקטאָר, דוד באַסיאַני.

אַלזאָ, פאַלט מיר איין אַ פרעג צו טאָן די צוויי אומבאַקאַנטע אין אויטאָמאָביל, צי וואָלטן זיי מיר געקאָנט געבן דעם אַדרעס פון דעם דאָקטאָר. לאַכן זיי ביידע פריינדלעך, און איינער פרעגט: „זענט איר אַ ייד?" ענטפער איך מיט שמחה: „יאָ, און איר אויך מסתם?" לאַכן זיי

ווייטער: „ניין, ליידער, זענען מיר נאָר קריסטן, אַרמענער. וואָלטן מיר געוועזן יידן, וואָלטן מיר דאָך געווען רייך...״

זע איך שוין, אַז זייערע נעז האָבן מיך פאַרפירט, אַנטשולדיק איך זיך און וויל אַוועקגיין. לאָזן זיי מיך נישט, פאַרבעטן מיך פריינדלעך צו זיך אין אויטאָמאָביל, זאָגנדיק: „דער דאָקטאָר באַסיאַני איז אונדזער אַ גוטער פריינד, אָבער ער איז איצט אין שפּיטאָל, אויסער דער שטאָט. קומט וועלן מיר אייך פירן צו אַן אַנדערן ייד״.

און אַזוי בין איך געקומען צום ביוראָ פון טייערן, ליבן ברודער אונדזערן אין ווייטן סודאַן — צו דעם ליכטיקן יונגמאַן לעאָן טאַמאַם (תמם), — דער וויצע־פּרעזידענט פון יידישן קלוב אייגנטלעך, קהילה, אין כאַרטום. איצט בין איך שוין, הייסט דאָס, „אינדערהיים״.

טאַמאַם איז רייך — עקספּאָרטירט העלפאַנד־ביין, פעלן פון ווילדע חיות און שלאַנגען אין אַלע לענדער פון דער וועלט. ער און זיינע עלטערן זענען שוין דאָ־געבוירענע. די פאַמיליע שטאַמט פון בבל (איראַק).

— מיט אַכט יאָר צוריק האָט דאָ געוויילט משה שערטאָק (ער היט זיך אָפּ צו דערמאָנען דעם פון דעמאָלט געביטענעם נאָמען, — משה שרת, — און ער היט זיך אויך אָפּ צו דערמאָנען דאָס לאַנד, ווו שרת איז שפּע־טער געווען פּרעמיער־מיניסטער). עס איז גוט, וואָס איר זענט פון אַמעריקע, וויל געסט פון „יענעם״ לאַנד (זיי רופן ישראל, אין ענגליש, „טהעט קאַונטרי״ — און מיר האָבן גערעדט ענגליש) וואָלטן מיר נישט געקאָנט אויפנעמען. דעמאָלט האָט משה שערטאָק צו אונדז גערעדט. ווילט איר אפשר אויך רעדן צו אונדזער קהילה אין קלוב? די טעמע דאַרף זיין וועגן יידישן לעבן אין אַמעריקע, אָבער נישט וועגן „יענעם לאַנד״...״

צופיל דאַרף ער מיט מיר נישט רעדן — מיר פאַרשטייען זיך אויפן ווונק.

ער טעלעפאָנירט דער רב זאָל קומען. ער דערציילט מיר, אַז זייער קהילה ציילט איצט אַרום דריי הונדערט נפשות; אַז אַלעמען גייט, ברוך השם, זייער גוט און קיין אָרעמע לייט זענען נישטאָ. כמעט יעדע פאַמיליע פאַרמאָגט איינעם אָדער צוויי אויטאָמאָבילן; די באַציונגען מיט דעם איצטיקן רעזשים, וועמענס פירער ס׳איז סאַיעד אַבדאַלאַ כאַליל, זענען זייער גוטע — ווייל מען האַלט די יידן דאָ פאַר גוטע פאַטריאָטן און פראָ־

דוקטיווע בירגער, און ווייל די טראַדיציע אין לאַנד איז צו זיין לאָיאַל צו מינדערהייטן: צו די קריסטלעכע, יידישע און צו די מיליאָנען געצנדינער, וועלכע באַוווינען דעם דרום.

די וואַלן, וואָס זענען נאָך־וואָס פאָרגעקומען אין לאַנד, האָבן גע־געבן אַ מערהייט די עלעמענטן, וואָס האַלטן מיטן מערב; כאָטש גאָר אַ גרויסע אַראַבישע מינדערהייט איז חסידים פון נאַצערס מצרים.

דער איצטיקער פרעמיער־מיניסטער איז אפילו נישט לאַנג צוריק געקומען צום יערלעכן באַל, וואָס די קהילה האָט איינגעאָרדנט. פאַרשטייט זיך, אַז סודאַן, וועלכע איז אַ מיטגליד פון דער אַראַבישער ליגע, מוז מיט־מאַכן די פּראָפּאַגאַנדע קעגן „יענעם" לאַנד. מיט אַ יאָר צוריק האָט מען אפילו פאַרווערט צו שיקן פון סודאַן קיין „דאָרטן" בריוו און טעלעגראַ־מעס. אָבער די באַציונגען צו די אָרטיקע יידן איז אַ גוטע: און די באַציונג פון די יידן צו סודאַן — אַ געטרייע און פּאַטריאָטישע.

און אָט איז אָנגעקומען דער יונגער רב — אַ מוסמך פון מצרים. זיין נאָמען איז — מסעוד אַל דאַאָז. ער שטאַמט פון פעז, מאַראָקאָ. ער לערנט מיט די יידישע קינדער עברי און חומש, און שעכט עופות פאַר דער קליי־נער קהילה.

עס קומט אויך האַביב כהן, דער פּרעזידענט פון דער קהילה. מיט אים קאָן איך זיך שוין גאָרנישט צונויפרעדן — ער רעדט נאָר אַראַביש, אָבער מען זאָגט מיר, אַז ער קען דאַווענען פון סידור. דערפאַר אָבער איז ער אַ מיליאָנער און אַ פריינד פון פּרעמיער־מיניסטער. דורך אַן איי־בערזעצער פרעגט ער מיך אויס: צי האָב איך עפּעס אַ שייכות צו ישראל, אויב יאָ, האָט ער מורא איך זאָל רעדן, ווייל אין קלוב דרייען זיך אַרום אַראַבישע דינער... דערקלער איך אים, אַז מיין שייכות צו ישראל איז אַ פיל קלענערע ווי פון זייער פריערדיקן רעדנער, משה שערטאָק... דאָס באַרויקט אים.

און איצט קומט אַריין אַ מיטליאָריקער, טונקל־הויטיקער דזשענ־טלמאַן. דאָס איז דער ד"ר דוד באַסיאַני, דער זון פון דער „שוואַרצער רביצין" פון סודאַן. אַלע אָנוועזנדיקע קאָנען זיך נישט אָפּלויבן פון דער איידלקייט און פרומקייט פון יענער אשה כושית, וועלכע איז מיט צוויי יאָר צוריק געשטאָרבן אין עלטער פון נייַנציק יאָר. זי האָט ביזן סוף פון איר לעבן אויפגעהאַלטן אַ „טבילה" (אַזוי רופן זיי דאָ אַ מקווה) אין איר

הויז. ווען אין די ניינציקער יאָרן פון פריערדיקן יאָרהונדערט האָט דער בייזער הערשער פון סודאַן, — דער מאַכדי, — ארויסגעגעבן די גזירה, אז יעדער ווייסער בירגער, — מאכמעדאנער, קריסט אָדער ייד, — מוז גלייך חתונה האָבן מיט א שווארצער סודאַנערין, כדי דאָס פאָלק זאָל זיך צונויפמישן און נישט וויסן פון קיין ראַסן־אונטערשידן, האָט דער דעמאָל־טיקער רב ר׳ משה בן־ציון קאָסטי, דער ערשטער זיך אונטערגעגעבן דער גזירה, כדי צו ראַטעווען די קהילה פון פאַרניכטונג (אגב, האָבן די קריסטן נישט געפאָלגט, האָט מען דאַן פאַרברענט די קירכעס אין סודאַן און די גלחים פאַרטריבן). אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז די „שווארצע רביצין״ איז געוואָרן אַ ברכה פאר דער קהילה און א מוסטער פאר די אַנדערע יידישע פרויען. אירעביידע זין זענען נאָך איצטער פרומע און בכבודיקע יידן.

איך זאָג צו די פארזאמלטע אין ביוראָ פון קהילה־פירער, אַז איך וואָלט געוואָלט האָבן אַ שמועס מיט זייער פרעמיער־מיניסטער, אויב זיי זענען נישט דאַקעגן. זיי זענען מסכים. פאַרשטייי איך אָבער, אַז איך קאָן אזא זאך נישט טאָן אָן דער הסכמה פון דער אמעריקאַנער אמאבאסאדע אין סודאַן. בין איך דאָרט אוועק, זיך פאָרגעשטעלט, און מען האָט מיר געגלייבט, אַז איך בין אַן אמעריקאנער בירגער, כאָטש קיין פּאַס האָב איך נישט געהאט. דער ראַטגעבער דזשאָן אַדאַמס טעלעפאָנירט אינעם פרעמיערס ביוראָ, און מען הייסט מיך קומען מאָרגן פרי, זען דעם סעק־רעטאר פון דער רעגירונג — אַ מיניסטער אָן א פּאָרטפעל; ער וועט זיך מיט מיר פריער דורכשמועסן, און אויב ער וועט געפינען אלץ אין אָרדע־נונג, וועט מען זען, אַז איך זאָל אויפגענומען ווערן פון פרעמיער־מיניסטער.

אָט אַזוי, — אָן א פּאַס און אָן א וויזע, — מיטן כוח פון בטחון, בין איך געגאַנגען איבער די גאַסן, הייזער און רעגירונגס־אינסטיטוציעס אין יונגן אראבישן לאנד סודאַן.

דערווייל זענען אַרויס אראבישע משרתים איבער די יידישע הייזער, זיי צונויפזאַמלען אין קלוב, — ווייל א גאסט פון אמעריקע איז געקומען און וועט היינט רעדן.

# מיינע באַגעגענישן מיט די יידן אין אַראַבישן סודאַן

אַרויסגייענדיק פון „גראַנד־האָטעל" אין כאַרטום, די הויפּט־שטאָט פון סודאַן, זעט איר אַ מאָדנע דערשיינונג: דער צעגאָסענער, ברייטער טייך מיט די קליינע שיפן, וואָס הוידען זיך אויף אים, באַשטייט פון צוויי פאַרבן: רעכטס — זענען די וואַסערן גרין־בלוי, און לינקס — זילבער־ווייס.

איר זענט דאָ אַן עדות, ווי דער באַרימטער טייך נילוס באַרעכטיקט זיין נאָמען, וואָס איז באַוווּסט פון די אוראַלטע צייטן: דער „בלויער נילוס" פון רעכטס, שווימט דאָ אַראָפּ פון די ווייטע, ווייטע הויכע בערג אין עטיאָפּיע, און דער „ווייסער נילוס" שטראָמט דאָ צו פון צענטראַל־אַפריקאַנער אָזערע טשאַר, און טאַקע דאָ גיסן זיי זיך צונויף אין איין מעכטיקן טייך, וואָס פליסט קיין עגיפּטן, אַלס די „מאַמע שפּייזערין" פון יענעם לאַנד זינט די חומש־צייטן.

אָבער דער פאַקט, וואָס איידער זיי גיסן זיך צונויף, האַלטן זיי איין זייערע קאָלירן אַזוי ווי אַ מעסער וואָלט זיי צעשניטן, וועט נאָך לאַנג בלייבן אין מיין זכרון אַלס אַ נאַטור־פענאָמען.

ביידע סודאַנער יידן, — רייכע פאַבריקאַנטן און אימפּאָרטערן, — לעאָן טאַמאַם און מוראַד על־עיני, וואָס האָבן מיך געפירט אין זייער כאַר־טומער קלוב, האָבן מיר בפירוש אָנגעזאָגט: „איר קאָנט רעדן פון עקוואַדאָר און איר קאָנט אויך דערציילן פון טאַנגאַנאַיקאַ, אָבער ישראלס נאָמען דאַרפט איר נישט דערמאָנען. מיר זענען אין אַן אַראַביש לאַנד, וואָס גע־הערט צו דער אַראַבישער ליגע, און עס זענען דאָ פאַראַן גענוג שונאים, וואָס שטיצן די „נאַצער־ליניע", כאָטש איצט האָבן געזיגט אין די וואַלן די אָנהענגער פון פּראָ־מערב־פּרעמיער אַבדולאַ כאַליל".

דער קלוב, וואָס רופט זיך אָפיציעל: „יידישער קלוב אין סודאַן", באַשטייט פון אַ קליין הויז, מיט אַ גרויסן גאָרטן, העל באַלויכטן דורך עלעקטרישע לאָמפּן. אין גאָרטן שטייען טישלעך; ביי די טישלעך זיצן פרויען און מענער, — אַלע אייראָפּעיש געקליידט, — און שפּילן אין קאָרטן. דאָס בילד איז דאָ דאָס זעלבע, ווי אין גאָרטן־קלוב אין מאַראַקאיבאָ (ווענעזועלאַ), אָדער אין ביירוט (לבנון). ביי די זייטן פון גאָרטן איז אַ

טעניס־פּלאַץ און אַ פּלאַטפאָרם פאַר גימנאַסטיק. אויף ביידע פּלעצער שפּילן זיך געזונטע און פאַרברוינטע קינדער, וואָס שרייען זיך איבער אין אַראַביש.



דער פּרעמיער־מיניסטער פון סודאַן אַבדולאַ כאַליל און דער מחבר

ווי נאָר אָבער מען ברענגט דעם גאַסט־רעדנער, ווערט דאָס קאָרטן־שפּיל איבערגעריסן, די שטולן אויסגעשטעלט אין קרייזן אַרום טישל, ווו מען זעצט מיך אַוועק, צוזאַמען מיטן פּרעזידענט פון קלוב, מאָריס סע־רוסי. איך דערפריי זיך צו דערוויסן, אַז דער פריינד מיינער, דער פּרעזי־דענט פון דער קהילה אין מאָנטעווידעאָ (אורוגוויי), — אויך מיטן נאָמען סערוסי, — איז דער קוזין פון סודאַנער קלוב־פּאָרזיצער.

עס זעצט זיך נעבן מיר אויך אַוועק דער יונגער רב מסעוד אַל דאַאַז, וועלכער איז אויך דער לערער און שוחט פון דער אָרטיקער דריי הונדערט קעפּיקער קהילה. ער רעדט נישט קיין ענגליש, אָבער דערפאַר — אַ פּער־פעקטן עברית, וועלכער קלינגט אַזוי מוזיקאַליש אָט־דאָ, ווו איך מוז כלו־מרשט „פאַרגעסן ירושלים״...

עס האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אַרום צוויי הונדערט מיטגלידער פון כאַרטומער יידנטום, צו וועלכע איך האָב נאָר געקאָנט רעדן ענגליש, אויסער אראביש, וואָס אַלע פאַרשטייען. און דערציילט האָב איך וועגן יידן אין ניו־יאָרק, אין בוענאָס־איירעס און אין בראַזיליע... אָבער זיך לענגער אָפּגעשטעלט אויף געגנטן, וועלכע איך האָב ערשט נעכטן פרי פאַרלאָזן; אויפן נגב, אויפן עמק, אויפן מערקווירדיקן מימאָזאַ־וואַלד, וואָס איז אין משך פון די לעצטע פינף יאָר געדיכט אויסגעוואַקסן אין שרון־טאָל, און פאַרהאַלט די זאַמדן פון מדבר, וואָס רייסן זיך פאַרשיטן די אָס־פאַלטירטע וועגן; ווי נייטיק איז אַזאַ וואלד אין כאַרטום, ווו די זאמדן פארשיטן די גאַסן... און וואָס לענגער איך האָב גערעדט וועגן יענע געגנטן אין לאַנד, — ווענענס נאָמען איך טאָר נישט דערמאָנען, — אַלץ ברייטער האָבן זיך די אויגן פון די אָנוועזנדיקע צעעפנט, אַלץ אינטימער איז גע־וואָרן דער אומזעבאַרער פאָדים, וואָס פאַרבינדט דעם לעקטאָר מיט זיינע צוהערער.

נאָך דער פאָרלעזונג זענען צוגעקומען צו מיר יונגע מיידלעך, וועלכע האָבן זיך געלערנט אין שולן אין „יענעם" לאַנד, און געפרעגט קשיות אין עברית. אַ ביסל האָט זיך געשראָקן פאַר געוויסע שטעלן אין מיין רעדע דער פאָרזיצער פון סודאנער קהילה, האביב הכהן, אַ גרויסער מקורב צו דער רעגירונג. צום גליק האָט דער דאָזיקער אָפּשטאַמיקער פון באַגדאַד־יחוס וויניק פארשטאנען ענגליש. ער האָט נאָר געהערט דעם קלאַנג פון די דערמאָנטע נעמען פון ערטער, און זיי האָבן אים אויסגעוויזן צו זיין פאַרבונדן מיט „יענעם" לאַנד. די יונגע פריינד, וואָס האָבן אָנגע־פירט מיט דער פאַרזאַמלונג, האָבן זייער ראש־הקהל לאַנג־לאַנג באַרויקט, אין אראביש...

פון דער דאָזיקער באַגעגעניש מיט די יידן פון סודאַן איז מיר גע־בליבן אַ מתנה, וואָס עס האָט מיר צוגעטראָגן דער קהילה־פירער לעאָן טאַמאַם: א קליינע העלפאַנד־ביין־נאָז, מיט א געהעריקער אויפשריפט. און דער נאָמען „כאַרטום" באַדייט דאָך: „העלפאַנד־נאָז" (ווי אויך כישוף־מאַכער).

צוריק צום האָטעל ווער איך געפירט דורכן ארבישן מאַרק, וועל־כער, נישט קוקנדיק אויף דער שפּעטער שעה, איז נאָך פול געווען מיט וויס־געקליידטע, שוואַרץ־הויטיקע אַראַבער, וואָס זיצן נעבן די ווענט

פון קאַפע־הייזער און רייכערן „נאַרגיל״, ווּעמענס זיסער רויך פּילט אָן די לופט און קיצלט די נאָזלעכער.

מיר גייען דורך די איצט פינצטערע פּאַלמען־בולוואַרן פון נילוס־ברעג, דורך וועלכע עס שלייערן זיך הונדערטער פיגורן, אין ווייסן איינגעוויקלט, וואָס זעען־אויס ווי מתים. אָבער עס איז מערקווירדיק, אַז איך שרעק זיך גאָרנישט אין דאָזיקן האַלב־ווילדן כאַרטום, — יעדנפאַלס, ווייניקער ווי אין דער זעלבער צייט פון דער נאַכט אין צענטראַל־פּאַרק פון ניו־יאָרק.

זאָל דאָס זיין דער באַרויקנדיקער אָפּיום פון „נאַרגיל״־רויך, וועלכער באַפאַרבט אפילו די פינצטערע נאַכט מיט א ליכטיקער אראבישער „פאַטאַ־מאָרגאַנאַ״?

*

הייס איז דער מאָרגנדיקער טאָג, ווען איך דאַרף גיין צום פּרעמיערס פּאַלאַץ, אויף דעם צוגעזאָגטן קורצן אינטערוויו.

דאָרט מוז איך שוין גיין אַליין, אָן מיינע יידישע פריינד, וועלכע דאַרפן זיך נישט אידענטיפיצירן מיט אַן אַמעריקאנער זשורנאליסט, וואָס איז נאָך א ייד דערצו...

ביים טויער שטייען געוויקסיקע שוואַרצע וועכטער, מיט ווייסע טורבאַנען אויף די קעפּ און מיט ביקסן אין די הענט.

איינער פון זיי פירט מיך אַריין אין א גרוימען ביוראָ, אויף וועלכן עס איז פאַראַן אַן אויפשריפט: „סעקרעטאַריאט פון פּרעמיער־מיניסטער״. דאָרט טרעף איך צוויי אראבער, וועלכע שטעלן זיך פאָר אלס אַמסין על־זאַאיך, אַ מיניסטער אָן א פּאָרטפעל (ער איז אויך מסתּם אָן הויזן, ווייל ער טראָגט אַ לאַנגע אַבאַיע, וואָס פאַרדעקט זיין קערפּער ביז די ווייכע רויטע שיך); און דער צווייטער איז — סאביקי קאראר, דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער גאַממאַ־איסלאַם־פּאַרטיי, וואָס שטיצט די איצטיקע רעגירונג. זיי ווייסן, אז אַן אמעריקאנער זשורנאליסט וויל זעען דעם ראש פון דער רעגירונג, אָבער זיי זענען גאָרנישט זיכער, אַז גראָד היינט, ווען דער פּרעמיער שטעלט צוזאַמען זיין קאַבינעט, וועט ער מיך אויפנעמען. זאָל איך פּרובירן וואַרטן? עס קאָן געדויערן א שעה, און עס קאָן אויך געדויערן א גאַנצן טאָג... נישט קוקנדיק אויף דער היץ ווערט מיר קאַלט.

איך קען דאָך די אראבישע לענדער און ווייס, אז איך אזא לאגע קאָן פון דער באגעגעניש אויך גאָרנישט ארויסקומען... דאָך באַשליס איך צו ווארטן. מען דערלאַנגט שווארצע קאווע און מען שמועסט. און דער גאַנצער גע־שפּרעך ווערט זייער נישט אָנגענעם פאַר מיר, ווייל ביידע סודאנער רעדן נאָר וועגן איין טעמע — אמעריקע און ישראל... „זאָל נאָר אַמעריקע אויפהערן שטיצן ישראל, וועט מען דאָס „לענדל" אָפּמעקן פון דער געאָ־גראַפישער מאַפּע... אמעריקע וועט קיינמאָל נישט געניסן פון דער ארא־בישער פריינדשאַפט, אויב זי וועט ווייטער שיקן געלט און געווער די ציו־ניסטן... נאַצער איז נישט גערעכט אין א סך זאַכן, אָבער זיין פּאַרלאַנג צו פאַרניכטן ישראל ווערט אונטערגעשטיצט פון אַלע אראבער..." נו, און נאָך אַזעלכע אויסגעדראָשענע טענות, וועלכע איר אַלע לייענט און הערט.



דער מחבר צווישן יידן אין כאַרטום (סודאַן)

מילא, קיינער דאַרף מיך נישט מקנא זיין. איך זופּ די קליינע טע־פּעלעך געדיכטע, זיסע קאַווע, און עס איז מיר ביטער אין מויל... איך פּרוביר לייקענען די מעשה, אז אמעריקע שטיצט ישראל מיט געווער. איך דערצייל זיי וועגן עראָפּלאַנען מיט געווער, וואָס זענען געפלויגן דווקא קיין

ירדן, און שיפן מיט טאַנקן, וואָס שווימען קיין איראַק. איך פּרוביר שמייכלען, אָבער ס'איז מיר ביטער, נישט נאָר אין מויל, נאָר אויך אויפן האַרצן. דערווייל גייט אַריין נאָך אַ שוואַרצער אַראַבער, און מען שטעלט מיר אים פאָר אַלס אַלי טאַלבאַלאַ, דער דירעקטאָר פון „ביוראָ פאַר באַיקאָטירן ישראל". דאָס ביוראָ געפינט זיך טאַקע דאָ, אין צווייטן צימער, דירעקט הינטערן ביוראָ פון פּרעמיער־מיניסטער. מען גיט מיר אַ בלעטל אין ענגליש, אונטערן קעפּל: „דער אַראַבישער באַיקאָט קעגן ישראל — ווי אַזוי דאַרף ער געפירט ווערן".

כדי צו געווינען צייט, לייען איך אויפמערקזאַם די פיר זייטלעך פון פּאַמפלעט, פול מיט גאַל און מיט שקרים. — און, פאַרשטייט זיך, עס ווערט מיר נישט גרינגער אויפן האַרצן.

איך פאָטאָגראַפיר דערווייל די אויפשריפט אויפן ביוראָ, צוזאַמען מיט זיין דירעקטאָר. איך טראַכט אויך: „וואָס פאַר אַ קבלת־פּנים וועט מיר שוין מאַכן דער פּרעמיער, ווען זיינע משרתים זענען אַזעלכע פייגל?".

אַ שעה איז אַריבער, — אַ שווערע שעה, — און עס דערהערט זיך אַ טרומייט־סיגנאַל, וואָס זאָגט עפּעס אָן. מיינע מיטשמועסער גיבן זיך אַ ריס־אויף פון די שטולן און בייגן מיט רעספּעקט זייערע קעפּ, צולייגנדיק די פינגער צום קאָפּ, האַרץ און מויל. עס גייט אַריין אַ טונקל־הויטיקער, עלטערער דזשענטלמאַן. מיט אַ מיליטערישן טראָט דערנענטערט ער זיך צו די טרעפּ, וואָס פירן צום צווייטן שטאָק, וו זיין קאַבינעט געפינט זיך. איך בלייב שטיין און ווייס נישט ווי צו האַנדלען: איר קאָנט דאָך נישט אַ צי־טאָן פאַרן אַרבל דעם פירער פון אַ מלוכה!...

אָבער גראָד העלפט מיר אַרויס דער שאַרף־צונגיקער „שונא ישראל" סאַביקי קאַראַר, דער פירער פון דער איסלאַמישער פּאַרטיי. ער גייט נאָך דעם פּרעמיער־מיניסטער אויף די טרעפּ און מאַכט אַ צייכן צו מיר, איך זאָל אויך נאָכגיין. עפּעס זאָגט ער אים אין אַראַביש, און ווען מיר זענען שוין אויפן באַלקאָן פון צווייטן שטאָק, שטעקט אויס אַבדולאַ כאַליל, — דער פּרעמיער און געוועזענער גענעראַל, — זיין האַנט, און דאָס שוואַרצע געזיכט זיינס ווערט העל, מיט אַ שמייכל. ער פירט מיך אַריין אין קאַבינעט. זעצט זיך אַ מידער אוועק אויף זיין שטול און זאָגט: „אַ גאַנצע נאַכט און אַ גאַנצן פרימאָרגן געהאַנדלט וועגן צוטיילן פּאָרטפעלן... איר ווייסט דאָך: אַלע ווילן ווערן מיניסטאָרן...".

ווערט די אַטמאָספער אינטימער. ווייל איך די צען מינוט, וואָס זע־
צען מיר פריער געגעבן געוואָרן, אויסנוצן ווי ווייט עס לאָזט זיך. באַשליס
איך שטעלן פראַגן, וואָס זענען אפילו מיט ישראל און מיט מצרים פאַר־
בונדן. איך גראַטוליר דעם מלוכה־הויפּט מיט זיין וואַל־נצחון, און גיי גלייך
אַריבער צו די געשעענישן, וואָס זענען פאָרגעקומען אויף דער גרענעץ
פון סודאַן, ערב די וואַלן, ווען נאַצערס חיילות האָבן פּרובירט אָקופּירן
אַ פּאָר שטעטלעך, און נאָכן שאַרפן פּראָטעסט פון סודאַן, האָט עגיפּטן זיך
געמוזט צוריקציען. זאָגט דער פּרעמיער:

— נאַצער האָט זיך אַביסל צוגעאיילט. פון איצט אָן וועט ער שוין
מסתם אונטערהאַנדלען, אַנשטאָט צו אָקופּירן... יעדנפאַלס האָט זיין דאָזיקע
אַקציע מיטגעהאָלפן, אַז די באפעלקערונג פון סודאַן זאָל גיין צו די וואַלן
מער געאייניקט... יאָ, מיר זענען אַ דעמאָקראַטישע רעגירונג, לויטן מוסטער
פון די מערב־סיסטעמען. מיר ווילן זיך אויך נישט מישן אין קאָנפליקט
צווישן די נאָר־וואָס געשאַפענע צוויי אַראַבישע בלאָקן... איך בין צופרידן
צו הערן, אַז די יידן דאָ האָבן אייך פריינדלעך אויפגענומען. איר דאַרפט
וויסן, אַז מיר האַלטן זיי פאַר גוטע סודאַנער בירגער, פאַר א פּראָדוקטיוון
און נוצלעכן עלעמענט פאַר אונדזער לאַנד. איר פרעגט: פאַרוואָס עקספּאָר־
טירן מיר נישט קיין ישראל, ווי מיר האָבן דאָס געטאָן נאָך מיט א פּאָר
יאָר צוריק? יאָ, עס איז טאַקע א שאָד, וואָס מיר האָבן דורך דעם פאַרלוירן
איינעם פון אונדזערע בעסטע אָפּנעמער. אָבער מיר זענען אַ מיטגליד פון
דער אראבישער ליגע און דאָס איז די ליניע... לאָמיר האָפן, אַז זי וועט
זיך בייטן...

— איר דערמאָנט, אַז מיר האָבן מיט ישראל אַ געמיינזאַמען ים, דעם
רויטן ים, אויף וועלכן שיפן קאָנען אויסטוישן סחורות צווישן אילת און
אונדזער פּאָרט סודאַן, ווי דאָס איז געווען נאָך אין די צייטן פון שלמה
המלך. יאָ, ראָמאַנטישע צייטן זענען דעמאָלט געווען... היינט אָבער ליגט
צווישן אונדז אַ פיינטלעך מצרים, ווי אין יענעם פעריאָד... און עגיפּטן
וועט אזא סחורות־אויסטויש נישט דערלאָזן.

— איר זאָגט, אַז די בירגער פון סודאַן האָבן נישט קיין רעכט צו
שיקן בריוו דירעקט קיין ישראל? פאַר מיר איז דאָס א נייעס (מיט אַ יאָר
צוריק איז דער פאַרבאָט פון פּאָסט־מיניסטער אָפּגעדרוקט געוואָרן אין
דער אָפיציעלער צייטונג — ח. ש.) איך וועל אַריינקוקן אין דעם ענין און

מיט אים זיך פאַראינטערעסירן. איך האָף, אַז איר פילט זיך פריי אין מיין לאַנד, ווי מיר וואָלטן וועלן, אַז אלע געסט אונדזערע זאָלן זיך דאָ פילן.

איך וויל מער נישט מאַטערן דעם פרעמיער מיט פראַגן, זעענדיק ווי מיד ער זעט אויס, נאָכדעם ווי ער דאַרף צעטיילן צוועלף מיניסטאָרן־פּאָרטפעלן צווישן הונדערט און פופציק קאַנדידאַטן. ער איז אָבער גערן מסכים זיך לאָזן פאָטאָגראַפירן מיט מיר צוזאַמען, — דערביי מאַכט די פאָטאָגראַפיע דער דירעקטאָר פון „ביוראָ פון ישראל־באָיקאָט״, דער הייס־בלוטיקער אַלי טאַלבאַלאַ.

*

די יידישע פאָרשטייער פון דער סודאַנער קהילה זענען העכסט צו־פרידן מיטן אינהאַלט פון מיין געשפּרעך מיט זייער פרעמיער. מען זעט: זיי געטרויען אים און האָבן אים ליב.

איצט פירט מען מיך צו דער קליינער סינאַגאָגע, וווּ מען דאַוונט נאָר מאָנטיק, דאָנערשטיק, שבת און ימים־טובים.

בעת די ימים־נוראים קומען אַלע, אָן אויסנאַם, דאַוונען; אין אַנ־דערע טעג קומען אַרום צוויי־דריי מנינים.

אינעווייניק זענען די ווייכע שטולן אויסגעשטעלט ביי די ווענט, ווי אין די בתי־תפילות אין בבל. אין אַ זייטיק צימער קומען זיך צונויף ייננ־לעך און מיידלעך, מיט סידורים אין די הענט — דער רב וועט זיי באַלד לערנען דאַוונען.

מען עפנט דעם אָרון־קודש, אין וועלכן איך צייל אָן ניין ספרים, — אַלע אין פּליושענע און זילבערנע קאַסטנס, לויטן אָריענטאַלישן נוסח. אָבער ביי דער זייט שטייען עפּעס אומעטיק דריי ספרי־תורהס, אין געשניצטע הילצערנע שיידן. דער רב דערקלערט מיר: — די דאָזיקע ספרים שטאַ־מען פון באַגדאַד, פון וואַנען, ווי באַוווסט, דער גרעסטער טייל יידן האָט עמיגרירט קיין ישראל. די איבערגעבליבענע נאָך זיי הייליקע ספרים האָט מען טראַנספּאָרטירט קיין לאָנדאָן, און פון לאָנדאָן זענען זיי צעשיקט גע־וואָרן צו די קהילות אין אָריענט, ווו ס׳עקזיסטירן נאָך אַלץ יידישע גע־מיינדעס.

די ספרי־תורהס זענען פּליטים — „שארית הפליטה״ פון בבל, און מען האָט זיי, ווי אייגענע, אויפגענומען אין זייער בייעם „גלות״ אין סודאַן...

אַט דער אויסזען פון די „פּאַרטריבענע" ספרי־תורהס פון באַגדאַד קיין כאַרטום, די ספרים אין די הילצערנע שיידן, אויף וועלכע עס זענען אויסגעקריצט די נעמען פון זייערע נדבנים אין בבל, האָט מיך פּאַרפאָלגט ביז ווייט און טיף אין דער נאַכט, ווען דער עראָפּלאַן האָט געלאַנדעט אויף דער הייסער ערד פון נאַיראָבי, אין דער קאָלאָניע קעניאַ. ווו וועלן לאַנדן, מיט דורות שפּעטער, די ספרים פון סודאַן?



# אַ באַזוך אין ביירוט ערב לאַנדונג פון די אַמעריקאַנער מאַרינען

איך בין אַרויסגעפלויגן פון ביירוט, די הויפּטשטאָט פון לבנון, מיט איין טאָג פריער, איידער דער לופט־פּאַרט איז אָקופּירט געוואָרן דורך די אָפּטיילונגען פון אַמעריקאַנער מאַרינען־דעסאַנט און געשלאָסן געוואָרן פאַרן פּריוואַטן פאַרקער.

דער הויפּט פון דער מאַראָניטן־קירכע, מעטראָפּאָליט דימיטראָס, אָנגעטאָן אין זיין הויכער צילינדער־טיאַרע מיטן ווייסן שאַל, מיט דער שיינער שוואַרצער באָרד. מיטן העלפאַנד־ביין־צלם אויף דער שטאָלץ אַרויסגעשטעקטער ברוסט, איז צווישן די פּאַסאַזשירן פון דעם בעלגישן עראָפּלאַן, מיט וועלכן איך פלי אין דער ריכטונג פון רוים—בריסעל—ניו־יאָרק.

זיין פּלאַץ איז בשכנות מיט מיינעם, און ווען דער „שטאָלענער פויגל" הייבט זיך אויף און דרייט זיך איבער דער שיינער שטאָט ביירוט, צייכנט דער מעטראָפּאָליט איבער איר אַ ברייטן צלם און זיינע ליפּן שעפּטשען אַ תפילה אין אַן אומבאַקאַנטער שפּראַך, אָבער נישט אין אַראַביש (דאָס איז געווען אין אַלט־סיריש). און אַז ער ענדיקט בענטשן, גיב איך אַ זאָג צו אים אין פראַנצויזיש:

— אפילו איך — אַ פרעמדער אמעריקאַנער דורכרייזנדער — האָב חשק איצט צו בענטשן די דאָזיקע שיינע שטאָט און איר פרידלעכע באַפעלקערונג און ווינטשן, אַז בלוט־פאַרגיסונג זאָל אויפהערן...

דער דעקאָראַטיווער „פּרינץ פון דער לבנון־קירכע" האָט מסתם דערפילט די וואַרעמקייט און אויפריכטיקייט אין מיינע ווערטער און ער שטעלט אַן אויף מיר זיינע אָליוו־שוואַרצע אויגן:

— איך דאַנק אייך, איך דאַנק אייך! אָבער „מיט גוטע ווונטשן איז אויסגעבעט דער וועג צום גיהנום" — האָט געזאָגט דער גרויסער דאַנטע. איר זעט, אַלע האָבן אונדז ליב, אַלע באַוואונדערן אונדזער קליינעם קולטי־

ווירטן און גלויביקן גן־עדן — די פרייע רעפּובליק פון לבנון — אָבער נאָך אַ טאָג־צוויי וועלן מיר דאָך דערשטיקט ווערן... יעדעס קינד איך דער מיט בלוט פאַרגאָסענער שטאָט טריפּאָלי, אין היסטאָרישן באַלבעק, אין סאַידאַ (דאָס ביבלישע צידון), אפילו אין האָרץ פון דער „קאַסבאַ״ (מוסולמענישער קוואַרטאַל) אין ביירוט אַליין, זעט די סירישע אַריינדרינגער פאַרמאַסקירט אין פאַרשידענע געשטאַלטן, נאָר האַמערשעלד און זיינע אונ״אַ־אָבסערוואַטאָרן ביי אונדזערע גרענעצן זעען זיי נישט... דאָס איז נישט נאָר די מיינונג פון מיר, אַלס קריסטלעכן גייסטלעכן, אַזוי איז אויך די מיינונג פון אַלע שלום־ליבנדיקע מוסולמענער, וואָס ווילן נישט פאַרלירן זייער פּאָליטישע פרייהייט און גוטע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, כדי צו דערטרונקען ווערן אין ים פון פּאַן־אַראַבישן פאַנאַטיזם... אָט זעט אַ שטיקל נייעס אין דער היינטיקער צייטונג „לע סואַר״.

דער מעטראָפּאָליט גיט מיר איבער זיין צייטונג, וועלכע ער האַלט אין האַנט, און איך לייען: ריק אללאַ ריזק — דער אייגנטימער פון די צוקער־פאַבריקן אין אַבדע, צפון פון טריפּאָלי, נישט ווייט פון דער סירישער גרענעץ, קלאָגט זיך, אַז נאָכדעם ווי סירישע אַריינדרינגלער האָבן פּאָגראָמירט אַלע געביידעס און סחורות — האָט ער זיך געווענדט מיט אַן אָנקלאָגע צו די אונ״אַ־אָבסערוואַטאָרן, וועלכע האָבן זייער וואָך נישט ווייט פון דאָרטן, אָבער ער האָט באַקומען פון זיי אַ תשובה: „דאָס איז נישט אונדזער עסק! און ווער קאָן אונדז באַווייזן, אַז די צעשטערער זענען געווען סיריער״ ?... (ביירוטער „לע סואַר״, זונטיק, דעם 13־טן יולי).

אַלזאָ איצט ווייסן שוין אונדזערע לייענער די תשובה, וואָס אַמעריקע און אירע פאַרבינדעטע האָבן געמוזט געבן: אויף מאָרגן, מאָנטיק, דעם 14־טן יולי, האָבן אַמעריקאַנער און נישט האַמערשעלדס סאָלדאַטן געלאַנדעט אין ביירוט.

*

ווי אַזוי איך, דער רייזנדער־שרייבער, מיט נישט אַזאַ גלענצנדיקן רעקאָרד אין די אַראַבישע לענדער, האָב פלוצלינג אין משך פון אייניקע קורצע טעג באַזוכט קאַירא, דמשק, ביירוט — איז אַ געשיכטע וועגן וועלכער עס לוינט באריכות צו דערציילן, און איך וועל דאָס טאָן אין איינעם פון מיינע קומענדיקע באַשרייבונגען.

דערווייל אָבער, צוליב דער אַקטועלקייט פון דער טעמע, וועל איך איבערגעבן מיינע איינדרוקן פון לעצטן פּונקט פון מיינע „אַראַבישע נעכט״, פון ביירוט, לבנון.

איך אַליין האָב זיך נישט גערעכנט, אַז לבנון וועט מיך אַריינלאָזן, ווייל די טראַנזיט־וויזע, וואָס איך האָב באַקומען אין ניו־יאָרק מיט זעקס חדשים צוריק, איז נאָר געווען אויף דריי חדשים. ד. ה., לעגאַל איז שוין די וויזע געווען אַן אויסגעגאַנגענע.

דער אַמעריקאַנער גענעראַל־קאָנסול אין סיריע, דזשאַן האַרט, ווע־מען איך האָב די וויזע געוויזן, האָט מיר פאַרזיכערט, אַז ווייטער פון דער געביידע פון לופט־פעלד וועט מען מיך נישט אַריינלאָזן און מען וועט מיך פאַרהאַלטן דאָרט ביז אַן עראָפּלאַן וועט פליען קיין איראָפּע. אגב, האָט מיר מר. האַרט איבערהויפּט נישט געראַטן דורכצופאָרן דעם וועג פון לופט־פּאָרט אין ביירוט, ווייל מען האַלט אים אין איין באַשיסן. איז טאַקע בעסער, אַז איך זאָל איבערוואַרטן מיין צייט אויפן לופט־פּאָרט.

ווי איז אָבער דער דין, אַז צוליבן טומל מסתם, וואָס האָט שוין דאַן געהערשט צווישן די באַאַמטע אין לבנון, האָט דער פּאַספּאָרט־באַאַמטער ביי מיין אָנקומען גאָרנישט באַמערקט, אַז מיין וויזע טויג שוין נישט און האָט מיר גלייך אַרויסגעגעבן דעם גרינעם צעטל אויף אַריינפאָרן אין שטאָט ?... דער באַאַמטער פון דער בעלגישער ליניע, מיט וועלכער איך פלי אַזש פון קאָנגאָ קיין ניו־יאָרק, ווייל, פאַרשטייט זיך, נישט באַמערקן, אַז מען האָט געמאַכט אַ פעלער, און ער פאַרבעט מיך תיכף מיטפאָרן מיט אים אין אויטאָמאָביל פון דער קאָמפּאַני צום האָטעל „סיינט דזשאָרדזש״, ווו אַלע אויסלענדער זענען איצט קאָנצענטרירט.

— איר דאַרפט זיך נישט דערשרעקן טאָמער וועט איר הערן אַ ביסל שיסערייען אויפן וועג צו ביירוט: אויב מיר וועלן דערפאָרן צום האָטעל, איז דאָך אַ סימן, אַז די קוילן האָבן אונדז נישט געטראָפן... מיר האָבן אויסגערעכנט, אַז צווישן טויזנט אויטאָמאָבילן אויפן וועג צו דער שטאָט, ווערט נאָר איין מענטש דערהרגעט, איז פאַרוואָס זאָל דאָס דווקא זיין איך אָדער איר ?

איך מוז אייך זאָגן, אַז די דאָזיקע פילאָזאָפיע פון „סאַבענאַ״־באַ־אַמטן האָט זיך מיר אויסגעוויזן צו זיין אַ געזונטע, כאָטש אַ ביסל אַ פאַטאַ־ליסטישע.

פרעג איך דעם שמייכלענדיקן ווייס־אוניפאָרמירטן יונגנמאַן:
— זענט איר אַמאָל נישט אַ גריך, ווייל פאַטום־פילאָזאָפיע איז אין בלוט פון דעם דאָזיקע אַלטן פאָלק?




פאַקסימיליע פון אַ קאַרטל אין העברעיש, וואָס דער מחבר האָט אַרויסגעשיקט פון דמשק קיין ריאָ, בראַזיל, צום רעדאַקטאָר פון דאָרטיקן ציוניסטישן פרעסע־אָרגאַן

— יאָ, איר האָט געטראָפן! אַ גריך בין איך און דעריבער האָט מען מיך אַרויסגעוואָרפן פון קאַיר, ווו איך האָב געדינט אין דער זעלבער בעל־גישער לופט־ליניע. איצט מעגן דאָרט זיין נאָר עגיפּטער־מוסולמענער, קיין קריסטן ווערן נישט טאָלערירט. ווער ווייסט, ווי לאַנג וועט מען קריסטן טאָלערירן אויך אין לבנון? איר זעט דאָך, אַז אויפן לאַנד דאָ רוקט זיך אויך נאַצערס כמאַרע...

דער וועג פון לופט־פּאָרט ביז דעם האָטעל איז אַזוי מאָלעריש. די גאַנצע צייט — דער בלויער ים אויף לינקס און פּאַלמען־וועלדלעך אויף רעכטס. וואָס פאַראַ פאַרשווענדונג פון דער נאַטור, וואָס קוילן פליען דווקא פון אָט צווישן יענע שטאָלצע פּאַלמען.

אָבער מיין גריך איז געווען גערעכט. שוין דער עצם־פאַקט, וואָס מיר זענען לעבעדיקערהייט דערפאָרן ביז דער מאַיעסטעטישער מויער פון

סען־דזשאָרזש־האָטעל איז דער בעסטער סימן, אַז די קוילן האָבן אונדז נישט געטראָפן.

שוין אייניקע צענדליק יאָר קען איך דאָס דאָזיקע באַרימטע אינ־טערנאַציאָנאַלע גאַסט־הויז, אָבער קיינמאָל האָב איך עס נישט געזען אַרומ־גערינגלט מיט אַזוי פיל באַוואָפנטע סאָלדאַטן, מיט הילצערנע באַריערן, הינטער וועלכע עס ליגן מאַסיווע זעק מיט זאַמד, ווי אויף באַריקאַדן. נאָר אַ שמאָל טירל עפנט מען פאַר געסט. אָרטיקע אַראַבער, אויסערן פּערסאָנאַל, ווערן נישט אַריינגעלאָזט.

עס איז מיר אַ שאָד יעדע מינוט. איך וויל גלייך לויפן זען די יידישע פּאָרשטייער, וועלכע איך האָב געזען אויף מיינע פריערדיקע באַזוכן: ד״ר יוסף האַטיאַ, דער פּרעזידענט פון דער קהילה און באַרימטער דאָקטאָר, און דעם רב־הראשי, בן־ציון לעכטמאַן.

איך בייט שנעל אין האָטעל אייניקע דאָלארן אויף לבנון־געלט און מען זאָגט מיר, אַז ווען איך נעם אַ טעקסי, זאָל איך זי בעסער נישט אָפּ־לאָזן, ווייל עס וועט שווער זיין צו באַקומען אַ צווייטע צוריק צום האָטעל.

צוגעפאָרן צו דער קליניק, וועלכע איז דאָס אייגנטום פון ד״ר האַטיאַ, גייט אַרויס אַנטקעגן אַ „נוירס״ מיט אַ צלם און זאָגט מיר, אַז דער דאָקטאָר איז איצט אין שווייץ אויף וואַקאַציע. וואָס פאַר אַ שאָד! וואַקל איך זיך אַביסל, אָבער דערנאָך פרעג איך פונדעסטוועגן: „צי איז נישט געפערלעך צו פאָרן אין יידישן קוואַרטאַל, וווּ עס וווינט דער הויפּט־רב און עס געפינט זיך די שול „מגן־אברהם״ מיט אַלע קהילה־אינסטאַנצן?״

ענטפערט די „נוירס״: „אַז מען האָט מזל, איז דער וועג נישט גע־פערלעך״ — און זי דערקלערט מיין טעקסי־שאָפער, ווי אַזוי אמבעסטן צו דערפאָרן צום יידישן קוואַרטאַל. דערשמעקט מיין שאָפער, אַז מען קאָן דאָ מאַכן אַן איבעריקן דאָלאַר — זאָגט ער, אַז ער האָט מורא דאָרט צו פאָרן — אָבער אויב איך וועל צאָלן דאָפּל, וועט ער מיך פירן... בין איך מסכים.

פאָרן מיר דורך דעם צענטער פון שטאָט, וווּ אַלע געשעפטן זענען געשלאָסן שוין צוויי וואָכן נאָכאַנאַנד — געשלאָסן לויט דער פּאַראָרדע־נונג פון מוסולמענישן רעבעל־פירער סאַעב סאַלאַם. דער דאָזיקער „תכשיט״ געפינט זיך טאַקע דאָ אין ביירוט, אין מוסולמענישן קאַסבאַ־קוואַרטאַל, אינגאַנצן אַ האַלבער מייל ווייט פון פּאַלאַץ פון פּרעזידענט שאַמון און פון

זיין ארמיי־קאָמאַנדע. אָבער די שוואכקייט, די צעקראָכנקייט פון רעזשים, וועמענס פרעסטיזש ווערט נאָך דערצו אָפּגעשוואַכט פון די פאַרהאַסטע דאָ אונ"אָ־אָבסערוואַטאָרן, איז אַזוי גרויס, אַז זיי האָבן מורא צו שטורעמען די ציטאַדעל פון נאַצעריזם אין סאַמע הארץ פון דער הויפּטשטאָט פון לבנון, און פאַר די פאַראָרדענונגען פון רעבעל־פירער סאַעב סאלאם האָט מען מורא — האלט מען געשלאָסן די געשעפטן אין א וואָכעדיקן (פאַר דער מערהייט דאָ, פאַר די קריסטן) פרייטיקדיקן טאָג.

ווייזט מיר דער שאָפער דעם פראַנצויזישן „דעפּאַרטמענט־סטאָר", וואָס פאַרנעמט אַן אַכט־שטאָקיקע מויער, וועלכע מען האָט מיט אייניקע טעג צוריק באָמבאַרדירט, ווייל ער האָט זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן די פאַראָרדענונגען פון די אויפשטענדלער און געבליבן אָפן; מען האָט אים באַוואָרפן מיט באָמבעס, פיל געהרגעטע, מער ווי הונדערט פאַרוווּנדעטע, די סחורות פאַרברענט, אַ בילד פון וואַנדאלישער פארניכטונג. איצט איז שוין דער „סטאָר" געשלאָסן.

מיר פאַרפאָרן צו דעם מיר גוט באַקאַנטן בנין פון דער שול „מגן־אברהם". די אייזערנע טויערן זענען געשלאָסן. אַנטקעגן זיי אין דער שמאָלער גאַס זיצן אויף בענקלעך, באַוואָפנט מיט מאַשין־געווער, אַ צענדליק לבנון־סאָלדאַטן. אַרום זיי שטייען יידישע קינדער, יידישע ווייבער, מען שמועסט. אייניקע סאָלדאַטן עסן פון טעלערס, וואָס די יידישע באַלעבאָסטעס האָבן אַרויסגעטראָגן: אַ סימן מען באַטראַכט זיי פאַר פריינד און באַשיצער.

אַרום מיר און מיין אויטאָמאָביל ווערט אַ געלויף, און ווי שטענדיק אין אַזעלכע פאַלן ווילט זיך מיר גראָד בלייבן אומבאַמערקט.

— איר ווילט זען דעם רב? אָט לויפן מיר אייך ווייזן, ווו ער וווינט. איך לאָז איבער דעם אויטאָ, און באַגלייט מיט אַ גאַנצער „לוויה" יידענעס, קינדער און גלאַט ליידיקגייער ברענגט מען מיך צום הויז, ווו איך גיי קוים אַרויף אויפן פינפטן שטאָק צום רבס דירה.

עס עפנט די טיר די רביצין, די ירושלימער געבוירענע, מיטן טיכל פון „מאה שערים" אויפן קאָפּ, מיטן פאַרטעך, אויף וועלכן עס זעען זיך שפּרענקעלעך פון די מאכלים, וואָס ווערן איצט געקאָכט אויף שבת...

זי באַגריסט מיך אַ צעשטראַלטע — שוין נישט דאָס ערשטע מאָל אין איר דירה. אגב, געדענקט זי, אַז איך פלעג שטענדיק איבערגעבן אַ

גרוס פון מיין זיין ביי זיי צו זייערע קינדער, וועלכע וווינען אין אַ „געז־זויס" לאַנד, וועגן וועלכן מען רעדט נישט אין אראבישן לבנון.

זי פירט מיך אַריין אין אַ צימער, אויסגעשטעלט מיט שאַפעס פול מיט ספרים. אויפן טיש ליגט אָפן דאָס ספר „תוספת שבת עם מהדורא בתרא". אויף די אָפענע זייטן — אַ פּאָר שפּאַקולן און אַ רויט טיכל, ווי עס פאָדערט זיך, ווען דער לערנער גייט אויף אַ מינוט אַרויס און לאָזט אָפן זיין ספר. און אָט קומט אויך אַריין הרב לעכטמאַן, דער אשכנזי פון פוילן־רומעניע, וואָס איז אַלס אויסנאַם דאָ דער רב־הראשי און אב בית־דין פון דער ריין אָריענטאַלער לבנון־קהילה.

מען ברענגט אַריין קאַלטע געטראַנקען און פרוכטן. מען צערעדט זיך ווי אַלטע באַקאַנטע. מען קאָן זען, אַז אין משך פון די לעצטע צוויי יאָר איז דעם רבס באָרד מער גרוי געוואָרן, אז זיין רוקן האָט זיך אַ ביסל אויסגעבויגן, כאָטש ער איז נאָך אַ ייד אין די פופציקער.

— יאָ, מיר האָבן דאָ געהאַט שווערע עטלעכע וואָכן, נאָכדעם ווי דער רעבעל־פירער סאַהעב־סאלאם האָט געהאַט די חוצפה אין אַ בריוו צו אלע אראבישע און פראַנצויזישע צייטונגען באשולדיקן די יידן, אז זיי באהאלטן געווער אין זייער סינאַגאָגע...

וואָלטן די לבנונער געווען אזעלכע ווילדע פאַנאַטיקער ווי אונדזערע שכנים, די סיריער, מעגט איר זיין זיכער, אַז א פּאָגראָם וואָלט באַלד אויס־געבראָכן אין יידישן קוואַרטאַל און פון אונדזער שול מיט דער „תלמוד־תורה", מיט די אַלע נייע בנינים אַרום וואָלט גאָרנישט געבליבן.

ווייסט אָבער דער פרעזידענט שאַמון און מיט אים אַלע רעגירונגס־מענטשן, אז די מעשה מיטן געווער אין דער סינאַגאָגע איז א בלבול, האָט מען אונדז גלייך געשיקט באוואָפנטע סאָלדאטן אלס שוץ. איך האָב תיכף, מיט מיין אונטערשריפט, פאַרעפנטלעכט אַן הכחשה אין אַלע צייטונגען, זאָגנדיק, אַז אין אונדזער מקום־קדוש טאָר מען גאָר קיין געווער נישט האַלטן; אַז מיר דאַווענען טאָג און נאַכט פארן שלום צווישן רעליגיעס און פעלקער, אז איך עפן היינט ברייט די טירן פון דער סינאַגאָגע און זאָלן, אדרבא, קומען די, וואָס ווייסן ווו ס'איז דאָס געווער באַהאַלטן און דאָס אונדז ווייזן... בקיצור, די צייטונגען האָבן געהאַלטן מיט אונדז און דער בלבול האָט זיך נישט אָנגענומען, אָבער די זיבן טויזנט יידן אין אונדזער לאַנד האָבן אייניקע טעג געלעבט אין טויט־שרעק.

געוויינלעך האָבן זיך די יידן דאָ נישט אויף וואָס צו קלאָגן. אפילו די אַרום צוויי טויזנט סירישע יידן, וואָס זענען פון דאָרט אַנטלאָפן, האָבן זיך דאָ איינגעאָרדנט מיט פּרנסה. פון אַלע אראבישע לענדער האָבן מיר דאָ געזען פון רעכט און רויקייט. וואָס וועט אָבער מיט אונדז זיין, ווען נאַצערס כוחות וועלן פאַרנעמען אויך לבנון? עס איז דאָך אַ שרעק וועגן דעם צו טראַכטן.

דער רב ווערט אַ ביסל פאַרווונדערט, ווען איך נעם אַרויס פון מיין קעשענע אַ בריוו צו אים מיט אַ ביסל געלט פון יאָהאַנעסבורגער רב הרב ד״ר מיכאל קאָסאָווסקי. דאָס באַצאָלט אים זיין ווייטער „קאָלעגע״ פאַר די פיר ספרים, וואָס ער, הרב לעכטמאַן, האָט טאקע דאָ אין ביירוט, אינמיטן קאמף פון פיינטלעכע כוחות געשריבן, פאַרעפנטלעכט און צעשיקט בכל תפוצות ישראל. איצטער פאַרענדיקט ער דעם פינפטן טייל פון זיין גרויס ווערק.

גלייך אויפן אָרט שרייבן מיר אָן א געמיינזאַמען בריוו אין העברעיש צום יאָהאַנעסבורגער רב.

איך האָב דערפילט אין יענעם מאָמענט, אז אייביק און שטאַרק און אומצעברעכבאַר איז דער יידישער גייסט, וואָס שאַפט, פאראייניקט און שמידט וויטערדיקע ווערטן — בוכשטעבלעך הינטערן עכאָ פון שיסערייען.

ס׳איז שוין באַלד דריי אַזייגער. מען גייט מקבל־שבת זיין, כאָטש די זון שיינט הויך און הייס אין הימל. אכט אַזייגער אין אָוונט הייבט זיך אָן די פאַרבאָט־שעה און יעדער מוז זיין ביי זיך אין שטוב. גייען מיר מיטן רב לאַנגזאם אין דער יידישער גאַס אויפן וועג צו דער שול. גייען אונדז ווידער נאָך מענער, פרויען, קינדער: אויך זיי וועלן באַלד מיט אונדז דאַווענען. פון יענעם בערגל ווו די „קאַסבאַ״ ליגט, דערהערט זיך אַ קאַנאָנאַדע. קיינער אָבער פארהאלט זיך נישט אויפן וועג צום קבלת־שבת.

דוכט זיך מיר, אַז איך זע ווי אַרום די אייזערנע טויערן פון „מגן־אברהם״ שטעלן זיך אויס באַצייטנס די מלאכים, די „מלאכי השרת״, וואָס וועלן דאָס באַגלייטן יעדן ייד צוריק צו זיין שבתדיקער היים...

*

גייען מיר צוריק פון שול, אַרום הערט מען שיסן, אָבער פאָרויס שפּרייזן די אומזעבאַרע מלאכים. „כי מלאכנו מצוה לשמרך בכל דרכיך״...

# באַזוך אין נאַצערס הויפּטשטאָט ערב דעם נייעם פּאָליטישן שטורעם

מיר אַליין שיינט איצט אומגלויבלעך דער פאַקט, אַז ערשט מיט אייניקע טעג צוריק בין איך געווען אויף אַ באַזוך אין אזעלכע ערטער ווי קאַיראָ, דמשק און ביירוט.

אַלע אָן אויסנאַם באַקאַנטע מיינע אין יאָהאַנעסבורג, וועמען איך האָב האַרט פאַר מיין אָפּפאָר פון דאָרטן קיין ניו־יאָרק דערציילט, אַז איך רעכן צו מאַכן מיין צוריקרייזע אַהיים דורך די אַראַבישע לענדער, האָבן מיך פּרובירט אָפּרעדן פון אַזאַ געוואַגטער אונטערנעמונג. איך האָב זיי געוויזן די דריי וויזעס אין מיין פּאַספּאָרט, — די וויזעס קיין עגיפּטן, סיריע און לבנון, — מיט וועלכע איך האָב זיך נאָך באַזאָרגט מיט אַ האַלב יאָר צוריק אין ניו־יאָרק. איך האָב פּרובירט פאַר זיך אליין באַרעכטיקן מיין פּלאַן מיטן נאַטירלעכן דראַנג פון אַ רייזנדן־שרייבער צו באַזוכן דווקא די ערטער, ווו אַ געוויינלעכער טוריסט האָט נישט קיין צוטריט, אָדער מיידט זיי אויס צוליב סכנות.

דאָך האָבן אַלע פריינד מיך פּרובירט איבערצייגן, אַז איך זאָל פרייוויליקערהייט נישט קריכן אין פייער אַריין. אגב, האָבן זיי מיר אין דרום־אַפריקע דערקלערט, אַז די דאָרטיקע יידן באַקומען נישט קיין טראַנזיט־וויזעס פון עגיפּטישן קאָנסול, און דעריבער איז גאָר ביי זיי אַזאַ פראַגע נישטאָ.

מיט מיר אָבער איז געשען אַנדערש: דער עגיפּטישער קאָנסול אין ניו־יאָרק גיט יאָ אַרויס טוריסטן־וויזעס און דערביי אַנטהאַלט **נישט** דער פרעג־בויגן קיין רובריק וועגן רעליגיע. אין סירישן און לבנונער קאָנסולאַט אין ניו־יאָרק שטעלט מען יאָ די פראַגע וועגן דער רעליגיע און אַ ייד באַקומט נישט קיין טוריסטן־וויזע. האָט מיר אָבער אַ גוטער פריינד אין רייזע־ביזנעס אָנגעטרויט דעם סוד, אַז אויב איר בעט אין יענע קאָנסולאַטן נאָר אַ **טראַנזיט**־וויזע אויף דריי טעג, פרעגט מען נישט אייער רעליגיע־אָנגעהעריקייט. בקיצור, איך האָב די דריי וויזעס באַקומען נאָך אין ניו־יאָרק און נישט גערדאַרפט אָנגעבן מיין רעליגיע.

פאַרן נישט געניטן יידישן רייזנדן הייבט זיך אָבער איצטער אָן די געפאַר: ווי נאָר מען גייט אַראָפּ פון עראָפּלאַן אין איינער פון די דריי אראבישע מלוכות, גיט מען אייך אַ גרינעם צעטל, אין וועלכן עס איז שוין קלאָר געשטעלט די פראַגע וועגן רעליגיע.

וועט איר ענטפערן מיט אַ ליגן, קאָן זיך דאָס דאָך אַנטדעקן דורך עדות אָדער געהיים־פּאָליציי־באַריכטן (ספּעציעל מיט מיר, וואָס האָט פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען וועגן עגיפּטן פון יידישן שטאַנדפּונקט, — אַר־טיקלען, וועלכע האָבן זיי שטאַרק נישט געשמעקט...), מעג מען אייך אַרעס־טירן און אָנקלאָגן פאַר אַריינגיין אין לאַנד אונטער פאַלשע אויסריידן. עס שמעקט שוין מיט אַ פּאָר יאָר תפיסה.

ווי אַזוי מיידט מען אויס די געפאַר מיטן „גרינעם״ צעטל? דאַרף מען אים גוט איבערלייענען (ער איז אויף אַראַביש, איבערגעזעצט טיילווייז אויף ענגליש). דאָרט ווערט געזאָגט, אַז דער דאָזיקער צעטל דאַרף צוזאַ־מען מיט אייער פּאַספּאָרט איבערגעגעבן ווערן אין דער פּאָליציי דורך אייך פערזענלעך אין משך פון דריי טעג זינט מען קומט אָן אין לאַנד. נו, — וועל איך זיין נישט מער ווי צוויי טעג!

פון פריערדיקע וויזיטן ווייס איך שוין, אַז ווי נאָר דער פּאַספּאָרט פאַלט אריין אין די הענט פון דער פּאָליציי מיט דער רובריק פון אייער רעליגיע, גיט מען אייך גלייך מיט אַ „שומר״, וואָס באַגלייט אייך טאָג און נאַכט און פאַראומערט דאָס ביסל פאַרגעניגן, וואָס מען האָט פון א רייזע.

דעם פּאָרטער פון האָטעל, וואָס פאָדערט פון אייך תיכּף איבער־צוגעבן דעם פּאַספּאָרט מיט דעם אויסגעפילטן „גרינעם״ צעטל האָב איך דערקלערט, אַז איך מוז מיין פּאַספּאָרט האָבן בעתן וויזיט אין דער אַמע־ריקאַנער אמבאַסאַדע און אויך צו קויפן ווייטערדיקע רייזע־בילעטן. ער האָט זיך אַפילו געקרימט, אָבער איך בין אין משך פון די צוויי טעג אין עגיפּטן נישט רעגיסטרירט געוואָרן אין דער פּאָליציי. און מער האָב איך נישט געדאַרפט. דאָסמאָל האָב איך זיך געפילט פריי ווי א פויגל. קיינער איז נישט נאָכגעגאַנגען. זעט איר, אין סיריע איז שוין פיל געפערלעכער, ווייל א ייד טאָר דאָך דאָרטן נישט אַריינקומען לויט די פאָרשריפטן פון געזעץ. און אויסער דעם הערשט דאָרט אַ מיאוסער פּאָליציי־סיסטעם, וועל־כער איז ערגער ווי דער, וואָס איז געווען אין ראַטנפאַרבאַנד בעת די לעצטע יאָרן פון סטאַלין־רעזשים, ווען מען האָט קיין אויסלענדער כמעט איבּ־

גאַנצן נישט אַריינגעלאָזט. עס דאַרף פּשוט געזאָגט ווערן: אויב מיין רייזע קיין עגיפּטן און לבנון איז געווען פאַרבונדן מיט געוויסע געפאַרן, וועלכע האָבן געקאָנט אויסגעמיטן ווערן, אויב מען האָט געוווּסט די פאָרשריפט און געקאָנט די נייטיקע האָטעלן און מענטשן, איז אָבער מיין אַריינפאָר קיין דמשק אין סיריע געווען א ממשותדיקע סכנה, וועלכע איך קאָן באַרעכ־טיקן נאָר מיטן ספּאָרט־געפיל פון אַ מענטש, וועלכער האָט זיין רייזע־דראַנג אין אונטערבאַוווּסטזיין און אין בלוט. אגב, איז שוין מער ווי צען יאָר קיין שום אויסלענדישער ייד אין דמשק נישט אַריינגעלאָזט געוואָרן. דער איינ־ציקער אויסנאַם — בין איך אַליין... אין 1955 בין איך דורכגעפאָרן דמשק אויפן וועג קיין ירדן און אַלט־ירושלים; געווען דאַן אין שטאָט איינציקע שעה צוזאַמען מיט מיין פרוי. איך האָב יענע רייזע דאַן באַשריבן און ספּע־ציעל באַטאָנט, אַז איך האָב מורא געהאַט זוכן אַ קאָנטאַקט מיט יידן... האָב איך דאָס געוואָלט פאַרריכטן דאָסמאָל. ווי איר וועט ווייטער זען, האָט זיך מיר דאָס איצט טיילווייז איינגעגעבן.

איך בין זיכער, אַז דער אויפמערקזאַמער לייענער וועט פרעגן: ס׳טייטש? עגיפּטן און סיריע זענען דאָך איצט איין רעפּובליק — די „פאַר־אייניקטע אַראַבישע רעפּובליק", איז וואָס דערצייל איך דאָ וועגן די ספּע־ציעלע שוועריקייטן, וואָס מען האָט ביים אַריינפאָרן קיין סיריע? ניין! איך בין טאַקע אַ לעבעדיקער עדות ווי די גאַנצע מעשה פון א פאַראייניקטער רעפּובליק פון עגיפּטן און סיריע איז בלאָף. אַז נישט נאָר זיי האָבן נישט קיין געמיינזאַמע גרענעץ, ווי מיר אַלע וויסן, נאָר אַז די גרעסטע שוועריקייטן ווערן געמאַכט פאַר עגיפּטער אַריינצוקומען קיין סיריע און פאַר־קערט.

אַזאַ מין זוכעניש אין באַגאַזש איידער אַן עגיפּטער פאָרט קיין סיריע און דערנאָך ווען ער קומט דאָרט אַריין, אַזאַ מין בודק זיין די דאָקומענטן פריער דורך דער עגיפּטישער פּאָליציי, דערנאָך דורך דער ברוטאַלער סירישער, דאָקומענטן, וואָס עס האַלטן אין האַנט די כלומרשטע פאַראיי־ניקטע בירגער פון איין רעפּובליק, — האָב איך אין ערגעץ נישט געזען. אַן אויסנאַם איז יאָ געמאַכט געוואָרן: ביי מיר, דעם אמעריקאַנער, האָט מען טאַקע גאָר גוט בודק געווען מיין פּאַס און די ביידע וויזעס, אָבער דעם באַגאַזש האָט מען אפילו נישט געעפנט. איך האָב מיט אַ שמייכל געפרעגט דעם באַאַמטן אין דמשק, פאַרוואָס האָט ער צו מיר צוטרוי, האָט ער גע־

ענטפערט אַן אָנגעכמורעטער מיט אַ פראגע: „איך האָף, אַז איר האָט נישט קיין וואָפן אין אײַערע וואַליזעס?"...

מעגלעך, אַז מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער, נאָכדעם ווי באַוואָפנטע אַמעריקאַנער „מאַרינס" האָבן געלאַנדעט אין שכנותדיקן ביירוט, וואָלט איך מיט מײַן באַגאַזש, מסתם, אַזוי לײַכט נישט אָפּגעקומען...

איך וועל זיך נאָך אומקערן צו די שיקאַנעס, וואָס די עגיפּטער מאַכן די סיריער און פאַרקערט. דאָס האָט אַן אומגעהײַערע פּאָליטישע באַדײַ־טונג, וואָס באַלײַכט אַ ביסל דעם „גרויסן ליגן" פון נאַצערן וועגן „אַראַ־בישער אייניקייט".

*

געפלויגן בין איך קיין קאַיר פון יעליזאַבעטוויל, די יונגע שטאָט אין בעלגישן קאָנגאָ, ווו איך האָב באַגעגנט אַן אײנאונאיינציקן „אונדזער־ריקן" ייד (די איבעריקע עטלעכע הונדערט יידישע משפחות שטאַמען מערסטנטײלס פון שפּאַנישע יידן, אימיגראַנטן פון אינדזל ראָדאָס), משה בערענשטיין. ער האָט אַמאָל געוווינט אין אומאַן, אוקראַינע, שפּעטער אין אַנטווערפּן. ער באַזיצט אַ גרויס געשעפט, אין וועלכן עס האָט געווימלט פון קונים. אָבער נאָך מײַן „שלום־עליכם" האָט זיך זײַן פּנים אָנגעצונדן, די אויגן האָבן געגליט. ער האָט אַוועקגעוואָרפן אַלע קונים און אָנגעהויבן שנעל־שנעל רעדן יידיש. „אַזאַ געלעגנהייט! אַזאַ גאַסט!" (ער האָט גע־לייענט וועגן מיר אין די דרום־אַפריקאַנער צייטונגען).

בערענשטיין איז דאָ דער פּאָרזיצער פון דער ציוניסטישער אָרגאַני־זאַציע, אָבער אים אינטערעסירט גאָר — ליובאַוויטשער חסידות. ער שטאַמט פון דאָרטיקן אומאַנער יחוס. צי ווייס איך אפשר וועגן די שניאורסאָנס? וועגן די גור־אריהס? און אַז איך ענטפער, אַז איך ווייס, לאָזט ער מיך שוין נישט אָפּ. ער האָט מיך באַגלייט צום לופט־פּאָרט און איז באַאומרויקט מיט מײַן רייזע אין די אַראַבישע לענדער.

און איידער דער עראָפּלאַן הייבט זיך אויף, באַווייזט ער נאָך צו זאָגן: „זאָל דער זכות פון ליובאַוויטשער אײַך ביישטיין אין די סכנות, וואָס איר נעמט אויף זיך!"...

איך, דער מתנגד, בין געריהרט פון דער ברכה פון דעם גלויביקן ברודער, וועלכער איז פאַרוואָגלט אין ווייטן קאָנגאָ, לעבט דאָ אין רייכ־טום און כבוד און פילט זיך דאָך איינזאַם, ווי אַ שטיין.

ווייטער פליען מיר שוין גאַנצע עלף שעה אָן איבעררייס. מיר פליען איבער די דזשונגלס פון קאָנגאָ, און איבער די מדבריות פון סודאַן. עס ווילט זיך גאָרנישט שלאָפן. אַ לאַנגע־לאַנגע נאַכט קוקט פון אונדזערע הויכן און וויקלט איין אין פינצטערקייט די ערד און די הימלען; אָבער ווען מיר דערנענטערן זיך דריי אַזייגער פאַרטאָג צו קאַיר, און דער עראָפּלאַן לאָזט זיך אַראָפּ נידעריקער, דערזע איך אַ דערשיינונג, וואָס האָט מיך איבעראַשט: צווישן די גוט־באַקאַנטע שאָטנס פון די אייביקע פּיראַמידן ברענט מיט בלויע נעאָן־פייערן דער ספינקס. אַלע וואַרפן זיך צום פענצטער. די שטימע אין עראָפּלאַן־ראַדיאָ דערקלערט אונדז, אַז שוין זינט צוויי וואָכן צייט ווערט דער פינף־טויזנט־יאָריקער ספינקס באַלויכטן דורך עלעקטריש ליכט...

אָט איז ער. דאָס לייבן־געזיכט פון רעמסס דעם צווייטן איז מער נישט קיין „ספינקס", האָט פאַרלוירן זיין רעטזלהאַפטיקייט, ער איז אַן עלעקטרישע רעקלאַמע, פּונקט ווי דער באַלויכטענער קאָלאָסעום אין רוים און דער אַקראָפּאָליס אין אַטען. אַ שאָד, וואָס עס ווערן אַראָפּגעריסן די שלייערס פון דער אַנטיקער וועלט און זי ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ קאָ־מערציאַליזירטער טוריסטן־אונטערנעמונג.

*

די קאַירער באַאַמטע דערליידיקן אַלץ שנעל און אָן שוועריקייטן. איך פאַרפאָר אין אַ קליינעם האָטעל „לאָטאָס", ווו עס זיצן אַמעריקאַנער מיט נישט קיין גרויסע געלט־מיטלען. פיל פון זיי בעגערס; לערער, דאָק־טוירים א. ד. גל. אַרום אזא האָטעל דרייט זיך נישט אַזויפיל פּאָליציי.

עס איז נאָך פינצטער, אָבער ווי נאָר די זון באַוויזט זיך איבער קאַיר, טעלעפאָניר איך צו מיינע באקאַנטע, וועלכע האָבן אַן אויטאָמאָביל. איך ווייס, זיי וועלן אויף מיר קיין פאַראיבל נישט האָבן, וואָס איך וועק זיי אויף פון שלאָף, ווייל איך האָב דאָך אַ גרוס פאַר זיי פון זייערע קינדער, וועלכע איך האָב מיט 18 חדשים צוריק געהאָלפן באַקומען וויזעס ביים אַמעריקאַנער קאָנסול. און גרויס איז געווען די שמחה. זיי קומען ביידע אַכט אַזייגער אין דער פרי אין מיין האָטעל. זיי נעמען מיך פריער פאַר אַלץ צו דער געביידע פון דער יידישער קהילה, אויף דער מיר אַזוי גוט באַקאַנטער גאַס פון „מיימאָנידעס" (דער רמב"ם, וואָס האָט דאָ אַמאָל גע־וווינט).

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב דאָס זעלבע געקאָנט טאָן מיט א „טעק־סי״ און נישט אויפוועקן מענטשן פון שלאָף, נאָר איך האָב געפילט, אַז מיינע באַזוכן אין קאַיר זענען בעסער באַשיצט דורך אַ פּריוואַטן אויטאָ פון פריינד איידער מיט אַ טעקסי.

און שוין אויפן וועג דערוויס איך זיך וועגן די ענדערונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען אין קאַיר זינט מיין לעצטן באַזוך, מיט אַנדערהאַלבן יאָר צוריק. נישטאָ שוין מער מיינע באקאנטע : דער דעמאָלטיקער קהילה־פּרעזידענט סאַלוואַטאָר סיקורעל (שוואָגער פון מענדעס פראַנס), דער פאַר־טרעטער זיינער פרחי, דער אסיסטענט פון הויפּט־רב, מיין יונגער פריינד הרב אברהם שועייקע. זיי זענען שוין אַלע אין ווייטע לענדער. דער אַל־טער בלינדער רב ר׳ חיים נחום עפענדי פּאָרט גראָד מאָרגן פרי אוועק אויף קוראַציע קיין שווייץ. מען וועט זיך באַמיען פונדעסטוועגן, איך זאָל אים נאָך היינט זעען. מען וועט באַלד טעלעפאָנירן צום איצטיקן קהילה־פּרעזידענט אַלבערט ראָמאַנאָ, אַ באַרימטער עגיפּטישער אַדוואָקאַט, ער זאָל קומען אין דער קהילה זיך זעען מיט מיר.

— זיי אַלע געדענקען איך צום גוטן, ווייל איר האָט דאָך מיטגע־ווירקט, אז דער אמעריקאַנער קאָנסול דאָ, וואָס האָט לכתחילה נישט גע־וואָלט אפילו הערן פון דעם, זאָל געבן וויזעס עטלעכע צענדליק יונגעלייט, וועלכע זענען געפאָרן לערנען אין דער מירער ישיבה אין ניו־יאָרק.

(איינגנטלעך איז מיין ראָל דעמאָלט געווען צו רעגיסטרירן די קינ־דער פון דער קאַירער ישיבה „אהבה ואחווה״, וועלכע נאָצער האָט גע־שלאָסן, און ברענגען זיי צום אַמעריקאַנער קאָנסול. יענער האָט קאַטעגאָריש און אפילו מיט אַ היפש ביסל רשעות די וויזעס אָפּגעזאָגט. אָבער אַדאַנק דער אומוואָרשיינלעכער ענערגיע פונעם מירער ראש־ישיבה אין ניו־יאָרק, הרב ר׳ אברהם קאַלמאַנאָוויטש, האָט דער סטייט־דעפּאַרטאַמענט אין וואַשינגטאָן פּשוט געצווונגען דעם קאָנסול אַרויסצוגעבן די וויזעס. דער קאָנסול אַליין, כאָטש ער איז נאָך אלץ אין קאַיר, איז באַזייטיקט גע־וואָרן פון דער וויזע־אַרבעט און פאַרנעמט זיך מיטן אַרכיוו, צו וואָס, עס ווייזט אויס, ער איז מער צוגעפּאַסט).

איצט זיצן מיר שוין אין הויפּט־ביוראָ פון דער קהילה אין קאַיר. מיט אונדז צוזאַמען איז הרב ר׳ חיים דועק, דער ניי־באַשטימטער אַסיס־

טענט פון הויפּט־רב און זיינע געהילפן, מיט וועלכע מיר פאַרשטענדיקן זיך אין עברית.

נישטאָ שוין מער דאָ דער טומל פון פאַראַיאָרן, ווען טויזנטער יידן האָבן זיך אין פּאַניק געשטופּט מען זאָל זיי וואָס שנעלער פאַררעגיסטרירן אויף עמיגראַציע. אַ פּאָר צענדליק יידן קומען נאָך אַלץ יעדן טאָג זיך פאַר־שרייבן אויף דער רייזע.

מיין לייענער פאַרשטייט, אַז מען מיידט אויס אין קאירער קהילה צו רעדן וועגן ישראל... אָבער געוויסע ציפערן האָב איך דאָך באַקומען: מיט אַ יאָר צוריק זענען אין מצרים געווען מער ווי פערציק טויזנט יידן. היינט זענען געבליבן פון צוועלף ביז פופצן טויזנט.

און ווו זענען זיי אַהינגעקומען? איין זאַך איז קלאָר: אַלע זענען זיי אָפּגעפאָרן אָדער מיט שיפן פון אַלעקסאַנדריע, אָדער, די רייכערע, מיט עראָפּלאַנען.

— מען זאָגט, אַז אַכצן טויזנט געפינען זיך איצטער אין אַ שכנות־דיק לאַנד (געמיינט ישראל), אַרום פינף טויזנט זענען אַוועק קיין בראַזיל און אַנדערע קלענערע לענדער אין לאַטיין־אַמעריקע, אַ פּאָר טויזנט זענען אַוועק קיין פראַנקרייך. אָט־דאָ האָט איר דעם חשבון.

— און וואָס רעכענען צו טאָן די איבערגעבליבענע יידן?

— אויף דעם קאָנען מיר אייך נישט ענטפערן.

— צי האָט זיך געענדערט דער פּאָליטישער מצב בנוגע יידן? און פון וואַנען לעבן זיי?

— דאָס איז נישט פאַר אונדז צו דערקלערן... אַלנפאַלס זאָגט זיי דאָרט, אונדזערע וווילטעטיקע ברידער אין אויסלאַנד, אַז השם־יתברך וועט בענטשן זייער אַרבעט, וואָס זיי האָבן געטאָן און טוען נאָך אַלץ פאַר אונדז, אפילו דורך די גויישע שליחים פון אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ...

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז די תשובות אויף מיינע פראַגן וועל איך אין די אָפיציעלע יידישע אינסטאַנצן נישט באַקומען.

דערווייל טעלעפאָנירט מען פון דער וווינונג פון ר׳ חיים־נחום עפענדי, אַז מען דערוואַרט מיך דאָרט פינף אַזייגער פאַרנאַכט. דאָרט וועט אויך זיין דער ראש־הקהל, אַלבערט ראָמאַנאָ.

# וואָס איך האָב איצט געזען אין קאַיר

איך האָב נאָך עטלעכע פרייע שעהן ביזן וויזיט ביים הויפּט־רב פון מצרים, ר׳ חיים־נחום עפענדי. באַשליס איך לאַנגזאַם שפּאַצירן איבער די טומלדיקע גאַסן פון קאַיר, מאַכן אַ פּאָר באַזוכן, וועלכע איך האָב נישט אָנאָנסירט דורכן טעלעפאָן (ביי דער גרויסער מערהייט יידן האָט מען די טעלעפאָנען צוגענומען), ווי אויך באַזוכן די אַמעריקאַנער אמבאסאדע.

קאַיר איז באַגאָסן מיט זון און באַשאָטן מיט בילדער פון נאַצערן. אַזאַ שפע בילדער פון אַ דיקטאטאָר האָב איך אפילו אין סאָוויעט־רוסלאנד נישט געזען אין די בעסטע צייטן פון סטאַלינען, וועלכער האָט ליב געהאַט צו זיין אַרומגערינגלט מיט סקולפּטורן און פאָטאָגראַפיעס.

אָט זעט איר טויזנטער בילדער פון נאַצערן מיטן שוואַרצן הערשער פון גאַנאַ, נקרומאַ. דאָס איז אַן איבערבלייבעניש פון זיין וויזיט דאָ מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק; און אָט איז נאַצער מיט כרושטשאָוון, אינמיטן די מאָסקווער פייערונגען; און נאַצער מיט אַ פּאָר סירישע „שאַרלאַטאַנעס״, וועלכע האָבן אים אין גלייכן געלט פאַרשאַכערט זייער „באַליבט פאָטער־לאנד״...

ווו־נישט־ווו זענען נאָך געבליבן הענגען פּלאַקאַטן מיט בן־גוריונען, פון דער צייט פון דער סיני־אַקציע. בן־גוריונס קאָפּ איז צוגעטשעפּעט צו אַ שלאַנג און נאַצערס „מעכטיקע״ האַנט האקט אראָפּ דעם קאָפּ מיט דער שווערד... אָט אזוי פּונקט איז זיך דאָס פאַרלאָפן, ווי איר אלע געדענקט...

איך קוק זיך צו צום נערוועזן איילנדיקן המון, וועלכער פּילט אויס די גאַסן. די מערהייט — די זעלבע אָפּגעצערטע, אויסגעדאַרטע, אין לאַנגע שמוציקע העמדער אָנגעטוענע „פעלאַכן״, — אַרבעטער, פּויערים און לופט־מענטשן, וועלכע בילדן דאָס די ניינצן מיליאָן מענטשן צווישן דער צוואַנציק מיליאָניקער עגיפּטישער באַפעלקערונג.

איך גיי פאַרביי אַ קראָם, וווּ איך פלעג בעת פריערדיקע וויזיטן קויפן פּאָסט־מאַרקעס און שרייב־מאַטעריאַל. זי האָט געהערט צו א ייד אין פאַרשטאָט העליאָפּאָליס. איך האָב דעם ייד שוין געזען אין תל־אביב, בעת מיין לעצטן באַזוך דאָרט, אָבער דאָך גיי איך אַריין אין קראָם זען זיינע

„יורשים". איך קויף אַ קליינינקייט און פרעג דעם נייעם אייגנטימער, — אַן עגיפּטער, מיט אַ פאַרחושכט פּנים, — ווי עס גייען די געשעפטן. ענט־פערט ער, אַז שלעכט, זייער שלעכט. ער האַלט ביים ליקווידירן די קראַם, ווייל עס איז קיין פּרנסה נישטאָ.

אין זעלבן הויז האָט זיך געפונען דאָס ביוראָ פון אַן אלטן פריינד מיינעם, דעם בארימטן אין קאַיר אדוואָקאַט יוסף אַנקאָנאַ. ער איז בשעתו געווען איינער פון די פאַרטיידיקער פון די אזוי־גערופענע יידישע „טעראָ־ריסטן", וועלכע מען האָט שפּעטער געהאָנגען.

איך האָב מזל און טרעף אים אין ביוראָ, ביי דער אַרבעט (זיין שטוב־טעלעפאָן האָט נישט געענטפערט, פּשוט דערפאַר, ווייל מען האָט אים אויסגעשלאָסן פון דער נעץ).

מיט אים צוזאַמען, ביים שרייבטיש, זיצט אַן עלטערער מענטש. ער איז אזוי ענלעך אויף אונדזערס א ייד, אַז ס'ווילט זיך אים אָפּגעבן אַ היי־מישן „שלום־עליכם". אָבער אַנקאָנאַ פאַרהאַלט מיך באַצייטנס און שטעלט אים פאָר: „דאָס איז מיין שותף אכמעד סאַלאַ־אַדין, דער געוועזענער פאָר־זיצער פון העכסטן געריכט אין עגיפּטן אין דער צייט פונעם קעניגרייך..."

די אַנקאָנאַ־פאַמיליע איז זינט הונדערטער יאָרן פאַרבונדן מיט עגיפּטן — אין אלע אירע צרות, נחת און רעזשימען. אָבער איצט מוז ער אָפּטרעטן זיין יורידישן פּלאַץ און פּאָזיציע צו א געבוירענעם מוסולמענער־עגיפּטער.

אנקאָנאַ קלאָגט זיך נישט, חלילה. אָבער איך ווייס, איך פיל, וואָס עס דאַרף איבערלעבן א מענטש מיט גרויסער ערודיציע און וויסן, ווען מען צווינגט אים צו ווערן א „שמש" ביי א יחוסדיקן עובר־בטל.

איך פרעג זיך נאָך אויף אַנדערע יידן. זייער לאַגע איז נאָך ערגער: דער באַנקיר מ. איז אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון דער דירה, מען האָט ביי אים צוגענומען דאָס פאַרמעגן, און מען לעבט פון דעם, וואָס זיין ווייב, די בריה, לערנט ברידזש־שפּילן עגיפּטישע דאַמען, פאַר אַ פונט (אַרום צוויי דאָלאַר) א שעה.

איך האָב געהאַט אַ מעגלעכקייט צו רעדן מיט אַן עגיפּטער, וועל־כער איז קעגן איצטיקן רעזשים. ער האָט מיר געזאָגט צוו. אַנד.:

נאַצער איז אַ סך וויכטיקער פּאָפּולער צווישן די עגיפּ־טישע מאַסן, ווי ער איז אין אויסלאַנד. זײ ווייסן דאָך דעם אמת, אז זייער עקאָנאָמישע פּאָזיציע איז נישט בעסער געוואָרן; אז פון די רייכ־טימער, וואָס מען האָט צוגענומען ביי יידן, ענגלענדער, פראַנצויזן און אַלע אַנדערע אויסלענדער (מען שאַצט אָפּ, אַז ביי יידן אַליין האָט מען צוגענומען א פארמעגן, וואָס איז ווערט א האלבן ב י ל י אָ ן דאָלאַר, — ד. ה. פיל מער, וויפל די אראבער, וואָס זענען אַנטלאָפן פון איצטיקן ישראל שאַצן זייער פארלוסט) האָט דער דורכשניטלעכער עגיפּטישער מענטש גאָרנישט גע־נאָסן. עס איז צוגעקומען א נייער קלאַס פון גבירים־אדירים, וועלכע האָבן פאר א שיבוש און דורך פארבינדונגען מיטן רעזשים איבערגענומען די רייכטימער.

אָט ברענג איך אפשר צום ערשטן מאָל אין דער עפנטלעכקייט די געשיכטע, ווי אַזוי דאָס ריזן־געשעפט פון סאלוואַטאָר סיקורעל, — דער געוועזענער פרעזידענט פון דער יידישער געמיינדע אין עגיפּטן, — איז אַריבער אין פרעמדע הענט.

נאָך פאַראַיאָרן בין איך געווען דער גאַסט אין סיקורעלס הויז אויף אַ מיטאָג, צוזאַמען מיט אַכט אנדערע פאָרשטייער פון עגיפּטישע יידן, באַ־זוכט אויך זיין דעפּאַרטמענט־סטאָר, — אַ מין „מעיסי׳ס״, — וואָס איז דאָס גרעסטע און מאָדערנסטע אין גאַנצן אָריענט. אינגאַנצן מיט צוויי יאָר צוריק איז די נייע געביידע פאַרענדיקט געוואָרן.

און איצט? — סיקורעל מיט זיין פאַמיליע זענען אין אויסלאַנד. דער איצטיקער בעל־הבית פון געשעפט איז ד ע ר ש וו אָ ג ע ר פ ו ן ג אַ מ אַ ל נ אַ צ ע ר.

ווו האָט די „אָרעמע״ פאַמיליע פון נאַצערן, נעבעך, אויסגעקראַצט די נייטיקע מיליאָנען, כדי צו דערווערבן דאָס סיקורעל־געשעפט? וויפל האָט מען טאַקע באַצאָלט פון די מינימום צען ביליאָן דאָלאַר, וואָס דער דעפּאַרטמענט־סטאָר איז ווערט געווען? און אפשר האָט מען סיקורעלן, וועלכער איז דער שוואָגער פון געוועזענעם פראַנצויזישן פרעמיער־מיניס־טער מענדעס־פראַנס, דערלויבט אַרויסצופירן פון עגיפּטן מער, ווי די צוואַנציק פונט (אַרום פופציק דאָלאַר), וואָס יעדער ייד מעג מיטנעמען? איר ווייסט נישט? ווען נאַצערס אַ שוואָגער מאכט א „פּאַטריאָטישע״ טראַנ־זאקציע שפּילט דען א ראָל געלט? אַ מיליאָן ארויף, א מיליאָן אראָפּ...

סיקורעל איז מסתם קיין אָרעמאַן נישט געבליבן, אָבער נאַצערס משפּחה איז שוין פאַררעכנט צו די גאָר גרויסע גבירים.

אין דער אַמעריקאַנער אמבאסאדע, ווו איך געפין שוין נישט מיינע פּאַראַיאָריקע באקאנטע, דעם מיניסטער שניי און דעם גענעראַל־קאָנסול רעדער, באגעגן איך איצטער כמעט אלע נייע פּערסאָנאַזשן (דער אמבאסאדאָר הייר איז איצט, ווי פאַראַיאָרן, צייטווייליק נישטאָ אין קאַיר).

פאַראַן אָבער נאָך דער ראַטגעבער מעק־גי, וועלכער קען מיך. ער באַקענט מיך מיט אַ נייעם מיטגליד פון דער אַמבאסאדע, וועלכער אינטע־רעסירט זיך מיט דעם, וואָס איך האָב אויסגעפונען וועגן דער לאַגע פון די יידן אין עגיפּטן. ער ווייסט, אַז איך בין אַ יידישער זשורנאַליסט און אַז דאָס איז מיין הויפּט־אינטערעס.

אָבער איידער נאָך איך באוויז צו ענטפערן אויף זיין פראַגע, גיט דער דאָזיקער יונגערמאַן אַ זאָג: „איר האָט געוויס נ י ש ט געפונען, אַז יידן דאָ זענען פאַרפאָלגט דורכן נאַצער־רעזשים. איז דען נישט אַ פאַקט, אז בעת דאָס ישראל־מיליטער האָט אומגעבראַכט אַזויפיל עגיפּטער, האָבן די עגיפּטער דאָ נישט דערהרגעט קיין איין ייד ?...״

אַ ביסל דערשטוינט פון אזא מין נישט־דיפּלאָמאַטישער פאָרמולירונג פון געשעענישן, וואָס האָבן צווישן זיך קיין שום שייכות נישט, פרעג איך אים, צי מיינט ער, אַז דאָס איז אַ סימן פון גרויסער טאָלעראַנץ, ווען מען איז, בעת דער ישראל־עגיפּטישער מלחמה, נישט באפאלן און געקוילעט די יידישע בירגער דאָ. ענטפערט ער, אַז יאָ ; אז ער האַלט, אַז די עגיפּטער האָבן אַרויסגעוויזן אַ פעסטקייט פון כאַראַקטער מיטן נישט לאָזן מאַכן קיין פּאָגראָם אויף זייערע יידן...

פאַרשטייט דאָך דער לייענער, אַז מיטן דאָזיקן יונגנמאַן האָב איך דעם שמועס נישט פאָרגעזעצט און אַוועק צום קלוגן און פריינדלעכן פרעס־שעף פון דער אַמבאַסאדע, מר. סאָרעסען, וועלכער האָט שוין יאָ גע־ווּסט ווי אַזוי מען רעדט מיט אַ יידישן זשורנאַליסט.

אגב האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי דאָ, אין דער אמעריקאַנער אמ־באסאדע, ווייסן פיל מער וועגן דער טראַנזאַקציע מיט סיקורעלס דעפּאַרט־מענט־סטאָר, ווי איך ווייס. מען האָט מיר אפילו אָנגערופן דעם נאָמען פון נאַצערס שוואָגער...

און מר. סאָרעסען פאַרשטייט אויך, פאַרוואָס איך וויל, אַז ער זאָל

שיקן א טעלעגראם אין אמעריקאַנער גענעראַל־קאָנסולאַט אין דמשק, אַז איך קום־אָן. דאָ, אין קאַיר, האָב איך נישט קיין מורא איך זאָל פּלוצים פאַרפאַלן ווערן; אָבער אין דמשק, אין געבענטשטן סיריע, קאָן מען פאַר־פאַלן ווערן אינמיטן גאַס און מען זאָל שפּעטער אייער געביין נישט געפינען. וויל איך, אַז דער אמעריקאַנער פאָרשטייער דאָרט זאָל כאָטש וויסן, אַז אזא „נפש" ווי איך געפינט זיך צווישן די דמשקער מויערן...

בקיצור, מען האָט אזא דעפּעשע קיין דמשק געשיקט און איך האָב זיך דאָרט געפילט אַ ביסל פעסטער, ווי איך וועל דאָס אין אַ ווייטערדיק קאַפּיטל דערציילן.

איצטער איז שוין צייט צו גיין צום „חכם־באַשי", צום אַלטן, בלינדן רב.

*

דער זעלבער אויטאָמאָביל פון דעם פריינד, מיט וועלכן איך בין אין דער פרי געפאָרן אין דער קהילה, ברענגט מיך צום רבס פּריוואַטער וווינונג.

עס איז אינטערעסאַנט, אז די פריינד מיינע האָבן זיך פריער אָפּ־געזאָגט מיך ברענגען צו דער געביידע פון דער אמעריקאַנער אמבאַסאדע: „עס קאָן אונדז שאָדן אַן עין־הרע..."

ר' חיים־נחום עפענדי איז איצט אַלט געוואָרן זעקס און אַכציק יאָר. ער אַמטירט נאָך יעדן טאָג, כאָטש ער איז אינגאַנצן בלינד שוין מער ווי צען יאָר. די יידן דאָ דריקן אויס זייער מורא: וואָס וועט, חלילה, זיין, ווען דער רב וועט „אַוועקגיין"? קיין שום פאַרטרעטער זעען זיי נישט פאַר אים, פאַר וועלכן די עגיפּטישע מאַכט פון אלע פריערדיקע און אויך פון איצטיקן רעזשים האָבן גרויס דרך־ארץ. און דווקא אין זיינע לעצטע יאָרן, — אין די הויכע אַכציקער, — האָט דער אַמאָל אזוי נאָכגיביקער „חכם־באַשי" אָנגעהויבן רעדן מיט פּראָטעסט און ווירדע.

אייניקע מאָל אין יאָר פירט מען אים צום פּרעזידענט נאַצער און ער דריקט אויס זיין צער און אויפרעגונג. מען הערט אים העפלעך אויס און מען „פאָלגט אים ווי דעם רב..."

ר' חיים־נחום עפענדי זיצט אויפן „פאָטער־שטול", „קוקט" מיך אָן מיט זיינע בלינדע אויגן, אָבער האַלט מיין האַנט און זאָגט, אַז ער „זעט" מיך דורך דער דאָזיקער באַרירונג.

ער דריקט אויס זיין צופרידנקייט, וואָס נאָך מיין פּאַראַיאָריקן וויזיט האָט זיך דאָך איינגעגעבן דער „מירער ישיבה אין ניו־יאָרק" אַראָפּ־צוברענגען קיין אַמעריקע עטלעכע צענדליק פּעיקע בחורים, וועלכע וועלן שוין בלייבן יידן... ער בענטשט די פירער פון דער ישיבה און בענטשט מיך, אַרויפלייגנדיק די הענט אויף מיין קאָפּ: „זאָל גאָט געבן, אַז אייערע קינדער זאָלן זוכה זיין טאָן פאַר יידן דאָס, וואָס זייער פאָטער טוט...". ער רעדט העברעיש און גייט אַריבער אויף פראַנצויזיש: — נאָך טויזנטער יאָרן געשיכטע אין עגיפּטן, זענען מיר דאָ געבליבן עפּעס מער, ווי צען טויזנט יידן. עס איז נאָך אַלץ מער, ווי די זיבעציק נפשות, וואָס יעקב אבינו האָט אַהער מיטגעבראַכט; אָבער פיל ווייניקער, ווי די מער ווי פערציק טויזנט, וועלכע איר האָט דאָ פאַראַיאָרן געפונען. זאָל דער אייבערשטער בענטשן אונדזערע ברידער אין יעדן אָרט ווו זיי זענען פאַרוואָגלט...

— איך האָב נישט לאַנג צוריק פּראָטעסטירט ביי אונדזער פּרעזידענט (נאַצערן), וואָס אין דעקרעט, וועלכן ער האָט אַרויסגעגעבן ערב זיין אָפּפאָר קיין מאָסקווע, האָט ער אונטערגעשטראָכן: בירגער פון פריינדלעכע מלוכות, וועלכע האָבן עמיגרירט פון עגיפּטן און זיי איז נישט דערלויבט געוואָרן זיך צוריקצוקערן אין לאַנד, קאָנען דאָס איצטער טאָן, אויב זיי ווילן; דער איינציקער אויסנאָם אָבער זענען יידן: יידישע עמיגראַנטן איז נישט דערלויבט דער צוריקקער, אויב אפילו זיי זענען דאָ געבוירן געוואָרן. אונטער „בירגער פון פריינדלעכע מלוכות" האָט אונדזער פּרעזידענט געמיינט די בירגער פון סאָוויעטישן בלאָק. דאָס איז געווען אַ „פריינדלעכער" זשעסט, ערב זיין אָפּפאָר קיין מאָסקווע, אייגנטלעך אַן איינלאַדונג פאַר די קאָמוניסטן, וואָס זענען אין פאַרשידענע צייטן פון דאַנען געלאָפן, אַז זיי מעגן צוריקקומען.

— איך האָב פיינלעך געפילט די דאָזיקע באַליידיקונג, פּראָטעסטירט; אָבער מען האָט מיר געענטפערט, אַז נאָר אַזעלכע יידן, וואָס זענען געפאָרן אלס טוריסטן, מיט צוריקקער־וויזעס, וועט מען נישט שטערן אַריינצוקומען אין לאַנד. אָבער אַזעלכע זענען דאָ נאָר איניקע צענדליק אין צאָל...

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דעם „חכם־באַשי" גייט נישט אַזוי אין דעם, אַז יידן, וואָס האָבן עמיגרירט, זאָלן צוריקקומען, נאָר ספּעציעל אין דער אָפיציעלער באַגרענעצונג פון געזעץ בנוגע יידן. פאַרשטייט זיך, אַז דעם רבס אינטערווענץ האָט נישט געהאָלפן.

מיט אונדז אין צימער געפינט זיך אויך דער איצטיקער פרעזידענט פון דער קאַירער קהילה, דער באַרימטער אַדוואָקאַט אַלבערט ראַמאַנאַ. ער רעדט ווייניק... ווען איך לאַד אים איין זיך פאָטאָגראַפירן מיט מיר, צוזאַמען מיטן רב־הראשי, ענטפערט ער: „אין צימער, אינעווייניק, קאָן איך דאָס טאָן, אָבער אַרויסגיין אויפן באַלקאָן (אין צימער איז שוין געווען צופיל טונקל פאַר אַ פאָטאָגראַפיע) קאָן איך נישט...״

דער אַלטער רב ווערט אונטער די הענט אַרויסגעפירט אויפן באַל־קאָן, אויף וועלכן עס שיינט נאָך די זון און מיין פריינד, וועלכער האָט מיך צו אים געבראַכט, נעמט דאָס בילד. דערביי ווייזט ער מיר אָן דיסקרעט אויף אַ ווינקל אין דער כמעט ליידיקער גאַס, ווו דער רב וואוינט: דאָרט שטייען פון ווייטן צוויי אוניפאָרמירטע פאָליציאַנטן, מיט צוויי ציווילע פאַרשוינען. דאָס איז די שטענדיקע וואַך, וואָס ווערט דאָ געהאַלטן. פאַרשטיי איך שוין, פאַרוואָס ראַמאַנאַ וויל נישט אַרויסגיין מיט אונדז צוזאַמען אויפן באַלקאָן: דער רב זעט נישט, אָבער ער זעט דאָך יאָ...

איך בעט דעם רב, ער זאָל מיר רעקאָמענדירן עפּעס א פאַראַנט־וואָרטלעכן ייד, מיט וועלכן איך קאָן קומען אין קאָנטאַקט אין דער הויפּט־שטאָט פון סיריע, אין דמשק.

קרעכצט דער אַלטער רב: — ניין, מיר האָבן נישט קיין קאָנטאַקט מיט די יידן אין סיריע, כאָטש מיר געהערן איצט צו איין אראבישער רע־פובליק. וואָלט איך געווען ייִנגער, וואָלט איך זיך באַמיט צו זיי צו פאָרן, געווען דאָרט אַמאָל א גרויסער רב, עזרא לאַניאַדאָ. מיט פופציק יאָר צוריק זענען מיר פריינד געווען. היינט, ווייס איך, איז געבליבן זיין אייניקל, סאַברי לאַניאַדאָ, א באנקיר. פרובירט אים זען... מיין הארץ גייט אויס צו מיינע ברידער אין אַלעפּאָ און צו די פאַסטעכער פון דעם מדבר, די ברוי־דער אונדזערע, וואָס וואוינען אין דער געגנט פון קאַמישלי. מען וועט אייך צו זיי נישט צולאָזן. איבערהויפּט איז אַ סכנה פאַר אייך צו פאָרן קיין סי־ריע... זאָל אייך גאָט אָפּהיטן אין אייער געפערלעכן וועג.

און מיר צעקושן זיך מיטן זעקסאונאַכציק־יאָריקן רב, אויף וועמענס שוואַכע פּלייצעס עס איז געפאַלן דער טראַגישער גורל פון באַשיצן די יידן אין דער פאַראייניקטער אַראַבישער רעפּובליק.

ווי לאַנג וועט ער דאָס אויסהאַלטן?

# באַזוך אין דמשק, סיריע, ערב דער איבערקערעניש אין איראַק

קאַיר און דמשק געהערן איצט צו דער זעלבער „פאַראייניקטער אַראבישער רעפובליק", וועמענס פרעזידענט איז גאַמאַל אבדול נאַצער.

אויב איר זענט נישט געניג געשולט אין די הלכות פון אָריענטאַ־לישער דיפּלאָמאַטיע קלערט איר אַזוי:

„פרעג נישט קיין קשיות, מאַך זיך נישט ווילנדיק, גיי צו דער עגיפּ־טישער פלי־ליניע „על מיסר", קויף אַ בילעט קיין דמשק און — פאָר אהין געזונטערהייט".

האָב איך אַזוי געטאָן, כאָטש, אַזוי ווי דאָס האַרץ וואָלט מיר געזאָגט, האָב איך צווישן די דיקע בלעטלעך פון מיין אמעריקאַנער פּאַספּאָרט אויך באַקומען אַ וויזע פון אַ סירישן קאָנסול, איידער זייערע דיפּלאָמאַטישע פאַרשטייער האָבן איבערגעגעבן די קאָנסולאַרע ביוראָען צו עגיפּטן. ווי אַ מעשה מאַכט זיך, האָב איך געקלערט, זאָלן די אויטאָריטעטן אין דמשק דערזען אויך זייערע „אַראַבעסקן" צוגלייך מיט דעם שטעמפּל פון עגיפּטן, שאַדן קאָן דאָס נישט. און דווקא האָט דאָס שטעמפּעלע, וועלכעס איך האָב געגומען כמעט „בהיסח הדעת", ווייל פאָרן איבער א יי ן מלוכה מיט צוויי פאַרשידענע וויזעס איז דאָך קעגן דער לאָגיק, דווקא דאָס האָט מיך אריינ־געבראַכט אינעווייניק פון געגאַרטן סיריע.

צו וואָס בין איך איבערהויפּט געפאָרן קיין סיריע? דאָס האָב איך זיך גערייצט מיט איינעם אַ פחדן, וועלכער איז מיט פיר יאָר צוריק גע־ווען אין דמשק, דער ערשטער פרעמדער ייד זינט דער מלחמה צווישן די אראבער און ישראל, און דער דאָזיקער שרעקעדיקער אורח האָט אפילו נישט געוואָגט צו האָבן א געשפרעך כאָטש מיט איין־און־איינציקן דמשקער ייד... דער פחדן, ווי מיינע געטרייע לייענער געדענקען געוויס, בין איך טאַקע אַליין: איך בין דאַן געווען צוזאַמען מיט מיין פרוי אויפן וועג פון ביירוט קיין ירדן און אַלט־ירושלים. די פּעסער אונדזערע האָט מען תיכף צוגענומען, ווי נאָר מיר זענען אַריין אין האָטעל.

דער אראבישער איבערזעצער, וואָס האָט אונדז דאַן געפירט אי־בער דער שטאָט, האָט געהאַט אַ חשד, אַז מיר זענען יידן און האָט זיך וועגן

דעם אין אַ גאַליקן שפּאַס נאָכגעפרעגט. באַקומען האָט ער פון מיר אַ „גאָב״, פאַר וועלכן ער האָט זיך אפילו דערשראָקן (איך האָב אים געסטראַשעט מיט פאַרלירן זיין שטעלע ביים „אַמעריקאַנער עקפּרעס״!).

בקיצור: מיר האָבן דאַן געכאַפּט אונדזער אויטאָמאָביל און אַרויסבאַקומענדיק די פּעסער פון האָטעל, זענען מיר פּשוט אַנטלאָפן אין דער ירדן־מלוכה.

איצט אָבער איז עפּעס אַנדערש. איך בין אַליין, איך ווייס שוין, ווי אַזוי מען גיט נישט אָפּ דעם פּאַס אין האָטעל צוזאַמען מיטן גריינעם צעטל, אויף וועלכן איר זענט מחויב אַנצושרייבן אייער רעליגיע. מען דאַרף דאָס לויט די פאָרשריפטן טאָן נאָכדעם, ווי איר זענט שוין גאַנצע 48 שעה אין סיריע. נו, וועל איך דאָרט זיין מיט איין שעה ווייניקער... מען דאַרף נאָר האָבן מזל, אַז די עראָפּלאַן־קאָמוניקאַציע צווישן קאַיר־דמשק און דמשק־ביירוט, זאָל שטימען לויט די פאָרשריפטן...

אין דער עגיפּטישער ליניע „על מיסר״ האָט מיר דער באַאַמטער ביים פענצטערל גלייך געזאָגט: „אַלע פלעצער קיין דמשק זענען שוין פאַרנומען מיט צען טעג פאָרויס״...

איך וויל דאָך אָבער פאָרן מאָרגן פאַרטאָג, נישט איך וויל, נאָר איך מוז, ווייל אויך אין קאַיר האָב איך אָן חשק אַוועקגעגעבן דעם גרינעם צעטל מיט מיין פּאַספּאָרט און מיין רעליגיע, כאָטש איך מוז ווידער פּעסטשטעלן: נישט די עגיפּטער אין קאָנסולאַט, נישט ביים אַריינפאָרן אין לאַנד האָבן זיך מיט מיין רעליגיע אינטערעסירט.

אַלזאָ, איך הייב אָן איינטענהען מיטן באַאמטן פון דער עראָפּלאַןגעזעלשאַפט, איך ווייז אים אַ טוץ פיינע פּאַפּירלעך, וואָס זאָגן עדות וועגן מיין ליטעראַרישער און זשורנאַליסטישער טעטיקייט. און דער באַאַמטער נעמט מיך צום סאַמע דירעקטאָר, אַן עגיפּטישער דזשענטלמאַן פון אַלטן שניט. יענער קוקט נאָכאַמאָל דורך דעם צעטל מיט די פופציק פּאַסאַזשירן, וואָס פליען מאָרגן קיין דמשק, געפינט עפּעס אַ פאָרמעלן פּגם אויף איינעם, שליסט ער אים אויס, דעם מצרי־מאַן. אָנשטאָט אים ווערט אַריינגעשטעלט דער נאָמען פון אַ ייד פון שבט לוי.

פרעג איך זיך ווידער: „נו, און דאָסמאָל וועסטו קיין מורא נישט האָבן? דאָס מאָל וועסטו יאָ זיך דערנענטערן צו דיינע עלנטע ברידער אין סיריע? דו ווייסט דאָך, אַז די סכנה איז זעלבע איצטער ווי דאַן״...

ענטפער איך מיין „יצר הרע" פון רייזן: „בלי־נדר, אויף געוויס צו זאָגן קאָן איך נישט, אָבער נאָכאַמאָל פּרובירן שאַדט נישט"...

אַ בין־השמשות פריער, אין דער שטוב פון קאַירער הויפּט־רב, ר' חיים־נחום עפענדי, האָב איך געפרעגט דעם בלינדן אַלטן: „ווייסט איר עפּעס וועגן דעם לעבן פון די יידן אין סיריע? קאָנט איר מיר אָנווייזן כאָטש איין פּערזאָן, צו וועלכער איך קאָן זיך ווענדן?"

די האַנט פון רב, וועלכער האַלט מיין האַנט גיט אַ ציטער:

— ניין, כ'ראָט אייך נישט צו פאָרן אַהין, דאָס איז פאַרבינדן מיט סכנות. מיר דאָ האָבן נישט קיין שום קאָנטאַקט מיט די סיריער יידן. אין פאַרגלייך מיט זייערע באַדינגונגען דאָרטן, איז אונדזער לעבן דאָ ממש אַ גן־עדן...

— עס דערגייען צו אונדז פון צייט־צו־צייט ידיעות, אַז די יידן לעבן דאָרט אין אָרעמקייט און שטענדיקער מורא; אַז פון די קרוב צוואָנציק טויזנט יידן, וואָס האָבן געלעבט אין סיריע ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה, זענען געבליבן נאָר עפּעס וויניקער ווי פינף טויזנט: פופצן הונדערט אין דמשק, אַרום 25 הונדערט אין חלב (אַלעפּאָ, די אוראַלטע שטאָט נישט ווייט פון דער טערקישער גרענעץ). נו, און אַרום טויזנט נפשות ציילן די מדבר־יידן פון קאַמישל, אויף דער סאַמע טערקישער גרענעץ. זיי זענען די אָרעמע פון די אָרעמסטע.

— די סיריער זענען גרויסע קנאים, ווען עס קומט צום קאָנטאַקט פון עמיצן פון דער אויסלענדישער וועלט מיט „זייערע" יידן. אויך מיר, עגיפּטישע יידן, זענען נישט קיין אויסנאַם, אפילו שוין נאָך דער פאַראייניקונג פון אונדזערע מלוכות אין איין רעפּובליק. אַז דער השם־יתברך וועט געבן כוח און אביסל רויקייט, וועל איך וועגן דעם פּרובירן רעדן מיט אונדזער פּרעזידענט (געמיינט — גאַמאַל נאַצער). דערווייל אָבער איז נאָך די צייט נישט געקומען.

— אויב אָבער די השגחה וועט אייך פירן אין גלייכן וועג און איר וועט אָנקומען קיין דמשק, פּרובירט זיך דאָרט טרעפן מיטן אַמאָליקן פירער פון דער דאָרטיקער קהילה. זיין נאָמען איז סאַבּרי לאַניאַדאָ. איר וועט אים געפינען אַן שוועריקייטן. גיט אים איבער די ברכות פון אַן אַלטן, בלינדן ייד, וועלכער האָט אין זיינע יונגע יאָרן באַזוכט זיין, לאַניאַדאָס זיידן, וואָס איז דאַן געווען הויפּט־רב אין דמשק"...

איך פאַרשטיי, אַז ר׳ חיים־נחומס ווערטער באַציען זיך אויף יענער צייט מיט פופציק יאָר צוריק, ווען ער, אַלס חכם־באַשאַ פון דער אָטאָמאַנישער אימפעריע, איז געקומען מיט אַן אָפיציעלן באַזוך אין דער דעמאָלטיקער סירישער פּראָווינץ, ווען רב איז דאָרט געווען דער זיידע פון זעלבן לאַניאַדאָ, וועמענס נאָמען ער האָט מיר איצט אָנגערופן.

*

פאַרטאָג אויפן לופט־פּאָרט אין קאָיר. דאָס איז געווען אינגאַנצן דריי טעג איידער די איבערקערעניש אין איראַק איז פאָרגעקומען. און אויך מיט דריי טעג פריער איידער די אַמעריקאַנער מאַרינען האָבן געלאַנדעט אין ביירוט, לבנון.

פאַרשטייט זיך, אַז כ׳האָב אַזעלכע געשעענישן נישט געקאָנט פאָראויסזען, נאָר מיטן זעקסטן חוש פון אַ געניטן רייזנדן האָב איך דערשמעקט פּולווער אין דער לופט. עפּעס אַזוי פיל עראָפּלאַנען — אינגאַנצן אַן צייכנס, אָנגעפּילט מיט ציווילע יונגע מענטשן הייבן זיך אויף און פליען אין אַן אומבאַוווּסטער ריכטונג. נאָרמאַלע עראָפּלאַנען וואַרטן און וואַרטן און מיר זענען שוין מיט צוויי שעה פאַרשפּעטיקט.

איך בין אויך געווען זיכער, אַז אַזוי ווי מיר פליען אין די גרענעצן פון דער זעלבער רעפּובליק, וועלן מיר נישט דאַרפן אונטערליגן קיין פּאַס־קאָנטראָל און קיין באַגאַזש־רעוויזיע. ערשט פונקט פאַרקערט: די שטרענגסטע זוכונגען קומען פאָר דווקא ביי די עגיפּטער, מען איז בודק זייער באַגאַזש, זייערע פּאַפּירן, מען באַטאַפּט אפילו די קעשענעס. עס איז מיר פשוט אומפאַרשטענדלעך. נאָר אַ קליינע גרופּע אויסלענדער, צווישן זיי איך אַליין ווערן געשאַנעוועט. מען קאָנטראָלירט אָבער די פּאַפּירן, מען פרעגט, וואָס מען פירט אין באַגאַזש, אָבער אלץ העפלעך. דעם באגאזש עפנט מען נישט אפילו.

און ווען מיר גייען שוין אַרויס אויפן פעלד, שטאַרק פאַרשפּעטיקטע, כדי אַריינצוגיין אין עראָפּלאַן, דערהער איך הינטער זיך דעם אמתן דרייגאָרנדיקן „אין דער מאַמען אַריין״, וואָס עס זאָגט איין יונגערמאַן צום צווייטן. איך גיב זיך אינסטינקטיוו אַ דריי אויס און דערזע צוויי סלאַווישע פּנימער און צוויי פיגורן, וואָס איר קאָנט שווערן, אַז די ציווילע קליידער זענען אויף זיי נאָר אויף אַ ווייל, אַז באַלד־באַלד, ערגעץ־ווו וועלן זיי פאַר־

ביטן ווערן מיט מיליטערישע מונדירן, אין וועלכע די דאָזיקע אויסגימ־גאַסטיקירטע יונגעלייט וועלן זיך בעסער אַריינפּאַסן.

שפּעטער אין עראָפּלאַן זיצן די צוויי רוסיש־רעדנדיקע פּאַסאַזשירן אין איין ריי מיט מיר. זיי זענען אין כעס, וואָס מען האָט זיי צו לאַנג גע־האַלטן מיט פאָרמאַליטעטן, וואָס מען האָט לאַנג געדאַרפט שטיין אויף דער ברענענדיקער זון. די רוסישע „פּעפּערדיקע שפּראַך" איז דאָך אַזוי צוגע־פּאַסט זיך אויסצולאָדן אין אומצופרידנקייט, אַז איך האָב פּשוט געשעפּט נחת צו דערהערן די „ווולקאַנישע" אויסדרוקן בעתן פלי איבער דער מדבר.

פון דער צאָל טעכנישע אויסדרוקן, וואָס מיינע שכנים באַנוצן, פאַרשטיי איך, אַז זיי זענען פלי־אינסטרוקטאָרן, וועלכע וועלן זיך איצט באַזעצן אין דמשק. פּלוצלינג דערהער איך, ווי איינער פון זיי גיט אַ זאָג צו זיין שכן: „דו ווייסט, מיר דוכט זיך, אַז אָט דער „טערק" ביים פענצ־טער (געמיינט מיך...) פאַרשטייט יעדעס וואָרט, וואָס מיר רעדן... מען דאַרף זיין פאָרזיכטיק".

ביידע קוקן מיך שאַרף אָן. ווייזט אויס, אַז איך האָב זיך גוט באַ־הערשט, ווייל דער צווייטער רעאַגירט:

„מורא האָט גרויסע אויגן... און דו ביסט אומעטום פול מיט דיין פּאָליצייאישער נאָז („פּאָליצייסקי ניוך")... דו זעסט דען נישט, אַז ער (דאָס הייסט, איך...), קוקט אונז אָן ווי אַ פולשטענדיקער אידיאָט?!..." אַלזאָ, סיי זיי, סיי מיר איז אַ שטיין אַראָפּגעפאַלן פון האַרצן.

מיר פליען איבער פרעמדער טעריטאָריע, ווייל סיריע און עגיפּטן, כאָטש זיי זענען איין רעפּובליק, האָבן דאָך אָבער נישט קיין געמיינזאַמע גרענעץ.

דאָס, זעט איר, איז דאָך איינער פון נאַצערס חלומות!...

נאָך צוויי שעה פליען דרייען מיר זיך שוין איבער די מאָלערישע מינאַרעטן פון דמשק. אויף לינקס ליגט דער באַרג חרמון מיט שניי באַ־דעקט. דאָרט פון וויט זענען די שפּיצן פון די לבנון־בערג.

מיר לאַנדן אין דמשק, וועלכע האָט נאָך נישט באַוויזן אויפצובויען אַ געהעריקע לופט־פּאָרט־געביידע, און מיר אַלע ווערן אַריינגעפירט אין א הילצערנער בודקע, ווו עס ווערט אזא מישמאַש פון מענטשן, פּאָליציאַנ־טן, באַגאַזש, אויטאָמאָביל־שאָפערן, וואָס זוכן קליענטן, אז איך ווייס נישט וואָס פריער אָפּצוהיטן: צי מיין קעשענע, ווו עס ליגן די דאָלאַרן, צי מיין

פּאַספּאָרט מיט אַלע דאָקומענטן, צי מיין באַגאַזש, וועלכן מען עפנט אויף און מען זוכט, און מען זוכט...

דעם פּאַספּאָרט נעמט מען גלייך צו און מען טראָגט אים אַריין אין פאַרשלאָסענעם צימער מיטן אויפשריפט: „זיכערקייט־פּאָליציי״. אפילו די רוסן, וואָס האָבן געהאַט ספּעציעלע „דינסט־פּעסער״, מוזן אויך וואַרטן ביי דער פאַרמאַכטער טיר.

איך דערפיל זיך פּלוצלינג אַזוי פאַרלוירן, אַזוי אומבאַהאָלפן, אַז די ערשטע חרטה־סימנים הייבן זיך שוין אָן אין מיר דערוועקן: „צו וואָס האָסטו דאָס געדאַרפט האָבן?״ עפּעס אַן אראַבער רוקט זיך ארויס פון צע־יאַכמערטן המון, גייט צו צו מיר, קוקט מיך פריער אָן און זאָגט אין אַ גוטן ענגליש:

„אַן אַמעריקאַנער טוריסט?״, „יאָ!״, „אויב אַזוי, וועט איר דאָך מסתם פאָרן מיט מיין טעקסי, וועל איך אייך העלפן אַרויסקריגן וואָס גיכער אייער באַגאַזש און אייער פּאַספּאָרט״...

איך דערפריי זיך מיטן דאָזיקן העלפער מיינעם. איך ווייס שוין פון דער פּראַקטיק, אַז דאָס וועט קאָסטן אַ פּאָר איבעריקע דאָלאַרן, אָבער אַ כפרה געלט, אַבי זיך אַרויסבאַקומען וואָס שנעלער פון דעם דאָזיקן שמוץ און ענגשאַפט.

עס דויערט טאַקע נישט מער ווי אַ 15 מינוט, און מיין בריהשער אַראַבער ברענגט מיך צו צום פענצטערל, ווו אַ פּאָליציי־אָפיציר באַטראַכט די פּעסער. ער זוכט עפּעס צווישן די צאָלרייכע וויזעס און געפינט נישט. ער קוקט מיך שאַרף אָן און פרעגט, אַ ביסל גראָבלעך, אין אַ צעבראָכענעם פראַנצויזיש: „און אונדזער וויזע האָט איר?״

— איר מיינט די עגיפּטישע וויזע? — פרעג איך.

— ניין, די סירישע, מיין איך, מעסיע.

בקיצור, איך אַליין געפין, מיט שוועריקייטן, דאָס סירישע שטעמ־פּעלע צווישן די אויסגעפילטע מיט שטעמפּלען זייטן פון מיין פּאַספּאָרט.

דער פּאָליציי־אָפיציר גיט צו, אַלץ מיט דעם זעלבן אומהעפלעכן טאָן:

— דאָ איז נישט עגיפּטן, מעסיע; דאָ איז די פאַראייניקטע אראבישע רעפּובליק. ווען איר האָט נאָר די עגיפּטישע וויזע, וואָלט מען אייך געשיקט צוריק קיין קאַיר.

איצט פאַרשטיי איך שוין: עס איז געווען גוט, וואָס איך האָב דאַן, אין ניו־יאָרק, אינסטינקטיוו פאַרויסגעזען, אַז נאָך אַ סיריש שטעמפּעלע קאָן נישט שאַטן.

(איצט זענען שוין אין ניו־יאָרק ליקווידירט געוואָרן ביידע קאָנ־סולאַטן, — דער עגיפּטישער און סירישער, — און אַנשטאָט דעם פונק־ציאָנירט נאָר דער קאָנסולאַט פון דער „פאַראייניקטער אראבישער רע־פובליק”).

דער פּאָליציי־באַאַמטער וויל, אַז איך זאָל אויפן אָרט אויספּילן דאָס גרינע קאַרטל, ווו ס׳געפינט זיך די פראַגע וועגן דער רעליגיע. זאָג איך אים, אַז מיין שאָפער איילט זיך און אַז איך וועל נאָך, איה״ש, דאָס גרינע קאַרטל אָוועקטראָגן אין דער פּאָליציי.

קוים אַ גאנצער מיט מיינע קעשענעס, פּאַפּירן און באגאזש, גיי איך אריין אין אויטאָמאָביל.

דער שאָפער פּרוווט מיך באַרויקן:

— עפּעס האָט איר אויסגעזען אין טומל אויפן לופט־פּאָרט אַזוי צעשראָקן, געמיינט, מסתם, מען וועט אייך באַגנבענען. וויל איך אייך זאָגן, אַז ביי אונדז, אין סיריע, גנבעט מען נישט; מיר זענען נישט ווי די עגיפּ־טער, וואָס זענען באַרימט אין דער וועלט אַלס די גרעסטע קעשענע־גנבים. אָ, נישט ביי אונדז! אונדזערס אַ מענטש וועט בעסער באַנוצן אַ קינזשאַל, אַ לאַנג מעסער, איידער זיך באַשמוצן מיט אַ מעסערל, וואָס שניידט די קעשענעס...

צאַרטער פּאַטריאָטיזם, זיסע מעסער־קאָנקורענץ, — עפּעס גאָרנישט קיין גוטע קעגנזייטיקע מיינונג האָבן צווישן זיך די פאַרבינדעטע. זאָל זיין, אַז זיי זענען ביידע גערעכט?

אויפן לופט־פּלאַץ, ווען דער פּאָליציי־אָפיציר האָט מיך געפרעגט, אין וועלכן האָטעל איך וועל פאַרפאָרן, האָט זיך ביי מיר אַרויסגעכאַפּט: „אין האָטעל אָמאַיאַר”. אָבער איצטער, אויפן וועג, האָב איך זיך דער־מאָנט, אַז דאָס איז דער זעלבער האָטעל, ווו זיי כאַפּן גלייך צו די פּעסער, האָב איך דעריבער גלייך געביטן: „גראַנד האָטעל”. דאָרט האָט מען מיר געזאָגט, פאַרפאָרן מייסטנס רעספּעקטאַבלע אַראַבער און נישט קיין אַמע־ריקאַנער טוריסטן, מיט גראָבע טייסטערס. אין אַזאַ באַלעבאַטישן אראבישן האָטעל וועל איך זיך פילן היימישער. איך האָב קיין חרטה נישט געהאַט

אויף מיין אויסוואַל. אמת, דאָס הייסע וואַסער אין צימער איז נישט גע־פלאָסן; דער טעלעפאָן האָט נישט געאַרבעט; די „באַקוועמלעכקייטן" זע־נען געווען אויפן קאָרידאָר, אָבער מיין פּאַספּאָרט האָט מיר דער פּאָרטער נישט צוגענומען. מאָרגן איז אויך אַ טאָג. דערווייל דאַרף איך געפינען מיין איין־און־איינציקן יידישן אַדרעס: סאַברי לאַניאַדאָ.

# אַ דראַמאַטישע באַגעגעניש מיט אַ יידישן פּירער אין דמשק

ווי אַזוי זוכט איר אויס אַן אַדרעס פון אַן אָנגעזעענעם מענטש אין אַ שטאָט, ווו איר זענט נאָר־וואָס אָנגעקומען?

פריער ווי אַלץ נעמט איר זיך צום טעלעפאָן־בוך. אָבער אין דמשק איז דאָס טעלעפאָן־בוך געדרוקט נאָר מיט אַראַבישע אותיות. איבערהויפּט איז גאַנץ דמשק, — ווי גאַנץ סיריע, אומגעוויינלעך אַראַביזירט: איר זעט נישט אויף די שטענדערס קיין שום צייטונג, וואָס איז נישט אראביש; קיין שום אויפשריפט אויף די געשעפטן, וואָס איר זאָלט קאָנען איבערלייענען, אויב איר קענט נישט די אראבישע שריפט; אפילו די נומערן אויף די טראַמווייען און אין די אויטאָבוסן זענען אויסשליסלעך מיט אַראַבישע ציפערן, וועלכע זעען אויס גאַנץ אַנדערש ווי די, וועלכע מיר קאָנען פאַרשטיין. דאָס קינדער־מעשהלע, אַז די ציפערן, מיט וועלכע מיר באַנוצן זיך אין טאָטטעגלעכן לעבן זענען „אַראַבישע", ווערט דאָ אויסגערונען, ווען איר דערזעט פלוצלינג, אז א „קייקעלע" איז גאָר א 5, אַ 3 איז א פלעקל מיט צוויי שפּיצן, און אַ 4 איז אַן איבערגעקערטער בוכשטאַב „ע"... בקיצור, אויב איר האָט זיך פריער נישט אויסגעלערנט כאָטש אַ ביסל פון אראבישן „אלף־בית" און אייניקע פון זייערע ציפערן — זענט איר אין אזא דמשק א פארלוירענער.

גאַנץ אַנדערש איז די לאַגע אין עגיפּטן אָדער אין לבנון, ווו עס גייען אַרויס ענגלישע און פראַנצויזישע טאָג־צייטונגען; ווו די אָנגענומע־נען אין דער מערב־וועלט בוכשטאַבן און ציפערן זענען, אַזוי צו זאָגן, גלייכ־באַרעכטיקט מיט די אראבישע.

אַז איר דאַרפֿט אויסגעפֿינען אין טעלעפֿאָן־בוך אַ נאָמען, מוזט איר אָנקומען צום פּאָרטער פֿון האָטעל — ווייל אין אַן אַנדער אָרט איז איבער־הויפּט שווער צו געפֿינען אַ טעלעפֿאָן־בוך, און נאָך מער עמיצן — וואָס זאָל קענען לייענען: אַכציק פּראָצענט פֿון דער באַפֿעלקערונג דאָ קאָנען זיך נישט אונטערשרייבן.

בעת איך דעם פּאָרטער אויסגעפֿינען אין טעלעפֿאָן־בוך דעם נאָמען סאַברי לאַניאַדאָ, קוקט ער מיך מאָדנע אָן און ענטפֿערט: — סאַברי ליאַ־ניאַדאָ איז אַ ייִד — האָט ער דעריבער נישט קיין טעלעפֿאָן אין זיין דירה; אָבער איר קאָנט אים געפֿינען אין דער באַנק, וואָס האָט אַמאָל צו אים געהערט און היינט אַרבעט ער דאָרט אַלס באַאַמטער. בעסער טעלעפֿאָנירט נישט און פֿאָרט גלייך צו צו דער באַנק. איך וועל רופֿן אַ טעקסי און געבן דעם שאָפֿער זיין אַדרעס.

האָב איך שוין, הייסט עס, אין קלוגן פּאָרטערס תשובה אַ פּאָר נייע־טיקע אינפֿאָרמאַציעס וועגן גורל פֿון די יידן אין סיריע.

די טעקסי דערפֿירט מיך ביזן אַריינגאַנג צו דעם לאַבירינט פֿון די באַזאַרן („סוקאַס״) — די באַרימטע אין דער וועלט, מיילן לאַנגע גדעקטע, שטיינערנע געסלעך פֿון קראָמען, קרעמלעך, סטראַגאַנעס, ווו עס ווימלט מיט אַראַבער פֿון אַלע מינים, וועלכע שטופּן זיך אין די טויזנטער, אין שמאַטעס געוויקלטע, מיט פּעק און קאַנען אויף די פּלייצעס; מיט אייזלען, באַלאָדענע מיט משא; מיט „קעפֿיאַס״ אויף די קעפּ און קינזשאלן אין די גאַרטלען; מיט בליצנדיקע, אומהיימלעכע אויגן, אין וועלכע עס איז פֿאַר־גליווערט פֿון טויזנטער יאָרן די ווילדקייט פֿון מדבר; מיט קאַליקעס און הויקערס; מיט שוואַרץ־באַדעקטע פּנימער פֿון פֿרויען; מיט צעווילדע־וועטע קינדער, וואָס וואַרפֿן זיך מיט שטיקלעך אַרבוזן און שרייען, ליאַר־מען. די לאַנגע געסלעך זענען אָנגעפֿילט מיט אַ שאַרפֿן ריח פֿון עסנוואַרג, אויסגעפּרעגלט פֿון ציבעלעס און קנאָבל. דער שטיינערנער ברוק איז גלי־טשיק, באַשאָטן מיט אָפּפֿאַל און מיט געפּגרטע הינט און קעץ. און דאָך — זעט נאָר, ווי צווישן דעם דאָזיקן שמוץ און אָפּגעלאָזנקייט שיינען אַרויס פֿון אייניקע גרויסע שויפֿענצטער אַלערליי בראָקאַטן, פּליושן, קאָלירטע זיידענע שטאָפֿן, וועלכע האָבן באַרימט געמאַכט דמשק זינט טויזנטער יאָרן (זע: יחזקאל, כ״ז).

אַז די טעקסי האָט מיך אַראָפּגעלאָזט ביים אַריינגאַנג צו אָט־די

„באַזאַר־לאַבירינטן״, האָב איך בײַ זיך פּלוצלינג באַשלאָסן, אַז איך האָב נישט קיין מורא צו בלײַבן אַליין צווישן דעם דאָזיקן ווילדן מיש־מאַש פון מדבר און „ביזנעס״; אַז גאָרנישט וועט מיר געשען, אויב איך וועל לאַנג־זאַם זיך שלעפּן אַ ביסל איבער די שטיינערנע געסלעך, וועלכע האָבן זיך נישט געביטן אין זייער אויסזען און טומל, זינט אליעזר עבד אברהם האָט פאַרלאָזט דמשק, כדי צו פאַרנעמען זײַן „שטעלע״ ביים ערשטן ייד אין דער געשיכטע. מײַן יידישקייט ליגט מיר דאָך נישט אויף דער נאָז; שטאַמען מיר דאָך אַלע פון די דאָזיקע מקומות, און איך קאָן אויך זײַן אַ קונה אין די דאָזיקע באַזאַרן, פאַרוואָס זאָל מען מיר טאָן שלעכטס? און אַז איר באַפרייט זיך נאָר פון מורא, הייבט איר זיך אָן ערשט דעמאָלט פילן אויף אַן אמת פריי.

נאָכדעם ווי איך האָב געקויפט אַ קרומען דמשקער קינזשאַל, וועלכן איך דאַרף האָבן אויף כפּרות, ווייל מער ווי אַ טוץ וואַלגערט זיך שוין אין מײַן ניו־יאָרקער דירה, בין איך אַריבער די שוועל פון דער געביידע און אַרויף אויפן צווייטן שטאָק, וווּ איך האָב גלייך דערזען אַ גרויסע באַנק־ביוראָ מיט אַ סך באַאמטע, און אויף רעכטס — אַן אָפענע טיר אין אַ צי־מער, וווּ עס זיצן, בײַ באַזונדערע טישן, צוויי מיטליאָריקע מענער פון אָריענטאַלישן טיפּ.

ווידעראַמאָל געפירט פון זעקסטן פון חוש, גיי איך גלייך צו צו איינעם פון זיי, און גיב אַ פרעג, אין פראַנצויזיש: „זענט איר מעסיע סאַברי לאַ־ביאַדאָ?״ „יאָ״, ענטפערט דער הער, אַנקוקנדיק מיט פאַרוווּנדערונג דעם פרעמדן גאַסט. ער בעט מיך זיצן און וואַרטן, וואָס איך וועל זאָגן. פון צווייטן טיש בליקט אויף אונדז, מיט שוואַרצע אויגן, דער אַראַבער — ווייזט אויס, פאַראינטריגירט מיט מײַן אַריינקומען.

אַ ביסל געפינ איך מיך אין א פאַרלעגנהייט ווי אַזוי אָנצוהייבן דעם שמועס. נעם איך לכתחילה אַרויס פון מײַן קעשענע אַ צונויפגעדרייט פּעקל פּאַפּיר־געלט, — עגיפּטישע פונטן, — און זאָג: „מען האָט מיר געראָטן, איך זאָל בײַ אײַך אויסבייטן מײַן עגיפּטיש געלט אויף סיריש״...

לאַניאַדאָ קוקט מיך אָן, אַזוי ווי מיט חשד און רעאַגירט: „מען האָט מסתם געמאַכט שפּאַס פון אײַך: בײַ אונדז, אין סיריע, בײַט מען געלט בײַ די „חלפנים״ אויף יענעם ווינקל פון גאַס: צוליב דעם קומט מען נישט אין אַ באַנק; אויב איר ווילט, וועל איך בעטן איינעם פון מײַנע משרתים

דאָ, ער זאָל אַראָפּגיין און אויסבייטן פֿאַר אייך דאָס געלט; דערוויייל וועט איר טרינקען אַ טעפּעלע קאַווע"...

באַלד ברענגט מען די קאַווע. דער זעלבער „מעסענדזשער" לויפֿט אַראָפּ אין באַזאַר בייטן מיינע צען עגיפּטישע פֿונט.

און דאָ גיב איך אַ זאָג אָן ספּעציעלע צערעמאָניעס: „דער „חכם" חיים נחום עפֿענדי' האָט מיר נעכטן, אין קאַיר געזאָגט, אַז ער געדענקט זיין באַזוך אין דמשק, ביי אייער זיידן, דעם דעמאָלטיקן הויפּט־רב פֿון סיריע"...

לאַניאַדאָ גיט זיך נערוועז אַ רוק אויף זיין שטול און וואַרפֿט אַ שנעלן בליק אין דער ריכטונג פֿון טיש, ווו עס זיצט זיין אראבישער קאָלעגע. יענער, ווייזט אויס, האָט אָבער פֿאַרלוירן יעטוועדן אינטערעס אין מיר און רעדט גאָר דורכן טעלעפֿאָן.

— זענט איר, הייסט דאָס, נאָך נעכטן געוועזן אין קאַיר? אָ, איך געדענק דעם חכם־באַשאַ פֿון מיינע קינדער־יאָרן. וואָס מאַכט ער? מען זאָגט, אַז ער איז אינגאַנצן בלינד. זענט איר אַן אַמעריקאַנער?

— יאָ, אַן אמעריקאַנער. מ'וואָלט וועלן ביי אונדז וויסן, ווי זעט עפּעס אויס סיריע נאָך דער פֿאַראייניקונג מיט עגיפּטן? ווי גייען די ביזנעס? אגב, ווי אַזוי עס לעבט זיך דאָ די יידן, וואָס זענען נאָך געבליבן?

לאַניאַדאָס קיילעכדיק געזיכט ווערט פּורפּור־רויט; ער באַהערשט קוים זיינע נערוון. ווידער פֿאַלט זיין בליק אופֿין טיש, ווו עס זיצט דער אַראַבישער קאָלעגע. גליקלעכערוויז האָט זיך יענער פּלוצלינג אויפֿגעהויבן און איז אַריין עפּעס דערליידיקן אין גרויסן זאַל.

לאַניאַדאָ אָטעמט פֿרייער אָפּ; דאָס זעלבע — איך, זיין גאַסט...

ער רעדט שנעל, אין פֿראַנצויזיש, נערוועז און מיט אַ ציטער אין קול:

— איך פֿרעג אייך נישט, ווער איר זענט; איך וויל דאָס גאָרנישט וויסן! אויב איר זענט אַ ייד, טאָר איך גאָר מיט אייך נישט רעדן: איך, אָדער איר, מוז האָבן אויף דעם אַ דערלויבעניש פֿון דער „זיכערקייט־פּאָליציי". אויב איר האָט נישט אזא דערלויבעניש, דאַרף איך גלייך צו־וויסן געבן דער פּאָליטישער פּאָליציי... איר זענט אַן אויסלענדער, איר פֿאַרשטייט? איך שווער ביי מיינע תפֿילין, וואָס איך לייג יעדן טאָג, אַז איר זעט מיר נישט אויס צו זיין אַ ייד! איר זענט אַ קריסט, נישט אמת? איז דאַרף איך קיינעם נישט מעלדן וועגן אייך...

די אָדערן אויף לאַניאַדאָס טונקעלן שטערן ווערן שטאַרק אָנגעבלאָזן; זיינע אויגן ווערן פייכט.

איך בין געבליבן זיצן, באַדעקט מיט אַ קאַלטן שוויס, איבערגענומען דורך דער דראַמאַטישער סיטואַציע, וואָס האָט זיך דאָ געשאַפן. איך שטאַמל אַרויס: — אָ, אַנטשולדיקט מיר, טייערער הער, וואָס איך האָב אייך פאַרשאַפט אויפרעגונג: איך האָב געמיינט, אַז עס וועט קיינעם גאָרנישט שאַטן, אויך נישט אייער רעגירונג, ווען א גאַסט פרעגט זיך נאָך אויף יידן. איר פאַרשטייט, איך שטודיר פיל און שרייב איבער סעמיטישע פעלקער, און אויך יידן זענען דאָך סעמיטן...

ער ווערט אַ ביסל רויקער: — דאָס בעסטע וואָלט געווען, ווען איר ווענדט זיך צו דער קולטור־אָפּטיילונג פון אונדזער אינערן־מיניסטעריום, אָדער נאָך בעסער, ווען איר פאָרט היינט אַוועק; די צייטן זענען אומרויקע און מען האָט נישט ליב קיין פראַגן... פון אַלע יידן אין דמשק בין איך דער איינציקער, וואָס זיצט ביי אַזאַ טיש און האָט אַזאַ שטעלע; פאַרוואָס? — ווייל מען האָט מיך ליב... איבערהויפּט זענען ווייניק געבליבן פון יענע יידן, וואָס דער „עפּענדי״ אין קאַיר (געמיינט דעם הויפּט־רב) געדענקט; געוווינט האָבן אַמאָל יידן אין פופצן גאַסן; היינט זענען געבליבן נאָר צוויי, און די יידן, וואָס ווױנען דאָרט, זענען נישט פון די אַמאָליקע דמשקער; יענע זענען נישטאָ! זענען אָנגעקומען אין די גאַסן דאָרפס־יידן פון די גרענעץ־שטעט — אָרעמע, קראַנקע; נישטאָ קיין יונגע... אונדזער רב איז אַלט מער ווי ניינציק יאָר; זעט נישט און הערט נישט; זוכט אים בעסער נישט... (איך וויל נישט פרעגן, צי דאָס מיינט ער דעם אַלטן רב ר׳ אליעזר פרנוס, וולעכער האָט מיר, מיט צוואַנציק יאָר צוריק, אינעם זעלבן דמשק געוויזן די אוצרות פון דער סינאַגאָגע: די מיט האַנט־געשריבענע תנכ״ן, די אַלטע כתרי־תורהס א. ד. גל.) ניין, גייט נישט אין „יידן־קוואַרטאַל״! מען קאָן דאָס שלעכט אויסטייטשן און עס קאָן אייך שאָדן ברענגען...

מיין האַרץ קלעמט אַזש, ווען איך הער דעם מענטש מיטן באַרימטן נאָמען אין דער מזרח־וועלט (די לאַניאַדאָס האָבן אין משך פון דורות אַרויסגעגעבן גרויסע רבנים, משכילים, שרייבער), ווי ער רעדט מיט אַזוי פיל אַנגסט און מורא. ער ווייזט דאָך אַרויס אַזויפיל זאָרג אויף פאַר מיין גורל, זיין גאַסט, מיט וועלכן ער טאָר גאָרנישט רעדן, אויב ער איז אַ ייד.

פּרוביר איך אים בעטן: — גיט מיר איינעם פון אייערע באַאַמטע, כאָטש אַ שיק־יינגל אין באַנק, ער זאָל מיך ברענגען אין יידישן קוואַרטאַל. איך בין גרייט צו באַצאָלן זיין לוין פאַר אַ גאַנצן טאָג.

— ניין, אַלע שיק־יינגלעך זענען נייטיק און איך קאָן אייך קיינעם נישט געבן, אפילו אויף אַ שעה צייט... אויב איר ווילט דווקא אַהינגיין, וועל איך אייך אָנשרייבן אַן אראביש צעטעלע און גיט עס דעם שאָפער פון א טעקסי, וועט ער אייך אהין פירן. אַנטשולדיקט מיר, אַנטשולדיקט, וואָס איך קאָן פאַר אייך גאָרנישט טאָן; אפילו צו מיר אין שטוב קאָן איך אייך נישט איינלאַדן, ווייל איך האָב נישט קיין משפחה מער — אַמאָל געהאַט...

איך זע, אַז איך וועל מיט דעם דאָזיקן שטאַרק אויסגעפּרוווטן און ליידנדיקן מענטש מער גאָר נישט קאָנען מאַכן, נעם איך דאָס צעטעלע, מיטן אַדרעס אין אַראַביש. הייבן מיר זיך אויף, נעם איך זיין האַנט מיט מיינע ביידע הענט און זאָג, כמעט מעכאַניש: „שלום וברכה לך יקירי!" און ער ענטפערט: „רבוני דעלמא כולו יברך אותך בכל אשר תפנה" (דער האַר פון דער גאַנצער וועלט זאָל דיך בענטשן, ווו נאָר דו וועסט זיך ווענדן).

גלייבט מיר, די דאָזיקע באַגעגעניש מיטן איינפאַכן דיאַלאָג און עפּילאָג, אַנטהאַלט אין זיך מער דראַמאַטישקייט ווי אַ לעצטער אַקט אין אַ שעקספּיר־טראַגעדיע. צו וואָס זאָל איך צופיל קאָמענטירן? דער, וואָס פילט, וועט פאַרשטיין און פאַר אנדערע האָב איך דאָס אויבנגעבראַכטע נישט געשריבן.

מיטן צעטעלע אין האַנט, אין וועלכן עס האָט געזאָלט זיין דער אַד־רעס פון יידישן קוואַרטאַל, זוך איך גלייך אויס אַ טעקסי. דער שאָפער האַלט לאַנג פאַר די אויגן די דריי אָנגעשריבענע ווערטער. נאָכדעם גייט ער פּלוצלינג אַריין אין א לעדער־געשעפט און קומט אַרויס פון דאָרטן מיטן אייגנטימער. ביידע רעדן נאָר אַראַביש; ביידע קוקן אויפן צעטעלע און דערקלערן עפּעס, מאַכנדיק מיט די הענט. איך הייב שוין אָן ווערן אומרויק און ווען איך דערזע, אַז די אראבער, וועלכע קאָנען מסתם ביידע נישט לייענען, הייבן זיך אָן רירן אין דער ריכטונג פון פּאָליציאַנט, וואָס שטייט אינמיטן גאַס און רעגולירט די טראַפיק־באַוועגונג, ווער איך גאָר אומגעדולדיק — רייס איך אַרויס דאָס צעטעלע פון שאָפערס הענט און גיב אים אַ זאָג:

„פאָר צום „גראַנד האָטעל״ — צוריק אַהיים, הייסט עס.

דאָרט, אין דער שטילקייט פון מיין צימער, האָב איך ווידער אָנגעהויבן שפינען פּלענער, ווי צו דערגרייכן דעם „יידן־קוואַרטאַל״, וועלכער איז, ווייזט אויס, גאָר נאָענט פון דאַנען, אָבער וועלכער פאַרשווינדט פון מיר, ווי נאָר איך באַמי זיך אים צו דערגרייכן.

# אַ באַזוך אין יידישן געטאָ פון דמשק

איך געדענק דמשק פון אַמאָליקע באַזוכן, אין דער צייט פון פראַנצויזישן מאַנדאַט, און אפילו פון די שפּעטערדיקע „זעלבשטענדיקע״ יאָרן. מען האָט זיך נאָך געקאָנט עפּעס נאָכפרעגן אין פראַנצויזיש, געפינען אַ צייטונג מיט לאַטיינישע אותיות. היינט, אָבער, איז דאָס נישט בנמצא. אפילו די ענגלישע און פראַנצויזישע צייטונגען, וואָס דערשיינען אין דער זעלבער רעפּובליק, — אין עגיפּטישן טייל, — קאָן מען נישט געפינען אין דמשק.

מען זעט, אַז עפּעס אַ מעכטיק נאַציאָנאַליסטיש־שאָוויניסטישע האַנט פאַרוואַנדלט דאָס אויסערלעכע אויסזען פון סיריע אין א דורכאויס אַראַביזירטן שטאַט, אויסרייסנדיק מיטן וואָרצל יעדן איינפלוס פון אַן אַנדער ציוויליזאַציע.

מען זעט אָבער אויך, אַז דער דורכשניטלעכער סיריער לעבט בעסער ווי זיין איצטיקער עגיפּטישער באַהערשער: ער איז בעסער געקליידט, האַלט זיך ריינער, זעט אויס גענזונטער. דאָס באַשטעטיקט גלייך, אין געשפּרעך מיט מיר, דער לייטער פון א רייזע־ביוראָ אין דמשק, אַדיב חליף, וועמען איך ווייז דעם רעקאָמענדאַציע־בריוו פון דער בעלגישער פלי־געזעלשאַפט „סאַבענאַ״. חליף פאַרטרעט זי דאָ אין סיריע, און טוט באמת אַלץ, וואָס איז מעגלעך, כדי איך זאָל קאָנען מאָרגן פליען קיין ביירוט אלס אַ פּאסאזשיר אין אַן אַמעריקאַנער עראָפּלאַן. אַמאָל איז דאָס גאָר קיין פּראָבלעם נישט געווען. דער גאַנצער פלי דויערט פופצן מינוט... און ווער פלעגט דאָס פליען אין נאָרמאַלע צייטן, ווען מען האָט בעסער גענומען אַן

אויטאָמאָביל און דורך אַ באַרג־וועג — איינער פון די שענסטע אין גאַנצן מזרח — האָט מען דורכגעשניטן די שנייען פון חרמון, די מאָלערישע שטעטלעך, אויסגעפילט מיט טוריסטן פון אַלע לענדער, און שוין זעט מען פון דערווייטנס דעם באַרג לבנון — „דאָרט, וואָ די צעדער שלאַנק די וואָלקען קיסט״, ווי דאָס זינגט זיך פּאַטעטיש אין יענעם הייסן ליד, וואָס איז געבוירן געוואָרן צוזאַמען מיט דעם ציוניזם...

היינט אָבער זענען די גרענעצן צווישן לבנון און סיריע פאַרמאַכט, ד. ה., פאַרמאַכט זענען זיי פאַר אַזעלכע לעגאַלע פּאסאזשירן ווי איך און איר זענט, אָבער דורך די פאַרדרייטע באַרג־סטעזשקעס גליטשן זיך אומ־אויפהערלעך באַוואָפנטע סיריער דירעקט אין די אָרעמס פון זייערע לבנון־שותפים — די אויפשטענדלער.

פליט דורך איינמאָל אין וואָך אן אמעריקאנער עראָפּלאַן, וואָס קומט פון פּערסיע, פאַרהאַלט זיך א פּאָר מינוט אויפן דמשקער פלי־פּאָרט, כדי מיטצונעמען א צופעליקן אמעריקאנער אָדער א פאַרבלאָנדזשעטן זשור־נאַליסט פון אַן אַנדער אייראָפּעיש פאָלק. צוליב דער אָנגעשטרענגטער לאַגע אין דער גאנצער געגנט, קומט שוין דער עראָפּלאַן לכתחילה פול פון טעהעראַן און באַגדאד. זוכט מיין גוטער אַדיב חליף א שטיקל פּלאַץ פאַר מיר, באַנוצט פּראָטעקציע, באמיט זיך, ווי פאַר א ברודער. פון מיר וויל ער איין זאך: איך זאָל אים וואָס מער דערציילן וועגן זיין היים־שטאָט נצרת. ווייל ווען ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער שטאַמט פון דאָרטן, האָט זיך ביי מיר ארויסגעכאַפּט — נאַריש, אומנייטיק און אפילו געפערלעך אונטער די באַדינגונגען: „יאָ, איך האָב נצרת נישט לאַנג צוריק באזוכט!״... דער־ציילט מיר חליף, ווי ער בענקט נאָך זיין פאמיליע, וואָס לעבט נאָך דאָרטן, נאָך דעם גאַנצן לאַנד „פּאַלעסטינע״, פונוואַנען ער איז אייליק אנטלאָפן. איך ווייס נישט, צי ער איז חושד, אַז איך בין א ייד, נאָר שוין דער פאקט אַליין, וואָס איך קאָן אים דערציילן ווי אזוי עס זעען איצט אויס די גאַסן פון זיין נצרת, — אלע אזעלכע ריינע, — מיט שיינע קראָמען און קאַפע־טעראַסן... חליף איז א קריסטלעכער אראבער, און אז איך דערצייל אים וועגן מיין וויזיט אין דעם „אַסונסאָן שריין״, מיט אַזויפיל איינצלהייטן, וועלכע איך געדענק גראָד, הערט ער מיט פייער אין די אויגן און רעאַגירט מיט א ציטער אין דער שטימע.

און איך ווער באַלוינט פאַר מיין דערציילונג מיט דעם אזוי גע־

גאַרטן עראָפּלאַן־בילעט פון דמשק קיין ביירות: די פופצן מינוט פלי שטעלן דאָך פאַר פאַר מיר דעם גאַנצן אונטערשיד צווישן עבדות לחרות (קנעכט־שאַפט און פרייהייט), ווייל די רעפּובליק לבנון איז דאָך פאָרט אַן אַאַזיס אינמיטן פון די מדבריות פון שרעק, וווּהין איך בין איצט פאַרוואָרפן.

אָבער חליף, טאָקע ווייל ער איז אַ פּאַלעסטינער, איז נישט די פּאַסיקע פּערזאָן איך זאָל אים פרעגן וועגן דער לאַגע פון די יידן אין סיריע און ווי אַזוי איך קאָן צו זיי דערגרייכן.

באַמערק איך אָבער צופעליק אַ מאַפּע פון דמשק אויף דער וואַנט פון זיין ביוראָ און אויף אירע פראַנצויזישע אויפשריפטן. זוך איך גאָר אויפמערקזאַם און דערזע אויפן סאַמע מזרח־טייל פון איר אַן אויפשריפט מיט א בילד „שאַפּעל סט. פּאַול" (קירכע פון סט. פּאול) און גלייך דערנעבן א צושריפט: „קאַרטיע זשוויװ" (יידישע געגנט).

עוורעקאַ (געפונען), ווי די אַלטע גריכן פלעגן אין אזא פאַל אויס־שרייען. איך האָב שוין דעם שליסל.

איך גיי אַראָפּ אין גאַס און געפין אַ טעקסי מיט אַ שאָפער, וואָס רעדט פראַנצויזיש. איך גיב אים אַ נאַטירלעכן אדרעס פאַר יעדן קריסט־לעכן טוריסט: די קירכע פון סט. פּאול, און ער פירט מיך דאָרט דורך די באַזאַרן, דורך די שמאָלע געסלעך, ווו עס ווימלט מיט אראבער, בעדווינער, ארמענער. מיר פאַרהאַלטן זיך ביי דער זייער באַשיידענער פון רויטן ציגל און גרויען מאַרמאָר געביידע פון סט. פּאול.

לויט דעם נייעם טעסטאַמענט און פיל אַנדערע לעגענדאַרע קוועלן איז אָט פון דעם פענצטערל, אויפן צווייטן שטאָק, אַרויסגעגנבעט געוואָרן דורך זיינע אָנהענגער דער אַפּאָסטאָל פּאַול, אייגנטלעך דער אזוי אונדז באַקאַנטער שאול פון דער שטאָט תרסו, וועמען, אַזוי ווערט דערציילט, די יידן פון דמשק האָט געוואָלט אומברענגען...

מילא, די דאָזיקע געביידע איז נישט עלטער ווי אַ פּאָר הונדערט יאָר, און יענע מעשה האָט זיך פאַרלאָפן מיט ניינצן הונדערט יאָר צוריק. מסתם איז די דאָזיקע געביידע מיטן פענצטערל נישט מער ווי א סימבאָל — בשום אופן נישט עכט...

אָבער איך מוז דאָך דאָרט אַריינגיין, כדי יוצא צו זיין פאַרן שאָפער. שפּעטער וועט מען שוין זען.

אַ גרויסע אויפשריפט אין פּוילישׁ הענגט אויף דער וואַנט. די דאַטע: אָקטאָבער 1943. דער אינהאַלט: „אויפן זעלבן אופן, ווי דער פּאָטער אין הימל האָט דיך, הייליקער פּאַול, געראַטעוועט פון יידישע הענט, וועל־כע האָבן דיך געוואָלט דערמאָרדן, אַזוי זאָלסטו אונדז, פּוילישע פּליטים, אויפן וועג קיין אינדיע, ראַטעווען פון די הענט פון אנדערע שונאים און ברענגען צוריק אין אונדזער היימלאַנד". קלאָר און אָן קאָמענטאַרן.

איך בין צוריק אויפן גאַס, ווו עס וואַרט אויף מיר מיין שאָפער. איך דאַרף מער שוין נישט לאַנג זוכן — אָט דאָ ביי דער זייט פון דער קירכע שטייען צוויי באַוואָפנטע פּאָליציאַנטן. אָט דאָ הייבט זיך אָן אַ שמאָלע גאַס. קיין ספק נישט, אַז ענדלעך בין איך ביי די טויערן פון יידישן געטאָ.

קיין אויטאָ קאָן דאָ נישט אַריינפאָרן. נעם איך אונטערן אָרעם מיין סימפּאַטישן שאָפער און זאָג אים: „קום, לאָמיר אָנקוקן די גאַס, פון וואַנען דער הייליקער פּאַול האָט זיך געראַטעוועט..." דאָס איז געווען אַ לאָגישער שריט, אָבער מיין שאָפער וואַקלט זיך אַביסל: „ל'אַנטריי ע סטריקטעמאַן ענטערדי" (דער אַריינגאַנג איז דאָך שטרענג פאַרבאָטן), פּרובירט ער אַרויסשטאַמלען. אָבער איך פיר אים שנעל — און שוין זענען מיר אי־בעוויניק.

אינעווייניק, ווו? דאָס איז דאָך אַ גיהנום, אַ מישמאַש פון קראַנקייט, אָרעמקייט און שמוץ.

און די אין שמאָטעס איינגעוויקלטע, איינגעבוירענע מענער און פרויען, און דער פיבער אין זייערע אויגן, און די אָפּגעריסענע, באָרוועסע קינדערלעך, וואָס לויפן אונדז נאָך און בעטלען „באַקשיש".

— אָרעמע יידן — זאָגט דער שאָפער — זיי האָבן נישט וואָס צו עסן, מען האָט זיי ביי אונדז פיינט, מען לאָזט זיי מער נישט האַנדלען אין אַנדערע גאסן...

— פאַרוואָס? — פרעג איך קורץ און שאַרף.

— אָ, דאָס איז פּאָליטיק, קיין סך פאַרשטיי איך נישט אין דעם, — ענטפערט דער גוטהאַרציקער אַראַבער.

פאַרהאַלט איך זיך ביי די פאַרקראַטעטע טויערן פון דער מיר גוט באַקאַנטער שול פון אַמאָליקע באזוכן.

בלייבט שטיין נעבן מיר אַ פליכעוואַטער יונגערמאַן אין אַ ווייסער בלוזע און ברילן. ער רעדט פראַנצויזיש.

— ווילט איר אַריינגיין אין שול? — פרעגט ער — איך קאָן אויס־זוכן דעם דינער מיטן שליסל.

— נייִן, — ענטפער איך, — אויף דעם האָב איך ווייניק צייט. אָבער זאָגט מיר, פאַרוואָס זענען די מענטשן אַזוי אָרעם און שמוציק?

— ווייל, — ענטפערט דער יונגערמאַן, — זיי האָבן נישט קיין געלט פאַר אַ בעסער לעבן. זיי האָבן נישט קיין ארבעט און אויך נישט קיין וווי־נונגען. לעבן זיי ענג און אין שמוץ. איז דאָס קלאָר?

איך שעם זיך פאַר מיר אַליין, וואָס איך שטעל נאָך פראַגן, כאָטש איך ווייס די תשובות. איך שעם זיך, וואָס איך זאָג נישט דעם יונגנמאַן, אַז איך בין אויך אַ ייד. אָבער איך ווייס דאָך, אַז פאַר אַזא נישט דערלויבטן געשפּרעך זענען מיר ביידע אין געפאַר. עס קלינגען מיר נאָך גוט אין די אויערן די וואָרענונגען פון סאבורי לאַניאַדאָ, פון איינציקן ייד, וועמען ס׳איז דערלויבט צו פאַרנעמען אַ פּאָזיציע אין דמשק אויסערן געטאָ.

איך וויל נאָך באַווייזן צו באַקומען אַ פּאָר אויפקלערונגען, איידער איך גיי פונדאַנען ארויס. איך וויל קיין עדות נישט האָבן, בעט איך מיין שאָפער צוגיין צו יענעם טישל און אויסקלייבן פאַר אונדז אַ גוטן מעלאָן.

— און ווו זענען איצט די בראָקאַט־ און זייד־הענדלער, וועלכע איך האָב אַמאָל באַזוכט אין זייערע שיינע היימען אין דעם זעלבן קוואַרטאַל?

— יענע אַלע זענען שוין לאַנג נישטאָ, אַנדערע אַנטלאָפן, אַנדערע געשטאָרבן. אויך די הייזער זענען נישט אין די זעלבע גאַסן (אַמאָל האָבן דאָ געוווינט אַכט טויזנט יידן אין פערצן גאַסן; היינט וווינען נאָר טויזנט און פינף הונדערט יידן אין די צוויי שמאָלע געטאָ־געסלעך). אויך די יידן דאָ זענען נ י ש ט קיין דמשקער: דאָס זענען אָנגעלאָפענע (פאַקטיש, אַרויס־געטריבענע — ח. ש.) פון די גרענעץ־שטעטלעך, וועלכע מען האָט דער־לויבט דאָ צו וווינען.

מען קאָן דאָך זעען, אַז די אַלע יידן זענען נישט אויפגעוואַקסן אין אַזא ציוויליזירטער סביבה, ווי ס׳איז אַמאָל געווען דמשק.

— איז פון וואָס לעבן זיי?

— איר זעט דאָך: קליינטשקע קרעמערלעך, שוסטערס, שניידערס און בעטלערס.

— און קיינער שטיצט זיי נישט?

— די אַלטע קראַנקע קריגן עטוואָס פון דער רעגירונג.

— איז פאַראַן דאָ א שול?

— יאָ, די שול פון „אַליאַנס״; זי האָט אַרום צוויי הונדערט תלמידים.

זעט איר, דאָס איז שוין פאַר מיר געווען ווירקלעך אַ נייעס: די באַרימטע בילדונגס־טעטיקייט פון דער פראַנצויזישער „אַליאַנס איזראַע־ליט אוניווערסעל״ (כל ישראל חברים) איז טאַקע אָנגעגאַנגען אין דמשק, ווי זי גייט נאָך איצט אָן אין פיל לענדער פון אָריענט אין משך פון הונדערט יאָר. דאָס איז איינס פון די רומרייכסטע קאַפּיטלען פון אונדזער געשיכטע. אינעם זעלבן דמשק האָב איך, מיט דרייסיק יאָר צוריק, באַזוכט די וווּנ־דערבאַרע שול פון „אַליאַנס״ (דירעקטאָר איז דאַן געווען א געוויסער מ. זילבערשטיין פון לעמבערג), ווו עס האָבן זיך געלערנט מער ווי טויזנט תלמידים. איך האָב דאַן יענע ברוין־הויטיקע, שוואַרץ־אויגיקע, לוסטיקע און לעבעדיקע „יידעלעך״ באַזונגען און באַשריבן.

איך האָב אויך געוווּסט, אַז די געביידע פון דער „אַליאַנס״־שול דאָ, איז נישט נאָר צוגענומען געוואָרן, נאָר מען האָט אין איר באַזעצט טייל פּאַלעסטינער פּליטים. און איצטער, אינמיטן פון אָט־דעם טאָל פון יאָמער און עלנט, קלינגט פּלוצלינג ווידער אָפּ דער אַזוי שטאָלצער נאָמען „אַליאַנס״ אין מויל פון יידישן יונגנמאַן.

מאַך איך זיך נאַיוו: — איר מיינט צו זאָגן, אַז דער פּאַריזער „אַליאַנס״ האַלט דאָס אויס אַ שול?

שמייכלט דער יונגערמאַן: — ניין, ביי אונדז טאָר קיין אויסלענדישע אינסטיטוציע נישט עקזיסטירן; אונדזער שול ווערט אויסגעהאַלטן אָט דורך דעם עולם אָרעמעלייט, וואָס איר זעט דאָ. אָבער דער נאָמען „אַליאַנס״ ליגט אונדז גוט אין זכרון, רופן מיר מיט אים נאָך אַלץ אונדזער שול.

מיין שאָפער קומט צוריק מיטן גרויסן, פרישן מעלאָן. אַרום אונדז ווערט אלץ גרעסער דאָס געזעמל. איך גיב אַוועק די קינדער דאָס גאַנצע קליינגעלט, וואָס איך באַזיץ.

דער יונגערמאַן אין דער ווייסער בלוזע ווייסט געוויס, מיט וועמען ער האָט דאָ צו טאָן. אָבער ער איז אויך אומרויק צוליבן געשפּרעך, וואָס האָט זיך צו־לאַנג פאַרצויגן.

מיר דריקן זיך שווייגנדיק די הענט, אָן צו זאָגן אַ וואָרט.

געשטופּט פון אַלע זייטן פון קינדער, פון האַלב־בלינדע בעטלער,

פון אייזעלעך מיט וואַסער־פעסלעך אויפן רוקן, גיי איך אַרויס, געאַרעמט מיט מיין אַראַבישן שאָפער, פון „עמק הבכא״.

*

אינעם זעלבן אָוונט זיץ איך מיטן אמעריקאַנער גענעראַל־קאָנסול דזש. האַרט און זיין זייער געבילדעטן סעקרעטאַר לינקאָלן און דערצייל זיי, וואָס איך האָב געזען. נישט אַלץ האָבן זיי געוווּסט, ווייל די סירישע רעגירונג וואָלט גאָר שטאַרק קרום געקוקט אויף אַן אַמעריקאַנער דיפּלאָ־מאַט, וואָס קומט אַריין אין געטאָ. אַמעריקאַנער זענען נישט קיין רוסן, וועלכע מען באַגעגנט דאָ, ווי פריינד; אַמעריקאַנער ווערן קוים טאָלערירט...

פּרוביר איך סוגעסטירן: „פאַרוואָס נישט דער אינטערנאַציאָנאַלער רויטער קרייץ? לאָזט דאָך נאַצער זייערע פאָרשטייער ארבעטן און העלפן אין קאַיר און די הילף איז זייער אָנגעלייגט. פאַרוואָס זאָל מען דאָס נישט פּרובירן טאָן אין סיריע?״

איך האָף, אַז פון מיין פּיינלעכן וויזיט אין דמשק וועט דאָך עפּעס אַרויסקומען פאַר די אומשולדיקע יידן, וואָס ווערן דערשטיקט אין די ענגע געסלעך פון געטאָ.

## יידישע שול אין קאַיר — אַ טורמע פאַר עגיפּטישע יידן

די לעצטע צוועלף טעג פון חודש יאַנואַר 1957, האָב איך פאַר־בראַכט אין קאַיר, מצרים. פרעגן אַלע: „ווי אַזוי האָט איר באַקומען די וויזע? האָט איר דען געזאָגט, אַז איר זענט אַ ייד?״ דער ענטפער איז אַ גאַנץ פּשוטער: איך האָב בייגעלייגט מיין זשורנאַליסטן־קאַרטע אין ניו־יאָרק און מען האָט מיך כלל נישט געפרעגט, צי איך בין אַ ייד. דער עגיפּ־טישער גענעראַל־קאָנסולאַט אין ניו־יאָרק האָט זיך לייכט געקאָנט דער־וויסן, אַז מיין צייטונג איז נישט נאָר געדרוקט מיט יידישע אותיות, נאָר איז נאַציאָנאַל־ציוניסטיש. דאָס האָט אים פונדעסטוועגן נישט געשטערט

צו געבן מיר נישט די טוריסטן־וויזע, ווי מיט צוויי יאָר צוריק, נאָר די ספּעציעלע „קאַרטעס"־וויזע, אַ מין איינלאַדונג צו זיין זייער גאַסט. פאַר־וואָס ער האָט אַזוי געטאָן, — ווייס איך טאַקע נישט, מסתּם וואָלט ער זי אויך געגעבן אַנדערע יידישע זשורנאַליסטן, ווען זיי וואָלטן זיך ווענן דעם געווענדט.

שווער איז געווען מיט דער דערלויבעניש פון אונדזער אייגענעם שטאַט־דעפּאַרטמענט אין וואַשינגטאָן. צוליב דער באַגרענעצונג פאַר אַלע אַמעריקאַנער בירגער צו פאָרן אין די לענדער פון מיטעלן מזרח האָב איך געמוזט לאַנג איינטענהן מיטן אַנטשפּרעכנדיקן באַאַמטן, מען זאָל מיר דערלויבן אַלס זשורנאַליסט פאָרן קיין עגיפּטן, ביז מען האָט אויף מיין פּאַספּאָרט ארויפגעשטעלט דעם שטעמפּל „גוט צו פאָרן קיין עגיפּטן". אָבער מען האָט גלייכצייטיק אויך ארויפגעשטעלט אַ צווייטן שטעמפּל: „דער פּאַספּאָרט איז נישט גילטיק צו פאָרן קיין ישראל, סיריע און ירדן...".

און אַז איך האָב שוין געהאַטביידע דערלויבענישן האָט מיך מיין קאָלעגע ש. ל. שניידערמאַן צונויפגעפירט מיט דעם פּרעסע־שעף פון דער עגיפּטישער דעלעגאַציע ביי דער או"אָ מר. רעמס נסיף, וועמען איך האָב דערקלערט מיין פּאַרלאַנג זיך צו באַקענען מיט דער יידישער לאַגע אין זיין לאַנד, וועגן וועלכער ס׳גייען אַרום אַזעלכע באַאומרויקנדיקע קלאַנגען, און דער פּרעסע־שעף האָט אפילו מסכּים געווען שרייבן קיין קאַיר אַ פּאָר רעקאָמענדאַציע־בריוו, וועלכע זאָלן מיר בייהילפיק זיין אין אויספירן מיין מיסיע — איין בריוו צום רעדאַקטאָר פון דער איינפלוסרייכער עגיפּ־טישער צייטונג „אכבאר־עליאָם" און דעם צווייטן — צום קאָלאָנעל קאַדער האַטעם, דעם מעכטיקן אינפאָרמאַציע־ און פּראָפּאַגאַנדע־שעף פון דער מצרישער רעגירונג. פאַר דעם לעצטן האָב איך מיך אַ ביסל געשראָקן, ווייל מיט צוויי יאָר צוריק האָב איך וועגן אים געשריבן אַ פּאָר ביטערע ווער־טער און נישט געוווּסט צי זיי זענען צו אים דערגאַנגען...

ווי איר זעט האָט רעמס נאַסיף געהאַנדלט פּונקט פאַרקערט ווי דער פּרעה רעמסס, וועלכער האָט די יידן פון מצרים אַרויסגעטריבן: דער רעמסס האָט גראָד אַ ייד אריינגענומען אויף אַ ווייל קיין מצרים... אָבער ער האָט אפשר אליין נישט געוווּסט, אַז מיט מיינע אויגן וועל איך זען און מיט מיין פּעדער באַשרייבן דעם איצטיקן „גירוש מצרים", וועלכער איז גרויזאַם און טאָטאַל.

אַלזאָ, באַלאָדן מיט אַלע נייטיקע דאָקומענטן, זעץ איך זיך אַריין אין עראָפּלאַן און פּלי קיין מצרים.

דאַרף איך אייך דען דערציילן, אַז מיין „עגיפּטן־עקספּעדיציע״ האָט באַגעגנט אַ שאַרפן פּראָטעסט סיי פון מיין פאַמיליע און סיי פון מיינע גוטע פריינד? מען האָט פּרובירט מיך איבערצייגן וועגן די געפאַרן וואָס לויערן אויף מיר דאָרטן פון אַלע זייטן. מען האָט מיר דערמאָנט, אַז אין יאָר 1951 האָב איך זיך „צעקריגט״ מיטן קעניג פאַרוק, און אין יאָר 1955 האָב איך אין צייטונגס־אַרטיקלען קריטיקירט דעם איצטיקן רעזשים... קיין „קניפּ אין בעקל״ וועט מען מיר פאַר דעם נישט געבן... און דאָך בין איך געפאָרן. אַזוי ווי שטענדיק אין ענלעכע פאַלן, וועט דער ציל האָט געצויגן (טאָקע אפשר דערפאַר, ווייל ער איז געווען געפערלעך). האָט דאָך שוין פרידריך ניטשע אונדז געלערנט, אַז אויב מען וויל הנאה האָבן פון לעבן דאַרף מען „לעבן אין געפאַרן״.

אַ קורצער וויזיט אין פּאַריז, אַ פּאָר שעה אין רוים. אַ קאַלטע נאַכט אויפן פלי־פעלד פון אַטען. און אָט קום איך אָן אין אַ זוניקן פרימאָרגן קיין קאַיר. די איבער 20 פּאַסאַזשירן שטעלן זיך אויס אין דער ריי פאַר די פּאָליציי־באַאַמטע און לאָזן זיך קאָנטראָלירן די פּעסער. ביי דער זייט שטעכן יעדן דורך מיט די בליקן „ציווילע ברונעטן״ מיט שוואַרצע וואָנ־סעלעך און פינצטערע פּנימער. די דאָזיקע „געהיים־אַגענטן״ זענען גאָר נישט אַזוי „געהיים״, ווי זיי וואָלטן דאָס געוואָלט זיין...

פּלוצלינג זע איך, ווי אַן עגיפּטישער אָפיציר מיט דריי שטערנדלעך אויף די עפּאָלעטן דערנענטערט זיך צו דער ריי און רופט אויס מיין נאָ־מען. קאַלט איז געווען אין יענעם פרימאָרגן, אָבער מיר איז געוואָרן נאָך קעלטער. — „איז דאָך מיין ווייב געווען גערעכט, וואָס זי האָט נישט געוואָלט איך זאָל פאָרן״ — דאָס איז געווען מיין ערשטער געדאַנק. פונ־דעסטוועגן ברענג איך אַרויס אַ שמייכל און דער אָפיציר פירט מיך אַרויס פון דער ריי. די זאַך קלערט זיך גלייך אויף:

— איר זענט אַ שרייבער און אונדזער גאַסט, דאַרף מען אייך נישט מאַטערן מיט פאָרמאַליטעטן. גיט מיר אייער פּאַספּאָרט און דעם באַגאַזש־צעטל, וועלן מיר באַלד אַלץ דערליידיקן.

מיין פּאַס גיט מען מיר באַלד אָפּ אַ געשטעמפּלטן און מיין באַגאַזש עפנט מען אפילו נישט — ניסים ונפלאות... דער זעלבער אָפיציר, וואָס

האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס שליח פון אינפאָרמאַציע־דעפּאַרטאַמענט, פירט מיך אָפּ מיט זיין אויטאָמאָביל אין א נייעם האָטעל „אמבאַסאַדאָר", ווו פאַר דעם פּרייז פון פיר דאָלאַר א טאָג גיט מען מיר א צימער מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן אויפן צענטן שטאָק. פון באַלקאָן זעט מען די פּי־ראַמידן און דעם מדבר, ווי אויך דעם טייך נילוס. די דאָזיקע „חומש־דעקאָראַציע" לאָזט מיך שוין נישט פאַרגעסן די גאַנצע צייט סיי די פּיין פון מיינע ברידער אין די צייטן פון יענע פּרעהס, סיי דעם פאַקט, וואָס איצט, ווען כמעט פיר טויזנט יאָר זענען אַוועק זינט יענער צייט, — חזרט זיך איבער די געשיכטע פון יציאת מצרים. עס איז מערקווירדיק, וואָס די גאַנצע צייט פון מיין פאַרברענגען אין קאַיר זענען די פּסוקים פון חומש, ווי אַזוי די פאַרשקלאַפטע יידן האָבן געבויט אָט יענע פּיראַמידן (פּיתום ורעמסס), ווי אַזוי די שוטרים האָבן זיי געפּייניקט, ווי אַזוי דער שטאָל־צער משה האָט דערהרגעט דעם מצרי, וואָס האָט געשלאָגן זיינע ברידער — אויף אַ מינוט נישט אַרויס פון מיין זכרון. איך האָב זיי איבערגעחזרט כמעט אויפן קול. נישט פון יעדן באַלקאָן אין דער וועלט זעט מען די פּיראַמידן, און נישט פון אַלע פענצטער זעט מען דעם טייך, אויף וועלכן עס האָט זיך געוויגט דאָס קעסטעלע מיט אַ קינד, וואָס איז אויסגעוואַקסן צו ווערן אַ משה רבינו.

און אָט פאַר איך איבער די טומלדיקע גאַסן פון מאָדערנעם קאַיר אין דער ריכטונג צו דער אַמעריקאַנער אמבאסאדע. איר זעט אויף די ווענט פון די הייזער טויזנטער פאַרביקע פּלאַקאַטן, וואָס ווייזן אַ מגן־דוד צונויפ־געפלאָכטן פון שלאַנגען. אינמיטן דריי פיגורן־קאַריקאַטורן. איר דער־קענט זיי גלייך: בן־גוריון און ביי די זייטן אידען און מאָלע. אָבער בן־גוריון איז גרעסער... אַ מעכטיקע האַנט אין אַ מיליטערישן אַרבל, האַל־טנדיק אַ שווערד, שניידט דעמדאָזיקן „שלאַנגענדיקן" מגן־דוד. עס רינט פון אים בלוט. אַן אויפשריפט אויף אראביש שרייט אויס:

„די העלדישקייט פון די עגיפּטישע סאָלדאַטן וועט פאַרניכטן אונ־דזערע נבזהדיקע שונאים"... און ווידער פּלאַקאַטן: אַ מגן־דוד רינגלט אַרום דעם וועסטמינסטער־פּאַלאַץ אין לאָנדאָן. און ווידער בן־גוריון, ווי ער ווערט נעבעך דורכגעשטאָכן מיט אַ שפּיז פון א ריזיקן מצרישן אָפי־ציר מיטן געזיכט פון נאַצער... אַן אימה באַפאַלט מיך פשוט... וואָלט איך נישט געוווסט, אַז מען בייט איצט אויס ערגעץ־ווו אין מדבר סיני פינף

טויזנט עגיפּטישע סאָלדאַטן פאַר גאַנצע פיר ישראלדיקע, וואָלט איך דאָך אויך געגלייבט דעם „גרויסן ליגן״ וועגן די נצחונות און וועגן „בן־גוריונס מפּלה״, ווי ער שרייט אַראָפּ פון די פּלאַקאַטן איבער גאַנץ קאַיר. אָבער — ווי איך האָב זיך שפּעטער איבערצייגט, — ווייסן אויך דעם אמת אַלע עגיפּטער, וועלכע האָבן ראַדיאָס און הערן זיך צו בכוונה, וואָס ירושלים און לאָנדאָן דערציילן אין אראביש, פראנצויזיש און ענגליש.

דער אַמעריקאַנער אמבאסאדאָר אין עגיפּטן — ריימאָנד הייר, צו וועמען איך האָב געהאַט רעקאָמענדאַציע־בריוו פון שטאַט־דעפּאַרטמענט אין וואַשינגטאָן, איז גראָד איצט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. נעמט מיך אויף זיין שטעלפאַרטרעטער שניי און דער פּרעסע־שעף מעקלור. די צי־מערן פון דער אמבאסאדע זענען אָנגעפילט מיט טויזנטער ביכלעך אין אראביש, וואָס קלערן אויף אין דער פאָרם פון „שאלות און תשובות״ די באַדייטונג פון דער „אייזנהאַוער־דאָקטרין״. מען זעט, אַז די פאַרשטייער־שאַפט פון די פאראייניקטע שטאַטן האָט זיך א נעם געטאָן צו באַקעמפן דעם קאָמוניזם דאָרטן, ווו ער האָט זיך אָנגעהויבן טיף איינצוואָרצלען.

צענדליקער אראבישע באַאַמטע זיצן ביי לאַנגע טישן און סאָרטירן דאָס פּראָפּאַגאַנדע־מאַטעריאַל, וואָס וועט זיך באַלד צעשפּרייטן דורך פּאָסט און דורך שליחים איבער אַלע ווינקלען פון מצרים.

פון די געשפּרעכן, וואָס איך האַלט אָפּ מיט די פירער פון דער אַמע־ריקאַנער אמבאסאדע, ווערט קלאָר, אַז זיי האָבן דערזען די געפאַר, וואָס די „רויטע אָרדענונג״ שטעלט מיט זיך פאָר, און זיי האָבן זיך אַ לאָז געטאָן מיט אַלע מכשירים לעשן דאָס פייער...

עס ווערט אָבער אויך קלאָר פאַר מיר, אַז זיי זענען דאָ געווען גאָרנישט גליקלעך פון דער נישט־געבעטענער „מיסיע״, וואָס דער אמע־ריקאַנער עוכר ישראל אַלפרעד ליליענטאַל — „דער פריינד פון די אראַ־בער פון יידישן גלויבן״ — האָט דאָ נאָר־וואָס פאַרענדיקט. איך בין צו־פרידן צו הערן, אַז זיי האָבן דעם דאָזיקן פאַרשוין זייער גוט אָפּגעשאַצט, כאָטש יענער האָט זיך די גאַנצע צייט באַרימט מיט דער כלומרשטער שטיצע פון דער אמעריקאַנער אמבאסאדע. די אמבאסאדע פאַרבינדט מיך מיט דעם ביוראָ פון דער יידישער קהילה, און צו מיין גרויס פאַרוווּנדערונג דערהער איך די שטימע פון מיין אַלטן פריינד — דעם אסיסטענט פון הויפּט־רב, ר׳ אברהם שועייקאָ, כ׳זאָל תיכף קומען אין דער קהילה־

געביידע. אַלע וועלן מיט פרייד מיך באַגעגענען. אויך דער הויפּט־רב, ר׳ חיים נחום עפענדי, וועט באַלד אָנקומען...

פאַר איך צום יידישן קוואַרטאַל, וואָס הייבט זיך אָן מיט דער גאַס אויפן נאָמען פון אן אלטן תושב פון קאַיר — „מיימאָנידעס״ (רמב״ם)... גלייך אויפן ווינקל פון גאס שטייט די מאָנומענטאַלע געביידע פון דער יידישער שול. דאָ האָב איך מיט צוויי יאָר צוריק געטראָפן מער ווי צוויי טויזנט יידישע קינדער, וואָס האָבן געהאַט אַרום הונדערט לערער. דאָ האָט מען געזונגען, דאָ האָט מען אויפן ריזיקן הויף ספּאָרטן געשפּילט. איצט, זעט! שטעכיקע דראָטן רינגלען אַרום די געביידע. זעלנער מיט ביקסן שטייען ביים אַריינגאַנג. די שול איז געשלאָסן, אין איר האָט מען אַ תפיסה געעפנט, אַ תפיסה פאַר פירער פון עגיפּטישן יידנטום.

און גלייך אין שכנות איז טאַקע דאָס ביוראָ פון דער קהילה, באַלאַגערט פשוט פון הונדערטער מענטשן. איך גיי אַריין אינעווייניק.

## אַ באַגעגעניש מיט די פירער פון עגיפּטישן יידנטום

ווי נאָר איך בין אַריין אין דער געביידע פון דער יידישער קהילה אין קאַיר, האָב איך דערזען פאַר זיך אַ פאַרשידנאַרטיקע און פאַרשידנפאַרביקע מאַסע פון מענטשן, וואָס פילן אויס דעם שטיינערנעם קאָרידאָר; הונדערטער מענטשן, וואָס פאַרזאַמלען זיך ביי פאַרמאכטע ביוראָ־טירן.

לכתחילה ווייסט איר נישט, צי זענען דאָס יידן אָדער אראבער; רויטע פעזן אויף פיל קעפּ; פעלערינעס מיט שאַלן, וואָס זאָגן עדות, אַז די מענטשן זענען געקומען פון מדבר־שטעטלעך הינטער קאַיר, אָבער אויך פיל יונגע, פיין געקליידטע מענער און פרויען פון מזרחדיקן טיפּ, געפּערעמט דורך הונדערטער יאָרן צוזאַמענלעבן מיט עגיפּטער אין שאָטן פון די פּיראַמידן און ביי די ברעגעס פון די קאַפּריזנע וואַסערן פון חומש־טייך „יאור״ — נילוס.

איידער איך קלאַפּ אָן אין דער ווייסער טיר, וואָס טראָגט די אויפשריפט (אין אראביש, העברעיש, פראנצויזיש): — הויפּט־רב פון עגיפּטן,

דריי איך זיך אַ ביסל צווישן עולם און הער זיך צו. די מענטשן אין די פּע־לערינעס און אין די פּעזן רעדן אראביש, די אייראָפּעיש־געקליידטע — פראַנצויזיש. מען האַלט אין די הענט פאַרשידענע פּאַפּירלעך, ווייזט אויס, דאָקומענטן; מען רעדט וועגן שיפן, וואָס וועלן באַלד אוועקגיין און מען זאָגט, אַז עס איז שוין אויף זיי קיין פּלאַץ נישטאָ. מען רעדט וועגן דירות וואָס זענען פאַרנומען געוואָרן דורך „פרעמדע שכנים״ און די געוועזענע באַלעבאַטים וואַלגערן זיך ביי קרובים. מען רעדט וועגן פראַנקרייך, וועגן איטאַליע, וועגן בראזיל, מען דערמאָנט אָבער נישט דאָס אָרט, צו וועלכן מער ווי זיבעציק פּראָצענט פון די אָנוועזנדיקע, וועלן דערשווימען — מאָרגן, אָדער שפּעטער; מען ברענגט נישט אויף די ליפּן דאָס וואָרט: ישראל. דאָס הייסט נישט, פאַרשטייט זיך, אַז נישט נאָר די אָנוועזנדיקע, נאָר יעדער אין דער עגיפּטישער רעגירונג ווייסט נישט גענוי, אַז ווען די שיף „מיסר״ אָדער אַן אַנדערע עגיפּטישע שיף, וועט ברענגען אָט די גאַנצע מאַסע פּאָטענציעלע עמיגראַנטן צו די ברעגעס פון גריכנלאַנד אָדער איטאַליע, וועלן זיי זיך אין זייער גרעסטן טייל איבערזעצן אויף אַן אנדער שיף, וועלכע שווימט שוין אונטער אַ בלוי־ווייסער פאָן... דאָס קומט דאָך אַפילו פאָר פאַר די אויגן פון דער עגיפּטישער שיף־מאַנשאַפט. אָבער מען רעדט נישט דערפון...

אַ קהילה־שמש, אַ ריז מיט שוואַרצע וואָנצעס, אין א רויטן פעז און אין א האַלב־מיליטערישן אָנצוג, באַמערקט מיך, ווי איך דריי זיך אַרום איבערן קאָרידאָר. איך קען אים שוין פון מיינע פריערדיקע באַזוכן און וויים, אַז ער איז א טייערער יידישער פאָלקס־מענטש, וואָס שטאַמט פון אַ דאָרף אין מדבר. אָבער אז איר קוקט אים אָן אין זיין אראבישן מילי־טערישן טראַכט דאָס ערשטע מאָל, וואָלט איר נישט געוואָלט זיך טרעפן מיט אים ביינאַכט אין אַ פינצטער געסל; איר וואָלט געמיינט, אַז ער דער־בענטערט זיך צו אייך מיט א מעסער צווישן די ציין... אַן אידעאַלער טיפּ פאַר אַ האָליוודער „מערדער פון באַגדאַד״. שפּעטער האָב איך זיך דער־וווּסט, אַז דער דאָזיקער „מערדער״ לייגט תפילין און דאַוונט דריי מאָל אַ טאָג. ער איז דער לייבוועכטער פון הויפּט־רב (חכם־באשא) ר׳ חיים נחום עפענדי.

ער פרעגט מיך אין אראביש, וועמען איך זוך דאָ (יאָ, איך קען שוין אַ ביסל פראַזן אין אראביש און „שווינדל״ דורך מיט זיי מיין וועג אין די

אראבישע לענדער) און איך ענטפער אים, אַז דער רב אברהם שועייקאָ וואַרט אויף מיר. גייט דער ריז פאָרויס און מאַכט פאר מיר א וועג צווישן דער מאַסע, וואָס שפּאַרט זיך צו דער ווייסער טיר; ער שטופּט מיך אַריין אין אַ גרויסן אויפנעם־צימער, איינהאַלטנדיק דעם המון, קיינער זאָל זיך באָך מיר נישט אַריינבאַקומען אינעווייניק.

אויפן פּאָדיום זיצט, אָנגעטאָן אין זיין שוואַרץ סאַמעט־קיילעכדיק היטל און שוואַרצער ראָטאָנדע (דאָס איז אויך די „טראַכט" פון הויכע מאַכמעדאַנישע גייסטלעכע), דער הויפּט־רב פון מצרים ר' חיים נחום עפענדי. זיינע בלינדע אויגן זענען צוגעדעקט מיט שוואַרצע ברילן. די ווייסע פיין־צוגעשוירענע באָרד זילבערט אַרויס פון זיינע בגדים. נעבן אים שטייט דער אסיסטענט זיינער — ר' אברהם שועייקאָ — אַ העכסט געבילדעטער מאָדערנער מענטש, גראַדוירט אין קאַירער אוניווערסי־טעט און פון כארלאפּס ישיבה אין ירושלים. ער טראָגט שטענדיק אַ רויטן פעז אויפן קאָפּ, וואָס גיט צו זיין סימפּאַטישן אויסזען א באזונדערן אָר־יענטאַלישן חן.

הרב שועייקא לויפט מיר אַנטקעגן. מיר זענען אַלטע פריינד און די, וואָס האָבן געלייענט די איינדרוקן פון מיין מצרישער רייזע מיט צוויי יאָר צוריק, וועלן זיך דערמאָנען, אַז במשך פון א גאנצער וואָך האָט מיך דאַן הרב שועייקא באַגלייט איבער די יידישע אינסטיטוציעס און רעגירונגס־הייזער פון קאַיר. איצט באַגעגענען מיר זיך אין א טראַגישן מאָמענט פון דער יידישער געשיכטע אין מצרים און נישטאָ מער יענער שמייכל אויף זיינע ליפּן און יענע יוגנט־פרייד, וואָס איז געבליבן אין מיין זכרון פון דער דעמאָלטיקער באַגעגעניש.

הרב שועייקא זאָגט מיר גלייך:

— ווען נישט דער רוף פון דער אמעריקאנער אמבאסאדע, וועלכע האָט מיר אָנגעזאָגט וועגן אייער קומען, וואָלטן מיר דאָ זיך שטאַרק מיישב געווען, צי דאַרף מען אייך אויפנעמען, כאָטש מיר קענען אייך אַלע גוט... ר' חיים נחום דריקט מיר וואַרעם די האַנט און לאָזט זי שוין נישט אַרויס בעת אונדזער געשפּרעך. ער דערקלערט דאָס דערמיט, וואָס אַזוי ווי זיינע אויגן זענען דאָך נישט, וויל ער פילן זיין מיטשפּרעכער דורך דער דאָזיקער באַרירונג; דאָס פאַרטרעט אים די ראיה.

סיי דער אלטער „חכם", סיי זיין יונגער פאַרטרעטער דריקן אויס

זייער פרייד, וואָס אַ ייד פון אמעריקע איז געקומען צום ערשטן מאָל אויף אַ באזוך נאָך די סיני־געשעעניש. דער אַלטער רב פאַרהאַלט זיך אויף אַ ווייל, וויל עפּעס זאָגן און נאָך אַ קורצער פּויזע גיט ער שטיל צו:

— איך מיין, אזא ייד ווי איר, „יהודי משלנו" (ער זעצט פאָר אויף העברעיש, כאָטש פריער איז דאָס געשפּרעך געפירט געוואָרן אין דער פראַנצויזישער שפּראַך). — געווען דאָ מיט עטלעכע וואָכן צוריק אַן אַמע־ריקאַנער, אַלפרעד ליליענטאַל, ער זאָגט, אַז ער איז א ייד, אָבער מיר מיינען עפּעס אַנדערש...

פאַרן אזוי שטענדיק פאַרזיכטיקן ר' חיים נחום איז דאָס שוין אויך געווען פיל געזאָגט. אָבער אַנדערע פירנדיקע יידן האָבן דערגענצט וועגן דער דרייוואָכעדיקער, שענדלעכער עפּאָפּעע פון ליליענטאַלס וויזיט און איך וועל וועגן דעם דערציילן באַזונדער. נאָכמער, אפילו אראבישע צייטונגען האָבן ליליענטאַלן נישט געגלייבט און אים אויסגעלאַכט, מיטן אויסנאַם פון נאַצערן, וואָס האָט אים, ווייזט אויס, גענומען ערנסט... עס איז אַ פּיקאַנטע געשיכטע און מיר וועלן זיך צו איר אומקערן.

— יעדן טאָג — אינפאָרמירט מיך הרב שועייקא — וועט איר זען הונדערטער יידן באַלאַגערן די קהילה־ביוראָען. דאָס זענען די, וואָס ווילן אוועקפאָרן, אַוועקגיין פון לאנד נאָך מער ווי צוויי טויזנט יאָר גוט־שכנה־שאַפט; יידן לעבן דאָך אין מצרים פון די צייטן פון אַלעקסאנדער דעם גרויסן. די רייכע — איך מיין די אַמאָל רייכע — יידן, בירגער פון פראַנק־רייך און ענגלאַנד, אַ פּאָר טויזנט אין צאָל, האָט מען שוין פריער דעפּאָר־טירט. זיי האָבן קיין צייט נישט געהאַט צו קומען אין דער קהילה נאָך דאָקומענטן. מיט אַ פּאָר פונט אין קעשענע און מיט אַן עראָפּלאַן־בילעט, וועלכע מען האָט זיי דערלויבט צו קויפן פאַר זייערע קאָנפיסקירטע געלטער, זענען פיל הונדערטער אָפּגעפלויגן אין פאַרשידענע ריכטונגען.

דער רב דערציילט נישט, אָבער איך ווייס, אַז זייער גאַנץ פאַרמעגן איז קאָנפיסקירט געוואָרן, זייערע וווינונגען פאַרחתמעט מיט שוואַרצן טריוואָקס און סיסטעמאַטיש איבערגענומען מיטן האָב און גוטס דורך איינ־פלוסרייכע אָפיצירלעך, וואָס וועלן איצט געניסן פון די דורך דורות לאַנג אָנגעזאַמלטע קונסט־אוצרות: טעפּיכער, קרישטאָלן, בילדער, מעבל...

ר' חיים נחום עפּענדי פאַרבעט מיך צו קומען אין דער איזמאַילאַ־שול — די הויפּט־שול אין קאַיר — צום קבלת שבת. הרב שועייקא וויל

איך זאָל זיין ביי אים צום שבת־מאַלצייט, אָבער באַלד, נאָך פאַר מנחה, וועט אין דער זעלבער שול געשטעלט ווערן א חופּה פאַרן זון פון שמש און מען וויל איך זאָל אויך בייזיין די שמחה. גלייך, זונטיק פאַרטאָג, פאָרט דאָס חתונה־געהאַטע פּאָרל אַוועק אין „אומבאַוווּסטע לענדער", אַלנפאַלס וועט די מצרישע שיף זיי נעמען ביזן פּאָרט פון אַטען, און פון דאָרטן וועט מען פאָרן ווייטער.

גיי איך אין שול צוזאַמען מיטן רב שועייקא, אָבער אײדער מיר פאַרלאָזן די קהילה־ביוראָען, ווייזט מען מיר א פענצטערל הויך אויף דער וואַנט פון דער אַמאָל אַזוי באַרימטער קאַירער יידישער שול. דורך יענעם פענצטער האָט מען, פאַר דער סיני־אַקציע, געקאָנט זען דעם צעשפּילטן און צעזונגענעם הויף מיט אַרום צוויי טויזנט יידישע קינדער. איצט איז דאָס די תפיסה פאַר יידישע פּירער. פון אָנפאַנג האָט מען דאָרט פאַרשפּאַרט אייניקע הונדערט, היינט זענען דאָרטן געבליבן אַרום הונדערט, דער רוב באַפרייטע זענען גלייך דעפּאָרטירט געוואָרן.

וויל איך כאַפּן אַ קוק אויפן הויף. איז דאָס פענצטער פריש פאַר־קראַטעוועט און פאַרקלעפּט, נאָר אַזוי ווי איך בין דאָך „אַ נייגעריק באַ־שעפעניש" — בעט איך מען זאָל צושטעלן אַ בענקל, אויף וועלכן איך קריך אַרויף, רייס אָפּ אַ שטיקל פּאַפּיר און זע: עס שפּאַצירן מענטשן איבערן הויף צו צוויי אין א ריי... נאָך זיי גייען וועכטער מיט ביקסן... זיי זענען ווייט פון מיין אָבסערוויר־פּונקט. קיין פּנימער דערקענט מען נישט, אָבער פאַראַן אין ביוראָ פון דער קהילה באַאַמטע, וואָס קענען געניי יעדן איינעם. צווישן זיי זענען פאראן באַנקירן, אַדוואָקאַטן, באַרימטע סוחרים... די „ירושה" פון אַזעלכע יידן, אין באַטרעף פון צענדליקער מיליאָנען עגיפּ־טישע פונטן, וועט אַריינפאַלן — אָדער איז שוין אַריינגעפאַלן — אין די הענט פון דער הערשנדיקער, אָפיציעלער קליקע.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך זיך געטראָפן מיט איינעם פון די עלף, וואָס זענען גראָד דעם טאָג באַפרייט געוואָרן — אַן אַלטן פריינד פון פרעזידענט פון דער אשכנזישער קהילה, אברהם זילבערשטיין. יענע אויסטערלישע באַגעגעניש וועל איך נאָך שפּעטער באַשרייבן, דערוויילע איז ער נאָך הינטער די קראַטעס, ווו עס שפּאַצירן אין פּאָרלעך אַ גרופּע „פאַרברעכער", וועלכע דאָס נייע „מלחמה־געזעץ" באַצייכנט אַלס „ציו־ניסטן". עס ווערן געשטעלט אויסערן געזעץ — אין די ראַמען פון יושרדיקן

נאַצער־רעזשים: ענגלענדער, פראַנצויזן און „ציוניסטן" און אַ סך פון די דאָזיקע „ציוניסטן" זענען שולדיק אין איינעם פון די שווערסטע „פאַר־ברעכנס" — זיי זענען רייך...

זייער „ציוניזם" איז נישט דערוויזן געוואָרן, אָבער זייער רייכטום האָט מען אָנגעטאַפּט מיט די פינגער; מיט גנבהשע פינגער...

*

און אָט איז די איזמאַילא־שול. דער הויפּט־אַריינגאַנג איז נאָך פאַר־מאַכט; גלייך ביים אָנהייב פון קריג האָט מען געשלאָסן די שול, די קהילה־פאַרוואַלטונג, דעם שפּיטאָל, דעם מושב־זקנים, די ישיבה „אהבה ואחווה", די ספּאָרט־פאַראייניגן און נאָך און נאָך. איצט איז בלויז אָפן די שול צום דאַווענען און די קהילה פאַר רעגיסטראַציע צו עמיגרירן. אָבער אין דער קהילה האָבן זינט הונדערטער יאָרן פונקציאָנירט די נידעריקע און העכערע געריכטן פאַר יידישע פאַמיליע־ענינים. זיי זענען איצט ליקווי־דירט.

דורך דעם זייטיקן אַריינגאַנג גייען מיר אריין אין שול. די בימה איז דעקאָרירט מיט בלומען, איבער די קעפּ פון חתן־כלה פאַרשפּרייט מען דעם טראַדיציאָנעלן טלית. מען טיילט זעקלעך מיט זיסקייטן, דער אַלטער בלינ־דער ר׳ חיים נחום איז מסדר־קידושין. דער חזן אין אַ ווייסער פּעלערינע מיט דער אסיריש שוואַרצער באָרד, זינגט: „עוד ישמע בערי יהודה ובחוצותי ירושלים קול ששון וקול שמחה, קול חתן וקול כלה"... (מען וועט נאָך הערן אין די שטעט פון יהודה דאָס קול פון גענוס און פון שמחה, די שטימע פון חתן און פון דער כלה...).

שטעט פון יהודה, גאַסן פון ירושלים... די ווערטער זענען פון נביא. מען קאָן זיי נישט ענדערן, אָבער די באַדייטונג איז דאָך רעוואָלו־ציאָנער־ציוניסטיש. ווי מאָדנע זיי קלינגען איצט אין דער הויפּטשטאָט פון איצטיקן מצרים, אפילו אויף אַ יידישער שמחה... אָבער איך קוק אויף די געזיכטער פון דעם יונגן פּאָרל: אַן עצבות איז אויף זיי אויסגעגאָסן און אומעטיק איז די שטימונג פון די עלטערן, וועמען זיי דאַרפן פאַרלאָזן אין אַ פּאָר טעג אַרום, און קיין שמחה הערשט נישט צווישן די געסט. אַלע ווייסן, אַז דאָס איז איינע פון יענע צאָלרייכע נויט־חופּות, וואָס קומען פאָר אין די טעג פון „יציאת־מצרים". אָבער די עשר־מכות האָבן זיך דאָס מאָל פאַרשפּעטיקט, אפשר זענען זיי שוין אין וועג?...

עס קומט אַריין אַ נייער גאַסט. מען שטעלט מיך פֿאָר: „דאָס איז סאַלוואַטאָר סיקורעל", דער פּראָמינענטסטער ייד אין מצרים, דער שוואָ־גער פֿון געוועזענעם פּראַנצויזישן פּרעמיער מענדעס־פּראַנס. ער איז אַ באַרימטע וועלט־פיגור — דער אייגנטימער פֿון צען דעפּאַרטמענט־סטאָרס אין אַלע מצרישע שטעט. סיקורעל איז הויך געוויקסיק, מיט אַן אויסגעשפּראָכענעם אַריסטאָקראַטישן אויסזען. ווען די סיני־אַקציע איז אויסגעבראָכן, האָט מען זיין פֿאַרמעגן קאָנפֿיסקירט, כאָטש ער איז אַן עגיפּטישער בירגער פֿון אַ קייט פֿון דורות. אים אַליין האָט מען אויך פֿאַר־האַלטן. אין זיין קאַירער דעפּאַרטמענט־סטאָר — די שענסטע געביידע אין שטאָט — האָט מען אַוועקגעזעצט אַ קאָמיסאַר. אָבער וויזט אויס, אַז קיין „ציוניסט" האָט מען פֿון אים נישט געקאָנט מאַכן. אַגב, האָט אַ וועלט מיט איינפֿלוסרייכע פֿערזענלעכקייטן פֿאַר אים אינטערווענירט ביי דער נאַצער־רעגירונג (מען דאַרף אויך געדענקען, אַז זיין שוואָגער מענדעס־פּראַנס האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דער פּראַנצויזישער אַקציע אין סועץ־קאַנאַל). און אַלס רעזולטאַט, האָט מען סיקורעלן צוריקגעגעבן זיין פֿאַרמעגן, אוועק־גענומען דעם קאָמיסאַר און איצט איז ער ווידער באַלעבאָס פֿון זיינע גע־שעפֿטן, אין וועלכע עס אַרבעטן אַרום אַכט הונדערט באַאַמטע: אַ העלפֿט מוסולמענער און קריסטן און אַ העלפֿט יידן.

מען דערציילט מיר, אַז סיי ווען סיקורעל איז געווען פֿאַרפֿאָלגט און סיי איצט ווען ער איז פֿריי, איז ער געבליבן דער זעלביקער איבער־געגעבענער, שטאָלצער און אויפֿריכטיקער יידישער פֿאָרשטייער. ער איז געבילדעט, קען גוט יידישע געשיכטע און ווייסט, ווייזט אויס, אַז מען קאָן זיך נישט פֿאַרלאָזן אויפֿן „חסד לאומים" (גענאָד פֿון די פֿעלקער). ער לאַדט מיך איין אויף זונטיק צו זיך אין שטוב, ווו איך וועל קאָנען טרעפֿן אָנגע־זעענע פֿירער פֿון די יידישע קהילות אין קאַיר און אַלעקסאַנדריע.

*

די חתונה איז געענדיקט, די שול ווערט אויסגעפֿילט מיט מתפּללים, וואָס קומען מקבל שבת זיין. עס וואַרפֿט זיך אין די אויגן די גרויסע צאָל קינדער און יוגנט, וואָס זענען געקומען דאַווענען. אויך דער באַלקאָן פֿון דער „עזרת נשים" ווערט אָנגעפֿילט מיט יונגע און עלטערע פֿרויען. עס דערהערט זיך די קלינגעדיקע העל שטימע פֿון חזן: „לכו נרננה!" —

קומט מיר וועלן זינגען! מעג די שרעק שטיקן, מעגן די צרות דריקן, אָבער דער הייליקער שבת איז געקומען, איז „לכו נרננה!" — אַ מאָדנע פֿייער־לעכקייט באַהערשט די אומעטיקע קהילה אין קאַיר.

## געשפּרעך מיטן הויפּט-רב פֿון עגיפּטן

ווען איך האָב אין דעם קהילה־ביוראָ פֿון קאַיר געזען די הונדער־טער יונגע און אַלטע יידן, וואָס שטופּן זיך צו די טישן, ווו מען רעגיס־טרירט פֿאַר עמיגראַציע, ווען איך האָב געזען דעם אָנגעשטאָפּטן צוג מיט עמיגראַנטן, וואָס איז אָפּגעפֿאָרן פֿון וואָקזאַל אין דער ריכטונג צום פּאָרט פֿון אַלעקסאַנדריע, ווו זיי וועלן זיך איבערזעצן אויף דער שיף, וואָס וועט זיי ברענגען צו „אומבאַקאַנטע" לענדער, האָב איך אַ טראַכט געטאָן:

— אָט קומט פֿאָר פֿאַר מיינע אויגן אַ פֿולשטענדיק „יציאת מצרים",

— נאָכאַמאָל זינט די צייטן פֿון פּרעה, רעמסס דעם צווייטן. אָבער קיין „משה רבינו", קיין גייסטיקן פֿירער פֿון אַ גרויסן קאַליבער, זע איך נישט צווישן די עגיפּטישע יידן... פֿאַראַן איבערגעגעבענע און אָרנטלעכע גע־מיינדע־פֿירער, ווי סיקורעל, ווי פּרחי, דע ראָמאַנאָ און אַנדערע. פֿאַראַן דער הויפּט־רב רב חיים־נחום עפֿענדי, — דער צום בעסטן באַקאַנטער רעליגיעזער פֿירער, אַמאָל אין דער אָטאָמאַנישער אימפּעריע און זינט 39 יאָר אין עגיפּטן גופֿא. יאָ, — טאַקע וועגן רב חיים־נחום וויל איך מאַכן אַ פּאָר באַמערקונגען פֿון פּערזענלעכן און אַלגעמיינעם אינטערעס.

ער ווערט איצט 85 יאָר אַלט און שוואַרצע ברילן באַדעקן זיינע אינגאַנצן בלינדע אויגן. שוין 12 יאָר, אַז ער איז בלינד. און שוין 6 יאָר אַז איך קען אים פּערזענלעך. און אַ מאָדנער פֿענאָמען קומט פֿאָר מיט אָט דעם אַלטן רב: זיין שטימע קלינגט איצט יינגער, זיינע געדאַנקען ווערן אַרויסגעזאָגט שאַרפֿער און לעבעדיקער, ווי בעת אונדזער ערשטער באַגע־געניש. אפשר איז דאָס דערפֿאַר, וואָס מיט יאָרן צוריק איז ער געוואָרן דערדריקט פֿון דער בלינדקייט, וואָס איז אים באַפֿאַלן און פֿון דער האָ־

פּענונגסלאָזיקייט צוריקצושטעלן די ראיה נאָך אייניקע שווערע אָפּעראַציעס. אָבער איצט, זעט מען, אַז ער האָט שלום געמאַכט מיט זיין מום און זוכט אויס און זעט די וועלט מיט גייסטיקע אויגן.

אויף אים איז מקוים געוואָרן דער מאמר חז״ל: „תלמידי חכמים כל מה שמזקינים דעתם מתישבת עליהם״ (תלמידי חכמים, אַז זיי ווערן עלטער, ווערט זייער שכל מער געזעצטער).

רב חיים־נחום איז נישט נאָר אַ מענטש מיט אַ גרויסער מלוכה־שטעלונג: סענאַטאָר, מיטגליד פון דער אַראַבישער אַקאַדעמיע, באַזיצער פון הויכע רעגירונגס־מעדאַלן פון פיל לענדער, — נאָר אויך טאַקע אַ באַ־דייטנדיקער יידישער געלערנטער. אין זיין פריסטער יוגנט האָט ער געלערנט אין דער ישיבה אין טבריה, שפּעטער גראַדוירט די ראַבינער־שול אין פּאַריז. ער באַזיצט אויך דיפּלאָמען פון סעמיטישע און יורידישע וויסנ־שאַפטן פון די אוניווערסיטעטן פון פּאַריז, קאָנסטאַנטינאָפּאָל און סמירנא.

ער איז פאַררעכנט ווי איינער פון די גרעסטע אָריענטאַלישע לינג־וויסטן פון אונדזער צייט. אין פּריוואַטע געשפּרעכן מיט מיר האָט ער באַ־נוצט פראַנצויזיש און העברעיש. ענגליש איז אים פרעמד און געוויס אויך יידיש.

אָבער אָט קומט אַריין זיין געהילף, רעדט ער צו אים אַראַביש. מיט דער פרוי שמועסט ער טערקיש. און אַלס אַ קוריאָז דערציילט ער מיר, אַז ווען ער האָט אַלס יונגערמאַן פאַרבראַכט 7 חדשים צווישן די פאַלאַשן אין אַביסיניע (אגב, האָט ער וועגן דעם אָנגעשריבן אַ זייער באַלערנדיק בוך), האָט ער זיך אויסגעלערנט רעדן די אמהארישע שפּראַך, די הערשנדיקע אין אַביסיניע.

ווען דער דעמאָלטיקער נעגוס, מענעליק דער צווייטער, האָט אים אויפגענומען אויף אַ געזעגענונג־אוידיענץ, האָט רב חיים־נחום געהאַלטן פאַר אים אַ רעדע אין דער אַמהאַרישער שפּראַך. דאָס האָט אויך איבער־ראַשט דעם עטיאָפּישן הערשער, און ער האָט דעם רב גלייך אָנגעטאָן דעם קעניגלעכן אָרדן פון שלמה המלך... אגב, האָט רב חיים־נחום און זיין דעמאָלטיקער רעדע צו מענעליק דעם צווייטן געבראַכט עטלעכע נייע און אינטערעסאַנטע איינצלהייטן וועגן מענעליק דעם ערשטן, וועלכער זאָל האָבן געווען נישט קיין אנדערער ווי די „פּרוכט״ פון קורצן ראָמאַן, וואָס האָט זיך, ווי מיר ווייסן, צעפלאַקערט צווישן שלמה המלך און זיין גאַסט־באַזו־

כערין, די מלכה שבא... (דאָס ווערט אויך דערמאָנט ווי אַ פאַקט אין ערשטן קאַפיטל פון דער אביסינישער געשיכטע).

זיץ איך איצט ווידער אין סטודיאָ פון אַלטן בלינדן רב, אין צימער בשכנות מיט דער איזמאַילאַ־סינאַגאָגע און פּרוביר פרעגן שאלות און פאַר־צייכענען זיינע תשובות, וועלכע קאָנען אַמאָל דינען אלס היסטאָרישע מאַ־טעריאַלן אין צוזאַמענהאנג מיט די טראגישע איבערלעבענישן, דורך וועלכע די יידן אין מצרים גייען איצט אַדורך.

מיינע פראַגן זענען אָפענע און אפשר דראסטישע, ווייל איך פיל, אַז אויב דער 85־יאָריקער „חכם באשא" וועט מיר איצט אויף זיי נישט ענטפערן, וועט זיך אפשר שוין קיינמאָל קיין געלעגנהייט נישט מאַכן נאָכ־אַמאָל אַזאַ שמועס צו האָבן...

און רב חיים־נחום ענטפערט אַזוי איינגעהאַלטן, אזוי פּאָרזיכטיק, אַז איך בייס פשוט מיינע ליפּן פון אומגעדולד. ווי געוויינלעך, האלט ער מיין האַנט, ווען איך רעד מיט אים. ער זאָגט, אַז כאָטש ער זעט מיך נישט פילט ער אָבער מיינע רעאקציעס דורך דער באַרירונג. און אָט באַמערקט ער טאַקע: — איך זע, אַז איר ווערט אומגעדולדיק, אָבער פאַר מיר געבן אַ תשובה איז נישט אַזוי איינפאַך. מען באַשולדיקט מיך ווען איך שווייג, און נאָך מער ווען איך רעד...

— רבי, פאַרוואָס זענט איר אַזוי שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן יש־ראל, ווען די סיני־אַקציע האָט זיך אָנגעהויבן? אַלע האָבן פאַרשטאַנען אייער לאַגע, אָבער די אויסדריקן, ווען איר האָט זיך אָפּגעגרענעצט אין נאָמען פון מיצרישן יידנטום פון מדינת ישראל, זענען געווען אַזעלכע כמעט־באַליידיקנדיקע. האָט מען דאָס נישט געקאָנט מאַכן לייכטער?...

רב חיים־נחום לאָזט אָפּ מיין האַנט, ער ענטפערט קאַלט און שאַרף:

— אויב ווערטער וואָס איך זאָג, וואָס איך שרייב אונטער, קאָנען לעבן, וועל איך שטענדיק זיי אַזוי אַרויסזאָגן, אַז אַזאַ לעבן, אָדער א סך לעבנס זאָלן געראַטעוועט ווערן... איך בעט אייך: וועגן די אַלע אומ־שטענדן, וואָס האָבן צו טאָן מיט מיין דעקלאַראַציע בעת דער סיני־אַקציע פון ישראל, פרעגט ביי אַנדערע, נישט ביי מיר, און זאָל אייך דער אַלמעכ־טיקער שטענדיק אָפּהיטן פון אַזעלכע נסיונות.

האָב איך געפרעגט אַנדערע, און אַזוי איז געווען די מעשה: צוויי מענטשן פון פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטעריום האָבן געבראַכט צו רב חיים־נחום

דעם פון פריער צוגעגרייטן טעקסט פון דער אַנטי־ישראל־דעקלאַראַציע. ווען מען האָט זי אים פאָרגעלייענט האָט ער געענטפערט: „ביין, איך קאָן דאָס נישט אונטערשרייבן. אפילו פאַרן פרייז פון מיין אייגן לעבן. איך רעזיגניר פון מיין פאָסטן אַלס הויפּט־רב פון עגיפּטן, איך זאָג זיך אָפּ פון אַלע אַמטן און פּריווילעגיעס!...".

די יידישע עדות, וואָס זענען דערביי געווען דערציילן, אַז קיינמאָל איז דער רב נישט געווען אַזוי קאַטעגאָריש אין זיין פּראָטעסט. ער האָט די שליחים פאָרגעוואָרפן די מאַסן־אַרעסטן פון יידן, די דעפּאָרטאַציעס, דאָס פאַרמאַכן די קהילה־אינסטיטוציעס אין קאַיר, איינשליסלעך דער סינאַגאָגע.

די שליחים — מיליטער־לייט, — האָבן אויף דעם נישט רעאַגירט און שווייגנדיק אַוועק. אין צוויי טעג שפּעטער זענען זיי ווידער געקומען מיט דער פאָלגנדיקער דערקלערונג:

„אייער עמינענץ, מיר קאָנען אייך, פאַרשטייט זיך, נישט צווינגען אונטערצושרייבן אַ דעקלאַראַציע, וועלכע מיר ברענגען אייך, אָבער איר דאַרפט וויסן: דער המון אין די גאַסן איז זייער אויפגערעגט. ישראל־מי־ליטער מאָרדעט און קוילעט באַרבאַריש אונדזערע ברידער. די פאָלקס־מאַסן האַלטן די עגיפּטישע יידן מיטפאַראַנטוואָרטלעך און ווילן זיך מיט זיי אָפּרעכענען. אויב מיר וועלן אַוועקגיין מיט לידיקע הענט, קאָן מעג־לעך זיין, אַז בלוט וועט רינען אין די גאַסן, יידיש בלוט. מיט אייער דעק־לאַראַציע קעגן ישראלס אַגרעסיע קאָנט איר עס אָפּהאַלטן. מיר וועלן זען, אַז מען זאָל אויף יידן נישט אָנפאַלן. די דעציזיע איז אין אייערע הענט...".

דער הויפּט־רב האָט בליצשנעל באַגריפן די לאַגע: מען שאַנטאַ־זשירט אים מיט אַ בלוטיקן פּאָגראָם. מען וויל איבערחזרן די געשעענישן פון יאָר 1952, ווען מען האָט געברענט לעבעדיקערהייט ענגלענדער אין די קלובן און גערויבירט געשעפטן, צווישן זיי פיל יידישע. איצט קאָן דער פאַנאַטישער המון זיין נאָך גרויזאַמער.

ער האָט גענומען דאָס צוגעגרייטע פּאַפּירל און אונטערגעשריבן מיט ציטערדיקע הענט. עס דאַרף באַמערקט ווערן, אַז כאָטש מאַנכע יידן אין קאַיר האָבן געהאַט פיל אויסצוזעצן קעגן זייער הויפּט־רב, אָבער דאָס מאָל האָבן אַלע ווי איינער פאַרשטאַנען, אַז אנדערש האָט ער נישט געקאָנט האַנדלען. דער דאָזיקער אַקט וועט אין רבס ביאָגראַפיע נישט פיגורירן

זוי אַ באַשולדיקונגס־פּונקט. די געשיכטע וועט אָבער וויסן אָפּצושאַצן דעם בלוטיקן שאַנטאַזש פון דער נאַצער־קליקע...

בעתן געשפּרעך מיטן רב וויל איך אויפקלערן די באַשולדיקונג, וואָס מען מאַכט קעגן אים, אַז אין יאָר 1910, דאָס הייסט מיט 46 יאָר צוריק, זאָל ער האָבן באַליידיקט אין פּתח־תקווה די ווייס־בלויע פאָן. איך וויל הערן די דערקלערונגען וועגן יענעם פּיינלעכן אינצידענט פון זיין אייגן מויל:

ענטפערט ער:

— איך ווייס, אַז מען באַשולדיקט מיך, אַז איך האָב געשטערט די געשפּרעכן צווישן טערקישן סולטאַן אַבדול האַמיד און ד״ר הערצל בעת זיין באַזוך אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. נאָנסענס! איך בין דאַן נישט געווען דער הויפּט־רב, נאָר אַ פּראָפעסאָר אין דער מיליטערישער אַקאַדעמיע און קיין פּאָליטישן איינפלוס נישט געהאַט. אמת, איך בין קיינמאָל קיין ציוניסט נישט געווען און אפשר האָב איך נישט אַלץ פאַרויסגעזען... אָבער שטערן? חלילה.

— צוריק צום פאָן־אינצידענט: איך בין מיט 46 יאָר צוריק אָנגעקומען קיין יפו אַלס הויפּט־רב פון דער טערקישער אימפּעריע. דער קיימאַקאַם (גובערנאַטאָר) מיט אַנדערע טערקישע באַאַמטע האָבן מיך פייערלעך באַגעגנט. אַ רייטער־אָפּטיילונג פון דער אַרמיי האָט צוזאמען מיט זיי מיך באַגלייט קיין פּתח־תקווה און דאָ קומען אַרויס יידישע יונגעלייט מיט אַ בלוי־ווייסער פאָן. איך האָב אין דעם געזען אַ מעגלעכע באַליידיקונג פאַר דער טערקישער מלוכה און מעגלעכע שלעכטע פאָלגן פאַרן יידישן ישוב אין פּאַלעסטינע. האָב איך גלייך געהייסן באַזייטיקן די פאָן. זאָגט מען מיר, אַז דאָס איז פאַרשריבן מיט שווארצע אותיות אין דער יידישער געשיכטע. מיינט איר אויך אַזוי?

זאָג איך, אַז מיין באַשיידענע מיינונג איז אין הסכם מיטן געריכט פון דער יידישער געשיכטע...

לאָזט ער ווידער אָפּ מיין האַנט, אַזוי ווי איך וואָלט אים באַליידיקט.

פרעג איך אים, צי גלייבט ער, אַז אין עגיפּטן וועלן נאָך בלייבן יידן פון היינט איבער אַ יאָר.

ענטפערט ער:

— יאָ, נישט ווייניקער ווי פינף טויזנט יידן וועלן בלייבן און אפשר

מער (איצט זענען פֿאַראַן אין עגיפּטן אַרום 40 טויזנט יידן — ה. ש.) און איך וויל בלייבן מיט זיי, ווי דאָס פּאַסט פֿאַר א קאַפּיטאַן פֿון א זינקענדיקער שיף. צייטן האָבן זיך געביטן. אָבער אויב אפילו נאָר 9 יידן וועלן בלייבן, וועל איך מיט זיי זיין דער צענטער צום מנין...

— רבי, צי ווייסט איר, אַז איר זענט דער איינציקער ייד, וועמען איך האָב דאָ באַגעגנט, וואָס מאכט נישט קיין פּלענער וועגן עמיגראַציע?

— פֿאַראַן אויך אנדערע יידן, אָבער איר האָט זיי נישט געזען. וועל איך אייך דערציילן אַן אינטערעסאנטן עפּיזאָד פֿון מיין ביאָגראַפֿיע, וועלכע איז אויך פֿאַרבונדן מיט מיינס אַ וויזיט אין מצרים מיט מער ווי 40 יאָר צוריק, ווען איך בין געווען דער הויפּט־רב פֿון דער טערקישער אימפּעריע. איך האָב דעמאָלט געדאַרפֿט פֿאַרלאָזן עגיפּטן דורך פּאָרט־סאַיד אויף אַ רוסישער שיף, וואָס איז געגאַנגען קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. אין לעצטן מאָמענט דערוויס איך זיך, אַז איך קאָן אַרויפֿגיין אויף דער שיף נאָר שבת, כאָטש זי שטייט שוין אין פּאָרט פֿון דאָנערשטיק. וויל איך דאָך נישט מחלל־שבת זיין, שיק איך אַ טעלעגראַמע צום דעמאָלטיקן צאַרישן אמבאסאדאָר אין טערקיי, פּירשט טשיטשאַגין, ער זאָל עפּעס טאָן אין דער ריכטונג. קומט גלייך אַ טעלעגראַמע פֿון פּירשט צום שיפֿס־קאַפּיטאַן, ער זאָל מיך אַרויפֿלאָזן פּרייטיק און דערצו אָפּגעבן דעם כבוד, וואָס עס פּאַסט פֿאַר א הויכן גייסטלעכן. בקיצור מען האָט מיך מיט פֿאַראַד ארויפֿגעלאָזן אויף דער שיף. די מאַנשאַפֿט האָט זיך אויסגעשטעלט אַלס ערן־וואַך. דער אָרקעסטער האָט געשפּילט... מיט איין וואָך שפּעטער האָט זיך באַוויזן אין דער שוואַרצמאהדיקער צייטונג „זעמשטשינאַ" אין פּעטערבורג א פֿייערדיק אַרטיקל פֿון אַנטיסעמיט פּורישקעוויטש אונטער טיטל „פּירשט טשיטשאַגין א שבת־גוי ביים טערקישן רב...". די גאַנצע מעשה מיט מיין נישט וועלן שבת אַרויפֿשטייגן אויף דער שיף ווערט דאָרט אויסגעלאַכט. דער אמבאסאדאָר אין טערקיי איז מיאוס אָנגעגריפֿן געוואָרן. דאָס אַרטיקל ענדיקט זיך מיטן רוף צו דער רוסישער רעגירונג, מען זאָל דעם פּירשט באַשטראָפֿן. מיט איין חודש שפּעטער איז דער פּירשט אָפּגערופֿן געוואָרן פֿון זיין אַמט און שוין מער קיינמאָל זיך נישט אומגעקערט צו דיפּלאָמאַטישער דינסט.

— ווי איך זע, האָט שוין רשעות קעגן יידן אַן אלטע טראַדיציע,

— ענדיקט מעלאַנכאָליש רב חיים־נחום.

איידער איך ענדיק דאָס געשפּרעך דאַרף איך נאָך דעם רב שטעלן גאָר א וויכטיקע און קיצלדיקע פראַגע. איך וואָקל זיך אביסל, איידער איך פאָרמוליר זי אויף אַ געהעריקן אופן:

— רבי, פרעגט מיך נישט פון וואַנען איך ווייס, אָבער איך ווייס אויף געוויס: אָט דאָ, אין דער געפּאַנצערטער שאַפע, ליגן אייניקע אוצרות פון גרויסן היסטאָרישן ווערט פאַר יידן. צווישן אַנדערן ליגט דאָ אַ גט, אונטערגעשריבן אלס עדות דורך רבי משה בן מיימון (רמב״ם), דאָ ליגן אויך דאָקומענטן, וואָס זאָגן עדות, אַז נאָך אין אַכטן יאָרהונדערט האָבן יידן געקויפט ערד אין צענטער פון קאַיר צו בויען א בית־כנסת. דאָ ליגט אויך די קליינע ספר־תורה, וועגן וועלכער די לעגענדע דערציילט, אַז זי איז געשריבן געוואָרן אייגנהענטיק פון עזרא הסופר. אויב עס איז אפילו נישט אַזוי, איז זי אויך, מעגלעך, די עלטסטע ספר־תורה אין דער וועלט... רבי! דאָ ליגן נאָך דאָקומענטן פון דער גרעסטער היסטאָרישער וויכטי־קייט פאַר יידן. דאָ זענען נאָך פאַראַן נישט־דעשיפרירטע כתבים פון דער „גניזה״, וועלכע קאָנען וואַרפן אַ ניי ליכט אויף אונדזער געשיכטע. איך נעם אויף זיך פרייוויליק, רבי, די דאָזיקע דאָקומענטן צוצושטעלן דאָרט, ווו זיי וועלן זיין אַמזיכערסטן. עס איז אפילו מעגלעך, אַז איך וועל באַקו־מען אַ דערלויבעניש זיי אַרויסצופירן. נאָר אייער הסכמה איז נייטיק. פאַראַן דאָ אין קאַיר זייער וויכטיקע פּערזאָנען, וועלכע וועלן גאַראַנטירן פאַר מיר, אַז איך זאָל מיין מיסיע ווי געהעריק אויספירן.

— רבי! אַזויפיל דאָקומענטן זענען שוין פאַרפאַלן געוואָרן בעת אונדזערע גירושים און חורבנות. לאָמיר כאָטש פּרובירן ראַטעווען דאָס, וואָס עס לאָזט זיך נאָר. די צייטן זענען נישט קיין זיכערע. די יידן גייען אוועק פון דאַנען. די דאָקומענטן ביי אייך אין דער אייזערנער שאַפע ווינען מען זאָל זיי מיטנעמען...

קאַלט און שטרענג קלינגט די תשובה פון רב:

— עס איז אמת, אַז די דאָזיקע היסטאָרישע אוצרות געפינען זיך ביי מיר אונטערן שלאָס, און איך פאַרשטיי, אַז די, וואָס האָבן וועגן דעם דערציילט, האָבן צוטרוי צו אייך און ווייסן, אַז איר וועט זיי צושטעלן ווו מען דאַרף. אָבער איך קאָן זיי נישט אַרויסגעבן, איך וועל זיי נישט אַרויס־געבן...

איך טראַכט וועגן אַנדערע מיטלען ווי אזוי זיי זאָלן נישט פאַר־

לוירן גיין. לאָמיר האָבן, אַז דאָס וועט זיך מיר איינגעבן. איך קוק אָן דעם אַלטן, בלינדן 85־יאָריקן איינגעשפּאַרטן מענטש. איך באַוווּנדער אים און באַדויער גלייכצייטיק: אַזויפיל דורכגעמאַכט אין זיין לאַנג לעבן און אַזוי ווייניק געלערנט פון זיינע ביטערע דערפאַרונגען.

איך וואַרף אַן אומעטיקן בליק אויף דער שטאָלענער קאַסע: הלוואי זאָלן די היסטאָרישע אוצרות פאַרט פאַרבלייבן אין יידישע הענט...

## אַ באַגעגעניש מיטן עגיפּטישן פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטער

ווען איך בין געפאָרן קיין עגיפּטן האָב איך אין האַרצן באַשלאָסן נישט צו זוכן קיין באַגעגעניש מיט הויכגעשטעלטע מלוכה־לייט: האָב איך דאָך זיך אויסגעלערנט, בעת מיינע צאָלרייכע רייזעס איבער די דיק־טאַטור־לענדער, אָפּצושאַצן דעם נישטיקן ווערט פון זייערע צוזאָגן און דערקלערונגען. די צוזאָגן ווערן געוויינלעך נישט געהאַלטן און די אויפ־קלערונגען זענען מערסטנטיילס אַ ליגן... דאָס איז געווען אמת בנוגע צו פּ ע ר אָ ן און ק אַ ג אַ נ אָ װ י ט ש, בנוגע דעם קעניג פון איראַק מיט צוואָנציק יאָר צוריק און דעם פּרעזידענט טרוכיזשאָ פאַר צוויי יאָר. דער „גרויסער ליגן" איז דאָך דער יסוד פון יעדן דיקטאַטור־סיסטעם, פאַרוואָס זאָל איך איצט אין עגיפּטן זוכן דעם אויסנאַם?

ווען איך האָב, זייענדיק אין קאַיר, זיך באַראַטן מיט די דיפּלאָמאַ־טישע און אַנדערע פּערזענלעכקייטן, צי זאָל איך מיך באַמיען זען נאַצערן, האָט מען מיך אָפּגעראָטן: — עס וועט אייך באַגעגענען אַ שמייכלדיקער, פריינדלעכער, געוויקסיקער אָפיציר. ער וועט אפילו, מעגלעך, אייך ארומ־נעמען, וועט אייך דערציילן וועגן זיין טאָלעראַנץ צום „ערווירדיקן אַלטן יידישן קיבוץ אין מצרים", וועט אַ זאָג טאָן, אַז ער אליין קומט זיי באַ־גריסן אין דער „איזמאילא"־סינאַגאָגע... אַז ער באַקעמפט „ציוניסטן", אָבער דאָס איז דאָך אַזוי פאַרשטענדלעך... איז וואָס וועט איר פון דעם האָבן? סיידן איר קלייבט פּרעזידענטישע פאָטאָגראַפיעס און זייערע אויטאָגראַפן — האָט שוין מער ווערט אַ בילד מיט און אונטערשריפט פון

אַ שיינער האָליוווּדער אַקטריסע. אַלזאָ, האָב איז זיך נישט באַמיט צו זען דעם דיקטאַטאָר פון מצרים.

ביי מיר איז אויך געבליבן אַ ביטערער טעם אין מויל פון אַ וויזיט, וואָס איך האָב מיט צוויי יאָר צוריק, אין זעלבן קאַיר, געמאַכט ביים שעף פון דער עגיפּטישער פּראָפּאַגאַנדע — קאָלאָנעל אבדעל קאַדער האַטעם.

דער דעמאָלטיקער אמעריקאַנער אמבאסאדאָר אין עגיפּטן, העברי ביירזאָוד, דער זעלבער, וואָס האָט אַזוי געניאַל „פאַרשלאָפן״ דעם אַראַביש־סאָוויעטישן וואָפן־האַנדל, האָט מיר דעמאָלט יאָ געראָטן מאכן אַ העלפער־קייט־וויזיט ביי האַטעמען, וועלכער איז אויך דער הויפּט פאַר פּרעסע־ענינים. איך האָב דעמאָלט מיין דאָזיקן באַזוך באשריבן מיט אַלע פּיטשעווער־קעס: האַטעם האָט מיך דעמאָלט אויפגענומען זיצנדיק, מיט אַן אָנגעבלאָזן פינצטערן געזיכט, קוים אויסגערעדט אַ פּאָר ווערטער און מיך גלייך איבער־געגעבן אין די הענט פון איינעם פון זיינע געהילפן, אַכמע דאַניס, וועלכער האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ פריינדלעכן, קולטורעלן מענטש, וואָס האָט מיר ווירקלעך געהאָלפן זיך אָריענטירן אין דעמאָלטיקן פּאָליטישן „חושך מצרים״. און איך האָב זיך שפּעטער געטיילט מיט מיינע לייענער וועגן דעם אונטערשיד צווישן אָט די צוויי עגיפּטער.

פאַרשטייט איר דאָך, אַז אויב איך האָב בעת מיין איצטיקן באַזוך אין קאַיר געוואָלט עמיצן אויסמיידן, איז דאָס אין דער ערשטער ריי געווען קאָלאָנעל האַטעם, אַ קשיא אויף אַ מעשה: טאָמער איז די איבערזעצונג פון יענעם אַרטיקל, וועלכער איז אויך געווען פאַרעפנטלעכט אין מדינת ישראל, אריינגעפאַלן אין האַטעמס הענט, ווועל איך קיין האַניק צוליב דעם נישט לעקן. אָבער שוין אין דער ערשטער וואָך, וואָס איך בין געווען אין קאַיר, האָט מען מיך צוויי מאָל געפרעגט, בעת געשפּרעכן אין דער אמעריקאַנער אמבאַסאדע, צי איך האָב שוין באַזוכט דעם קאָלאָנעל האַטעם. ווען דיפּ־לאָמאַטן שטעלן אַזאַ פראַגע, און נאָך צוויי מאָל דערצו, קאָן דאָס הייסן, אָדער זיי האַלטן, אַז איך דאַרף אים באַזוכן, אָדער מען האָט זיי דערמאָנט פון דער רעגירונג, ביי וועלכער זיי זענען אַקרעדיטירט, אַז מען דערוואַרט אַזאַ באַזוך.

אַלזאָ, האָב איך קיין ברירה נישט. איך האָב נאָך באַוויזן זיך מיישב זיין מיט אַ פאַראַנטוואָרטלעכן פירער פון דער יידישער קהילה און יענער האָט מיר געזאָגט: — וועגן אייער ווילן דאָ אַלס פאָרשטייער פון דער

יידישער פּרעסע ווייסט די רעגירונג, איר פֿאַרשטייט מסתּם, אַז מען ווייסט וועגן יעדן שריט אייערן... וועט איר נישט באַזוכן דעם מעכטיקן שעף פֿון פּראָפּאַגאַנדע און אינפֿאָרמאַציע, קאָן דאָס אָנגענומען ווערן פֿאַר אַ באַליי־דיקונג. אַלזאָ, איר דאַרפֿט גיין... איך ראַט אייך אָבער צו זיין אָפֿנהאַרציק מיטן קוירנעל און רעדן צו אים אָפֿן און אָן מורא. ער איז אַ מענטש מיט קוראַזש און וועט דורך אייערע פֿראַגן זיך דערוויסן, וואָס פֿאַר אַ פּראָבלע־מען אין היינטיקן עגיפּטן באַאומרויִקן אַמעריקע בכלל און אַן אַמעריקאַנער ייד בפרט. איז טאַקע „גוט פֿאַר יידן", ווען איר וועט רעדן צו אים מיט דער גאַנצער דרייסטקייט און אמת. עס שפּילט נישט קיין ראָל, וואָס ער וועט אייך ענטפֿערן, אָבער דער עיקר איז, אַז איר זאָלט אים אַלאַרמירן מיט פֿראַגן. און איר דאַרפֿט קיין מורא נישט האָבן. מען וועט אייך נישט אַרעס־טירן. עס לוינט זיך זיי נישט אָנצוהייבן מיט אַן אַמעריקאַנער צייטונגס־מענטש, ווען די אַמבאַסאַדע האָט אַליין געראָטן זיך זען מיטן פּראָפּאַ־גאַנדע־שעף.

גיי איך צו האַטעמען.

די צען־שטאָקיקע געביידע אויף דער סאָלימאַן־פּאַשאַ־גאַס, ווו דאָס פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטעריום געפֿינט זיך, איז מיר שוין באַקאַנט פֿון פֿריער. עסווימלט דאָרטן פֿון פֿיל מאָדנע פּאַרשוינען אין אייראָפּעיִשער קליידונג און אין אַראַבישע כאַלאַטן.

איך באַשליס פֿריער ווי אַלץ צו באַזוכן דאָס ביוראָ פֿון מיין אַלטן באַקאַנטן אַכמעד אַניס און דערווייל זיך דערוויסן, צי האַטעם האָט געלייענט מיין אַמאָליקן אַרטיקל וועגן אים, צי נישט.

אין דער ווינדע, וואָס פֿירט צום אַכטן שטאָק, שטייען צוויי געזונטע בלאָנדע אייראָפּעער און רעדן דייטש צווישן זיך. זיי פֿאַרמאָגן יענע זעלבסטזיכערע, פֿרעכע פּנימער, וואָס וואָלטן זיך אַריינגעפּאַסט אויך אין דער ווינדע, וואָס פֿלעגט פֿירן צו געבעלסעס פּראָפּאַגאַנדע־ביוראָ אין בערלין... אַזוי ווי זיי האַלטן פּאַפּירן אין די הענט און טראָגן נישט קיין אויבערמאַנטלען, פֿאַרשטיי איך, אַז זיי אַרבעטן דאָ ערגעץ־ווו אין דער געביידע.

מיין אַלטער באַקאַנטער אַכמעד אַניס דערפֿרייט זיך מיט מיין קומען. יאָ, ער האָט געוווּסט, אַז איך בין אין קאַיר. איך פֿרעג אים נישט ווי אַזוי ער האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט. ער איז צופֿרידן, וואָס איך גיי זען זיין

שעף. דערביי באַמערקט ער מיט א באהאלטענעם שמייכל: — דער קוירנעל האָט מיך מיט אַ צוויי יאָר צוריק גערופן צו זיך און געוויזן אַן איבערזעצונג פון א צייטונג אין ישראל, ווו איר קריטיקירט אים און לויבט מייןוויניקייט... נאָר דאָס דאַרף איך נישט אַרן. ער וועט אייך גוט אויפנעמען.

אַ ביסל האָט מיך די ידיעה יאָ געאַרט, אָבער איך האָב שוין קיין ברירה נישט. איך פאָר אַרויף אויפן צענטן שטאָק און מעלד זיך צום קוירנעל האַטעם.

דאָס מאָל איז דאָס געווען אַנדערש. האַטעם לויפט אַרויס אין וואַרטצימער, באַגריסט מיך זייער וואַרעם, פירט מיך אַריין צו זיך אין קאַבינעט, באַשטעלט אַ טעפּעלע שוואַרצע קאַווע... — איצט שטעלט פראגן. איר האָט דאָך שוין מסתם פיל מענטשן געזען, פיל זאַכן געהערט.

— יאָ, קוירנעל, ווי אזוי האָט דאָס געקאָנט דערבראַכט ווערן צו אזא לאַגע, אז די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג זאָל געצוווּנגען זיין צו פארלאָזן עגיפּטן נאָך צוויי טויזנט יאָר צוזאַמענלעבן?

דער קוירנעל שטעלט אויף מיר אָן אַ פּאָר פאַרוווּנדערטע אויגן:

— ווער צווינגט זיי דען? ווער יאָגט זיי? אויב איר מיינט פראַנצויזישע אָדער בריטישע בירגער, האָבן מיר זיי אַלע אַרויסגעשיקט, אָן אונטערשיד פון גלויבן, אפילו מוסולמענער. איר מיינט מסתם „ציוניסטן״? נו, דאָס זענען בן־גוריונס אַגענטן, אויב איר וועט אַמאָל זען בן־גוריונען, זאָגט אים: כל זמן ער וועט פּראָקלאַמירן פאַר דער וועלט, אז אלע יידן שטייען אונטערן שוץ פון דער ישראל־מלוכה, וועלן מיר האָבן אַ רעכט צו האַנדלען מיט די יידן ווי מיט שונאים פון עגיפּטן...

— טראַקטירט איר, הייסט עס, אַלע יידן אַלס שונאים פון דער מלוכה, נעמט צו זייערע פאַרמעגנס, זייערע שטעלעס?

האַטעם ענטפערט מיט אַ טאָן פון א באַליידיקטער אומשולד:

— אין עגיפּטן זענען די בירגער פון אַלע גלויבנס גלייך... אַנדערש איז מיט נישט־בירגער...

— אָבער מען האָט דאָך די יידן, איינגעזעסענע אין משך פון הונדערטער יאָרן, קיין בירגער־פּאַפּירן נישט געגעבן. די צאָל פאָרמעלע בירגער איז דאָך אַ נישטיקע...

— איך האָב נישט קיין גענויע ציפערן אונטער דער האַנט. יעדנפאַלס זענען מיר נישט קיין בארבאַרן און באַרויבן נישט און אַרעסטירן

נישט קיין אומשולדיקע מענטשן. בעת מען איז אויף אונדז אָנגעפאַלן האָבן מיר אַרעסטירט אַ געוויסע צאָל עגיפּטישע איינוווינער — יידן, קריסטן, מוסולמענער, וועלכע מיר האָבן חושד געווען, אז זיי זענען נישט לאָיאַל צום רעזשים. אַזוי האָט דאָך אויך געטאָן אמעריקע, ווען זי האָט אַרעסטירט אירע אייגענע בירגער פון יאַפּאַנישן אָפּשטאַם נאָך פּערל־האַרבור... צי ווייסט איר, אז מיר האַלטן איצט אונטערן שלאָס אייניקע געוועזענע עגיפּ־טישע מיניסטאָרן און אפילו גענעראַלן?

דאָס איז טאַקע זייער אינטערעסאַנט, אָבער איך פרעג אים נישט די נעמען פון די דאָזיקע עגיפּטער, כאָטש איך וואָלט דאָס זייער געוואָלט וויסן... אגב, דאַרף באַמערקט ווערן, אז די עגיפּטישע צענזור האָט אויס־געמעקט די דאָזיקע ידיעה וועגן ארעסטירטע מיניסטאָרן און גענעראַלן סיי פון מיין טעלעגראַמע, סיי פון דער טעלעגראַמע פון „ניו־יאָרק טיימס"־קאָרעספּאָנדענט.

— אָבער, קוירנעל האַטעם, איך האָב דאָך אָפענע אויגן און זע ווי יידישע געשעפטן ווערן קאָנפיסקירט, ווי יידישע באַאַמטע ווערן אַרויסגע־וואָרפן פון זייערע שטעלעס?...

— שקר וכזב! נישט יידישע געשעפטן, נאָר פיינטלעך פאַרמעגן! און מיר דעפּאָרטירן ק יי נ ע ם נישט מיט געוואַלד, סיידן פיינטלעכע אויס־לענדער. איר זאָגט, מיר זאָגן־אָפּ באַאַמטע פון שטעלעס? וואָס פאַר אַ פאַר־לוימדונג! אָט אַרבעט ביי מיר אלס פירער פון דער אַנטי־ציוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע א ייד פון אַלעקסאַנדריע, אַ זון פון מיינעם אַ טייערן פריינד. זיין נאָמען איז עדמאָנד איבראַהים סאָלימאַן. ער איז מיין רעכטע האַנט... עס אַרבעטן נאָך אַ פּאָר יידן אויף ענלעכע אמטן ביי מיר גופא אין מיניס־טעריום...

איך לאָז אַלץ נישט אָפּ. איך נעם אַרויס דעם היינטיקן נומער פון דער עגיפּטישער צייטונג „לאַ בורס עדזשיפּטיען" און ווייז אים אַן אויפ־שריפט מיט גרויסע אותיות איבער דער גאַנצער לענג פון דער ערשטער זייט: — מער ווי טויזנט שונאים פון לאַנד האָבן היינט פאַרלאָזט עגיפּטן מיט דער שיף „מיסר". אַזעלכע אויפהעצערישע אויפשריפטן קעגן אַ טייל פון דער באַפעלקערונג, ווען מען באַצייכנט אָפיציעל אַלס שונאים, קאָנען דאָך דערפירן צו בלוטיקע אומרוען...

אָבער קוירנעל האַטעם האָט א פאַרטיקע תשובה:

— די פּרעסע ביי אונז ווערט נישט קאָנטראָלירט. זי איז פריי און קאָן שרייבן וואָס זי וויל...

— איך בין היינט פאַרביי די געביידע פון דער יידישער שול אין אבאַסיא־קוואַרטאַל. זי איז נאָך אַלץ באַוואַכט. מען זאָגט, אַז דאָרט זיצן הונדערטער אַרעסטירטע יידן...

ענטפערט האַטעם:

— איך האָב פאַר אייך אַ בעסערע נייעס: עלף יידישע פירער האָבן מיר היינט באַפרייט. זענען נאָך געבליבן אַרעסטירט אַרום זעכציק. מסתם וועלן מיר זיי אין אייניקע טעג אַרום באַפרייען. די מערהייט פון זיי וועלן מוזן פאַרלאָזן דאָס לאַנד, ווייל מיר זענען נישט זיכער אין זייער לאָיאַלי־טעט. איך וויל צוגעבן נאָך איין באַמערקונג: מיט אייניקע וואָכן צוריק האָט דאָ געוויילט דער אמעריקאַנער ייד אַלפרעד ליליענטאַל, — אגב, מיינער אַן אינטימער פריינד. אַלפרעד האָט אונדז אַזוי גוט פאַרשטאַנען... מיט אייך, זע איך, איז שווער צו קומען צו אַ פאַרשטענדעניש...

— סאָרי, קוירנעל, אַזוי איז דאָס טאַקע!

מיר פאָטאָגראַפירן זיך. אויפן בילד — צוויי שמייכלדיקע געזיכ־טער, אָבער ווו נעמט מען אַן אפּאַראַט, וואָס זאָל פאָטאָגראַפירן, וואָס עס טוט זיך אין זייערע הערצער?

*

איך „קיי" איבער אין געדאַנק: וואָס אַזוינס האָט מיר געענטפערט דער קוירנעל האַטעם, די רעכטע האַנט פון פּרעזידענט נאַצער? עס איז דאָך אַלץ ליגן! ווייסט ער דאָך פונקט אַזוי ווי איך, אַז עס קומט פאָר אַ פאַקטישער רויב פון יידיש פאַרמעגן, אַ ליקווידאַציע פון יידישע באַאַמטע אויף שטעלעס, אַ מינדלעכער „דעפּאָרטאַציע־קאַמפּיין", וועלכער צילט פּטור צו ווערן פון אַלע יידן, איינשליסלעך דאָס ביסל עגיפּטישע בירגער, — און ירשענען די הונדערטער מיליאָנען פונטן, וואָס זענען אָנגעזאַמלט געוואָרן אַלס רעזולטאַט פון ערלעכער ארבעט. און אויב ער ווייסט דאָס — און געוויס ווייסט ער מער — גלייבט ער דען, אַז מיט אַזעלכע פּראָפּאַגאַנדע־שקרים קאָן מען פאַרבלענדן מיינע אויגן, וואָס זעען איצט די רשעות פון דער נאָענט, אָדער פאַרטויבן דאָס געשריי פון די קרבנות, וואָס טראָגט זיך פון איין עק וועלט ביזן צווייטן?

*

דער פּריצייטיק פאַרשטאָרבענער דזשאָרדזש אָרוועל האָט אין זיין געניאַל בוך „1984" געגעבן אַ שרעק־בילד, ווי אַזוי עס וואָלט אין יענעם יאָר אויסגעזען די שטאָט לאָנדאָן, ווען דער קאָמוניזם זאָל דאָרט האָבן איבערגענומען די מאַכט. אין אָרוועלס ווערק הייסט די שרעקלעכע תפיסה „דער פּאַלאַץ פון ליבע". „מלחמה" ווערט דאָרט אָנגערופן מיט וואָרט „שלום", אַ גרופּע פּראָפעסיאָנעלע ליגנער ווערט דאָרט אָנגערופן די „אמת־זוכער". דאָס איז די אימה, וואָס כאַפּט אייך אַרום, ווען איר באַזוכט אַ פּראָפּאַגאַנדע־צענטער אין מאָסקווע, אין מאַדריד, צי אין קאַיר. די קראַפט פון „גרויסן ליגן" — דער וואָפן פון דיקטאַטאָרן — איז אָפּטמאָל אַזוי מעכטיק, אַז זי ווירקט סוגעסטיוו אפילו ווען איר זעט, אז פאַר אייערע אויגן רופט מען „שוואַרץ" — ווייס, און „ליגן" — אמת.

און אָט דאָ אין קאַיר זעט איר טאַקע דעם טריפהנעם בונד, וואָס פאַראייניקט אין איין דיקטאַטאָרישן „חוט המשולש" היטלערס דייטשן, כרושטשאָווס רוסן און די אָפּיצירן־קליקע פון פּעאַדאַלן נאַצער. אַ טריפה־נער „קשר", וואָס קאָן קיין קיום נישט האָבן...

אויף צוזאַמענגנס בין איך איינגעלאַדן געוואָרן צו דער דערעפענונג פון דער סאָוויעטישער אויסשטעלונג. שוין היינט זענען די גאַסן באַצירט מיט סאָוויעטישע און מצרישע פענער צוזאַמען איבערגעפלאָכטן.

שקר און שלימזל האָבן זיך אין די אָרעמס געוואָרפן...

## דער לעצטער מנין אין דער אשכנזישער שול אין קאַיר

נאָכדעם ווי דער עגיפּטישער פּראָפּאַגאַנדע־שעף, קוירנעל האַטעם, האָט מיך אינפאָרמירט, אַז צווישן די עלף פירנדיקע יידן, וועלכע מען האָט היינט באַפרייט פון תפיסה, געפינט זיך אויך אייב זילבערשטיין, בין איך גלייך אַוועק צו אים אין קראַם.

איך קען אייבן שוין אייניקע יאָר. ער איז דער אייגנטימער פון אַ גרויס געשעפט פון ביוראָ־מאַטעריאַלן און זילבערוואַרג אויף איינער פון די הויפט־גאַסן אין קאַיר. זיין פאָטער איז גבאי אין דער אשכנזישער שול. מיט אַ פאָר טעג צוריק בין איך דורכגעגאַנגען דורך אייבס געשעפט און פעסטגעשטעלט, אַז עס איז פארחתמעט מיט שוואַרצן טריוואַקס, — אַ סימן אַז עס איז קאָנפיסקירט געוואָרן אַלס א „שונאס פאַרמעגן״... יאָ, איצט געפין איך די טירן פון קראָם אָפן. נאָכמער, גלייך ביים אַריינגאַנג דערזע איך די געוויקסיקע פיגור פון מיין פריינד אייב...

ער קוקט מיך מאָדנע אָן, אָבער וויזט נישט אַרויס קיין שום פאַר־ווונדערונג, וואָס ער דערזעט מיך פלוצלינג אין קאַיר... זיין פּנים איז געל, אָן אויסדרוק, אָן געוויינלעכן שמייכל. זאָג איך צו אים אין יידיש:

— שלום עליכם, פריינד זילבערשטיין! איך בין גליקלעך וואָס איר זענט ווידער פריי. ברוך מתיר אסירים!...

ענטפערט ער — מאַכט נישט קיין ברכה לבטלה... דערווייל האָב איך נאָך באַגלייטער...

גיב איך אַ בעסערן קוק און באַמערק, אַז אונטער דער אָפּצוימונג, ווו די אייזערנע קאָסע שטייט, „פאָרען״ זיך מיט שליסלען צוויי ציווילע עגיפּטער. גיב איך אייבן שטום מיין האַנט און וויל זיך אָפּטראָגן. באַגלייט ער מיך ביז צו דער אויסערלעכער טיר און זאָגט:

— מען וועט מיך באַלד נעמען אין אינערן־מיניסטעריום און פון דאָרט וועט מען מיך באַפרייען. דערווייל האָב איך זיי דאָ געוויזן, ווי אַזוי מען עפנט מיט די שליסלען די בוכשטאַב־קאָמבינאַציע פון דער קאַסע. דאָס געשעפט איז דאָך שוין נישט מער מיינס... ניין, מ׳האָט מיך נישט געשלאָגן בעת איך בין געווען דריי חדשים אַרעסטירט אין דער יידישער שול. איך וועל מסתם אין אַ פאָר טעג אַרום אַרויספאָרן פון לאַנד... נו, וועלן מיר זיך ערגעץ ווו אין דער וועלט ווידער טרעפן... שלום!

אַזוי האָט זיך געענדיקט דאָס זילבערשטיין־קאַפּיטל אין דער קאַיר־רער אשכנזישער קהילה, וועלכע איז פון זיין פאָטער, ר׳ משה זילבערשטיין, געגרינדעט געוואָרן מיט 50 יאָר צוריק. היינט איז פרייטיק, און איך וויל זיך נאָך אין אָוונט אַריינכאַפּן אין דער אכשנזישער שול אויף קבלת שבת. וועל איך דאָרט עמיצן געפינען?

עס וואַרט אויף מיר אין האָטעל דער אדוואָקאַט יוסף אַנקאָנאַ. ער

איז אַ באַרימטער קרימינעלער אַדוואָקאַט, ביי וועלכן עס ארבעטן אויך איניקע אראבישע אדוואָקאַטן. אַנקאָנאַ איז געווען איינער פון די פּאַר־טיידיקער פון די באַשולדיקטע אין דערשיסן דעם ענגלישן לאָרד מאָין.

ווען איך קוק אָן זיין שלאַנקע, שטאָלצע פיגור, זיין גאַנצע באַנע־מונג, רעדט צו איך אַרויס די איינגעבירגערטע אַריסטאָקראַטישקייט פון גאנצע דורות עגיפּטישע יידן. פאָרמעל איז ער אַן איטאַליענישער בירגער, אָבער זיין פרוי האָט א פראנצויזישן פּאַס, איז דאָס געווען גענוג, מען זאָל צונעמען ביי זיי דעם טעלעפאָן און מען זאָל זיי מאַכן „ענג״ אין אנדערע הינזיכטן... ווען איך בין מיט אַן אָוונט פריער געזעסן ביי וועטשערע אין זייער רייכער וווינונג, אין אַ פאָרשטאָט פון קאַיר, איז די טעמע פון געשפּרעך געווען: עמיגראַציע. אָנוועזנדיק איז אויך געווען זיין ברודער, דער עלטע־רער אנקאָנא, אַן ארויסגעבער פון אַן אראבישן אילוסטרירטן זשורנאל אַ־לאַ „לאַיף״. ער איז א פּיאָנער אין עגיפּטישן דרוק־וועזן, אָבער אויך ער פילט זיך איבעריק און איז געצוווּנגען צו עמיגרירן און מיט דעם איבער־רייסן אַ קייט פון שעפערישע, פאַר עגיפּטן, דורות.

אַלזאָ, איצט איז יוסף אַלקאָנא מיט מיר אין האָטעל. ער איז גע־קומען מיט זיין אויטאָ און וויל מיך נעמען אויף אַ שפּאַציר איבער דער שטאָט. פאָלט מיר איין, אַז אזוי ווי היינט איז פרייטיק און באלד גייען אַרויס די צענדליקער טויזנטער מוסולמענער־דאַווענער פון די מעטשעטן, טאָ לאָמיר גיין אָנקוקן דאָס עגיפּטישע פאָלק אין זייער יום־טובדיקן טאָג. לאָמיר גיין צו די באַזאַרן, צו יענעם לאבירינט פון שמאָלע געסלעך, ווו איר גייט לייכט אַריין, אָבער איר קאָנט זיך פון דאָרט נישט אַרויס־פּלאָנטערן...

אַנקאָנאַ קוקט מיך אָן פאַרוווּנדערט:

— איר ווילט גיין צו די מעטשעטן און צו די באזארן? איך האָב גאָרנישט דאַקעגן. מען נעמט מיך געוויינלעך אָן פאַר א געבוירענעם עגיפּטער. אָבער איר? אין בעסטן פאַל זעט איר אויס ווי א קריסטלעכער קאַווקאַזער, און דאָס איז אויך נישט קיין מעלה אין אַ מאַכמעדאַנישן יום־טוב־טאָג. אָבער גוט, איך וועל אייך צופירן צו יענע קוואַרטאַלן. שפּעטער וועלן מיר מוזן אויסשטייגן פון אויטאָמאָביל און גיין צופוס, ווייל פאָרן אין יענע גאַסן קאָן מען נאָר אויף אַן אייזעלע. איין זאַך בעט איך אייך: לאָזט מיך רעדן צו אייך די גאַנצע צייט פון שפּאַציר נאָר אראביש און איר אַליין רעדט וואָס ווייניקער...

דאָס האַרץ האָט מיר אַ ביסל געקלאַפּט, ווייל די מיטגלידער פון מיין נאָענטער פאמיליע האָבן דאָך מיר בפירוש אָנגעזאָגט: „פּרוביר נישט דאָס מאָל גיין אין די באזארן זוכן „מציאות״. מוחל די מתנות! וועט מען דער־קענען, אַז דו ביסט א ייד, קאָן מען דאָך דיך, חלילה, אויף שטיקער צערייסן״... נו, האָב איך ווידער נישט געפאָלגט...

פאָרן מיר אין דער ריכטונג צום „ציטאַדעל פון סולטאן האסאן״. דאָרט לאָזן מיר איבער דעם אויטאָ און הייבן אָן דעם שפּאַציר צופוס. פון אימפּאָזאַנטן מאַכמעד־אלי־מעטשעט מיט זיינע, ווי פון ווייסע שפּיצן גע־וועבטע מינאַרעטן, שיטן זיך אַרויס טויזנטער־טויזנטער עגיפּטער און פילן אָן דעם פּלאַץ ווי א שטורעמדיקער ים פון צוזאַמענגעפּרעסטע קערפּערס, וואָס באַוועגן זיך ריטמיש. מיר זענען שוין ווי שפּענדלעך אינמיטן ים. זעלטן ווען איז דאָ עמיצער געקליידט אייראָפּעיש אַזוי ווי מיר. אנקאָנא זאָגט מיר עפּעס אין אראביש, האלט מיך פעסט אונטערן אָרעם און זעט מיר זאָלן זיך נישט צעשיידן אין דאָזיקן ים פון מענטשן, וואָס קוועטשט פון אַלע זייטן. מיר טראָגן זיך שוין קעגן אונדזער ווילן אַרויפצו אין דער ריכטונג צום בעלוועדער, פון וואַנען עס עפנט זיך די מאָלערישע פּאַנאָ־ראַמע פון גאנץ קאיר, מיט די פּיראַמידן און דעם נילוס אין מדברדיקן הינטערגרונט. דאָ קאָנען מיר שוין אַ ביסל אָפּכאַפּן דעם אָטעם.

קוק איך אָן די דאָזיקע עגיפּטער אין זייערע לאַנגע העמדער, וואָס דינען פאַר דער קליידונג אין דער שטוב און גאַס, זומער און ווינטער. די פּנימער אזעלכע אָפּגעצערטע, נישט דערנערטע. די סאַנדאַלן אָפּגע־טראָגענע, אָפטמאָל צעריסענע. נישטאָ קיין פריילעכקייט אויף די פּנימער, נאָר עפּעס אַן אויסדרוק פון ליידן. ווייס איך דאָך: זיי האָבן ווייניק צו עסן, אויסער די געפּרעסטע טייטלען און די האַלבגעבאַקענע קיילעכדיקע ווייסע „מצות״, וואָס קוקן אויס ווי גלעזערנע טעלערס. ווייס איך דאָך: נישטאָ היינט קיין נאַפט אין עגיפּטן, אַלס רעזולטאַט פון דער סועץ־בלאָקאַדע, אין וועל־כער זיי דערשטיקן זיך אַליין לויט דעם כלל: „אויסשטעכן זיך איין אויג, אַבי דעם שונא ביידע אויגן״... האָבן זיי נישט אויף וואָס צו קאָכן זייערע מאָגערע בוימל־שפּייזן און אויך בוימל איז קאַרג. ווייס איך: אַכציק פּראָ־צענט פון זיי האָבן קיינמאָל קיין שול נישט באַזוכט, לעבן אין אבערגלויבן און אָן א פונק פון אינספּיראַציע און ליבע צום פאָטערלאַנד.

אמת, מען קאָן אָנצינדן זייער פאַנאַטיזם, צעפלאַקערן אַ געפיל פון

בלוט־דורשט און נקמה. מען קאָן, למשל, איצט א געשריי טאָן, אָנװייזנ־דיק אויף אונדז ביידע: „אָט זענען צװיי יידן, צװיי שונאים פון איסלאַם, בעמט זיי!". װאָלט מען אונדז אויף שטיקלעך צעריסן, װי מען האָט דאָס אויפן זעלבן פּלאַץ מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, אויך אין אַ פּריטיק, געטאָן מיט א פילאַדעלפיער יידישן טוריסט, װעמענס ביינער מען האָט שפּעטער מיט שװעריקייטן צונויפגעקליבן... זייער װייניק פּרויען זעט מען צװישן די טויזנטער אַרום אונדז. זיי זיצן געװיינלעך אין שטוב און גייען נישט אין מעטשעט. פון צייט־צו־צייט שלייכט זיך דורך אַ שװאַרץ־געקליידטע פּרויען־פיגור מיט אַ האַלב באַדעקט פּנים, פון װעלכן מען זעט אַרויס פייערדיקע אויגן און די נאָז מיט א רינגל אָדער צװיי אויף איר.

אָבער אָט די אַלע אויסגעדאַרטע יונגעלייט װאָס גייען אין פּאָרלעך און האַלטן זיך צאַרט ביי די פינגער פון די הענט, װי פאַרליבטע, אויך זיי דערציילן אייך די געשיכטע פון װייט־פאַרשפּרייטן האָמאָסעקסואַליזם, װאָס איז א רעזולטאַט פון די פאַרקריפּלטע לעבנס־באַדינגונגען, װעלכע שטעקן אין אַלטערטום און מיטלאַלטער און פון װעלכע עגיפּטן איז נאָך אַלץ נישט אַרויס.

ניין, איך האָב נישט קיין שום פיינטלעך געפיל לגבי דעם דאָזיקן עגיפּטישן פאָלק, אַזוי עלנט, פאַרנאַרט, אומװיסנדיק און קראַנק. מיר האָבן צוזאַמען מיט זיי איין בשותפותדיקן שונא: די פעאָדאַלע אָפּיצירן־קליקע, די זינדלעך פון די רייכע עלטערן, — די היינטיקע הערשער, — װאָס האָבן דאָס רייכטום פון א פאָלק — דעם ביינװל, — פאַרמשכנט פאַר סאָװיעטיש געװער אויף װייניקסטנס פיר יאָר פאָרויס, װאָס זיצן מיט פּאָליטישן „האַ־שיש" פאַרשיכורטע אין פּאַלאַצן און חלומען װעגן אַן אַראַבישער אימפּעריע פון אַפריקע ביז דעם פּערסישן ים־אויסגוס... הינטער די דאָזיקע הער־שער שטייט דער הויפּט־העצער, װעלכער העלפט אין נאָמען פון די מאַרקס־לענין־סטאַלין־„אידעאַלן" נאָך מער פאַרשקלאַפן דעם קערפּער און די נשמה פון אָט דעם דאָזיקן אומגליקלעכן מענטשן־ים, װאָס איז איצט אַרויס פון פרייטיקדיקן מעטשעט.

*

מיר פאַרקערעװען זיך אין לאַבירינט פון די געסלעך פון די באַ־רימטע קאַירער באַזאַרן. מען האָט איצט נאָכן דאַװענען געעפנט די גע־

שעפטן, וועלכע זענען געוויינלעך אין אַ נאָרמאַל יאָר און אין אזא טאָג פאַרפלייצט פון טוריסטן. איצט זענען זיי ליידיק... אָבער לחלוטין אָן קונים. דאָס הייסט, סחורות שטייען יאָ אַרויסגעשטעלט און דווקא אַזעלכע, וואָס טוריסטן האָבן ליב: זילבערנע און קופּערנע קונסט־טאַצן, נאַרגילע־אפּאַ־ראַטן אויף צו רייכערן, העלפאַנדביין־שניצערייען, גאָלד־געשטיקטע טיכער און כאַלאַטן, מעטאַלענע ספינקסן און פּיראַמידן, קעפּ פון פּאַרצייטיקע פּרעהס... אָבער די אומעטיקע קרעמער גענעצן. אונדז ביידע רייסט מען ביי די פּאָלעס. מיר פאַרהאלטן זיך ביים געשעפט, — א באַרימט געשעפט פון קונסט־זאַכן, וואָס געהערט צו א קאַראַימער, אָבער שוין — ער ליקווידירט עס. נאָך אַ וואָך און דאָ וועט שטיין אַ מוסולמענער.

דערציילט אונדז דער אייגנטימער: די איבער צוויי טויזנט קאראַי־מער פאַרלאָזן אַלע עגיפּטן. צוזאַמען מיט די יידן פאַרלאָזן זיי, ווייל ברידער אין אַ צרה איז מען איצט געוואָרן נאָך פיל הונדערטער ברוגז־יאָרן. דער לעצטער קאַראַימער „חכם״, וואָס האָט געשטאַמט פון יעווּפּאַטאָריע, קרים, איז מיט עטלעכע חדשים צוריק געשטאָרבן. די גרויסע שול זייערע האָבן זיי מיט אַ סך וואָכן צוריק געשלאָסן. איך בין גראָד בייגעווען, בעת מיין ערשטן וויזיט אין ביוראָ פון סאַלוואַטאָר סיקורעל, פּאָרזיצער פון דער יידישער קהילה אין עגיפּטן, ווען א דעלעגאַציע פון די דאָרטיקע קאראַי־מער האָט אים פאָרגעלייגט איבערנעמען היסטאָרישע ספרי־תורות און אַנ־דערע זעלטענע איבערבלייבענישן פון טויזנטיאָריקן קאַראַימער־קיבוץ אין קאַיר.

ער דערציילט אונדז, אַז קיין יידישע געשעפטן אין די באַזארן זענען איצט כמעט נישטאָ מער... און אָט אַזוי קומט פאַר פאַר אונדזערע אויגן די שקיעה פון יידנטום אין מצרים, נאָך דעם ווי זיי זענען דאָ אָפּגעווען אַלס א גרויסער און מעכטיקער ישוב זינט די צייטן פון אַלעקסאַנדער דעם גרויסן, ד. ה. מיט אַרום צוויי טויזנט דריי הונדערט יאָר צוריק... אגב, דערנענטערט זיך אויך איצט די שקיעה־שעה. ס׳איז דאָך פרייטיק און איך וואָלט נאָך געוואָלט אַריינכאַפּן אַ קבלת שבת אין דער אשכנזישער שול, ווי איך פלעג דאָס טאָן ביי מיינע פריערדיקע וויזיטן. דווקא אין די לעצטע יאָרן, שוין בעתן נאַצער־רעזשים, האָט די אשכנזישע קהילה, וועלכע איז ביז נישט לאַנג באַשטאַנען פון אייניקע הונדערט משפחות, אויפגעבויט אַ נייע סינאַגאָגע־געביידע.

דאָס פריערדיקע קליינע בית־מדרשל איז בעת די אומרוען אין 1952 צעשטערט געוואָרן דורך אַ באָמבע. די סינאַגאָגע געפינט זיך אין דער טיפעניש פון א הויף אויף דער שמוציקער און טומלדיקער פואַד־גאַס.

א לאנגע ריי פון שלעכט געקליידטע עגיפּטער, מענער און פרויען, איז אויסגעשטעלט פאַר א רעגירונגס־קראַם, ווו מען טיילט אַ ביסל נאַפט אויף טאַלאָנען. עס איז קאַלט אין גאַס און די מענטשן אין דער ריי זענען איינגעהילט אין טיכער און כלערליי שמאַטעס, כדי זיך צו דערוואַרעמען. זיי פאַרשטעלן דעם אַריינגאַנג אין הויף און נישט אָן פּראָטעסטן לאָזן זיי מיך אַדורך, מיינענדיק מסתם, אַז איך וויל זיך אַריינגנבענען אויסער דער ריי נאָך נאַפט... אונטן איז די סינאַגאָגע נישט באַלויכטן, — אַ סימן, אַז מען דאַוונט דאָרט נישט. קלעטער איך אַרויף אויף האַלב־פינצטערע טרעפּ און דערהער שטימען הינטער איינער פון די טירן. גיי איך אַריין אין אַ קלענער צימערל, א מין „בית שני", וואָס איז איינגעאָרדנט ווי אַ קליינשטעטלדיקער מנין.

מען דאַוונט נאָך נישט. מען וואַרט אויף אַ „צענטן", כדי אָנצוהייבן קבלת שבת. אָבער אָט גייט מיר אַנטקעגן אַ ייד מיט אַ גרויער באָרד. דאָס איז ר׳ משה זילבערשטיין, דער פאָטער פון אַבא זילבערשטיין, וועלכן איך האָב היינט באַזוכט אין זיין געשעפט. דער זון האָט אים געזאָגט, אַז איך בין אין קאַיר, און ער איז געווען כמעט זיכער, אז איך וועל אריינפאלן אין שול. ס׳גייט אויך צו דער חזן שטערן, א ייד מיט א הדרת פּנים פון אן אַמאָליקן אָרטאָדאָקסישן חזן. מען איז צופרידן, וואָס אַזוי ווי סימבאָליש האָט דער אַמעריקאַנער אורח מעגלעך געמאכט דעם „מנין בצמצום". איצט זענען מיר זאַלבעצענט.

דער חזן שטערן זינגט אויס דעם קבלת שבת מיט זיין שיינער קליינגעדיקער שטימע, אַזוי ווי ער וואָלט געדאַוונט ווי אַמאָל פאַר דער אויסגעפילטער שול אונטן. עס דאַווענען אויך מיט א פּאָר אַלטע צעבראָכענע יידן אין רויטע פעזן, אָרעמע לייט, וואָס ווערן אויסגעהאַלטן פון דער קהילה. און אַז מען ענדיקט דאָס דאַווענען צערעדט מען זיך: — איר זעט, דאָס איז אַלץ: מער נישט געבליבן, יידן זענען זיך צעפאָרן, אפשר איז היינט דאָס לעצטע דאַווענען בציבור, ווער ווייסט? ווייל מאָנטיק גייט דאָך אַוועק אַ שיף מיט טויזנט פינף הונדערט עמיגראַנטן. פאָרן אויך מיט צוויי פון די אַלטע „טערקן", וואָס דאַווענען איצט מיט אונדז. זיי פאָרן צו קינדער קיין... און דער חזן שטערן גיט צו:

— איך האָב אַ ברודער אין ברוקלין, האָב איך אים געבעטן ער זאָל מיר אויסזוכן אַ חזן־שטעלע ערגעץ־ווו אין ניו־יאָרק. דערווייל האָב איך נישט פון אים קיין תשובה. אפשר האָט ער געשריבן און איך האָב דעם בריוו נישט דערהאַלטן. די צייט וואַרט נישט. דערמאָנט אים, אַז אַ ברודער אין קאַיר זיצט אין אַנגסטן...

ביים סינאַגאָגע־טויער שטייט נאָך אַלץ די ריי נאָך נאַפּט. די מצרים, וואָס זענען נישט געוווינט צו קעלט (עס איז גראָד געווען אַן אויסרעגע־ווײַנלעך קאַלטער ווינטער) טאַנצן אונטער, כדי זיך צו דערוואַרעמען און שרייען עפּעס אויף דערביי. איינער, וואָס פאַרשטייט אַראַביש, זאָגט מיר, אַז זיי שעלטן זיך אין נאָמען פון אַללאַ. „וועמען?״ „קיין נאָמען דערמאָ־נען זיי נישט. זיי שעלטן די רייכע״...

— די עקאָנאָמישע לאַגע פון עגיפּטן ווערט ביטערער פון טאָג צו טאָג — האָט מיר נאָך פריער דערקלערט אַ מענטש, וואָס פאַרשטייט די לאַגע. — נאָר אַמעריקאַנער דאָלאַרן קאָנען ראַטעווען נאַצערן פון אַ רע־וואָלוציע. רוסיש געוועער קאָן מען נישט עסן, און מער גיבן נישט די סאָ־וויעטן, און זיי נעמען נאָך דערביי צו דעם בעסטן פּראָדוקט פון לאַנד — ביינוואָל. פון דעם צוגערויבטן פאַרמעגן ביי יידן און אויסלענדער האָבן די פאָלקס־מאַסן קיין הנאה נישט. עס דערגייט גאָרנישט צו זיי. די באַנקן, די אַקציע־געזעלשאַפטן, די עקספּאָרט־אימפּאָרט־פירמעס האָט מען דערווייל באַוויזן צו צעשרויפן, צו צעברעכן. מען זעט אָבער נישט ווער און ווי אַזוי וועט אויף זייער אָרט אויפשטעלן אַ נייעםווירטשאַפט־אַפּאַראַט, וועלכער וועט ווי געהעריק פונקציאָנירן. נישט די יידן, נישט די גריכן און אַנדערע, נישט די מוסולמענער קאָנען פאַרטראָטן ווערן דורך אַמאַטאָרן פון אָפיצירן־קאָרפּוס, וואָס נעמען איבער די פעטע שטעלעס... וועט איצט קומען אַמע־ריקע און שיטן דאָלאַרן אין לעכערדיקן זאַק פון אַ קאָרומפּירטער רע־גירונג?

אַן אינטערעסאַנטער פאַקט, וועמענס אויטענטישקייט איך קאָן גאַ־ראַנטירן, האָט מען מיר איבערגעגעבן: אַן עגיפּטישער פּאָליטישער עקאָ־נאָמיסט, אַ מענטש, וואָס איז נאָענט באַפריינדט מיטן פּרעזידענט נאַצער און וועלכער האָט זיך געגנוי באַקענט מיט דער קאָרופּציע און מיט דער גזילה, וואָס קומט פאָר אין צוזאַמענהאַנג מיט דער „עגיפּטיזאַציע״, האָט באַשלאָסן זיך ערנסט דורכרעדן וועגן דעם מיט זיין פריינד דעם פּרעזי־

דענט. אגב, האָט ער אויך געוואָלט באַרירן די דעמאָראַליזירנדיקע רעזול־טאַטן, וואָס ס'האָט געהאַט די עגיפּטישע מפּלה אין סיני און וואָס מען רעדט וועגן דעם צווישן פאָלק. דער דאָזיקער עגיפּטער האָט געגלייבט, אַז נאַצער אַליין ווייסט נישט וועגן אַלץ און מען דאַרף אים עפענען די אויגן. ער האָט טעלעפאָנירט צום פּרעזידענט נאַצער און יענער האָט אים איינגעלאַדן אויף מיטאָג אין זיין פּריוואַטער ווילע. דער עגיפּטער האָט אין משך פון אַ גאַנצער שעה דערציילט נאַצערן וועגן דער לאַגע אין לאַנד, ווי ער זעט זי. נאַצער האָט אים געדולדיק אויסגעהערט. שפּעטער איז ער אַריבערגעגאַנגען מיט אים אין ביבליאָטעק־צימער און אַ פרעג געטאָן:

— דאָס איז אַלץ? אפשר ווייסטו נאָך זאַכן, וועלכע דו ווילסט דערציילן, נאָר דו שעמסט זיך? און דער עגיפּטער האָט ווידער, במשך פון אַ האַלבער שעה, דערציילט נאָך זאַכן, זייער אינטימע, וואָס מען ווייסט אין לאַנד וועגן דער רעגירונג און נאַצערן אַליין. ווען דאָס געשפּרעך האָט זיך געענדיקט האָט נאַצער פאַרלאָזט די ביבליאָטעק, נישט זאָגנדיק קיין וואָרט און גלייך נאָכדעם זענען צוויי פּאָליציי־אָפיצירן אַריין אין צימער און אָנגעטאָן דעם נאַיוון עגיפּטער קייטעלעך אויף די הענט...

ווען איך בין געקומען קיין קאַיר איז פּונקט געוואָרן צוויי וואָכן ווי יענער איז נאָך אַלץ געזעסן אַרעסטירט.

איר פאַרשטייט דאָך מסתם, אַז ס'האַנדלט זיך וועגן זייער אַ הויכ־געשטעלטער פּערזענלעכקייט, וועגן אַזעלכן, וואָס איז מיט נאַצערן אויף „דו".

אָבער קיין פּראָטעקציע העלפט דאָ נישט, ווייל נאַצער, ווי מען האָט מיר איבערגעגעבן, איז אַ „נוקם ונוטר", פאַרטראָגט נישט קיין קריטיק און איז בכלל אַ מענטש מיט אַ פאַלשן באַטריגערישן כאַראַקטער.

פונדעסטוועגן פאַרמאָגט ער אַ יידישן בוזעם־פריינד, דווקא אַן אַמע־ריקאַנער ייד מיטן נאָמען אַלפרעד ליליענטאַל. די עגיפּטער יידן רופן דעם דאָזיקן פאַרשוין נישט אַנדערש ווי: עוכר ישראל.

ער איז אויך נישט לאַנג צוריק געווען אין קאַיר, און וועגן זיינע מעשים־טובים האָב איך עפּעס צו דערציילן אין אַ ווייטערדיקן קאַפּיטל.

# אַ גאַס אין קאַיר ווו יידישע געשעפטן ווערן ליקווידירט

דער מאַנופאַקטור־סוחר פון קאַיר גבריאל שעכבאַר קומט מיט זיין אויטאָמאָביל צום אַמבאַסאַדאָר־האָטעל, ווו איך וווין, כדי מיך צו נעמען אויף מיטאָג־עסן אין דער שכנותדיקער שטאָט העליאָפאָליס, ווו ער לעבט מיט זיין פאַמיליע.

שעכבאַר איז אַ רייכער און פרומער עגיפּטישער ייד, פון לאַנגע דורות איינגעפונדעוועט אין מצרים. ער האָט משפחה אין ניו־יאָרק, און וואָלט געוואָלט, אַז זיין זון, אַ יינגל פון פופצן יאָר, זאָל אָנקומען אַלס תלמיד אין דער ברוקלינער מירער ישיבה. ער האָט וועגן מיין זיין אין קאַיר באַקומען א בריוו פון זיינע אמעריקאַנער קרובים און וויל איך זאָל אים העלפן וואָס שנעלער באַקומען די וויזע פאַר זיין קינד.

צו מיר אין האָטעל פלעגן קומען מענטשן פון פאַרשידענעם כאַראַקטער און באַשעפטיקונג. כמעט יעדן טאָג אינדערפרי האָט זיך באַוויזן דער רויטער פעז און דאָס יונגע אָריענטאַלע געזיכט פון רב ר׳ אברהם שועייקא, דער אסיסטענט פון ר׳ חיים נחום עפענדי. וואָלט איך אַליין נישט געוווּסט, אַז ער איז אַ ייד, וואָלט איך אים אָנגענומען פאַר א פולשטענדיקן עגיפּטער פון העכערן קלאַס. די פּאָרטערס אין האָטעל האָבן אים טאַקע געהאַלטן פאַר אַ זייעריקן צוליב זיין נאַטירלעכן אראביש רעדן.

עס זענען אַ פּאָר מאָל געקומען די אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנדענטן וויליאַם העגגען פון „ען־בי־סי" און קרויטער פון „ניו־יאָרק טיימס". זיי פלעגן מיר זאָגן, אַז געוויינלעך האָבן זיי „נישט געוווּנטשענע באַגלייטער", וואָס פאַרהאַלטן זיך צווישן די צאַלרייכע דורכגייער אויפן טראָטואַר נעבן האָטעל.

אין אַ בעסערער לאַגע האָבן זיך געפינען די צוויי פּויליש־יידישע דאָקטוירים און דער אַמאָליקער תושב פון וואַרשע און איצטיקער דירעקטאָר פון קאָנסערוואַטאָריע אין קאַיר. זיי האָבן זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט, אַז מען פאָלגט זיי נאָך, ווייל דער רעגירונג איז באַקאַנט, אַז זיי געפינען זיך אונטערן פּראָטעקטאָראַט פון דער פּוילישער (קאָמוניסטישער) אַמבאַסאַדע. איך וויל ביי דער געלעגנהייט באַמערקן, אַז ווען מען האָט פאַרמאַכט אַלע

טעלעפאָנען ביי פיינטלעכע (ענגלישע און פראַנצויזישע) בירגער און אפילו ביי נייטראַלע (איטאַליענער, טערקן) און, פאַרשטייט זיך, ביי „שטאַטלאָזע" יידן, האָט מען אָבער די טעלעפאָנען גלייך געעפנט ביי די דערמאָנטע פויּלישע יידן, נאָכדעם ווי זייער אמבאַסאדאָר האָט אינטערוועניִרט. דאָס זעלּבע איז געווען מיטן טעלעפאָן פון א יידיש־רוסישן דאָקטאָר, וועלכער האָט געהאַלטן פאַר באַקוועם זיך אָפּגעבן אין שוץ פון דער סאָוויעטישער אמּבאַסאַדע.

ווען איך האָב די זאַך דערציילט די אמעריקאַנער דיפּלאָמאַטישע פאָרשטייער אין קאַיר, איז דאָס געווען אַ נייעס פאַר זיי — ס'טייטש, אונדזער אינטערוועניץ האָט אין אייניקע פאַלן נישט געהאָלפן, און די פוילישע יאָ ?.. אָבער נישט קוקנדיק אויף אַלע צייטווייליקע פּריווילעגיעס, האָבן אַלע מיינע געסט, סיי מיט די פעסער פון איטאַליע און גריכנלאַנד, און סיי די פון פוילן און רוסלאַנד, זיך מיישב געווען מכּוח אַ „וויזעלע" אין לאַנד פון אָנקל סעם...

מיין גאַסט גבריאל שעכבאַר נעמט מיך פריער פאַר אַלץ אין די שמוציקע באַזאַרן, וווּ זיין געשעפט געפינט זיך. די געסלעך דאָ זענען שמאָל, לאָזן מיר דעם אויטאָמאָביל נעבן על־אלקאזאר־מעטשעט און דרייען זיך אַריין אין ענגע געסלעך, פאַרשאָטן מיט אַרבוז־שאָלעכץ, מיט געפּגרטע הינט און קעץ, מיט מיסט פון אייזלען, וואָס ווערן טאַקע דאָ אָנגעלאָדן מיט פאַרשידענע סחורות דורך זייערע דאָרפישע פעלאַכן־אָנטרייבער. מיט אייּניקע יאָר צוריק איז אין די זעלבע געסלעך געווען דאָס רייכטום פון יידישן סוחרטום. דאָ זענען די הורט־געשעפטן פון מאַנופאַקטור, פון אייזן, פון געטריקנטע פרוכטן און בשמים. דערקלערט מען מיר, אַז ניינציק פראָּצענט קראָמען האָבן אַמאָל געהערט צו יידן. היינט זענען ניינציק פראָּצענט געשעפטן אין די הענט פון עגיפּטער... אַ סך, (פון באַשולדיקטע אַלס שונאים פון דער מלוכה און „ציוניסטן"), זענען געוואָרן קאָנפיסקירט, אַ סך האָבן זיך אַליין פאַרמאַכט, ווייל מען האָט ביי יידן — מצרישע יידן — צוגענומען די דערלויבעניש פון אימפּאָרטירן סחורות. האָט מען די קראָמען פאַרקויפט פאַר אַ שיבוש און מען איז אַוועק. ביי אים, גבריאל שעכבאַר, זענען נאָך די פּאָליצעס פול מיט סחורה. פאַרקויפט מען דאָס אויס, ווייל קיין נייע קאָן ער נישט קויפן. מיט אונדז ביים טישל טרינקט שוין אַ טערקיש טעפּעלע קאַווע אַן אראַבער, וואָס וועט אינגיכן איבערנעמען דעם פּלאַץ.

שעכבאָר אַליין וועט מיט זיין פאַמיליע אַוועקפאָרן אין אַן „אומבאַ־קאַנט לאַנד״, ווי נאָר עס וועט ווערן וואַרעמער, ווייל מען האָט קליינע קינדער און מען וויל נישט רייזן אויף שיפן אינמיטן ווינטער. אָבער זיין בחורל וויל ער שיקן אין מירער ישיבה, קיין ברוקלין: זאָל ער זיך אַ ביסל אָנזאַפּן מיט תורה און וועלטלעכע וויסנשאַפטן און טאַקע זיין צווישן קרובים אין ניו־יאָרק. נישקשה, דאָס יינגל האָט זיך געענוג אָנגעליטן פון זיינע אַראַ־בישע לערער אין ליציי אין שטאָט העליאָפּאָליס. אָט וועלן מיר קומען אין שטוב, וועל איך אַליין הערן און זען.

פאָרן מיר. ווידעראַמאָל רייסן די אויגן די העצערישע פאַרביקע פּלאַקאַטן, אויף וועלכע איר זעט דעם שלאַנגעדיקן מגן־דוד מיט בן־גוריונס קאַריקאַטור אינמיטן, פון וועלכן ס׳רינט בלוט. ווידעראַמאָל זעט איר דעם „העלדישן״ ריז, דעם מצרישן סאָלדאַט, וואָס פאַרניכטעט מיט אַ שווערד די פאַראַשוטיסטן, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אויף פּאָרט־סאַיד. די אַראַ־בישע אויפשריפטן דערציילן וועגן נקמה, וועגן נצחונות, וועגן דעם ווי אַזוי עגיפּטן אַליין האָט דאָס אַרויסגעיאָגט פון אירע גרענעצן ענגלאַנד, פראַנקרייך און די שמוציקע, פחדנותדיקע ישראלים.

מילא, זאָגן די, וואָס האָבן ראַדיאָס, עגיפּטער אַריינגערעכנט; זיי וויסן גענוי די שעהן ווען די „בי־סי״ פון אינדזל ציפּערן און די אויס־געצייכנטע ראַדיאָ־אוידיציעס פון ירושלים וועלן אין אַראַביש, פראַנצוי־זיש, ענגליש, העברעיש — און יידיש אפילו — דערציילן די אמתע געשעע־נישן פון טאָג. דער ביליקער פּראָפּאַגאַנדע־ליגן ווערט אַזוי אַרום אויפגע־דעקט יעדן טאָג פאַר עגיפּטער פון אַלע גלויבנס, אויב נאָר זיי ווילן וויסן דעם אמת. און עס ווירקט, אוי, ווירקט דאָס! פאַר דעם האָט נאַצער מיט זיין קליקע מער מורא ווי פאַר די ענגליש־פראַנצויזישע פאַראַשוטיסטן. און דער אמת האָט פליגל, און פון מויל צו מויל דרינגט ער אריין אפילו אין די וויטסטע דערפער, וווּ קיין ראַדיאָס זענען נישטאָ, וווּ אכציק פּראָ־צענט קענען נישט לייענען און שרייבן. אָבער הערן קאָנען זיי, און די אייזל־טרייבער, וואָס קומען פון שטאָט, און דער אורח, וואָס כאַפּט זיך אַריין אין דאָרף איבערנעכטיקן, דערציילן אַמאָל מעשהלעך, וואָס זענען נישט אַזוי זיס ווי די אַראַבישע געשיכטעס פון „טויזנט און איין נאַכט״; וועלכע מען זעט אויף די פּראָפּאַגאַנדע־פּלאַקאַטן און וואָס מען לייענט זיי פאַר פון אַ פּרעסע, וואָס איז פאַרפּעסטעט מיט ליגנס.

ס׳וועלן נאָך אויך מסתם אינגיכן זיך פאַרשפּרייטן איבערן לאַנד די מער ווי פינף טויזנט סאָלדאַטן, וואָס זענען צוריקגעקומען פון געפאַנגענ־שאַפט, דערווייל האַלט מען זיי פאַרשפּאַרט אין לאַגערן. אויך זיי וועלן האָבן צו דערציילן „געשיכטעלעך" וועגן אָפיצירן־דעזערטערן (אגב, האָט מען אַלע אָפיצירן, געוועזענע געפאַנגענע, אַרעסטירט. אייניקע פון זיי אפילו „ליקווי־דירט"), וועגן דעם אונטערשיד, ווי מען האָט זיי באַהאנדלט אין ישראל אלס געפאנגענע אין פארגלייך מיט דער קנעכטישער באהאנדלונג, וואָס זיי פלעגן באקומען פון זייערע אָפיצירן, ווען זיי זענען געווען אין מיליטער־דינסט.

*

מיר זענען שוין אין דער שטאָט העליאָפּאָליס, וועלכע דינט אויך אַלס אַפּרו־אָרט פאַר טוריסטן. איצט זענען קיין טוריסטן נישטאָ. שטייען די גרויסע געשעפטן אין דער מאָדערנער „פראנצויזישער גאַלעריע" פּוסט. עס פלעגט דאָ, אין פרידלעכע יאָרן, ווימלען פון טויזנטער געסט, מערסטנס ענגלענדער און אַמעריקאַנער, וואָס זענען געקומען אָנקוקן די היסטאָרישע דענקמעלער, מיט וועלכע די שטאָט איז באַרימט נאָך פון די אוראַלטע צייטן. נו, איצט האָט מען „אַלע" ענגלענדער פארניכטעט, יעדנפאַלס, פאַרניכטעט ביי אַלע טוריסטן־ענגלענדער דעם חשק צו קומען אָנקוקן דאָ די שרייענ־דיקע, באַליידיקנדיקע פלאקאטן און נאָך באַצאָלן מיט גוטן געלט דערפאַר. און אמעריקאנער טוריסטן איז דערווייל פארווערט צו באזוכן עגיפּטן.

בין איך דאָ איינער אַליין פון אונדזער גרויסער אַמעריקע, און אָנקו־קנדיק די פּוסטע געשעפטן מיט מערקווירדיקייטן, און די אויסגעליידיקטע פון קונים „פּאַסאַזשן", ברום איך אונטער — אָבער גאָרנישט מיט קיין טרויער־ניגון — דעם „איכה ישבה בדד העיר", וואָס ירמיהו האָט צוליב אַן אַנדערער געלעגנהייט אויסגעוויינט. און רעדנדיק טאַקע וועגן ירמיהו הנביא: אין זיין קאַפּיטל מ"ג, פסוק י"ג, ווערט אויך עפּעס דערציילט וועגן דעם זעלבן העליאָפּאָליס (אויף העברעיש — בית שמש, דאָס הויז פון דער זון) ווו איך געפין זיך איצט: „און דער אייבערשטער וועט צעברעכן די מאָנו־מענטן פון בית שמש, וואָס אין מצרים, און די הייזער פון מצרימס געטער וועט ער פאַרברענען אין פייער".

און אין פריערדיקע פסוקים אין דעם זעלבן קאַפּיטל רעדט ירמיהו, וועלכן מען האָט מיט געוואַלט פאַרשלעפּט קיין מצרים, מיט ברענענדיקן

צאָרן וועגן דאָזיקן לאנד: „און ער (אין דעם פאַל נבוכדנצר מלך בבל) וועט קומען אין לאַנד מצרים: די, וואָס וועלן פאַרדינען טויט, וועלן טויט באַקו־מען, און אַנדערע וועלן אין געפאַנגענשאַפט גיין, און אנדערע וועלן דורך דער שווערד פארניכטעט ווערן. און אַ פייער וועט אונטערגעלייגט ווערן אונטער די הייזער פון זייערע געטער און וועט זיי פאַרברענען און וועט זיי פאַרניכטן״...

איר ווייסט גאָרנישט ווי אַקטועל אַזעלכע ווערטער קלינגען אָפּ אין אייער הארץ, ווען איר זענט גראָד אין זעלבן לאַנד, וואָס פאַרנעמט זיך „אויפעסן יעקבן און זיינע וואוינונגען פאַרוויסטן״... (כי אָכלו את יעקב ואת נוהו השמו...).

אָט איז דער טייך נילוס. אויף דעם פּלאַץ איז געשטאַנען דער פּאַלאַץ, ווו דער פּרעה פון יוספס צייטן האָט געזען זיין חלום וועגן מאָגערע און פעטע קי, — דער פּאַלאַץ פון דער זון, וועלכער איז סיי אין חומש און סיי אין דער עגיפּטישער געשיכטע באַוווּסט מיטן נאָמען „טעמפּל און״, ווו משה רבינוס שווער איז געווען א גייסטלעכער (בראשית מ״א, פסוק מ״ה). דאָ אין טעמפּל זענען, לויט דער לעגענדע, געבוירן געוואָרן מנשה און אפרים... אין דער סעפּטואגינטא (די עלטסטע גריכישע איבערזעצונג פון תנ״ך, גע־מאַכט מיט מער ווי צוויי טויזנט יאָר צוריק, טאַקע אין מצרים) איז דערמאָנט, אַז דער טעמפּל אין העליאָפּאָליס, צוזאמען מיט פּיתום און רעמסס, איז געבויט געוואָרן דורך ישראל־קנעכט.

לויט יוסף פלאַוויוס איז דאָ געווען יענער גושן, צו וועלכער יוסף האָט געבראַכט יעקבן און זיינע זין. דאָ האָבן געלעבט הונדערטער יידישע פאַמי־ליעס פיל יאָרן פאַרן צווייטן חורבן, און זיי האָבן אפילו דעמאָלט אויפגע־בויט אַ קאָפּיע פון בית־המקדש, וועלכער איז נאָכן חורבן פאַרניכטעט געוואָרן דורכן זעלבן טיטוס הרשע. אַ קליין דערפל, וואָס מיר פאָרן פאַרביי און ווו ס׳לעבן אָרעמע פעלאַכן, רופט זיך נאָך איצט „תל יהודה״, אן עדות, אַז גאָר אַמאָל האָבן דאָ יידן געוווינט. און אָט איז דער שטיינערנער סלופּ, דער אָבעליסק, געווידמעט רעמסס דעם צווייטן, דעם זעלבן פּרעה, וואָס האָט אַריינגעכאַפּט צען מכות און געלאָזט משה רבינו אַרויספירן די יידן פון מצרים... טויזנטער יאָרן פון מענטשלעכער און יידישער געשיכטע האָבן זיך צונויפגעפרעסט אָט ביים דאָזיקן אויסגוס פון נילוס, נישט ווייט פון די פּיראַמידן. זיי לערנען: זיך נישט מיאש צו זיין אין אזעלכע צייטן ווי די

איצטיקע, און נישט צופיל זיך פרייען מיט רויקע צייטן, ווען די פּרעהס טוען חסדים מיט זיי.

אָט זעט איר דאָך: דאָ איז געווען גושן און דער גוטער פּרעה, און דאָ איז אויך די לאַנגיאָריקע „קנעכט־פאַבריק", אין וועלכער דער „פּרעה אשר לא ידע את יוסף" האָט יידן פאַרשקלאַפט. און דאָ נישט ווייט איז אויך דאָס פּאַלאַצל, ווו נאַצער וווינט, און איצט זיץ איך אין א שטוב מיט א פרומען ייד, וואָס קלייבט זיך מיטמאַכן דעם היינטיקן „יציאת מצרים" מיט אלע זיינע איבערגעבליבענע ברידער.

איך רעד צום בחורל, וואָס וויל זיך לערנען אין דער ניו־יאָרקער ישיבה. לעולם וויל ער גאָר לעבן אין ישראל. מען באַליידיקט אים אין דער שול אין קאַיר. דער אראבישער ליטעראטור־פּראָפעסאָר דערמאָנט זיי יעדן טאָג, אז די יידן האָבן אין פּאָרט־סאַיד דערמאָרדעט זיין, דעם פּראָפעסאָרס, ברודער... שטעלט זיך אויף מיין בחורל און דערמאָנט דעם פּראָפעסאָר, אַז אין פּאָרט־סאַיד זענען דאָך קיין יידישע סאָלדאַטן גאָרנישט געווען, בלויז ענגלענדער... ענטפערט דער פּראָפעסאָר אין כעס: „יידן צי ענגלענדער — אלץ איינס, די זעלבע מערדער"... נאָכדעם האָבן ביים אַרויסגאַנג אראבישע שילער געשלאָגן זייערע „קאָלעגן", די יידן. צען יידן זענען פאראן אין קלאַס, זענען זיי אַלע איצט נישט מער אין דער שול — זיי ווילן מער נישט הערן די באַליידיקונגען.

אין העליאָפּאָליס איז ביז דער סיני־אַקציע אויך געווען אַ יידישע אָנפאַנג־שול, האָט מען זי פאַרמאַכט. גראָד היינטיקע וואָך האָט די רעגירונג ווידער דערלויבט די שול צו עפענען, אָבער ס'זענען נישט געקומען זיך רעגיסטרירן נישט די שילער און נישט זייערע יידישע לערער: פיל זענען שוין אַוועק פון לאנד, די אַנדערע קלייבן זיך אַוועקצופאָרן.

דער יונגער שעכבאָר זיצט ביים עסן מיט אַ יארמולקע אויפן קאָפּ, ווי זיין טאַטע. מען בענטש מיט מזומן. נאָכן עסן לערנט דער טאַטע מיט זיין יינגל אַ פּרשה פון דער סדרה פון דער וואָך מיט רש"י, דאַן רעדט מען העב־רעיש, אָבער צווישן זיך האָט מען די גאַנצע צייט גערעדט אַראַביש. פאַר געסט איז פראנצויזיש די שפּראַך.

נאָך אַ פּאָר וואָכן אָדער חדשים וועט העליאָפּאָליס, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט יידן זינט די ערשטע „אימיגראַנטן", יעקב מיט זיינע זין זענען דאָ געקומען, בלייבן יידנריין.

מען ברענגט מיך צוריק אין מיין האָטעל. ס׳איז שוין שפּעט. דער פּאָרטער מעלדעט מיר, אַז מען האָט מיין צימער אַריבערגעטראָגן צוליב מיין „אייגענער באַקוועמלעכקייט״ אויף אַ העכערן שטאָק. דאָרט וועל איך האָבן אַ באַלקאָן פאַר מיר אַליין. פון דאָרטן וועל איך נאָך בעסער זען די פּיראַ־מידן, דעם ספינקס און דעם צעגאָסענעם אייביקן טייך נילוס. מיין באַגאַזש האָט מען שוין אָן מיר טראַנספּאָרטירט אין נייעם צימער. מיך אַרט עס נישט. סייווי לאָז איך מיינע וואַליזעס אָפן, און ווער עס דאַרף קוקט אין זיי אָפּט אַריין אין מיין אָפּוועזנהייט. איך בין נאָר געוועזן נייגעריק צו וויסן, צי דער ציווילער פּאַרשוין מיט די גנבהשע אייגעלעך איז אויך „אַריבערגעטראָגן״ געוואָרן צוזאַמען מיט מיינע וואַליזעס אויף אַ העכערן שטאָק.

איך האָב שוין מיט אַ פּאָר טעג פריער געמאַכט אַן אויספאָרשונג: אויף מיין אייגענער האַנט, כדי צו זען, אויב אויף יעדן שטאָק זיצט אַ ציי־ווילע פּערזאָן, צוזאַמען מיט די צוויי צעכראַשטשעטע אראבישע דינער אין לאַנגע כאַלאַטן, וועלכע לויפן איך קנעכטיש אנטקעגן, ווען איר באַווייזט זיך. האָב איך אָבער פעסטגעשטעלט, אַז א יונגערמאַן אין אייראָפּעישער קליידונג זיצט אין די נעכט נאָר אויף דעם שטאָק, ווו מיין צימער געפינט זיך. איך האָב אים שוין געקענט און מיר פלעגן זיך פיין באַגריסן. איצט, ווען מען האָט מיין צימער געביטן, איז די צייט איך זאָל זיך איבערצייגן צי מ׳היט מיך טאַקע, און ווי נאָר מיין ווינדע־טיר האָט זיך געעפנט, האָב איך גלייך דערזען מיין „מלאך הגואל״, מיין פּאַרשוין מיט די בליציקע אייגעלעך, אויפן פּאָטעל ביים אַריינגאַנג. מיר זאָגן זיך איינער דעם אַנדערן דעם איי־דעלן „באָן סואַר״...

בעתן לייענען „קריאת שמע״ פאַרן שלאָף, האָב איך באַזונדער מכוון געווען די ווערטער פון „יושב בסתר״: „כי מלאכיו יצוה לשמרך בכל דרכיך״... (זיינע מלאכים וועט ער באַפעלן זיי זאָלן דיך היטן אין אַלע דיינע וועגן). קיין מלאך איז יענער פאַרשוין הינטער דער טיר געוויס נישט געווען, אָבער געהיטן האָט ער מיך... אוי, געהיטן!

# יידן ווערן געפייניקט אין עגיפטן היינט ווי אַמאָל

צוזאַמען מיטן יידישן עגיפּטאָלאָג ד״ר זכאי נואיר, גייען מיר צום אָוונטברויט פון דער אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע נחמד. מיין באַקאַנטשאַפט מיט דער דאָזיקער פאַמיליע איז פאַרבונדן מיט אן אינטערעסאנטן עפּיזאָד, וועלכן עס לוינט זיך צו דערציילן:

דער אמעריקאַנער גענעראַל־קאָנסול אין קאַיר, האָט בעת איינעם פון מיינע באזוכן אין דער אמבאסאדע מיך געפרעגט, צי וואָלט איך נישט געוואָלט טאָן א טובה און געבן מיינעם אַ פּערזענלעכן ״אפידעיוויט״ אַ בכבו־דיקער יידישער פאַמיליע פון קאַיר, וועלכע איז שוין רעגיסטרירט אַרום ניין יאָר אין קאָנסולאט אויף עמיגראַציע אין די פאַראייניקטע שטאַטן. זיי קאָנען איצט באקומען די וויזע, אָבער זיי האָבן קיינעם נישט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס זאָל זיין פאַר זיי פאַראנטוואָרטלעך, ווי עס פאָדערט דאָס געזעץ. ער, דער קאָנסול, גאַראַנטירט פאַר דער אָנשטענדיקייט פון דער פאמיליע און פאַר דעם, אז איך וועל נישט האָבן פון דעם קיין שום אומאָנגענעמלעכ־קייטן.

פאַרשטייט זיך, אז איך האָב געענטפערט, אַז אויב מיין באַשיידענער ״אַפּידעיוויט״ (פּארמעגן, פּארדינסטן) איז גענוג, אַז א וויזע זאָל ווערן אַרויס־געגעבן, וועל איך דאָס גלייך טאָן. ״איך בין אייך זייער דאַנקבאַר, זאָגט מיר דער קאָנסול, ווייל די מענטשן זענען מיינע פּערזענלעכע פריינד און צוליב דער איצטיקער לאַגע אין עגיפּטן, לעבן זיי איבער שווערע מאָמענטן. איך וואָלט אָבער געוואָלט, אז איידער איר שרייבט אונטער דעם ״אפידעיוויט״ זאָלט איר זיך מיט זיי באַקענען פּערזענלעך און זיך איבערצייגן וועגן כאַ־ראַקטער פון די מענטשן, פאַר וועלכע איר גאַראַנטירט. אָט וועל איך באַלד צו זיי אָנטעלעפאָנירן און מיטטיילן וועגן אייער הסכמה״.

ער טעלעפאָנירט, רעדט מיט עפּעס אַ דאַמע און גיט מיר דערנאָך איבער דעם טעלעפאָן, ווו אַ שטימע פול מיט עמאָציע דריקט אויס פרייד און דאַנקבאַרקייט, וואָס ענדלעך האָט זיך געפינען אַן אמעריקאַנער ״ספּאנסאר״. זי איז פרוי נחמד. זי און איר מאַן וועלן קומען צו מיר אין האָטעל אויף א באזוך.

מיר רעדן אָפּ, אַז מיר וועלן זיך באַגעגענען אין מיין האָטעל־צימער 5 נאָכמיטאָג און מיר וועלן טרינקען צוזאַמען טיי. און זיי זענען געקומען פּינקטלעך, אין אַן אייגענעם אויטאָמאָביל. ער — אַן עלטערער פאָרנעמער הער. זי — אַן עלעגאַנטע דאַמע, ווו דער גאַנצער לעוואַנטינער חן פון גוטער דערציונג, פון בילדונג, פון פיינער באַנעמונג זעט זיך אַרויס פון יעדער באַוועגונג, פון יעדן וואָרט.

זייער שמחה איז גרויס, וואָס איך וועל זיי געבן אַן ״אפידעיוויט״ און דורך דעם זיי דערמעגלעכן צו פאַרווירקלעכן א לאנגיאָריקן חלום, פון איבערטראַנספּאָרטירן זייער פאַמיליע אין די פאראייניקטע שטאַטן. — ״עס איז נישט צוליב אונדז; מיר האָבן שוין אונדזער טייל לעבן אָפּגעלעבט, אָבער מיר האָבן דריי זין: דער עלטערער האָט נאָר־וואָס געענדיקט אַלס אינזשיניער, די צוויי אַנדערע זענען אין די העכערע קלאַסן פון ליציי. נו, פאַר זיי איז דאָ קיין צוקונפט נישטאָ. איך — זאָגט די פרוי — שטאַם פון דער שלום־פאַמיליע אין אַלעקסאַנדריע. אונדזערע אורעלטערן זענען גע־קומען קיין עגיפּטן פון ירושלים, מיט מער ווי 300 יאָר צוריק. פיר ברידער מיינע זענען שוין דעפּאָרטירט געוואָרן; זיי זענען געווען נאָמינאַלע פראַנ־צויזישע בירגער ( אַ סך אַריסטאָקראַטישע יידן אין עגיפּטן האָבן געהאַט פראַנצויזישע, איטאַליענישע אָדער עסטרייכישע בירגערשאַפט, אין די אַמאָליקע צייטן פון די אַזוי גערופענע ״קאַפּיטולאַציעס״, ווען עגיפּטן איז נאָך געווען פאַרבונדן מיט טערקיי און פרעמדע בירגערשאַפט האָט געגעבן אַ סך פּריווילעגיעס — ח. ש.). מיינע ברידער האָבן זיך פאַרנומען מיט אימפּאָרט, מיט מעדיצין, מיט אַדוואָקאַטור. עס איז כדאי צו דערמאָנען, אַז ווען אונדזער פאָטער איז געשטאָרבן, האָט ער איבערגעלאָזט די קינדער אַ פאַרמעגן פון מער ווי א האלבן מיליאָן פונט, וואָס איז אין יענער צייט געווען מער ווי צוויי מיליאָן דאָלאַר״.

״מיינע ברידער זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן מיט קליינע וואַליז־קעס אין די הענט... אַלץ וואָס האָט געהאַט א ווערט: געלט, סחורה, אייג־שליסלעך די וווינונגען, זענען קאָנפיסקירט געוואָרן. מיין מאַן דאָ, אין קאַיר, איז געווען א פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון א באַנק. איצט איז ער דאָס נישט מער, ווייל עס גייט אָן דער פּראָצעס פון ״עגיפּטיזאציע״, אַזוי ווי זינט 1948, בעת דער מלחמה מיט ישראל, איז די גאנצע סיטואַציע דאָ בנוגע יידן נישט קיין זיכערע, האָבן מיר זיך רעגיסטרירט פאַר עמיגראַציע קיין

אַמעריקע. איצט איז געקומען אונדזער ריי. אייער „אַפידעיוויט" וועט אונדז דערמעגלעכן איבערצופלאַנצן די קינדער אויף אַ נייעם באָדן. איך וויל איר זאָלט קומען צו אונדז אין הויז, זיך באַקענען מיט די קינדער, וועט איר זיך איבערצייגן, וואָס פאַר אַ גוטן עלעמענט איר האָט געהאָלפן ברענגען אין אייער לאַנד. זיי זענען אויך גוטע יידן. מיר האָבן זיי געלערנט דאַווע־נען, תנ"ך, זיי רעדן אַ ביסל העברעיש, זיי לייגן יעדן טאָג תפילין, דאָס איז שוין אַ פאַמיליע־טראַדיציע".

האָב איך, אַלזאָ, אָנגענומען די איינלאַדונג צו קומען צו זיי אויף נאַכט־עסן, נאָר דערווייל  בין איך אַריבערגעפאָרן  אין מיין אַנדערער „אכסניא", אויפן ראַנד פון מדבר, און אַזוי ווי אויך ד"ר זכאי — מיין איצטיקער שטענדיקער באַגלייטער, — האָט געקענט די פאַמיליע נחמד, האָב איך זיי טעלעפאָנירט, אַז איך וועל קומען מיט אים, אַ זאַך וואָס זיי האָבן אָנגענומען מיט פאַרגעניגן.

אַזאַ פאַלאַץ־דירה, אין וועלכער זיי וווינען אין דער פאָרשטאָט פון קאַיר, וועלן זיי שוין אין ניו־יאָרק נישט האָבן. און אויך נישט די באַדינונג פון אַ לאָקיי אין אַ „טאַרבוש" און ווייסער „אַבאַיע", וואָס דערלאַנגט צום טיש.

ווען מיר זענען געקומען אין שטוב, איז מיט די עלטערן געווען נאָר דער יונגערער זון, אַ יינגל פון אַ יאָר 14. די עלטערן זענען געווען עפּעס גאָר אומרויק: די עלטערע צוויי קינדער האָבן שוין לאַנג געדאַרפט זיין און זענען נאָך נישטאָ... די ציטן זענען נישט קיין זיכערע, מאַלע, וואָס עס האָט געקאָנט טרעפן! די עלטערן באַמיען זיך צו זיין צו אונדז זייער פריינד־לעך, אָבער עס גיט זיך זיי נישט איין צו באַהאלטן די אָנגעשטרענגטקייט... און אָט דערהערט זיך אַ קלונג. די מוטער לויפט צו דער טיר און פירט אַריין מיט זיך אין עסצימער די צוויי זין — דעם עלטערן, דעם אינזשי־ניער, פון אַ יאָר 20, און דעם יונגערן — אַ געוויקסיק בחורל פון אַ יאָר 16. מען האָט גלייך געקאָנט זען, אַז עפּעס האָט מיט די קינדער געטראָפן: דער שניפּס און דער קאָלנער פון העמד ביים יונגערן זענען געווען צעריסן. דער עלטערער איז געווען בלאַס און זיין קול האָט אַ ביסל געציטערט.

עס ווערט גלייך קלאָר וואָס עס איז געשען. מען רעדט דעריבער פראַנצויזיש, כדי די דינערשאַפט זאָל נישט פאַרשטיין (די אומגאַנגס־שפּראַך אין שטוב איז אַראַביש).

רענואַ, דער ייִנגערער זון, איז געווען אין קינאָ. נעבן אים האָט זיך אוועקגעזעצט זיינער אַן עלטערער שול־חבר, אַן עגיפּטער. מען האָט געוויזן אַקטועלע בילדער פון פּאָרט־סאַיד אין קריג — בילדער פון גע־הרגעטע, פאַרוווּנדעטע, פון רויבירטע גאַסן... פּלוצלינג גיט אים דער עגיפּ־טישער שכן אַ שטאַרקן נעם פאַר דער האַנט און זאָגט אים באַפעלעריש: „קום אַרויס פון דאַנען!״. רענואַ האָט אים געפאָלגט, זיי זענען אַרויס אין פאָדער־זאַל און דער עגיפּטער, אין אַ שטאַרק אויפגערעגטן צושטאַנד, זאָגט צו אים:

— ביסט אַ ייִד?

— יאָ!...

— דאָס האָבן דיינע ברידער געהרגעט און געברענט אין פּאָרט־סאַיד... דו מוזט פאַר דעם באַצאָלן; זאָג דריי מאָל: „אלא־איל־אלא״... (דאָס איז די מוסולמענישע פאָרמולע „גאָט איז אַ גאָט און מאַכמעד איז זיין נביא״ — ח. ש.).

דער צעשלאָגענער רענוא, זעענדיק, אַז דער עגיפּטער איז האַלב משוגע און אויך שטאַרקער פון אים, האָט געזאָגט די „פאָרמולע״.

— איצט זאָג דריי מאָל: אַ טויט בן גוריונען! אַ טויט ישראל!...

דאָס האָט שוין דאָס ייִנגל נישט געוואָלט נאָכזאָגן. האָט אים דער עגיפּטער אָנגעכאַפּט פאַר דעם קראַוואַט און פאַרן קאָלנער פון העמד און אָנגעהויבן שטיקן און שלאָגן. צופעליק איז אַרויס אין פאָדער־זאַל מאַיס, רענואַס עלטערער ברודער, וועלכער איז אויך געווען אין קינאָ מיט אַ פריינד און האָט זיך איצטער געאיילט אַ היים, ווו מען האָט געוואַרט אויף אים מיטן עסן. דערזען, אַז אַן עגיפּטער שלאָגט זיין ברודער, האָט זיך מאַיס נישט געקאָנט באַהערשן, געכאַפּט יענעם פאַרן קאָלנער, אויפגעהויבן אים אין דער הייך און אַ זעץ געטאָן אים אויף דער ערד. בלוט האָט זיך באַ־וויזן פון עגיפּטערס נאָז. עס איז געוואָרן אַ טומל, אַ פּאָליציאַנט האָט פאַרשריבן די נעמען פון די ברידער און פון צעשלאָגענעם עגיפּטער און נאָכן אויסהערן, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, האָט ער ביידע געלאָזט גיין פריי, צוגעבנדיק, אַז מען וועט זיי מאָרגן רופן אין דער פּאָליציי אויף אַ ווייטערדיקער אויספאָרשונג.

נאָכדעם ווי מיר האָבן אויסגעהערט די געשיכטע, איז אַ שווערע שטימונג באַפאַלן אַלע אָנוועזנדיקע. די מוטער האָט געהאַלטן, אַז מאַיס

דארף תיכף פאַרלאָזן עגיפּטן און זיך נישט ווייזן פאר דער פּאָליציי... דער אַלטער פּאָטער האָט מיט איר מסכים געווען און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אז מאַיס פליט מאָרגן אָפּ קיין רוים, ווו ער וועט זיך טרעפן מיט זיינס א פעטער, וועלכער איז מיט אַ וואָך פריער דעפּאָרטירט געוואָרן.

בעתן אָוונט־עסן, האָט מען פונדעסטוועגן געפּרוּווט שאפן א בעַ־סערע שטימונג, אָבער אונדזערע גאַסט־געבער האָבן באַטאָנט, אז אויב מען האָט געדאַרפט האָבן נאָך א באַווייז, פאַרוואָס זיי ווילן פאַרלאָזן אָט־די גאנצע רחבות און באַקוועמלעכקייט ארום זיך, איז דאָס פאַרגעקומען פאַר אונדזערע אויגן, מיט דעם אינצידענט אין קינאָ.

— מיר קאָנען נישט אָנגעטרויען די צוקונפט פון אונדזערע קינדער דעם דאָזיקן צעיושעטן שאָוויניזם, באַגלייט מיט שנאה און רציחה... מיר זעען נישט, אז דאָס זאָל ווען עס איז אנדערש ווערן און דאָס איז די סיבה, פאַרוואָס אַלע יידן, אפילו די, וואָס קאָנען נאָך דאָ בלייבן, פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

פרוי נחמד טראָגט ארויס פון איר שלאָפצימער עפּעס א קליין בילד איינגעפאַסט אין א ראַם. מען זעט דערויף א האַנט מיט צעשפּרייטע פינגער, אַזוי ווי צו „ברכת־כהנים" מיט העברעיִשע אויפשריפטן אַרום און זי זאָגט:

— איר זעט, מיט דער דאָזיקער קמיע איז אונדזערס אַן עלטער־עלטער־זיידע געקומען פון ירושלים קיין אַלעקסאַנדריע, מיט מער ווי 300 יאָר צוריק. דאָס איז א סגולה קעגן אַן עין־הרע און א ברכה פאַר די דורות, וואָס וועלן פון אים, פון אונדזער זיידן, אַרויסקומען. ביז איצט האָט אונדז אָט די קמיע באַשיצט: מיר האָבן געלעבט גליקלעך און צופרידן אין עגיפּ־טן, דערצויגן שיינע דורות. איצט האָט אַלץ געפּלאַצט! די קמיע וועט מאַיס מיטנעמען מאָרגן קיין רוים. זאָל זי ווידער אויף אונדזערע ביידע וועגן זיין מיט אונדזער משפחה.

זי צעוויינט זיך. טרערן שטייען אין אונדזער אַלעמענס אויגן.

איך נעם די קמיע אין האַנט און לייען: „שמירה לעין הרע". דאַן אויף די פינגער, וואָס זענען צעשפּרייט, ווי ביי א כהן בעתן דוכנען, איז אויפגעשריבן: „בן פורת יוסף, בן פורת עלי עין" (די ברכה, וואָס יעקב אבינו האָט געגעבן יוספן פאַר זיין פּטירה — ה. ש.), נאָכדעם גייט דאָס יאָר: ירושלים ת"ו", דאָס הייסט, מיט דרייהונדערט צען יאָר צוריק.

דער אַלטער נחמד גיט צו: — קיין געלט און ווערטזאַכן וועט מען

מאיסן נישט לאָזן אַרויספירן, זאָל ער כאָטש מיטנעמען מיט זיך און אפשר ברענגען צוריק קיין ירושלים דעם סימבאָל, וואָס אונדזער פאַמיליע האָט פון דאָרטן געבראַכט אַהער מיט דורות צוריק.

ד״ר זכאי, וועלכער איז געווען זייער דערדריקט פון דער גאַנצער געשעעניש, האָט מיט גרויס געפיל אָנגעהויבן צו רעדן:

— צי ווייסט איר, וואָס דאָ איז היינט פאַר אונדז פאָרגעקומען? דאָס איז דאָך די איבערחזרונג פון דער תורה־געשיכטע! איר געדענקט די געשעעניש, זי איז דאָך די זעלביקע: משה איז אַרויס צום אָרט, ווו די ישראלים האָבן געאַרבעט ווי קנעכט און האָט געזען ווי א מצרי שלאָגט אַ ייד, א ברודער זיינעם. האָט ער געטויט דעם מצרי און אים באגראָבן אין זאמד... נאָכדעם האָט מען אים געמסרט און ער האָט געמוזט אנטלויפן אין אַן אנדער לאנד, קיין מדין, ווו ער האָט גליקלעך חתונה געהאַט...

אויך היינט בײנאַכט האָט זיך דאָס אַלצדינג איבערגעחזרט: אייער וווּנדערלעכער מאיס, וועלכער הייסט דאָך אויך משה, האָט זיך אָנגענומען פאַר זיין באליידיקטן ברודער און האָט געשלאָגן דעם מצרי... אמת, אים נישט געטויט... איצט מוז ער אַנטלויפן. לאָמיר האָפן, אַז ער וועט אויך אַריינפאלן אין זיין גלות אין א פיין הויז און זיין גליק געפינען... איבעריקנס וועט איר זיך דאָך אינגיכן אַלע צוזאַמען פאַראייניקן. און אייער זון מאיס נעמט מיט זיך מיט אַן אַלטע פאמיליע־רעליקוויע פון אייערס אַן על־טער־עלטער־זיידן, וואָס האָט געהייסן יוסף. ווידעראַמאָל אַ מאָדנער צופאַל: ווען משה איז אַוועק פון מצרים, האָט ער מיטגענומען מיט זיך די ביינער פון יוספן, אנדערע יידן האָבן מיטגענומען פון מצרים גאָלד און ווערטפולע זאַכן, אָבער משה האָט געפאָלגט די צוואה פון יוסף הצדיק און האָט מיט־גענומען זיינע ביינער... אַן אלטע אגדה דערציילט, אַז דערפאַר טאקע האָט דער אייבערשטער שפּעטער באלוינט משהן מיט אזא רייכער מתנה, ווי די לוחות־הברית געמאכט פון טייערסטן שטיין, אויף וועלכע עס זענען אויס־געקריצט געוואָרן די עשרת הדברות! (מסכתא סוטה י״ג — ח. ש.). אויך אייער מאיס קאָן דערוואַרטן אַ גרויסן שכר...

אונדז איז געלונגען, מיט ווערטער פון בטחון און פריינדלעכע שמו־עסן, צעשטרייען די שווערע אַטמאָספער אין הויז פון די נחמדס און דער אָוונט האָט זיך געענדיקט אין א סך אַ בעסערער שטימונג, ווי ער האָט זיך אָנגעהויבן.

# יציאת מצרים אַמאָל און היינט

די לעצטע דריי טעג פון מיין איצטיקן פאַרברענגען אין עגיפּטן (פעברואַר 1957), האָב איך נישט געוווינט אין מיין האָטעל „אַמבאַסאַדאָר“, וועלכער געפינט זיך אין צענטער פון קאַיר, נאָר אין אַ גאַסטהויז, זעקס מייל ארויס פון דער שטאָט.

דער נאָמען פון האָטעל איז מענא־האוז, און ער איז באַרימט דורך דעם, וואָס אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן דאָרטן רוזוועלט און טשערטשיל אָפּגעהאַלטן זייערע בעראַטונגען און זייערע באַגעגענישן מיט א ריי פון די אַזיאַטישע הערשערס.

איך האָב זיך אַהין אריבערגעטראָגן נישט נאָר צוליב דער אויסער־געוויינלעכער ראָמאַנטישקייט פון פּלאַץ, וואָס געפינט זיך אויפן סאַמע ראַנד פון מדבר — גלייך אַנטקעגן די פּיראַמידן און דעם ספינקס. נאָר ספּעציעל צוליב דעם, וואָס איך האָב זיך געוואָלט געפינען בשכנות פון הויז פון מיינעם א פריינד, א באַקאַנטן קענער פון עגיפּטישער געשיכטע און אויסגראָבונגען, וועלכער האָט צוליב יידישקייט פאַרלוירן זיין מלוכה־שטעלע און האָט זיך געקליבן אויסצוואַנדערן פון זיין מוטערלאַנד, צוזאַמען מיט אַלע ברידער זיינע אין עגיפּטן.

איצט, ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות, איז ער שוין אין רוים, פיל איך זיך דעריבער פריי אין איבערגעבן די אומגעוויינלעכע אינטערע־סאַנטע געשפּרעכן, וועלכע מיר האָבן געפירט בעת אונדזערע לאַנגע שפּאַ־צירן צווישן די זאַמדן פון מדבר און די מאָנומענטן אין די מוזייען, וועמענס היעראָגליפן און אויפשריפטן זענען צוטריטלעך פאַר מיין פריינד, אַזוי ווי פאַר אונדז די אותיות און שפּראַכן, וועלכע מיר קענען.

דער נאָמען פון ד״ר זכאי נואיד האָט דורכגעבליצט דורך דער וועלט־פּרעסע, צוזאַמען מיט אייניקע אַנדערע נעמען, וועלכע האָבן מיט־געהאָלפן דעם יונגן עגיפּטאָלאָג קאַמאַל־על־מאַלאַך צו אַנטדעקן די שיף פון פּרעה כעאָפּס, אין א ווינקל פון דער גרויסער פּיראַמידע, מיט וועלכער די נשמה פון דאָזיקן פּרעה האָט געדאַרפט אַרויפפאָרן נאָכן טויט צו דער

סאַמער זון... דאָס איז געווען מיט קנאַפּע 3 יאָר צוריק, און ד״ר זכאי איז דאָס געווען צווישן די, וועלכע האָבן געזוכט די צווייטע שיף פון דעם זעלבן מין.

דערווייל אָבער איז אָנגעקומען די סיני־אַקציע און דער ענגליש־פראַנצויזישער אָנגריף אויפן סועץ־קאַנאַל און ד״ר זכאי איז, לויט זיין פּאַספּאָרט, אַן איטאַליענער — און נאָך א ייד דערצו. האָט מען אים באַפוילן צו זוכן אַן אַנדער שיף — דאָס מאָל אַ מער מאָדערנערע ווי די זון־שיף פון כעאָפּסן, וועלכע איז שוין באַלד פינף טויזנט יאָר אַלט...

ד״ר זכאי האָט אין זיין קעשענע אַ שיפס־קאַרטע קיין איטאַליע, אָבער דערווייל וווינט ער נאָך אין קליינעם הייזל, נעבן דער זעלבער פּיראַמידע, ווו ער האָט נישט לאַנג צוריק געמאַכט די אויסגראָבונגען און זוכונגען.



יידן אין קאַיר פאַרשרייבן זיך אויף עמיגראַציע

בעת מיינעם אַ פריערדיקן באַזוך אין עגיפּטן, האָב איך זיך מיט אים באַקענט אין הויז פון הויפּט־רב, ר׳ חיים עפענדי, און אויף צומאָרגנס

האָט ער מיך געפירט וויזן די נייע אויסגראָבונגען אַרום די פּיראַמידן און דערביי האָט ער אַרויסגעוויזן גרויס בקיאות אין תנ"ך־וויסנשאַפט, סיי לויט די אַלטע מקורות אין אָריגינאַל, סיי אין די פאַרשידענע טעאָריעס פון די ביבל־קריטיקער, מיט וועלכע ער האָט מערסטנטייל נישט מסכים געווען. און דאָס האָט מיך אימפּאָנירט.

אין זיין פּאַטערס הויז, אַ רב און מיטגליד פון אָפיציעלן בית־דין אין אַלעקסאַנדריע, האָט ער באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע יידישע דערציונג און איז געבליבן אָרטאָדאָקסיש געשטימט אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען ער האָט דערגרייכט זיין רום אַלס קענער פון אַלטער עגיפּטישער געשיכטע און אַלס מומחה אין די אומצאָליקע מאָנומענטן, וואָס די צוויי צענדליק פּרעה־דינאַסטיעס האָבן נאָך זיך איבערגעלאָזט.

ד"ר זכאי איז אַרום פערציק יאָר אַלט, פון הויכן וווּקס, שטאַרק אָפּגעבערענט פון דער זון, טראָגט אויפן קאָפּ אַ פעז און האָפט חתונה צו האָבן אין ישראל, אויב נאָר זיין זווג, אויך פון אַלעקסאַנדריע, וואָס וווינט איצט נעבן ירושלים, וועט נאָך צו דער צייט פון זיין אָנקומען דאָרטן נישט האָבן חתונה געהאַט מיט אַן אַנדערן.

און דאָס האָט ער טאַקע מיך צוגערעדט זיך אַריבערצוקלייבן היינטער פון דער שטאָט, נאָך דעם ווי איך האָב זיך באַקלאָגט פאַר אים אויף דער נערוון־אָנשטרענגונג צו זיין די גאַנצע צייט אונטער פּאָליציי־אָבסערוואַציע און איבערהויפּט פון די איבערלעבענישן צווישן די יידן, וועלכע מען דריקט און מען יאָגט זיי זאָלן וואָס שנעלער פאַרלאָזן עגיפּטן.

אין מענאַ־האָוז, ווו איך וווין איצטער, זענען כמעט קיין געסט נישטאָ. דער דאָזיקער האָטעל איז דאָך אויסגערעכנט אויף איבערקלייבערישע טוריסטן פון אַמעריקע און אייראָפּע, אויף אַזעלכע וואָס געפינען אַ טעם נישט נאָר אין די קאַבאַרעטן, מיט די בויך־טענצערינס, נאָר טאַקע אין דער אַטמאָספער פון מדבר, צווישן די פּיראַמידן און ספינקסן, ווו די דעקאָראַציע איז נישט געביטן געוואָרן שוין אַ היפּשע פאַר טויזנט יאָר.

קיין שום אַמעריקאַנער טוריסטן איז דערווייל נישט דערלויבט צו באַזוכן די לענדער פון מיטעלן מזרח און קיין ענגלענדער און פראַנצויזן איז נישט דערלויבט דער אַריינפאָר אין עגיפּטן — ווי בירגער פון פיינטלעכע מלוכות. פּוסטעווען איצטער אפילו די האָטעלן אין צענטער פון שטאָט, אַ פּשיטא שוין דאָס איינזאַמע מענאַ־האָוז, אויפן ראַנד פון דער

ווייסטעניש. אָבער איך רו זיך טאַקע דאָ אָפּ — גייסטיק און פיזיש. עס איז פאַרשוווּנדן געוואָרן דאָס שוואַרצע פאַרשווינדל מיט די שטעכיקע אייגעלעך, וועלכער האָט גאָרנישט אַזוי „געהיים״ באוואַכט מיך אין די נעכט. איך האָב נישט געזען, אַז הינטער מיר זאָל זיך נאָכשלעפּן דער נבזהדיקער, קיילעכ־דיקער פּאַרקויפער פון ווייסן טערקישן „כאַלוואַ״, וועלכער פלעגט אויס־וואַקסן פאַר מיינע אויגן פּלוצלינג, ווען איך האָב אים צומווייניקסטן דער־וואַרט צו זען. צי האָט ער אַ סך אויסגעהאַנדלט מיט זיין קלעפּיקער סחורה ווייס איך נישט, פאַר „מיר״ אָבער האָט ער געוויס באַקומען אַ פּאָר פּיאַס־טער אַ טאָג...

דאָס אַלץ איז פאַרשוווּנדן אין די טעג, ווען איך בין אַוועק וואָגלען אין מדבר. עס פלעגט זיך יאָ יעדן אינדערפרי, ווען איך בין געגאַנגען צום שטיבל, ווו ד״ר זכאי האָט געוווינט, נאָכשלעפּן נאָך מיר דער קעמל־טרייַ־בער, וועלכער האָט דווקא געוואָלט מיך מהנה זיין מיט אַ שפּאַציר אויפן רוקן פון זיין האָרבאַטער חיה; עס פלעגט מיך באַגלייטן און דערקוטשען אַן אַראַבער אין אַ שמוציקער אבאַיע, פאָרלייגנדיק קויפן פאַרשימלטע מטבעות, כלומרשט געפונענע אין פּרעה טוטענקאַמענס קבר. איך האָב געוווּסט, אַז נאָכדעם ווען מען שייערט אָפּ אַזאַ „מציאה״, ווייזט זי זיך אָפּט אַרויס פאַר אַ רוסישן זילבערנעם „פּערציקער״ פון ניקאָלייס צייטן...

אָבער פון די פאָליציי־שאַטנס בין איך פּטור געוואָרן... כאָטש, ווער ווייסט? אפשר זענען דער קעמל־טרייבער און מטבע־פאַרקויפער אויטענ־טישע שפּיאָנען פון רעזשים? ווער קאָן דערגיין אַ טאָלק אין די דיקטאַטאָ־רישע לענדער, וואָס האָבן דערגרייכט אַזאַ פּערפעקציע אין דער קונסט פון אויסשפּירונגען, כאָטש די דעכער זענען מיט שטרוי געדעקט און די כאַטעס מיט נאַפט באַלויכטן. ד״ר זכאי לאַכט זיך אויס פון מיין „פאַרפאָלג־מאַניע״, כאָטש ער איז מסכים, אַז ביז איך האָב זיך אַהערגעקליבן האָב איך געהאַט גענוג סיבות פאַר איר.

און אָט שפּאַצירן מיר אין דער ערשטער לבנה־נאַכט, אין דער ריכ־טונג צו דער כעאָפּס־פּיראַמידע, פון וועלכער ער האָט ביז נישט לאַנג צוריק אַ „לעבן געמאַכט״. ער האַלט מיך אונטער דער האַנט, ווייל דאָס זאַמד דאָ איז אַמאָל האַרט און אַמאָל ווייך און טיף און מען קאָן לייכט גע־שטרויכלט ווערן און פאַלן. קיין שום אַנדערע באַלייכטונג, אויסער דער לבנה־נאַכט איז דאָ נישטאָ. הינטער אונדז גליט אין אַ ים פייערן די הויפּט־

שטאָט קאַיר, אָבער פּאָרויס איז א דיקע, אומענדלעכע שווארצע פינצטער־ניש, פון וועלכער עס טיילן זיך אויס אין צאַרט־בלויען ליכט די פּיראַמידן מיט זייער אומפארגלייכלעכער געאָמעטרישער פּערפעקטקייט, און דער עניגמאטישער ספינקס, מיטן קוים־באַמערקבארן שמייכל אויף זיין לייביש־מענטשלעך פּנים, וואָס רוט אויף ריזיקע חיהשע לאַפּעס.

ד״ר זכאי ווייזט מיטן פינגער אויפן ווינקל פון דער גרויסער פּי־ראַמידע:

— אָט דאָ האָט קעמאל אלמאלאק צופעליק אויסגעבויערט די עפע־נונג צום אונטערערדישן צימער, ווו די שיף צו דער זון פון פּרעה כעאָפּס איז אנטדעקט געוואָרן. אויף 40 שטיינערנע שוועלן פון יעדער זייט, רוט די שיף. פּרעה האָט זי געבויט ווען ער האָט געלעבט, כדי נאָך זיין שטאַרבן זאָל זיין נשמה דורכגיין דורך די 12 טויערן פון טויט, און שפּעטער דורך די 12 טויערן פון אייביקן לעבן.

לויט זייער אמאָליקן גלויבן, האָט זיך די שיף געדארפט פארוואנד־לען אין א שטערנדל, וואָס באַגלייט אויף אייביק די זון, אָט אַזוי ווי אונ־דזערע היינטיקע געלערנטע ווילן ארויפשיסן א סאַטעליט, וואָס זאָל זיך דרייען אַרום דער לבנה. ווי איר זעט, האָט מען שוין אַזעלכע פאנטאזיעס געהאט מיט פיל טויזנטער יאָרן צוריק, אָבער נישט דאָס בין איך אויסן. פאַרגעסט נישט, אז מיר געפינען זיך אויף אַן אָרט, ווו הונדערטער טוי־זנטער קנעכט, צווישן זיי געוויס פיל פון אונדזערע אבות, האָבן די דאָ־זיקע מערקווירדיקע מאָנומענטן געבויט.

איך האָב פאראיאָרן אָפּגעריכט די סדר־נאַכט דאָ טאקע, אין מיין שטיבל צופוסנס פון די פּיראמידן. איינגעלאַדן א פּאָר חברים פון שטאָט און צוזאַמען געזאָגט די הגדה דאָרט, ווו זי איז צומבעסטן אילוסטרירט מיט די דאָזיקע נאָך אלץ סודותדיקע, נישט גענוג אויסגעפאָרשטע עדות פון די צייטן, ווען מיר זענען ווי אַ פאָלק געבוירן געוואָרן. גלייבט מיר, עס האָט אונדז דעם אָטעם פארכאפּט, ווען מיר זענען געזעסן ביים אָפענעם פענצטער און צוזאַמען דערציילט די ניסים פון יציאת מצרים אין דאָזיקן לאַנד, ווו די ניסים זענען זיך פאַרלאָפן און אויפן אָרט, ווו די שטימע פון די געדריקטע און געפייניקטע קנעכט האָט אַזש דעם הימל געשפּאָלטן — און גאָט האָט דערהערט...

אָט קוקט אָן דעם פונדאַמענט פון דער דאָזיקער פּיראַמידע. גע־

לערנטע האָבן אויסגערעכנט אַז נישט ווייניקער ווי הונדערט טויזנט מענטשן האָבן אים געבויט אין משך פון גאַנצע צען יאָר צייט. דערנאָך האָט מען געדאַרפט אַרויפשלעפּן די קאָלאָסאַלע קוואַדראַט־שטיינער פון אַזאַ וואָג און גרייס, וועלכע מיר וואָלטן אפילו איצטער, מיט אונדזערע מאָדערנע מאַ־שינען, געהאַט שוועריקייטן ביים באַאַרבעטן. אָבער נייע צוויי הונדערט טויזנט קנעכט זענען דאָ אָנגעיאָגט געוואָרן און עס האָט געדויערט צוואָנציק יאָר די אַרבעט צו פאַרענדיקן. מיר האָבן דאָ אויסגעקריצטע בילדער אויף טאָבעלן, אויף וועלכע מיר זעען די קנעכט, וואָס ווערן געיאָגט מיט בייטשן, — די טויזנטער איינגעשפּאַנטע מענטשן, וואָס שלעפּן מיט שטריק איין שטיין. דאָס, וואָס ווערט ביי אונדז אין דער הגדה אויסגעדריקט מיט אַזויפיל רחמנות צום געפּייניקטן קנעכט, מיט אַזויפיל צוטרוי, אַז גאָט אין הימל וועט זיך אָננעמען, ווייל ער זעט דאָך אַלץ, ווערט דורך די איינקריצונגען אויף שטיינער דורך די פּרעה־שרייבער, אויסגעדריקט אַלס לויב־געזאַנג צו די מעכטיקע הערשער, וואָס האָבן אָט די פּיראַמידן געבויט אויף בערג מיט טויטע, מיט פאַרפּייניקטע קנעכט. מיט קיין איין וואָרט איז אין ערגעץ נישט אויסגעדריקט עפּעס א מיטגעפיל, עפּעס אַ קרעכץ צו די אומצאָליקע קרבנות, וואָס האָבן די גרויסקייט פון די פּרעהס פאַרגליווערט אין שטיין.

עס האָט זיך געביטן די פאָרם, דער רעזולטאַט איז דער זעלבער. אין דער שטילקייט פון דער מדבר האָט געקלונגען אַ שטימע פון א באַ־ליידיקטן ייד אין מצרים. און איך — פאַרכאַפּט פון דעם פּאַטאָס פון די ווערטער און פון דער פּאַנאָראַמע ארום אונדז, ענטפער:

— נו, זענען מיר עדות פון איצטיקן טראַגישן יציאת מצרים, אָבער ווו זענען די מכות, מיט וועלכע דער רשע פּרעה איז באַשאָנקען געוואָרן, איידער די אחינו בני ישראל האָבן פאַרלאָזט דאָס לאַנד?

ד"ר זכאי קוקט מיך מאָדנע אָן:

— און איר, דער אַמעריקאַנער, פרעגט נאָך ווו זענען די מכות אהינגעקומען? דאָס האָבן דאָך אייערע אמעריקאנער אָפּגעווענדט די שטראָ־פנדיקע האַנט, די שאַרפע שווערד, וואָס איז שוין אזוי נאָענט געווען אויף נאַצערס האַלדז... עס האָט זיך גאַנץ לאָגיש אָנגעהויבן מיט „דם", מיט בלוט. אמת, דאָס מאָל נישט פון טייך נילוס, נאָר פון זיין שכן — דער סועץ־קאַנאַל... נו, דעם אייבערשטנס האַנט איז געווען אויסגעשטרעקט צו דערלאַנגען די ערשטע מכה, אָבער אייערע „צדיקים", כביכול, האָבן דאָס

נישט געקאָנט פאַרטראָגן, און זי פאַרהאַלטן אינמיטן... און דער אייבער־שטער איז דאָך אַ „מרחם על הבריות״...

אין אונדזער האַסטיקן גאַנג האָבן מיר זיך דערווייל דערנענטערט צו די וואַסערן פון טייך נילוס. דער אָפּשיין פון די ווייטע נעאָנען פון דער שטאָט קאַיר מאַכן דעם הימל רויט און די וואַסערן זעען אויס ווי ראָזלעך באַפאַרבט פון זייער אָפּשיין.



אין דער איזמאַילאַ־שול אין קאַיר ; קינדער, וואָס זענען עולה קיין ישראל, געזעגענען זיך מיטן רב הראשי

— איר זעט, באַמערק איך, עפּעס האָט זיך דער טייך נילוס דאָך פאַררויטלט. שוין זשע קומט די ערשטע „מכה״?

— איר ווייסט גאָרנישט ווי נאָעט איר זענט צום אמת, ווען איר גיט צו אזא באַדייטונג דער פאַרב פון טייך נילוס. פאַרגעסט נישט, אַז דער „יאור״, דער נאָמען פון טייך אויף אַלט־עגיפּטיש און אין דער תורה, איז

דער קוואַל פון שפייז פאַרן גאַנצן לאַנד. צעגיסט זיך דער טייך ווו און ווען מען באַדאַרף, איז פאַראַן וואָס צו שניידן, וואָס צו עסן, אַז נישט — פלעגן קומען די הונגער־יאָרן. איז דער נילוס פאַררעכנט געווען פאַר אַ מעכטיקן גאָט אין אלטערטום, א „גאָט" מיטן נאָמען חאפי. זענען געווען אין דער עגיפּטישער געשיכטע פאַלן, פאַרצייכנטע אין היעראָגליפן, ווען דער טייך איז „קראנק" געוואָרן און זיינע וואסערן האָבן אָנגענומען א רויטן קאָליר (דאָס פלעגט טרעפן איין מאָל אין הונדערט יאָר). דאַן איז דאָס וואסער געוואָרן א קללה אָנשטאָט א ברכה, דאַן איז דאָס געווען א „מכה" פאַרן לאנד, די ערשטע מכה...

משה איז געווען פאַראינטערעסירט אין אַרונטעררייסן די עגיפּטישע געטער. דורך אַ ריי סימנים האָט ער געוווּסט, אַז דער רויטלעכער קאָליר פון וואַסער איז דער ערשטער סיגנאַל פון אומגליק, וואָס דערנעענטערט זיך. ער האָט מתרה געווען פּרעהן, אז דער גאָט פון ישראל גייט שטראָפן דאָס לאַנד... דערנאָך איז געקומען די צווייטע מכה — „צפרדע". זי איז אַ רע־זולטאָט פון די פארסמטע רויטע וואַסערן. די זשאַבעס, וואָס זענען געווען פאַררעכנט ווי א סימבאָל פון פּרוכטבאַרקייט אין אלט־מצרים, ווען דער זשאַבע־קאָפּ איז געווען אַ געטין מיטן נאָמען „חקת", — זענען פּלוצלינג געוואָרן אַ קללה און אין די מיליאָנען פאַרפלייצט די פעלדער, די הייזער, די כלים. זיי האָבן דאָס לעבן פאַרמיאוסט. און אַלס ווייטערער רעזולטאַט פון נילוס־רויטקייט זענען געקומען די „כינים". זיי ווערן פאַרצייכנט אין דער עגיפּטישער געשיכטע אלס „מאָסקיטן" — און נישט אַלס לייז. אָט די אַלע דריי ערשטע מכות זענען אַ פּאָר מאָל אין דער עגיפּטישער געשיכטע געגאַנגען צוזאַמען — אָבער אין אַ פיל שוואַכערער פאָרם ווי עס ווערט באַשריבן אין דער תורה.

— הייסט דאָס, אז די „מכות" האָבן א רעאַלן היסטאָרישן גרונט און זענען נישט קיין אויסגעקלערטע מעשיות ווי עס ווילן האָבן פיל קריסטלעכע און אפילו יידישע ביבל־קריטיקער ?

— איך ווייסט גאָרנישט וויפל אמת — היסטאָריש־פאַרשריבענער אמת — עס ליגט אין דער גאַנצער געשיכטע פון שני־למלך יוסף און שפּעטער פון יציאת־מצרים. איך וועל דורכלאָזן די שטראָפן (מכות) דורכן „ברד" (האָגל), „שחין" (קרעץ), „ארבה" (היישעריק). די דאָזיקע קאַטאַס־טראָפעס זענען א נאַטור־דערשיינונג, וועלכע האָבן זיך איבערגעחזרט אין

אַ שטאַרקער און שוואַכערער מאָס אין לאַנד פון נילוס. איך ווייס נישט צופיל פון דער מכה „חושך״ (פינצטערניש)...

— אָבער ד״ר זכאי, רייס איך איבער, צופעליק האָב איך געלייענט אַ דערקלערונג וועגן דער מכה „חושך״ ביים באַרימטן אָריענטאַליסט עד־וואַרד מאַהלער. ער ברענגט גענויע אויסרעכענונגען פון אַסטראָנאָמען, וועלכע ווייזן אפילו אָן די דאַטע פון די דריי טעג, ווען די פינצטערקייט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף מצרים (דעם 13־טן—15־טן מערץ, 1335, פאַר אונדזער צייט־רעכענונג, דאָס הייסט, מיט 3292 יאָר צוריק — ה. ש.). ער דערציילט אויך אויפן גרונד פון אַלטע קוואַלן, פאַרוואָס די פינצטערקייט האָט פאַרדעקט נאָר די ערטער ווו די מצרים האָבן געוווינט און ביי די יידן, ווי די תורה דערציילט, איז געווען „ליכטיק אין זייערע וווינונגען״. די יידן האָבן געלעבט אין ראַיאָן פון גושן, וואָס איז אין אונטערשטן טייל פון מצרים (היינט איז דאָס אַרום איסמאַילאַ, דער צענטער פון סועץ־קאַ־נאַל, די אַזוי גערופענע דעלטאַ פון נילוס — ה. ש.). לויט די אַסטראָנאָמי־שע אויסרעכענונגען איז יענע פולשטענדיקע „ליקוי־חמה״ (זון־פאַרשווינ־דונג), פאָרגעקומען נאָר אין אויבערשטן טייל פון מצרים. אין גושן, אָבער, האָט די לבנה איבערגעלאָזן אַ רינג פון דער שיינענדיקער זון. איז דערי־בער אין יענער יידישער געגנט געווען ליכטיק. אַלזאָ, ד״ר זכאי, אויך די מכה, הייסט עס, שטימט מיט דער דערציילונג פון דער תורה.

— בין איך טאַקע זייער צופרידן, זאָגט ד״ר זכאי, און אַז איר וועט זיך נאָך באַקענען מיט אַן אויפשריפט אויף אַ שטיין פון די צייטן פון פרעה מערנעפּטאַק, וואָס איז געווען דער זון פון רעמסס דעם צווייטן, און אין וועמענס צייטן די יציאת־מצרים־געשעעניש איז פאָרגעקומען, וועט איר דאָרט געפינען אַ קורצע, פּילזאָגנדיקע, אין העיראָגליפן אויסגעקריצ־טע געשיכטע: — דאַן איז געשטאָרבן זיין עלטערער זון, דער טראָנ־פאָלגער. דאַן איז געווען אַ מגיפה אויף קינדער. אין לאַנד איז געוואָרן אַ מהומה און די מאַכט האָט אויפגעהערט צו רעאַגירן. עס האָבן זיך באַנוצט מיט דער מהומה פיל קנעכט פון די געגנטן, נאָענט צו סיני און אַנטלאָפן פון לאַנד...

—און וואָס נאָך איז געבליבן אין דער אַלטער עגיפּטישער געשיכטע פון דער עפּאָכע, וואָס האָט געדויערט אַרום 400 יאָר, ביז דער צייט פון יציאת־מצרים?

— עס וועט פאַר אייך מסתמא קיין נייעס נישט זיין, ווען איך וועל אייך זאָגן, אַז די אויפשריפט, וואָס איר האָט געזען אויף אַ שטיין אין עגיפּ־טישן מוזיי אין קאַיר, אין וועלכער עס ווערט דערציילט, אַז א קרעציקער שבט „הבירי״ (מיינענדיק — „עברי״) איז ארויסגעטריבן געוואָרן פון לאַנד (און דאָס יאָר שטימט מער אָדער ווייניקער מיט דער אָנגענומענער דאַטע פון גירוש מצרים). איז... די איינציקע וואָס די עגיפּטער האָבן פאַר־שריבן... אָבער נעמט די גראַניט־מצבה, אויף וועלכער דער פריער דער־מאָנטער פרעה מערנעפּטאַק האָט פאַרשריבן זיינע נצחונות, וועט איר דאָרטן לייענען פאָלגנדיקע באַרימערייען:

— „כנען געפינט זיך אין שאַנדע און צרות;

— אשקלון איז געוואָרן געפאַנגען;

— גזר איז פאַרכאַפּט;

— ישראל איז אָפּגעשוואַכט;

— און זיינע זאָמען זענען שוין מער נישטאָ״...

— איר זעט, לויט די מיצרישע „היסטאָריקער״ זענען שוין די „זאָמען פון ישראל״ פאַרניכטעט געוואָרן מיט בערך 3300 יאָר צוריק. און איצט גייען מיר דאָך ביידע — צוויי זין פון שבט לוי (אויך איך בין שטאָלץ ווי איר צו געהערן צום שבט פון משה און אהרן...) שפּאַצירן צווישן די פּיראַמידן און נילוס און דערציילן זיך די ניסים פון יציאת־מצרים. פרעה האָט אונדז דאַן „אָראָפּגעשריבן״ פון חשבון — אָבער מיר שטייען אים נאָך היינט ווי א דאָרן אין אויג. דאָס אַליין איז דער גרעסטער געשיכט־לעכער נס.

מיר וועלן זיך נאָך אומקערן צו די פעלשונגען, נישט נאָר פון די אַלטע פרעהס, נאָר אויך פון זייערע יורשים די נאַצערס... וואָס איז ווערט דער פאַראַד, וואָס מען האָט געמאַכט אין יאָר 1948 די „זיגערישע סאָל־דאַטן״, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון דער פעסטונג פאַלודזשא, ווו די ישראלים האָבן זיי געהאלטן ווי אין א פאַסטקע. דאָס האָט זיי נישט גע־שטערט צו מאַרשירן אין טריומף איבער די קאַירער גאַסן... און וואָס זע־נען ווערט די דאָזיקע נצחונדיקע פלאקאטן, איצט צעקלעפּט איבער אלע גאַסן וועגן „זיג״, וואָס נאַצערס „העלדישע״ חיילות האָבן אָפּגעהאַלטן אין מדבר סיני און אין סועץ? וואָלט מען איצט ווידער געהאַט היעראָגליפן אין שטיינער, וואָלטן דאָרט אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער געפונען

אַן אויפשריפט וועגן ווונדערבאַרע נצחונות, וועלכע נאַצערס חיילות האָבן אָפּגעהאַלטן איבער דעם „קרעציקן און פּחדנותדיקן" שבט ישראל...

אַ נס, וואָס עס ווערן איצט אַזעלכע געשעענישן פאַרשריבן דורך פיל אנדערע אופנים, און דער אמת וועט דאָך דערגיין צו די קומענדיקע דורות.

# אין שאָטן פון די פּיראַמידן אין נאַצערס הויפּטשטאָט

עס איז אין אַ פרימאָרגן, ווען איך און דער יידישער עגיפּטאָלאָג ד"ר זכאי זענען אַרויס אויף אַ שפּאַציר איבער די זאַמדן פון דער מדבר נעבן קאַיר, נאַצערס הויפּטשטאָט. מיר האָבן זיך געפונען צווישן די פּיראַמידן, מיט וועלכע די אַמאָליקע פּרעהס האָבן זיך געגרויסט און די היינטיקע נאַ־צערס נעמען זיך איבער — די פּיראַמידן, וואָס ביי זייער אויפשטעלן האָבן זיך די מצרים באַנוצט מיט יידישער שקלאַפן־אַרבעט.

אונדזער געשפרעך האָט זיך נאָך אַלץ געצויגן וועגן דעם אינצי־דענט פון משהן מיט דעם מצרי. ד"ר זכאי איז שטאַרק אויפגעבראַכט אויף געוויסע קריסטלעכע און יידישע געלערנטע, וואָס פּרוּוון אַרונטעררייסן די יסודות פון אונדזער געשיכטע, ווי זי ווערט דערציילט אין דער תורה און זיי גייט אין לעבן צו דערווייזן, אַז אפילו משה רבינו האָט נישט עקזיסטירט, אַז די גאַנצע געשיכטע מיטן געפינען דאָס יינגעלע אין טייך, מיט זיין אַנטלויפן קיין מדין, מיט זיין אַרויספירן די יידן פון מצרים און שפּעטער מיט געבן די עשרות הדברות צום פאָלק, וואָס איז אויסגעוויילט געוואָרן צו זיין דער טרעגער פון דער אידעע פון איינציקן גאָט אין דער וועלט — אַז די גאַנצע געשיכטע איז גאָר געשריבן געוואָרן מיט הונדער־טער יאָרן שפּעטער אין דער צייט פון די מלכים און איז באַזירט נאָר אויף טרוימערישע לעגענדעס.

ד"ר זכאי שפּריצט מיט וויסן ווי פון אַ קוואַל. עס איז גאָר שווער אַלץ צו געדענקען. גיט ער מיר אָן די ביכער, וועלכע איך דאַרף לייענען, כדי אַלץ זאָל פאַר מיר קלאָר ווערן. זיין באַליבטער געלערנטער, וואָס

האָט צוממערסטן בייגעטראָגן צו צעקלאַפּן די טענות פון די לייקענער אין די יסודות פון יידישקייט, איז דער פארשטאָרבענער פּראָפעסאָר אברהם יהודה, וועמענס ווערק אין עגיפּטאָלאָגיע ער קען אויספירלעך. יהודה פלעגט באַזוכן דאָס הויז פון ד״ר זכאיס פאָטער, דעם רב פון אַלעקסאַנדריע, ווען ער פלעגט קומען אויף אויספאָרשונגען אַלס פּראָפעסאָר פון מאַדרידער אוניווערסיטעט.

„יידן זענען אין מצרים נישט געווען...״ און פון וואַנען נעמען זיך אין דער תורה אין איין פסוק, ווו עס ווערט דערציילט ווי אַזוי מען האָט געפונען די „תיבה״ מיט משהן אַזש פיר ריין עגיפּטישע ווערטער: „תיבה, גומא, סוף און יאור״? וואָלט מען די תורה געשריבן שפּעטער, וואָלטן דאָך די ווערטער געווען אנדערע. אָדער נעמט דעם פּאַפּירוס, וואָס געפינט זיך אין מוזיי אין דער האָלענדישער שטאָט לייד, אין וועלכן אַן אויפזעער איבער אַ שקלאַפן־לאַגער מיטן נאָמען קאַניסאר, ראַפּאָרטירט צו זיין עלטסטן מיטן נאָמען בעקענטפּאַח (אין די צייטן פון פרעה רעמסס דעם צווייטן): „איך האָב געגעבן תבואה צו אונדזערע וועכטער (שוטרים) ווי אויך צו די העברעער, וואָס האַקן די שטיינער אין אַ פעסטונג אונטער דער קאָמאַנדע פון קאַפּיטאַן אמענעמאן״...

האָבן שוין יידן געבויט די שטאָט רעמסס, ווי די תורה דערציילט און ווי דער דאָזיקער דאָקומענט פון יענער צייט באַשטעטיקט. אָדער נעמט די העברעישע אותיות, וועט איר זען, ווי זיי זענען אַ קלוגע און קולטורעלע אַנטוויקלונג פון די אַזוי גערופענע היעראָגליפן: ב. (בית) איז אין די היעראָגליפן אויסגעמאָלט ווי אַ הויז. ד. (דלד) איז אויסגעמאָלט ווי אַ טיר. מ. (מם) — ווי וואַסער. ע. (עין) איז געמאָלן אין עגיפּטיש ווי אַן אויג. ר. (ראש) איז געמאָלן אין היעראָגליף ווי אַ קאָפּ. דאָס אַלץ — מיין פריינד — זענען אויטענטישע מעטריקעס, וועלכע מיר האָבן מיטגענומען און אנטוויקלט פון מצרים.

און ווי לעכערלעך עס קלינגען די „אַנטדעקונגען״ פון עגיפּטאָלאָג בריסטיד, אַז די אידעע פון ד׳ אחד — פון איינציקייט פון גאָט — האָבן די יידן איבערגענומען פון פרעה אהנאתון, וועלכער האָט בעת זיין הערשאַפט צעשמעטערט אַלע פריערדיקע עגיפּטישע געטער און איינגעשטעלט דעם גלויבן אין איין „גאָט״ פון דער זון — „אתון״. אָבער פרעה אהנאתון, איז דאָך געווען דאָס אייניקל פון פרעה אמונחתף, בעת וועלכן עס איז פאָר־

געקומען די יציאת מצרים אָנגעפירט פון משהן, איז פאַרוואָס זאָל מען נישט אָננעמען, אַז דער דאָזיקער פּרעה איז באַאיינפלוסט געוואָרן פון דער אידעע צו גלייבן אין איינציקן גאָט, אין וועלכן די עברים, וואָס האָבן פאַרלאָזט מצרים מיט פופציק יאָר צוריק, האָבן געגלייבט?

האָבן דאָך יידן געלעבט אין מצרים הונדערטער יאָרן און דעם גלויבן אין אחדות הבורא געבראַכט מיט זיך פון כנען, פון די צייטן פון אברהם אבינו, און נישט דער גאַנצער ערב־רב, וואָס האָט מיט און אַרום די יידן געלעבט, האָט דאָך פאַרלאָזט מצרים. נו, זענען די ווירקונגען געבליבן און אויף אַ קורצער צייט אויך אַריינגעדרונגען צו איינעם פון די פּרעהס. אָדער נעמט צום ביישפּיל, די באַמיונגען פון געוויסע געלערנטע צו דערווייזן, אַז די עשרת הדברות זענען איבערגעשריבן געוואָרן פון מצרישן „בוך פון די טויטע", ווו עס איז פאַראַן די זייט פון „ווידוי", ווען איינער איז זיך מודה פאַר זיין טויט, אז ער האָט נישט געגנבעט, נישט דערמאָרדעט, נישט געלעבט מיט אַן אשת איש, נישט צוגענומען יענעמס פאַרמעגן... אָבער דאָס זענען געזעצן, וואָס אפילו אויף די באַרימטע טאַבעלן פון מלך האַמוראַבי (אמרפל) פון בבל זענען זיי מיט טויזנטער יאָרן פריער אויסגעקריצט געוואָרן, איידער די פּאַפּירוסן פון „בוך פון די טויטע" זענען געשריבן געוואָרן. אָבער נישטאָ ביי האַמוראבי, נישט אין עגיפּטישן „ווידוי" די פּייערלעכע דערקלערונג, אַז אנכי, איך בין דיין גאָט... אַז קיין שום אנדערן גאָט זאָלסטו נישט מאכן... נישטאָ אויך אין ערגעץ די וווּנדערלעכע אינסטיטוציע פון „שבת". פון אַ רו־טאָג פאַר די בעלי־בתים, פאַר די קנעכט, פאַר די בהמות אפילו. אין ערגעץ פון זייערע קוואַלן איז נישטאָ קיין רוף צו ליבע צום נאָענטן, א רוף צו רחמנות...

ספּעציעל ערגערט מיך דאָס ווערק וועגן משהן, וואָס איז געשריבן געוואָרן דורכן גרויסן פּסיכאָאנאַליטיקער זיגמונט פרויד. דאָ קאָן מען זען, וואָס עס ווערט פון א געלערנטן, ווען ער נעמט זיך צו קעגנשטאַנדן, וואָס זענען נישט פון זיין פאַך... לויט פרוידן איז דער אמתער משה, וואָס האָט אַרויסגעפירט די יידן פון עגיפּטן, געווען א ריינער מצרי. די יידן אַליין האָבן אים געהרגעט אין דער מדבר (ער פאַררופט זיך אויפן פּראָפ. עד. סעדלין, וועלכער האָט אַלס „ראיה" געבראַכט דעם פּסוק ה. אין קאַ־פּיטל ב. פון הושע) און נאָכדעם ווי די יידן האָבן יענעם משהן געהרגעט, האָבן זיי אויסדערוויילט אַ ייד מיטן נאָמען משה אויף זיין פּלאַץ. עס

קלינגט פשוט ווי דער אַלטער פּאָלקס־וויץ וועגן אפיקורס, וואָס האָט געשריגן, אַז די גאנצע מעשה מיט משהן פון חומש איז אַ ליגן: די אַלע ניסים ונפלאות, וואָס ווערן אים צוגעשריבן, זענען דורכגעפירט געוואָרן דורך אַן אַנדערן יידן מיטן נאָמען משה... און דאָס איז כמעט בוכשטעבלעך, וואָס ווערט געבראכט אין פרוידס בוך...

פּראָפ. יהודה דערציילט, אַז ער האָט אמאָל אין לאָנדאָן אָנגעכאַפּט „ביי די לאַצן" דעם אַלטן פרויד און אים מיטגעטיילט, אַז פּראָפּ. סעדלין, אויף וועלכן ער שטיצט זיין גאַנצע טעאָריע וועגן „משהס מאָרד דורך יידן", האָט אַליין אָפּגעלייקנט זיין אייגענעם אויסטייטש פון געבראַכטן פסוק אין נביא הושע און האָט חרטה אויף דער גאַנצער מעשה. אויף דעם האָט דער עקשן פרויד געענטפערט: „דאָס קענטע טראָץ דעם וואָר זיין"... פארוואָס? ווייל די דאָזיקע געשיכטע פּאַסט זיך אריין אין די ראַמען פון פסיכאָאַנאַליז, וואָס ער פרויד, האָט געמאַכט איבער משהס כאראקטער און וואָס האָט אַרויסגעוויזן, אַז משה איז פאַרט קיין ייד נישט געווען, נאָר דער „אנדערער" משה איז דאָס יאָ געווען...

און איך זאָג אייך — פאַרענדיקט ד״ר זכאי זיין אינטערעסאַנטן שמועס — אַז יעדעס וואָרט אין דער תורה, אַז יעדע געשיכטע דאָרטן שטימט מיט דער צייט און מיט דער ווירקלעכקייט. נישט נאָר איך אַליין, נאָר אנדערע עגיפּטאָלאָגן, וואָס האָבן שטודירט וואָרט ביי וואָרט, פסוק ביי פסוק און פרשה ביי פרשה, די געשיכטע פון אָנקומען פון יוספן קיין מצרים, ביז דעם פּאַטאָס פון יציאת מצרים, אַז מיר אַלע האָבן געפונען עטימאָלאָגיש, סינטאַקסיסטיש און לויט דער גאַנצער שפּראַך און רעדנסאַרט די באַשרייבונגען, ווי זיי וואָלטן באַנוצט געוואָרן נאָר אין דעמאָלטיקן עגיפּטן און באַשריבן געוואָרן נאָר דורך א פּערזאָן, וואָס האָט גערעדט און געטראַכט אין יענער שפּראַך. אַלע בילבולים, אַז דאָס איז געשריבן געוואָרן שפּעטער, אָדער בעת די מלכים, אָדער גאָר נאָך גלות־בבל, האַלטן נישט אויס די מינדעסטע שפּראַך־פּראָבעס. נישטאָ דאָרט קיין ווירקונג פון יענער סביבה, אין וועלכער יידן האָבן געלעבט שפּעטער. דאָס איז ריין מצריש, ריינער אמת. משה אמת ותורתו אמת איז אַ פעסטשטעלונג, אין וועלכער איך בין איבערצייגט געוואָרן לויט היסטאָרישע און וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן.

מיר דערנענטערן זיך צום מאָנומענטאַלן ספינקס, וואָס שטייט ביי

דער זייט פון דער פּיראַמידע, װעלכע עס האָט געבויט דער פּרעה כעפרען, מער װי טויזנט יאָר פאר יציאת מצרים. דער שטיינערנער לייב איז אויך געבויט געװאָרן פון די איבערגעבליבענע שטיינער נאָכן אויפבויען דעם פּיראַמיד. די פיגור איז פון אַ לייב, אָבער דאָס געזיכט איז פון פּרעה כעפרען און דער גרויסער קינסטלער, װאָס האָט די שטיינער געהאַקט, האָט אויסגעקריצט אויפן פּנים יענעם שמייכל, װעלכער בלייבט אַ רעטעניש און מען װייסט נישט װאָס ער מיינט. דאָס איז דער אייביקער שמייכל פון ספינקס און צו אים װענדן מיר אונדזערע אויגן, אַזוי װי מיר װאָלטן געזוכט אַ תשובה אויף אונדזערע פּראָבלעמען און אויף אונדזערע ספיקות.

— — — אָבער פּרעה שמייכלט מיטן שמייכל פון אַ ספינקס...

# יידישער שונא-ציון װערט אַטאַקירט אין דער עגיפּטישער פּרעסע

די רעדאַקציע פון דער גרויסער עגיפּטישער צייטונג „אכבאר־על־יאם” געפינט זיך אין סאַמע צענטער פון קאַיר. איך האָב באַשטעלט דורכן טעלעפאָן זיך צו באַגעגענען מיטן הויפּט־רעדאַקטאָר מוסטאפּא אמין, װעלכער האָט װעגן מיין אָנקומען קיין מצרים באַקומען אַ בריװ פון אַ מיטגליד פון דער עגיפּטישער אונ״אָ־דעלעגאַציע אין ניו־יאָרק.

מוסטאַפאַ אַמין געהערט צו איינער פון די אַריסטאָקראַטישע פאַמיליעס אין עגיפּטן. כאָטש ער איז נאָך פאַרהעלטנישמעסיק אַ יונגערמאַן — אַרום 40 יאָר אַלט — האָט ער שוין באַװיזן צו באַקומען דעם טיטל „פּאַשאַ” בעת די לעצטע יאָרן פון קעניג פאַרוקס רעזשים און איז אויך געװען אַ פירנדיקער פּאָליטיקער אין זיין פּאַרלאַמענט.

קוירנעל נאַצער, אָבער, האָט באַװיזן אַריבערצוציען אויף זיין זייט אַ צאָל איינפלוסרייכע מענטשן פון אלטן רעזשים און איצט איז די צייטונג „אכבאר־על־יאם”, צוזאַמען מיטן רעדאַקטאָר, איינגעשפּאַנט אין רייטװאָגן פון נאַצעריזם. קיין אָפיציעלע אָפּאָזיציע איז דאָך איבערהויפּט נישט מעגלעך אונטער דער דיקטאַטור און דעריבער איז דער אויסװאל אַ גאַנץ פּשוטער: אָדער מען גייט מיטן רעזשים, אָדער מען גייט אין תפיסה. די

רעדאַקציע געפינט זיך אין אן אכט־שטאָקיקער מאָדערנער געביידע און דאָרטן, אין א לוקסוס־קאַבינעט, וואַרט אויף מיר אַ פריינדלעכער ברונעט, דער רעדאַקטאָר מוסטאַפא אמין.

מוסטאַפאַ אמין ווייסט, פאַרשטייט זיך, אז איך פאַרטרעט אן אמע־ריקאַנער יידישע צייטונג. ער האַלט, אז אמעריקע האָט גראַטעוועט עגיפּטן פון דער ענגליש־פראַנצויזיש־יידישער געפאַר — מער אַמעריקע ווי סאָ־וויעט־רוסלאַנד... מוסטאַפא אמין וויל מיר פשוט נישט גלייבן, אז עגיפּטי־שע יידן פילן זיך באַדראָט; אז מען באַרויבט זייערע פאַרמעגנס; אז זיי וועלן, ווייזט אויס, אלע מוזן פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

— ניין, ניין, אוממעגלעך! מיינע בעסטע פריינד זענען דאָך יידן... איר מיינט מסתמא אויסלענדער; אויך פאַר זיי וועלן מוזן קומען בעסערע צייטן, ווען עס וועט זיך אַ ביסל באַרויקן. מיר זענען נישט קיין באַרבאַרן... מען האָט אייך אריינגעפירט אין א טעות, נישט געגעבן די ריכטיקע אינ־פאָרמאַציעס...

אַזאַ שמועס אין די געגעבענע באַדינגונגען האָט נישט קיין גרויסע באַדייטונג, און איך וואָלט אים אפשר איגנאָרירט נישט דערמאָנט, ווען נישט א פיקאַנטער פאַקט, וואָס גראָד די דאָזיקע צייטונג — ווי איך זיץ איצט — האָט שאַרף און אומברחמנותדיק אָנגעגריפן דעם „עוכר ישראל״ (אזוי איז דער טיטל, מיט וועלכן די עגיפּטישע יידן האָבן אים באַקרוינט) דעם אמע־ריקאַנער אורח אַלפרעד ליליענטאַל.

דאַרף איך דעם דאָזיקן אורח פאָרשטעלן פאַר די לייענער?

דאָס איז ער, דער ראַטגעבער פון אמעריקאַנער פראָ־אַראַבישן קאָ־מיטעט, דער נאָענטער מיטאַרבעטער פון דער אמאָליקער פעט־באַצאָלטער פראָ־ציוניסטישער מגידיכע דאָראָטי טאָמפּסאָן, וואָס האָט איבערגעקערט דעם פעלץ און איצט געוואָרן אַ ביטערע אַנטיסעמיטקע. דאָס איז ער, וועמען אַלע אראבישע מלכים נעמען אויף אין זייערע פּאַלאַצן און פאַר וועמען ישראל פאַרשפּאַרט איר טיר, ווי פאַר א פעסט; דאָס איז דער מחבר פון אַ פּאָר ישראל־פּרעסערישע ביכער („די יידישע פאָן איז נישט מיינע״, „וואָס פאַר א פּרייז צאָלן מיר פאַר ישראל״).

די גמרא זאָגט: „כלבים בוכים מלאך המוות בא לעיר״, ווען הינט וויינען, איז א סימן, אז דער מלאך־המוות איז געקומען אין שטאָט, איז א סימן, אַז ליליענטאַל איז אין שטאָט.

מיט צוויי יאָר צוריק (אויך דאַן האָבן „הינט געוויינט"), איז געקומען נאַצערס אַן אדיוטאַנט צום הויפּט־רב רב חיים נחום און מיטגעטיילט, אַז ליליענטאַל איז אין קאַיר און פאַרלאַנגט, אַז די קהילה זאָל איינאָרדענען אַן אויפנאַמע פאַר אים מיט דער עגיפּטישער פּרעסע צוזאַמען. עס איז קיין ברירה נישט געווען און אַזאַ אויפנאַמע איז פאָרגעקומען. מען האָט געהערט ליליענטאַלן שפּייען גאַל אויף ישראל און אויף אַמעריקאַנער ציוניסטן. די יידן זענען געזעסן אין געהאַקטע ווונדן און גאָרנישט געענטפערט. דעמאָלט האָבן זיי דעם אורח באַשאָנקען מיטן פּיל־זאָגנדיקן טיטל „עוכר ישראל" (פאַררעטער פון יידן).

און אויך איצט, טאַקע גלייך נאָך דער סיני־אַקציע, ווען די ווונדן זענען נאָך געווען פריש, ווען צייטווייליקע תפיסות און מיליטערישע באַראַקן זענען פול געווען מיט אַרעסטירטע יידן, ווען דער פּראָצעס פון פאַרמעגן־קאָנפיסקאַציע און דעפּאָרטאַציעס איז אָנגעגאַנגען צומשאַרפסטן און אומ־ברחמנותדיק, האָט זיך באַוויזן אין קאַיר דער זעלבער אַלפרעד ליליענטאַל, געקומען דאָ, כדי צו העלפן נאַצערן זיך אַרויספּלאָנטערן פון דער לאַגע לגבי אַמעריקע.

דאָס מאָל איז ער אפילו אין דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע אויך קאַלט אויפגענומען געוואָרן. אויב מיט צוויי יאָר צוריק האָט דאָס אויסגעזען, ווי דער דעמאָלטיקער אַמבאַסאַדאָר הענריביירור וואָלט געווען אַ שותף צו נאַצערס „יידישן" געהויבענעם גאַסט, האָט מען דאָס מאָל, ווייזט אויס, מער לויט אַ ווונק פון וואַשינגטאָן ווי לויט אינערלעכער איבערצייגונג פון איצ־טיקן דיפּלאָמאַטישן פאַרטרעטער, זיך מיט אים נישט געוואָלט פאַרנעמען.

— מיר ווייסן נישט, וואָס ער זוכט דאָ, — האָט מיר געזאָגט אַ פאַר־אַנטוואָרטלעכער פּערסאָנאַל־מיטגליד און צוגעגעבן: — ליליענטאַל איז אַ מענטש, וואָס לעבט נאָר פון אויסערלעכע עפעקטן. אונדז זאָגט ער, אַז ער אַרבעט פאַר די אַמעריקאַנער אינטערעסן; די אַראַבער זאָגט ער, אַז ער דינט זיי; איך אָבער מיין, אַז ער דינט נאָר איין איינציקן אינטערעס, און דאָס איז: ליליענטאַל...

זיץ איך איצט מיט אַ פירנדיקן אַראַבישן זשורנאַליסט, אין וועמענס צייטונג עס איז געווען מיט עטלעכע טעג צוריק דער אָנפאַל אויף ליליענ־טאַלן. איך ווייס, אַז דער פּרעזידענט נאַצער אַליין און ספּעציעל זיין פּראָפּאַ־גאַנדע־שעף קוירנעל האַטעם האָבן זיך געצאַצקעט מיט זייער „יידישן"

גאַסט, און דאָך האָט די גרעסטע עגיפּטישע צייטונג אים אַטאַקירט. ווי אַזוי קאָן דאָס פּאָרקומען אין א לאַנד, ווו די פּרעסע איז שטרענג צענזורירט?

ווייל איך זיך נישט נאַריש מאַכן און פרעגן מיין מיטשפּרעכער, דעם רעדאַקטאָר, אזא נאַיווע פראַגע, ווייל די תשובה האָט מיר שוין געגעבן אַמאָל דער „דראַגאמאַן" פון סירישן שייך:

— דער פאַקט, וואָס מיר נעמען אויף מיט אָפענע אָרעמס אַ גאַסט בייטאָג, שליסט נאָך נישט אויס די מעגלעכקייט, אז מיר שטעכן אים מיט א מעסער ביינאַכט...

פונדעסטוועגן בעט איך מיין רעדאקטאָר, ער זאָל זיך מיט מיר טיילן מיט זיינע איינדרוקן וועגן ליליענטאַלן; איינדרוקן, וואָס זענען געווען גע־דרוקט אין אראביש און איך האָב זיי דעריבער נישט געקאָנט פאַרשטיין. אָנשטאָט א תשובה, נעמט מוסטאַפאַ אמין אַרויס א פראנצויזישע איבער־זעצונג פון דערמאָנטן אַרטיקל און גיט דאָס מיר איבער מיט אַ שמייכל, זאָגנדיק: — אדרבא, דערציילט טאַקע אייערע לייענער, וואָס מיר טראַכטן וועגן א ייד, וועמענס „ליבעס־דערקלערונגען" מיר געטרויען נישט...

און אָט זענען אויסצוגן פון יענער באַגעגעניש, ווי זי איז באַשריבן אין אראביש אין „אכבאר־על־יאם":

„אויב איר גייט אַריין אין האָטעל סעמעראמיס און דערזעט דאָרטן א קורצפיסיקן נפש מיט אַ הארבאַטער נאָז, גרינע לויפנדיקע אויגן און געלבלעך געזיכט; אויב דאָס מענטשל באַגריסט אייך, כאָטש איר קענט אים נישט; אויב ער דערציילט אייך וועגן יידן נישט געפרעגטערהייט; אויב ער שרייט אויס, אז ער דינט די אראבישע אידעען אָן קאָמפּענסירונג, — איז דאָס אלפרעד ליליענטאַל.

„פרעג איך אים: — וואָס טוט איר איצט אין עגיפּטן? ענטפערט ער: איך בין געקומען זען, צי מען פאַרפאָלגט יידן אין אייער לאַנד. איך האָב אָבער פעסטגעשטעלט, אז יידן לעבן דאָ רויק און זיכער... איך בין אויך געקומען אייך זאָגן, אז די פאָן פון ציוניזם איז נישט די פאָן פון אַמע־ריקאַנער יידן; מיר זענען יודאַיסטן, אָנהענגער פון דער יידישער רעליגיע, און נישט קיין ציוניסטן, אָנהענגער פון ישראל. זעט נאָר אין וואָס פאַר אַ געפאַר ציוניזם שטעלט אלע יידן פון דער וועלט: טאָמער פאָדערט די פּאָליטישע קאָניוקטור, אז ישראל זאָל זיך פאַראייניקן מיט די סאָוויעטן, שטעלט דאָס אין געפאַר די יידן פון אַמעריקע; טאָמער אַטאַקירט ישראל

אראבישע לענדער, מאכט דאָס אוממעגלעך, אז יידן זאָלן לעבן צווישן אראבער...

„זאָגט מיר, וואָס רעדט מען דאָ וועגן מיר?״ פרעגט ער פלוצלינג.

איך ענטפער אָן סענטימענטן: מען גלייבט אייך נישט! מען האַלט אייך פאַרן זעלבן אמעריקאַנער ייד ווי אלע אנדערע, און אַלע זענען זיי שטאַרקערע אָדער שוואכערע ציוניסטן...

ליליענטאַל איז אנטשוויגן געוואָרן. זיינע אויגן זענען געוואָרן דרויט, זיין געזיכט — נאָך געלער און פול מיט כעס:

— נו, אויב אַזוי, זענען אלע מיינע באַמיונגען פאר די אראבער אַרויסגעוואָרפן, מען געטרויט מיר נישט? מיר, אויף וועמען יידן אין אמעריקע האָבן דערקלערט אַ באָיקאָט?...

— יאָ, אייך! ווייל אין אייער בוך רעדט איר נאָר וועגן אַמעריקאַנער יידן, וועגן זייער טובה, וועגן דעם, אַז זיי לאָזן זיך פארפירן פון טרומענען און די ציוניסטן; אָבער איר רעדט נישט וועגן די ליידן פון די אראבער; איר רופט נישט, אז אמעריקע זאָל זיי קומען צו הילף...

— איך גלייב נישט, אַז וועלכער נישט איז אַמעריקאנער האָט בעסער געדינט די אראבישע אינטערעסן ווי איך... און איצט דאַרף איך הערן אזעלכע ווערטער...

— מעגלעך! אָבער אויף מיר מאכט איר אָן איינדרוק פון א מענטש, וואָס ווייסט ווי אויסצונוצן געלעגנהייטן און פון זיי צו געניסן. איר שטייט אין מיטן פון „קיינעמס לאנד״, צווישן אראבער און ציוניסטן. איר פאר־קויפט אייער פען פאַר גרויס געלט דאָרט, ווו מען צאָלט דערפאַר... די אראבער שיסן נישט אויף אייך, ווייל איר זענט א זייעריקער און נאָך אַן אמעריקאנער דערצו... איר קומט אריין אין אלע אַראַבישע לענדער אָן א וויזע, און אז איר ווילט פאָרן קיין ישראל מוזט איר בעטן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש... זאָגט מיר, איז דאָס נאָרמאַל? ...

— מיין גאָט! איך ווייס שוין נישט וואָס צו טאָן פאַר די אראבער. ווי אזוי יוצא זיין פאר זיי? איך בין פאַראיינזאמט; קיינער גלייבט מיר נישט, נישט קיין מענער, נישט קיין פרויען...

— אפילו נישט אייער אייגענע פרוי?

— איך בין נאָך א בחור...

— אָבער אַז איר וואָלט חתונה געהאַט, צי וואָלט איר גענומען אַ יידישע, א מוסולמענישע, אָדער א קריסטין?

— קיין שום יידישע טאָכטער וועט נישט וועלן מיט מיר חתונה האָבן... מען האַלט נישט פון מיר צווישן יידן, ווייל איך בין אינגאַנצן פאַר די אראבישע אינטערעסן. און כדי איך זאָל חתונה האָבן מיט א מוסול־מענישער אָדער קריסטין דאַרף איך דאָך בייטן מיין רעליגיע, דאַן הערט אויף מיין קראפט ווי א יידישער פראָ־אראבער...

— אַהאַ... דעמאָלט הערן דאָך אויף די ביזנעס צו טראָגן רווחים.

ער באַליידיקט זיך און מיר געזעגענען זיך קאַלט.

״ווידעראַמאָל זע איך ווי די אויגן זיינע לויפן. ער רעדט צו אייך און איר פילט, אז ער איז נישט מיט אייך. פאקטיש איז ער מיט קיינעם נישט, נישט מיט די אַראַבער, נישט מיט די יידן, נישט מיט די אמעריקאַנער: ער איז מיט זיך אליין און נאָר מיט זיך...״

אונטער דעם דאָזיקן סענסאַציאָנעלן ארטיקל איז אונטערגעשריבן דער מחבר אניס מאנסור.

איך קאָן זיך נישט באהערשן צו בעטן מיין מיטשמועסער, דעם רע־דאַקטאָר, ער זאָל דריקן די האַנט פון יענעם מיטאַרבעטער, וואָס האָט דעם אינטערוויו מיט ליליענטאַלן געמאַכט: מען דאַרף האָבן דרייסטקייט און וויזיע אַזוי דורך־און־דורך צו זען און פאַרשטיין דעם דאָזיקן מאָדנעם פאַרשוין, וואָס דערוועקט נישט קיין צוטרוי אין קיינעמס לאַגער.

מוסטאַפאַ אַמין שמייכלט אַ ביסל כיטרע:

— איר האָט שוין איצט געדריקט די האנט פון מחבר...

פאַרשטיי איך, אז ער אַליין איז דאָס דער שרייבער, וואָס האָט אויף אזא געוואַגטן אופן אויסגעפאַטשט עפנטלעך דעם ערן־גאַסט פון פרעזידענט נאַצער.

פאַרוואָס? זאָל דאָס זיין געמאַכט אויף א געהיימען באפעל פון גאסטגעבער אליין? עס קאָן זיין...

*

פאראן נאָך אַ ייד אין עגיפּטן, א רייכער אַדוואָקאַט פון אלעק־סאנדריע — זאקי ארעבי — וועלכער שטייט איצט איינער אַליין קעגן גאַנצן יידישן קהל און זידלט און באַרעכטיקט די צרות, וואָס שיטן זיך

אויף זיי: „זאָלן זיי אַלע ארויס! די, וואָס האָבן פראַנצויזישע, עסטרייכישע, איטאַליענישע אָדער שפּאַנישע פּעסער. דאָס זענען פרעמדע! זאָלן אויך אַרויס די אלע, וואָס האָבן נישט קיין עגיפּטישע בירגערשאַפט, די שטאָט־לאָזע יידן, וועלכע האָבן זיך נישט איינגעוואָרצלט אין לאנד, כאָטש זייערע אָבות לעבן דאָ זינט לאנגע דורות...״

אַזוי דרשנט און שרייבט דער דאָזיקער לאָקאַלער עוכר ישראל, פאַר וועלכן אַלע האָבן מורא, ווייל אויך ער איז אַ פּערזענלעכער פריינד פון נאַצערן.

אַן אָנפירער פון עגיפּטישן יידנטום האָט געפּרוּווט ווירקן אויף דעם דאָזיקן אַדוואָקאט און איפּוויזן אים ווי ווייט זיינע ווערטער זענען שעדלעך אין דער איצטיקער צייט. ער האָט אים דערמאָנט, אַז אלס אדוואָקאָט ווייסט ער דאָך, אז פיל טויזנטער יידן, די אַזוי־גערופענע שטאָטלאָזע, האָט מען פּשוט נישט געגעבן די לעגאַלע מעגלעכקייט צו ווערן עגיפּטישע בירגער, אז נישט מער ווי צען פּראָצענט פון די יידן באַזיצן עגיפּטישע פּעסער, און דעריבער רופט ער דאָך אַליין צו פאַרניכטן און רויּנירן די איבעריקע ניינציק פּראָצענט.

אָבער זאקי ארעבי לאָזט זיך נישט איבערצייגן. דאָס האָט ער צו־זאַמען מיט אַלפרעד ליליענטאַלן אָנגעפירט מיט דער פּרעסע־קאָנפערענץ, ווו ביידע „יידן״, דער אַמעריקאַנער און דער עגיפּטישער, האָבן דער־קלערט פאר דער עפנטלעכקייט, אז נאַצער און זיין משפּט זענען גערעכט.

ווי די געשיכטע חזרט זיך אָפּט איבער: ווען איך בין געווען אין עגיפּטן נאָכן ערשטן קריג מיט ישראל, אין יאָר 1950, און געווען אין דער פּריוואַטער וווינונג פון חכם־באַשאַ ר׳ חיים נחום, איז דאָרט אַריינ־געקומען עמעס אַ זעלבסטזיכערער, פרעכער פאַרשוין מיט אַ רויטן פעז אויפן קאָפּ. די אַרומיקע האָבן זיך אַזוי ווי פאַר עמעס דערשראָקן און דער סעקרעטאַר פון הויפּט־רב האָט מיר געראָטן זיך מיט דעם דאָזיקן מענטש נישט צו באַגעגענען און שנעל פאַרלאָזן די שטוב:

— דאָס איז דער סענאַטאָר רענע קאַטואלי, אַ פריינד פון קעניג פארוק, און כאָטש אַ ייד, איז ער אַ שונא ישראל. בעתן קריג האָט ער אפילו אָרגאניזירט מיט אייגענע מיטלען אַן אראבישע מיליטערישע אָפּ־טיילונג און פערזענלעך אָנגעפירט מיט איר. די אָפּטיילונג איז אַריינגע־פאַלן אין געפאנגענשאַפט, און ער, רענע קאַטואלי, האָט זיך קוים מיטן

לעבן געראַטעוועט. ער איז פאַרביטערט קעגן די אמעריקאנער יידן, עס איז בעסער זיך פאַר אים נישט צו באַווייזן...

ביז איך שנעל אַרויס פון רבס דירה. אָבער בעת מיין איצטיקן באַזוך האָב איך זיך דערוווּסט, אַז רענע קאַטואלי איז אַרויסגעיאָגט געוואָרן פון עגיפּטן צוזאַמען מיטן מלך פאַרוק און זיין קאָרומפּירטער קליקע.

עס האָט נישט געהאָלפן סיי זיין שנאת־ישראל, סיי זיין הויכע שטעלע. קיינער איז מיט קיין זאַך נישט זיכער אין די דאָזיקע לענדער, ווו מען לעבט מיטן האַזאַרד און מען שפּילט זייער אָפט „וואַ באַנק״.

ווען עס וועט קומען די ריי אויף גלות־נאַצער, וועט אים מסתמא אויך נאָכלויפן זאַקי ארעבי, אויב, פאַרשטייט זיך, דאָס פאָלק וועט זיי לאָזן לויפן לעבעדיקערהייט...

# נאַצערס פּלאַן אויסצוראָטן די יידן

דעם קבלת־שבת אין דער קאַירער הויפּט־שול (איזמאַילאַ) וועל איך לאַנג נישט פאַרגעסן.

די סינאַגאָגע איז פול געפּאַקט, אָבער עס הערשט נישט איצט יענע שבתדיקע אַטמאָספער, וואָס איך געדענק פון די פריערדיקע יאָרן. מען דערקלערט מיר: דער גרעסטער טייל טאַטעס, מאַמעס, קינדער זענען איצט געקומען זיך געזעגענען מיט זייער סינאַגאָגע און מיט מצרים בכלל. מאָנטיק גייט אָפּ א שיף פון אלעקסאַנדריע מיט מער ווי טויזנט יידן, זענען פיל פון זיי איצט דאָ צום לעצטן מאָל.

נאָכן אויפזינגען דעם „אדון עולם״ רופט אויס דער שמש, אַז די קינדער, וועלכע פאָרן אַוועק, זאָלן דורכדעפּילירן פארן אָרון־קודש. שטעלט זיך אויס א לאַנגע ריי פון קלענערע און גרעסערע יינגלעך און גייען אונטער א ברכה פון ר׳ חיים נחום עפענדי, וואָס זיצט אויף דער בימה.

יעדעס פון די קינדער רירט צו זיינע ליפּן צו די טירן פון אָרון און קושט שפּעטער דעם רבס האַנט. איך אָבסערוויר ווי עפּעס שעפּטשעט

יעדער פון זיי אַריין אינעווייניק, אזוי ווי אויסדריקנדיק אַ לעצטן ווונטש. דאָס מאָל לאָזט מען אויך די יונגע מיידלעך זיך אויסשטעלן אין אַ ריי, נאָכפאָלגנדיק די ייִנגלעך. אַלעמענס אויגן שיינען מיט טרערן, ביי פיל רינען זיי אויף די באַקן.

נאָכדעם גיט איבער דער רב שועייקאַ צוויי מעלדונגען:

א) די נאָענטסטע שיף וועט אָפּפאָרן מיט צוויי וואָכן שפּעטער. אַלע פּלעצער זענען שוין אויסגעפּילט. ב) די יידישע שול אין העליאָפּאָליס (אַ שטאָט נעבן קאַיר) וועט זיך עפענען זונטיק, אויב ס'וועלן זיין גענוג שילער און גענוג לערער.

(די שול האָט זיך נישט געעפנט זונטיק, ווייל ס'האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז זייער ווייניק קינדער האָבן זיך רעגיסטרירט און דער גרעס־טער טייל לערער איז שוין אַוועקגעפאָרן אָדער קלייבן זיך דאָס צו טאָן...).

נאָכן דאַווענען גיי איך נאָך דעם הויפּט־רב און זיין געהילף צום אויסגאַנג פון שול. פאַרשטעלט אונדז דעם וועג אַ פרוי אין שוואַרצן. זי פאַלט אויף די קני פאַר ר׳ חיים נחום און פּרובירט קושן זיינע הענט. הרב שועייקא איבערזעצט מיר, וואָס זי זאָגט: „אַ חלום האָב איך געזען... אַלע יידן וועט מען אויסשעכטן... פאָרט אַוועק! אויך איר, עפענדי, פאָרט אַוועק וואָס שנעלער, מען וועט אייך נישט שאַנעווען!".

„מיר אַלע לעבן איצט אין אַ פּסיכאָז פון שרעק", גיט צו דער יונגער רב. „נישט קיין ווונדער, וואָס די שוואַכע הייבן אָן צו זען וויזיעס"...

אין דער שטוב פון הרב שועייקאַ, ווו איך עס שבת, זענען שוין צוויי צימערן אויסגעליידיקט פון מעבל. כלים שטייען אָנגעשטעלט אַרום די ווענט, ווי ערב פסח. די פאַמיליע פון רב מיט זיינע פינף קליינע קינ־דערלעך קלייבן זיך אינגיכן צו עמיגרירן, דערווייל קיין פראַנקרייך, ווייל זיין פרוי איז אַ פראַנצויזישע בירגערין, און דאָרט צאָלט מען טויזנט פראַנק אַ טאָג פאַר יעדן נפש פון אַן אימיגראַנטן־פאַמיליע. דאָס וועט זיין גענוג אויסצוהאַלטן ביז מען וועט קומען צום פּלאַץ, ווו מען וועט זיך באַזעצן.

פרעג איך: „פאַרוואָס זאָלט איר, אַ רב און אַן עגיפּטישער בירגער עמיגרירן? אייך דעפּאָרטירט מען דאָך נישט..."

ענטפערט ער: „איך בין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער צוקונפט פון פינף קליינע קינדערלעך..."

אָן קאָמענטאַרן.

אויף צומאָרגנס טרעף איך זיך מיט אַ קליינער גרופּע איינפלוסרייכע ייִדן. עס זיצן דאָ נאָטאַבלען פון קאַיר און אַלעקסאַנדריע. אין דער לוקסוס־געביידע, וואָס געפינט זיך אין אַ פאָרשטאָט פון קאַיר, זענען פאַראַן אכט וווינונגען. אויף די אריינגאַנגס־טירן פון פינף פון זיי געפין איך דעם שוואַרצן טריוואַקס אויף אַ שטיק לייוונט, וואָס פאַרקלעפּט די טירן, — אַ סימן, אַז די וווינונגען זענען קאָנפיסקירט און זייערע אייגנטימער דע־פּאָרטירט. און אַזוי איז דאָס פאָרגעקומען:

אין אָנהייב פון דער סיני־אַקציע האָט מען די רייכע בירגער פון ענג־לאַנד און פראַנקרייך — מערסטנטיילס ייִדן — און די, וואָס מען האָט חושד געווען אין ציוניזם, געשיקט צעטעלעך אין אראביש מיט אַן אינהאלט פון פינף שורות, אין וועלכע מען האָט דער געגעבענער פּערזאָן געהייסן תיכף פאַרלאָזן עגיפּטן. דאָ האָט קיין זאַך נישט געהאָלפן און מען איז געלאָפן צו די שיפן און עראָפּלאַנען, איבערלאָזנדיק הינטער זיך דאָס גאַנצע האָב־און־גוטס. איצט מאַכט מען דאָס אנדערש: די בירגער פון די „פיינטלעכע" מלוכות זענען שוין מער נישטאָ; אַ פאַרמעגן פון איבער צוויי הונדערט מיליאָן דאָלאר איז שוין קאָנפיסקירט געוואָרן. האָט מען זיך אַ נעם געטאָן צו די אַזוי גערופענע „שטאַטלאָזע", וועלכע זענען אייגנט־לעך די זעלבע עגיפּטער פון א ריי דורות, נאָר ווייל זיי זענען ייִדן, האָט מען זייערע פּאַפּירן — אַפילו געבורט־שיינען פון זיידעס און עלטער־זיי־דער — נישט אָנערקענט. צו די רייכערע פון זיי, אָדער צום דעם מיטל־קלאַס קומט אַריין א ציווילער „שליח" אין באַגלייטונג פון אַ מיליטער־מאַן און גיט אַ פרעג דירעקט: „ווען וועט איר אוועקפאָרן?".

די תשובה איז געוויינלעך:

„מיר קלייבן זיך גאָרנישט אַוועקצופאָרן! מיר זענען דאָך איינגע־זעסענע אין מצרים פון דור־דורות"...

אָבער די נישט געבעטענע באַזוכער זענען קאַלטבלוטיק מתרה:

„אויב אין משך פון דריי טעג וועט איר אונדז נישט זאָגן די גענויע דאַטע פון אָפּפאָר, וועלן מיר אייך פאַרשפאַרן אין תפיסה..." לויפט מען אין דער קהילה, נאָכדעם אין „אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ", נאָכדעם אין די רייזע־ביוראָס. מען באַזאָרגט זיך מיט אַן עראָפּלאַן־ אָדער שיף־קאַרטע אויף א שפּעטערדיקער דאטע (אַלע פּלעצער אויף דער שיף זענען

שוין אויסגעפּאַרקויפט אויף חדשים שפּעטער. אויף די עראָפּלאַנען זענען געבליבן די זייער קאָסטבאַרע בילעטן פון ערשטן קלאַס). מען פּרובירט אין געאייל פאַרקויפן וואָס עס לאָזט זיך. מען „שטופּט" אַרײַן די מער ווערטפולע חפצים צו קרובים און פריינד, כאָטש מען ווייסט, אַז אויך יענע קאָנען אין אַ וואָך אַרום זיין אין דער זעלבער לאַגע. און דאַן קומען ווידער די רעגירונגס־שליחים. זיי קומען נאָך די רייזע־בילעטן. זיי זענען מסכים אָפּצולייגן די רייזע ביז דער געגעבענער דאַטע. אָבער אויב די דירה געפעלט דעם באַאַמטן אָדער אָפיציר, הייסט מען די אייגנטימער גלייך פאַרלאָזן מיט אַלץ, וואָס דאָרט געפינט זיך. דערווייל פאַרחתמעט מען די טירן מיט שוואַרצן טריוואַקס און די פאַמיליע קלייבט זיך אַרויס וווינען ביזן אָפּפאָר צו שכנים אָדער קרובים. דורך פאַרשידענע מאַכינאַציעס ווערט שוין די דירה מיטן מעבל שפּעטער איבערגעגעבן דעם אָדער יענעם אָפיציר אָדער באַאַמטן... דער דאָזיקער רויב קומט פאָר אָן שריפטלעכע דאָקומענטן און די מלוכה־פירער לייקענען אינגאַנצן, אַז אַזא גירוש און גזירה קומען איבערהויפּט פאָר.

זיץ איך אויף דער זיצונג מיט די יידישע נאָטאַבלען פון מצרים און הער זיך גוט צו צו דער טראַגעדיע, וואָס וויקלט זיך פאַנאַנדער פאַר אונדזערע אויגן:

„שוין צען טויזנט יידן האָבן דאָס לאַנד פאַרלאָזט, מען דערלויבט יעדן פון זיי נעמען צוואָנציק פונט פון זיין פאַרמעגן" (דאָס הייסט ווינ־ציקער פון 20 דאָלאַר). גאָלדענע קמיעות, צירונג אָדער אנדערע קאָסטבאַרע זאכן ווערן אוועקגענומען אומברחמנותדיק, איידער מען זעצט זיך אויף דער שיף אָדער עראָפּלאַן. געבליבן זענען איצט אין מצרים אַרום 30 טויזנט יידן, אָדער עטוואָס ווייניקער. פון זיי האָבן עגיפּטישע פּעסער נאָר אַרום צוועלף הונדערט פאַמיליעס.

נאָך מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָבן די יידן אין עגיפּטן געוואָלט אויספועלן ביי דער נאַצער־רעגירונג דעם אַזוי גערופענעם „איראַקער סטאַטוס", דאָס מיינט: אַזוי ווי אין איראַק האָט די רעגירונג אָנערקענט, אַז דאָס הייפל יידן, וואָס איז דאָרט געבליבן (אינגאַנצן צען פּראָצענט) נאָך דעם עמיגראַציע־שטראָם קיין ישראל, זאָל באַקומען פולע רעכט צו לעבן ווי „איראַקער פון משהס גלויבן", זאָל מען אויך די יידן מיט עגיפּ־טישע פּעסער אָנערקענען אַלס עגיפּטער פון „משהס גלויבן", גלייכבאַ־

רעכטיקט מיט אַנדערע עגיפּטער פאַרן געזעץ... אָבער גראָד איצט, בעת מיין וויזיט, האָט זיך די לאַגע ראַדיקאַל געביטן: לויט די געזעץ־פּראָיעקטן, וואָס הייבן זיך אָן צו באַוויזן אין דער עפנטלעכקייט קאָן מען שוין זען, אַז נאַצער וויל נישט נאָר עגיפּטיזירן זיין לאַנד, נאָר עס איסלאַמיזירן. אַלע באַנקן, אַלע שטעלעס, אַלע גרויסע אונטערנעמונגען, דאָס גאַנצע עקאָנאָמישע, קולטורעלע און פּאָליטישע לעבן אין לאַנד מוז זיך געפינען אין די הענט פון מוסולמענער... ציטערט שוין די הויט אויף די רייכע קאָפּטן — די עלטסטע קריסטן אין לאַנד פון אביסינישער אָפּשטאַמונג; זענען אריינגעפאַלן אין אַ פּאַניק די צאָלרייכע גריכישע סוחרים. און וואָס, מ׳שטיינס געזאָגט, קאָן שוין העלפן דעם הייפעלע „פּריווילעגירטע״ יידן, וואָס האָבן עגיפּטישע פּאַספּאָרטן?

אָט דערציילט מען מיר, אַז מיט אייניקע טעג צוריק האָט מען אין דער קאָנפיסקירטער „שעל קאָמפּאַני״ צוגעשטעלט אַ צעטל פון 15 עגיפּטער, וועלכע דאַרפן פאַרנעמען די שטעלעס פון די ארויסגעטריבענע ענגלענדער און פראַנצויזן. דער קאָמיסאַר פון „שעל״ האָט איבערגעהיפּערט די לאַנגיאָריקע עגיפּטישע באַאַמטע פון קריסטלעכן און יידישן גלויבן, וואָס לויט זייערע פעיקייטן זענען זיי געווען די ערשטע אויפן צעטל, און האָט אָנגעהויבן פון נומער צען, פון אַ מוסולמענער...

עגיפּטיש־יידישע אדוואָקאַטן ווערן אָפּגעזאָגט פון זייערע שטעלעס אין רעגירונגס־ און מוסולמענישע אונטערנעמונגען.

עגיפּטיש־יידישע באַאַמטע, נישט רעדנדיק וועגן „שטאַטלאָזע״, זאָגט מען אָפּ פון די שטעלעס אין די קאָנפיסקירטע דורך דער רעגירונג אונטערנעמונגען. מען וואַרפט זיי אַרויס נישט באַצאָלנדיק אפילו פאַר אַ וואָך אנטשעדיקונג.

ווען מען לויפט צו דער רעגירונג, זאָגט זי, אַז זי ווייסט גאָרנישט פון אזעלכע פאַראָרדענונגען... דער גרויסער ליגן איז אין פולן גאַנג, אָבער די דאָזיקע אקציע איז ווייטער אָנגעגאַנגען אויך אין דער צייט, ווען איך בין דאָרט געווען.

אַלע אימפּאָרטערן פון יידישן אימפּאָרט־פירמעס, וואָס איז דאָ פון לאַנגע יאָרן אַ יידישע ספּעציאַליטעט — זענען אָפּגערופן געוואָרן. אויך יידן פון עגיפּטישער, איטאַליענישער און אַנדערער נייטראַלער בירגערשאַפט.

אַלע ספּאָרט־קלובן, אָדער קלובן פון אַ סאָציאַלן כאַראַקטער, האָבן אָפּגעשטעלט פערזאָנען פון יידישן גלויבן פון זייער מיטגלידערשאַפט. צווישן די לעצטע געפינען זיך די פּראָמינענטסטע יידישע נעמען מיט עגיפּטישער בירגערשאַפט.

אַ פאַראָרדענונג איז דערשינען בעת מיין וויילן אין עגיפּטן, אַז פּער־זאָנען פון יידישן גלויבן (ווידער אַמאָל עגיפּטער איינשליסלעך) איז פאַר־באָטן צו כאַפּן פיש, גיין אויף יאַגד אויף חיות אָדער פייגל און באַזיצן דאָס געווער, וואָס איז דערצו נייטיק. פון דעם האָבן די יידישע פירער אַרויסגעדרונגען, אַז ס'האָט מער קיין זין נישט זיך צו באַמיען, אַז מען זאָל אויסטיילן די יידן מיט עגיפּטישע פּעסער אין אַ גרופּע, פאַר וועלכער מען דאַרף זיך סטאַרען צו באַקומען אַ גלייכבאַרעכטיקונג־סטאַטוס. מיט די באַגרענעצונגען מיינט מען אַ ל ע יידן, — טאָ פאַרוואָס זאָל מען זיך דערנידעריקן און קריגן שפּעטער פון נאַצערן „איבער דער נאָז". אין מיינע געשפּרעכן מיט די נאָבעלע אָנפירער פון עגיפּטישן יידנטום האָב איך באַמערקט דאָס ביטערע געפיל פון באַליידיקונג, וואָס זיי פילן אין באַצוג צום איצטיקן רעזשים: אָט האָבן זיי אין משך פון מער ווי טויזנט יאָר געהאָלפן בויען מצרים, ליב געהאַט דאָס לאַנד, געשאַפן דאָ פאַבריקן, אונטערנעמונגען, קולטור־אינסטיטוציעס, דורכגעבראַכן דאָס פענצטער פון דער מדבר אין דער ברייטער וועלט אַריין... דער פאַטש פון נאַצערן פייערט אויף זייערע באַקן און זיי ווילן נישט פון דעם דאָזיקן רעזשים די „חסדים", וואָס אפילו דאָס ביסל איראַקער יידן האָבן פון זייער רעזשים — אויך אַ פאַנאַטישער — יאָ באַקומען. און דעריבער — די טאָטאַלע שטרעבונג צו עמיגראַציע, פאַרלאָזן דאָס אומדאַנקבאַרע לאַנד, וואָס פּרעסט אויף זיינע טרייע זין!

אמת, עס טוט וויי, וואָס מען באַרויבט אַ פאַרמעגן, וואָס ווערט געשאַצט אין אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר, אָדער מער. אמת, זיי ווילן, אַז די וועלט, אַז די אונ״אָ זאָל עטאַבלירן עפּעס אַ אינסטאַנץ, דורך וועלכער די יידן זאָלן קאָנען טראַנספערירן כאָטש אַ טייל פון זייער פאַרמעגן. האָט דאָך דאָס אפילו היטלער געטאָן מיט זיין „טראַנספער־אָפּמאַך" אין די דרייסיקער יאָרן. דאָס איז דאָך אַן אומדערהערטער מאָסן־רויב לגבי אומ־שולדיקע לאָיאַלע בירגער און זיי זאָגן אביסל נאַיוו: האַמערשעלד ווייסט דאָך וועגן אונדזער ביטע, צו שאַפן אַ טראַנספער־אָפּמאַך, וואָס זאָל אונדז

אַלעמען כאָטש נישט ארויסלאָזן נאַקעט און באָרוועס, און דאַלעס ווייסט דאָך אויך וועגן דער דרינגנדיקער נויטווענדיקייט עפּעס צו טאָן, כדי די פראַגע פון אונדזער פאַרמעגן זאָל מען רעגולירן, ווען נייטיק, אויף דער באַזע פון „50 אויף 50״.

האַמערשעלד!... דאַלעס!... אפילו דער שטיינערנער ספינקס נעבן די פּיראַמידן וועט זיך באַלד צעלאַכן...

*

סאַלוואַדאָר סיקורעל פירט מיך איבער דער אימפּאָנירנדיקער געביידע פון זיין גראַציעזן געשעפט, די „מייסיס״ פון קאַיר. טויזנטער קונים זשומען ווי אין אַ בינשטאָק אויף אַלע שטאָקן. מיט פינף יאָר צוריק, בעת די גרויסע אומרוען, האָט מען אויך זיין אוניווערסאַל געשעפט צעראַבירט און פאַרברענט. האָט ער אויפגעשטעלט אַ נייע געביידע אויף דעם אָרט, וואָס איז דער אויסדרוק פון דער לעצטער אַרכיטעקטאָנישער קונסט. קיין שום דעפּאַרטמענט־סטאָר אין ניו־יאָרק האָט נישט אַזאַ בנין. נאָר דער ארבאַך־סטאָר אין לאָס־אַנדזשעלעס קאָן פאַרגלייכט ווערן מיט דער איצטיקער סיקורעל־געביידע. און אָרבאַכס בנין איז איינער פון די שענסטע אין אַמעריקע.

אויפן העכסטן שטאָק פון סטאָר איז דער לוקסוס־ביוראָ פון סיקורעל אַליין. מיט צוויי חדשים צוריק האָט מען אים פון דאָרט אַרויסגעטריבן. אַריינגעזעצט אַ קאָמיסאַר און דאָס גאנצע געשעפט קאָנפיסקירט. נאָכדעם האָט מען די קאָנפיסקאַטע אַראָפּגענומען און ווידער זיצט אין זיין ביוראָ סיקורעל גופא. פילט ער זיך דען דאָ דער בעל־הבית? אָדער אפשר איז ער אויך אַ צוקונפטיקער עמיגראַנט מיט אַ בילעט אין קעשענע?...

זאָגט מיר סיקורעל: — פון די פיר הונדערט יידישע אָנגעשטעלטע אין מיין געשעפט, זענען שוין צוויי הונדערט אַוועקגעפאָרן און די איבעריקע צוויי הונדערט קלייבן זיך דאָס אויך צו טאָן. פון די איבעריקע פיר הונדערט מוסולמענער און קריסטן זענען נאָך אַלע דאָ...

— נישט איך, פאַרשטייט זיך, האָב די יידישע אָנגעשטעלטע אָפּגעזאָגט פון זייערע שטעלעס. זיי ווערן געיאָגט פון יאוש, פון האָפענונגסלאָזיקייט, פון מורא פאַרן גורל פון זייערע קינדער. און אַזוי אַלע יידן פון מצרים...

## סאָוויעטישער פילם, וואָס נאַצער האָט פאַרבאָטן אין עגיפּטן

שוין מיט צוויי וואָכן פריער האָט מען אָנגעהויבן דעקאָרירן די עלכעדיוו־איזמאַיל־בריק, וואָס פירט צו דער טעריטאָריע פון אַגריקולטור־מוזיי אויף יענער זייט פון טייך נילוס. דאָ וועט זיך היינט עפענען די סאָ־וויעטישע טעכנישע אויסשטעלונג. מענטשן, וואָס קענען קאַיר, האָבן מיר דערציילט, אַז מען געדענקט נישט קיין שום אַנדערע נאַציאָנאַלע אָדער אינטערנאַציאָנאַלע אויסשטעלונג, וואָס זאָל אזוי ברייט רעקלאַמירט ווערן, אזוי רייך דעקאָרירט ווערן, ווי די דאָזיקע רוסישע אָנשטרענגונג צו ווייזן עגיפּטן אירע טעכנישע דערגרייכונגען.

די מאַסיווע שטיינערנע בריק אויפן טייך נילוס איז באַדעקט מיט רויטע פענער, אויף וועלכע דער סערפּ און האַמער דעקן צו די האַלבע לבנה אויף די קלענערע עגיפּטישע פענער, וועלכע זענען איבערגעפלאָכטן מיט די סאָוויעטישע.

אונטער דער בריק, אנטקעגן דעם לוקסוסדיקן סעמיראַמיס־האָטעל, וויגט זיך די אַמאָליקע קעניגלעכע יאַכט פון אַרויסגעטריבענעם לעביונג פּאַרוק, מיט איר אָפּגעבראָכענער גאָלדענער קרוין אויף דעם קאַפּיטאַן־בריקל. היינט איז די יאַכט אַן אַכסניא פאַר אָרעמערע טוריסטן ווי די, וועל־כע קאָנען זיך דערלויבן צו צאָלן די לוקסוס־פּרייזן אין אַ רייכן האָטעל (אין דער אמתן זענען זינט דער סיני־אקציע דאָ נישטאָ נישט קיין רייכע און נישט קיין אָרעמע טוריסטן...).

אויך איך האָב באַקומען אַן איינלאַדונג צו דער דערעפענונג פון דער אויסשטעלונג, — כאָטש נישט, ווי עס פירט זיך, דורך דער אַמעריי־קאַנער אמבאַסאדע. „עס איז היינט נישט אונדזער שמחה", דערקלערט מיר אַ ביסל מעלאַנכאָליש אַן אַמעריקאַנער פּרעסע־מענטש. איך מיין אויך אַזוי...

אויפן קיילעכדיקן פּלאַץ ביים אַריינגאַנג, ציט זיך אַן אומאונטער־בראָכענע קייט פון אויטאָמאָבילן — דיפּלאָמאַטישע, מיליטערישע, פּריי־וואַטע, אויטאָבוסן מיט שילער און מיט אַרבעטער פון די פאַרשטעט. עגיפּטן וויל באַווייזן די סאָוויעטן, אַז מען געדענקט די נאָוועמבער־טעג,

ווען מען האָט דאָ דערוואַרט, אַז אָט־אָט וועלן זיך פון די הימלען אַראָפּ־שיטן די „וואָלאָנטערן״, וואָס רוסלאנד האָט, האַלב־געמורמלט, האַלב־געסטראַשעט, צוגעזאָגט צו שיקן, כדי צו „ראַטעווען״ די אַראַבישע מלוכות.

עס איז צו דער שמחה אויך געקומען דער סאָוויעטישער מיניסטער פאַר אויסערן־האַנדל, וועלכער וועט צוזאַמען מיטן אַמבאַסאַדאָר קיסעליעוו אָפיציעל דערעפענען די אויסשטעלונג.

ס׳איז געקומען ספעציעל פון מאָסקווע די באַרימטע אַקטריסע פון ראַטנפאַרבאַנד ווערא מאַרעצקאַיא, וועלכע שפילט די הויפּט־ראָל אין מאַקסים גאָרקיס פילם „די מוטער״, וואָס מען וועט דעמאָנסטרירן אין מעטראָ־טעאַטער, גלייך נאָך דער דערעפענונג פון דער אויסשטעלונג. דער פילם איז רעקלאַמירט געוואָרן נישט ווייניקער ווי די אויסשטעלונג. — און אַלע בילעטן זענען שוין אויספאַרקויפט אויף וואָכן פאָרויס. בקיצור: „זה היום״, — היינט איז דער גרויסער סאָוויעטישער טאָג פון טעכניק און קונסט, און מען וועט ווייזן דעם עגיפּטישן עולם, וואָס ס׳איז דאָרט דערגרייכט געוואָרן אויף ביידע געביטן.

מיט אַן איינלאַדונג־בילעט אין האַנט וויל איך זיך אַ ביסל פאַר־האַלטן ביים טריומף־טויער און זען, ווי עס קומען אָן די סאָוויעטישע דיגניטאַרן; ווי גלייך נאָכדעם וועט אָנקומען דער פּרעזידענט נאַצער און זיינע מיניסטאָרן. אָבער אָט גייט צו מיר צו אַ ציווילער, טונקל־הויטיקער עגיפּטער און זאָגט עפּעס אין אַראַביש. איך פאַרשטיי נישט, — איבער־חזרט ער, צו מיין פאַרוואונדערונג, אין אַ גוטן רוסיש:

— זענט איר פון סאָוויעטישן אַמבאַסאַדע־שטאַב?

ענטפער איך אויטאָמאַטיש אין רוסיש: — ניין, איך בין אַן אמע־ריקאַנער זשורנאַליסט.

דער ציווילער קוקט מיך אָן גאָר־גאָר פאַרדעכטיק, אָבער דער דראַנג ווערט גרויס, און ער גיט אַ זאָג ווידער אין רוסיש: — איר האָט דאָ גאָרנישט וואָס צו שטיין, גייט אַריין אינעווייניק און פאַרנעמט אייער פּלאַץ!

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב געמאַכט אַ פעלער, ווען איך האָב געענטפערט אַן אומבאַקאַנטן מענטש — ווייזט אויס, אַ פּאָליציי־אַגענט — אין רוסיש, — אָבער דער „שכל איז אַ קריכער״ — זאָגט אַ שפּריכוואָרט,

— מוז איך שוין פאַרלאָזן מיין באַקוועמען אָבסערוואַציע־פּונקט און אַריין אינעווייניק.

די אויסשטעלונג איז נאָך נישט פאַרטיק, די וועגן נאָך נישט ברוּ־קריט, און מען טרינקט זיך אין זאַמד. ביי די זייטן פון דער אַלעע שטייען גרויסע טראַקטאָרן, מאָדעלן פון לאָקאָמאָטיוון, לאַסט־אויטאָמאָבילן, — אַלץ קעגנשטאַנדן, וואָס קאָנען נישט אַריין אין די מיט גלאָז באַדעקטע פּאַווילאָנען. אינמיטן פון זאַמדיקן פּלאַץ שטייען דריי הילצערנע טריבונעס און אַנטקעגן זיי לאַנגע שורות בענק פאַר די איינגעלאַדענע געסט. הינטער די בענק זאַמלט זיך דער עולם, וואָס קומט פון גאַס אָן בילעטן.

מיין פּלאַץ איז אויף דער פּרעסע־טריבונע, וווּ איך באַגעגן אויך פאָרשטייער פון אַמעריקאַנישע, איטאַליענישע, אינדישע, כינעזישע און סאָוויעטישע צייטונגען און די טומלדיקע לייט מיט די פאָטאָגראַפישע און קינאָ־אַפּאַראַטן. נישטאָ קיין ענגלענדער, קיין פראַנצויזן — דאָס זע־נען דאָך די „שונאים״, — און זייערע דיפּלאָמאַטישע און פּרעסע־פאָר־שטייער האָבן געמוזט פאַרלאָזן עגיפּטן. אָבער ענגלאַנדס אַגענטור „רוי־טער״ איז דאָ פאַרטראָטן דורך אַ גריך, און פראַנקרייכס אַגענץ, דורך אַן — אַמעריקאַנער...

נישטאָ אויך קיין פאָרשטייער פון דער אַמעריקאַנער אמבאַסאַדע, כאָטש מען האָט זי יאָ איינגעלאַדן: „נישט אונדזער שמחה״...

די פּלעצער אויף דער סאָוויעטישער טריבונע ווערן אויסגעפילט מיט אַ פּופּציק מענטשן, מיט דעם אמבאַסאַדאָר און דעם מיניסטער פון מאָסקווע אין דער שפּיץ.

ווען איך דריק אויס פאַר מיין שכן, דעם אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנ־דענט, מיין פאַרוווּנדערונג, וואָס די סאָוויעטן האָבן דאָ אַזאַ גרויסן דיפּ־לאָמאַטישן פּערסאָנאַל, — ענטפערט ער: — זייט נישט קיין קינד! עס זענען פאַראַן אין זייער אמבאַסאַדע וויינקסטנס נאָך הונדערט באַאמטע. זיי זענען אָבער צעשאָטן איבער די בענק, עס זאָל קיין עין־הרע נישט שאַדן...

מען שפּילט דעם סאָוויעטישן הימן און גלייך נאָכדעם ווערט אַ נערוועזע באַוועגונג צווישן גאַנצן עולם: עס איז אָנגעקומען דער פּרעזי־דענט נאַצער, זיין סוויטע און זיינע מיניסטאָרן. זיי פאַרנעמען זייערע פּלעצער אויף דער דריטער טריבונע, און איך האָב די מעגלעכקייט צו

אָבסערווירן דעם עגיפּטישן דיקטאַטאָר פון דער נאָענט: הויך, דיקלעך, אַ פאַרפּרוירענער הילצערנער שמייכל אויף אַ טיפּיש־סאָלדאַטיש פּנים, נישט אויפריכטיק פאָזירט ער די גאַנצע צייט פאַר די פאָטאָ־אַפּאַראַטן און פאַר דעם עולם, נישט בייטנדיק דעם געקינצלטן שמייכל...

עס רעדט דער אמבאַסאַדאָר קיסעליעוו. ער זעט אויס ווי אַ באַ־לעבאַטישער מענטש, רויק, סאָליד. ווען איר באַגעגנט אים אין גאַס, וואָלט איר געזאָגט: — אַ האַנדלס־רעפּרעזענטאַנט אָדער אַ מיטעלער סוחר. שוין איינמאָל אַ סוחר! האָט ער דאָך פאַרקויפט נאַצערן פאַר אַ האַלבן מיליארד דאָלאַר געווער נאָך דעם, ווי יענער האָט פאַרמשכנט זיינע ביינוול־פעלדער אויף די קומענדיקע פינף יאָר, און אפשר לענגער...

אָבער אָט ווערט קיסעליעוו אין כעס: דער חוצפּהדיקער אָנפאַל פון ישראל אויפן שלום־ליבנדיקן עגיפּטן האָט אויפגעטרייסלט דאָס גע־וויסן פון דער וועלט...

ער מעג זיין אין כעס: די טאַנקן, האַרמאַטן, מאַשין־ביקסן, צוזאַמען מיטן מיליאָן קאָלדרעס און מונדירן, וואָס וואָלטן אזוי פיין געדינט יעדער סאָוויעטישער ארמיי אין מדבר סיני, זענען נאָך איצט אין די הענט פון „בן־גוריונס מדינהלע״ (מען דערמאָנט נישט גערן ישראל...).

איידער קיסעליעוו ענדיקט זיין כעס אויף רוסיש, שטורעמען שוין אַפּלאָדיסמענטן אויף די בענק. אַ סימן, אַז גאַר פיל פאַרשטייען דאָ די אָריגינעלע שפּראַך און מען וואַרט נישט אויף דער אַראַבישער איבערזע־צונג, וואָס קומט גלייך נאָכדעם און רופט אַרויס אַ נייעם שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן. דאָס מאָל פּאַטשט אויך מיט די הענט קוירנעל נאַצער אַליין. איך וואָלט איצט איבערגעזעצט זיינע געדאַנקען אויף אַ פאָלקס־טימלעך־יידישע אופן: „סאַראַ בראָך! מען האָט זיך פאַרמשכנט ביז צו דעם לעצטן העמד פון מיינע צוואָנציק מיליאָן בירגער; מען האָט צוגע־נומען ביי זיי דעם ביסן פון מויל און אַזוי פיל איז אַריינגעפאַלן צו די כיטרע יידעלעך, — זאָל זיי אַללאַ פאַרשעלטן!״.

און עס גיסן זיך רעדעס. זיי ווערן איבערזעצט פלינק און שנעל דורך די סאָוויעטישע יונגעלייט אויף דער טריבונע: פון רוסיש אויף אַראַביש און פאַרקערט. מען זעט באַשיינפּערלעך, אַז רוסלאַנד לערנט גוט אירע יונגע דיפּלאָמאַטן צו קענען די שפּראַך פון די לענדער, ווו מען שיקט זיי.

צופעליק ווייס איך, אַז צווישן די אייניקע צענדליק דיפּלאָמאַטישע באַאַמטע אין דער אמעריקאַנער אַמבאַסאַדע אין קאַיר קען גוט אַראַביש נאָר דער אמבאסאדאָר העברי הייד אַליין... מילא, וועגן אים איז דאָך קיין וווּנדער נישט, ער האָט יאָרנלאַנג פאַרטראָטן אמעריקע ביים טראָן פון קעניג סאַוד און מען איז דאָרט געווען גאָר גרויסע בוזעם־פריינד... דוכט זיך, אַז די מערב־מלוכות לערנען איצט אַ לעקציע, וואָס פאַרא סאָרט דיפּלאָמאַטן מ׳דאַרף שיקן צו די ניי־אַנטשטאַנענע מלוכות.

אַ שטורמישע אָוואַציע ווערט געמאַכט דער רוסישער אַקטריסע פון גאָרקיס פילם „די מוטער”. זי איז נאָר־וואָס ספּעציעל געקומען פון מאָסקווע. זי רעדט אויך אַ פּאָר ווערטער וועגן די געמיינזאַמעליידן, וואָס די פּשוטע מענטשן שטייען אויס, איידער זיי דערגרייכן זייער נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַפרייונג, — אַט באַלד וועט דאָס גאַנץ עגיפּטן זען אין גאָרקיס געניאַלן פילם. נאָכדעם גייט מען איבער די פּאַווילי־אָנען און מען באַוווּנדערט די ווירקלעך גרויסע דערגרייכונגען פון דער סאָוויעטישער טעכניק: די ריזיקע אַטאָמישע אַזוי קאָמפּליצירטע רעאַקטאָרן, אויף וועלכע איך בין קיין מבין נישט, — אָבער אַמעריקאַנער עקספּערטן, וואָס האָבן זיי געזען נאָך אין זשענעווע, האָבן זיי געשאַצט זייער הויך; וועב־מאַשינען און דרוק־פּרעסן, רעכן־מאַשינען, וואָס פאַרבייטן דעם מוח (דער מוח ווערט דאָך אַלץ מער אַן אַטראָפּירטער אַנאַטאָמישער באַ־שטאַנדטייל אין אַ דיקטאַטור...). די קליינע „מאָסקוויטש־אויטאָמאָבילן”, פאַר זיבן הונדערט פונט אַ שטיק (אַרום צוויי טויזנט דאָלאַר) ציִען די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט, און נאַצער נעמט זיך זעצן אין איינעם פון זיי, פּרובירנדיק זייער באַקוועמלעכקייט.

מאַשינען... מאַשינען... אינצווישן כאַפּט מען אריין אַ קאַפּיטל פּראָ־פּאַגאַנדע אויף אַ פילם: לאַכנדיקע, גליקלעכע סאָוויעטישע בירגער אויף די פעלדער, אויף די גאַסן, אויף די פּליאַזשעס, — רוסישע לידער, רוסישע מוזיק. איך קוק אָן די פּנימער פון גרויסן עולם און זע, ווי פאַר־גאַפט זיי זענען, ווי פאַרליבט אין דעם אַלעם, וואָס זייער „גרויסער סאָ־וויעטישער פּראָטעקטאָר” האָט דאָ אויסגעשטעלט.

וואָלט זיך עמיצער אויפגעשטעלט און אָפּגעקילט די צעהיצטע מוחות, אַ זאָג טוענדיק: „צי ווייסט איר, אַז דאָס רייכטום פון עגיפּטן, דער ביינוול, איז אויף יאָרן פאַרמשכנט ביים דאָזיקן „באַשיצער” אייערן און

איר זענט דעריבער גאָרנישט אימשטאַנד איינצוקויפן אָט די אַלע מאַשי־נען, בויען פאַר זיי פאַבריקן, איבערבויען די ליימענע כאַטעס אין אייערע דערפער, וועבן נייע העמדער פאַר די האַלב־נאַקעטע ניינצן מיליאָן, וואָס פאַרמאָגן נאָר איין העמד־כאַלאַט, אין וועלכן מען גייט אין גאַס ; איינשטעלן אָט די מאַשינען אין נאָך נישט געבויטע שפּיטאָלן, כדי צו היילן מיליאָנען ווענעריש־קראַנקע... אויפבויען שול־געביידעס און אויסבילדן לערערס, כדי אויסצולערנען אונטערשרייבן זיך די כמעט אַכציק פּראָצענט עגיפּ־טער, וואָס קענען נישט לייענען און שרייבן... איר זענט פאַרמשכנט ביזן האַלדז ביים אוניווערסאַלן געוועזר־פּראָצענטניק, וועלכער שמידט נייע קייטן פאַר דער עלנטער אפריקאַניש־אַזיאַטישער וועלט, וואָס איז אויפגעשטאַנען צו אַ ניי לעבן״...

נייך, די דאָזיקע ווערטער, אפשר רייפע אין די הערצער פון אַ סך פון די אַנוועזנדיקע, זענען דאָס מאָל נישט אַרויסגעזאָגט געוואָרן.

נו, איצט פאָרן מיר, די אַלע פּריווילעגירטע געסט, צום טעאַטער „מעטראָ״ אָנקוקן דעם קאָלירטן גאָרקי־פילם „די מוטער״, וועגן וועלכן מ׳האָט אַזוי פיל ניסים דערציילט נאָך פאָרויס. טויזנטער מענטשן באַלאַ־גערן די גאַס אַרום טעאַטער און מאַכן אַן אָוואַציע נאַצערן און זיינע מי־ניסטאָרן, ווי אויך די רוסישע דיפּלאָמאַטן.

איך ווייס נישט ווי שטאַרק עס זענען געשריבן די אַראַבישע בראָ־שורן וועגן דער „אייזנהאַוער־דאָקטרין״, וואָס ווערן איצט פאַרשפּרייט אַזוי ענערגיש דורך דער אַמעריקאַנער אמבאַסאַדע, נאָר אַז זיי זענען צו שוואַך צו באַקעמפן דעם סאָוויעטישן פּסיכאָז — זייער מאַכט־פּסיכאָז — וואָס האָט זיך איינגעגעבן איינצואימפּן אין די מוחות און אין בלוט פון די עגיפּטער, וואָס ליידן אויף אַ מינדערווערטיקייט־קאָמפּלעקס — דאָס איז בלי שום ספק. פיל מער ווי פאַפּירענע בראָשורן, אָדער אַפילו פאַפּירענע דאָלאַרן, וועט זיך פאָדערן, כדי די אידעען פון די מערב־דעמאָקראַטיעס זאָלן באַזיגן דעם טעכניש־דיקטאַטאָרישן מאכט־פּסיכאָז צווישן די פעלקער פון די אָפּגעשטאַנענע לענדער.

דער פילם „די מוטער״ איז ווי דאָס פּאָפּולערע ווערק אונטערן זעלבן נאָמען, וואָס איז געשריבן פון מאַקסים גאָרקי. דאָס ווערק איז צעצויגן אין אַ געוויסער הינזיכט און געגנוג לאַנגווייליק, כאָטש שטאַרק מיט ליידנ־שאַפטן און קאָנטראַסטן. עס דערציילט זיך דאָרטן וועגן די רעוואָלוציע־יאָרן

פון „ביינצן הונדערט פינף״, — וועגן די שטרייקן, דעמאָנסטראַציעס און אָרעמען פאַמיליע־לעבן. אָבער דער פילם איז, פאַרשטענדלעך, מער קאָנ־צענטרירט, און דעריבער ברענגט ער בולטער אַרויס יענע גלאָררייכע אידעאַליסטישע עפּאָכע פון דער פּאַרלוירענער רעוואָלוציע. און דער עולם קוקט זיך צו מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, ווי פּאַוועל, דער רעוואָלוצ־אָנערער אַרבעטער, פירט אָן מיט אַ דעמאָנסטראַציע, ווי אַנטקעגן גייט אַרויס פּאָ־ליציי, סאָלדאַטן און זשאַנדאַרמען. ווי די אַרבעטער דערשרעקן זיך נישט פאַר די שווערדן, נאַגייקעס, פאַר די שיסערייען, ווי זיי גייען ווייטער, ווייטער צום פּאַלאַץ פון גובערנאַטאָר. און פאָרויס שוועבט די רויטע פאָן, געטראָגן דורך פּאַוועלן. ביי דער זייט מאַרשירט זיין עלדישע מוטער — די אומפאַרגעסלעכע ווערא מאַרעצקאַיאַ, — וועלכע האָט זיך אָנגעשטעקט מיטן צעבונטעוועטן פייער פון איר זון.

און אַז דער זון פאַלט, און עפּעס נישטיקע אָפּיצירלעך רייסן פון זיינע הענט די פאָן און טאָפּטשען זי אין בלאָטע, הייבט אויף דעם שטעקן מיטן איבערגעבליבענעם שטיקל שטאָף פּאַוועלס מוטער. איצט פירט זי די איבערגעבליבענע אַרבעטער־מאַסע צום שטורעם אויפן גובערנאַטאָרס פּאַלאַץ. נאָך איר גייען אזעלכע אָרעמע, אָפּגעריסענע, שוין לאַנג, ווייזט אויס, נישט געגעסענע צו דער זאַט מענער, פרויען, קינדער. אַנטקעגן זיי טראָגן זיך קאָזאַקן מיט נאַהייקעס, מען שלאָגט זיי, — אָבער זיי שפּאַרן פאָרויס. און פאָרויס שפּרייזט די מוטער מיטן צעבראָכענעם שטעקן, אויף וועלכן עס פלאַטערט נאָך אַ שטיקל צעריסענע רויטע פאָן.

דער דיאַלאָג איז, פאַרשטייט זיך, אין רוסיש, אָבער די אַראַבישע אויפשריפטן איבערזעצן די פלאַמעדיקע, קעמפנדיקע לאָזונגען און מאַכן זיי צוגעגנגלעך פאַרן טויזנט־קעפּיקן עולם. און אַז ס׳ווערט ליכטיק אין זאַל און איך וויל געפינען נאַצערן און זיין סוויטע אין דער לאָזשע וואָס זיי האָבן פאַרנומען נישט ווייט פון פּלאַץ, ווו איך בין געזעסן, געפין איך זיי דאָרט נישט מער. ווייזט אויס, זיי האָבן זי אַלע פאַרלאָזט, ווען עס איז פינצטער געוואָרן אין זאַל...

אין דער סאָוויעטישער דיפּלאָמאַטישער לאָזשע שטעלט זיך אויף די קינסטלערין, וואָס שפּילט די ראָל פון „די מוטער״, און דאַנקט מיט אייניקע ווערטער דעם עולם פאַר דער אָוואַציע. לאַנגזאַם לאָזן מיר זיך צום אַרויסגאַנג. די גאַס איז פול מיט טויזנטער מענטשן, וואָס האָבן שוין

פון פריער געקויפט די בילעטן און וואַרטן מען זאָל זיי אַריינלאָזן אויפן צווייטן סעאַנס. אָבער וואָס איז דאָס? רייטער־פּאָליציי קומט אָן און יאָגט צוריק די וואַרטנדיקע מאַסן, דער אריינגאַנג ווערט אָפּגעשלאָסן. דער עולם ציט זיך צוריק אין אַ פאַנישער שטימונג.

צי זע איך דאָס נאָך אַלץ אויפן פילם אין יענער רוסישער וואָלגע־שטאָט? ניין, דאָס איז קאַיר. דאָס איז עגיפּטישע רייטער־פּאָליציי, וואָס שליסט אָפּ דעם וועג צום טעאַטער „מעטראָ". עס באַווייזט זיך ביים אַריינגאַנג אַן אויפשריפט אויף אַראַביש. מען איבערזעצט זי פאַר מיר: „דער פילם „די מוטער" וועט נישט געוויזן ווערן. די, וואָס ווילן זייער געלט צוריק, קאָנען דאָס באַקומען פון מאָרגן פרי אין דער קאַסע"...

אָט איז ער, דער פאַרמאַסקירטער „ראָמאַן" צווישן נאַצערן און כרושטשאָוון! נאַצער האָט דערזען, ווי דער פילם „די מוטער" וועט אין משך פון לאַנגע וואָכן געבן זיינע אונטערטאַנען אַ לעבעדיקע לעקציע, ווי מען מאַכט רעוואָלוציעס, ווי מען שטורעמט א גובערנאַטאָרס פּאלאַץ, ווי מען שרעקט זיך נישט פאַר זשאנדארמען און אָפיצירלעך, ווי אפילו אַ צעריסענע רויטע פאָן קאָן אָנמאַכן „צרות" — א סך צרות. צו וואָס דאַרף ער ריזיקירן? האָט ער דאָך געזען די אָוואציעס, אפילו דורך אַ געקליבן פּובליקום. וואָס וועט שוין זיין, ווען די העמדלאָזע עגיפּטישע פּראָלעטאַריער וועלן אַזא פילם זען? האָט ער אפילו נישט געוואָרט אויפן סוף פון דער פּרעמיערע־פאָרשטעלונג, איז דער פינצטער פאַרשוווּנדן צוזאַמען מיט זיינע סאַטראַפּן, זיך אפילו נישט געזעגנט מיט די סאָוויעטישע געסט. פאַרשוווּנדן אין דער פינצטער און געגעבן אַ „פּריקאַז": רייטער־פּאָליציי זאָל פאַרשטעלן דעם וועג פאַר די, וואָס זענען געקומען אָנקוקן דאָס בילד. אַ שלעכטןביישפּיל ווייזט אזא בילד אין אַ לאנד, ווו דאָס פאָלק לעבט נאָך איצט אין פיל ערגערע באַדינגונגען ווי די רוסן אין גאָרקיס פילם, מיט פופציק יאָר צוריק... און דער וועג צו נאַצערס פּאַלאַץ איז נישט ווייטער ווי יענער וועג פון די דעמאָנסטראַנטן צום גובערנאַטאָרס פּאַלאַץ. בעסער זיך מיטן טייוול נישט שפּילן...

איך האָב, פאַרשטייט זיך, נישט געהאַט קיין געלעגנהייט נאָכצופרעגן זיך ביים „טייוול" אַליין, — איך מיין ביי די רוסן, וואָס איז געווען זייער מיינונג וועגן אָט דעם „דראַמאַטישן פינאַל", וועלכער האָט זיך אָפּגעשפּיגלט נישט אויפן לייוונט, נאָר אויף אַ קאַירער גאַס. מען האָט געוויס

געלאַכט פון נאַצערס שרעק, ווען מען האָט זיך געטיילט מיט די איינדרוקן ביים מאָלצייט אין דער סאָוויעטישער אמבאַסאַדע...

נישט געלאַכט האָט מען דעם זעלבן אָוונט אין דער רייך־מעב־לירטער דירה פון אַן עגיפּטיש־יידישער פאַמיליע, ווו איך האָב געגעסן אָוונט־ברויט, אָט, דוכט זיך, איז דאָ אַלץ אזוי ליכטיק, אַזוי שיינענדיק: מאָדערנע מעבל, פּערסישע טעפּיכער, גלעזערנע שאַפעס פול מיט קריש־טאָלן, קאָסטבאַרע אייל־בילדער אויף די ווענט, צום טיש דערלאַנגט אַן עגיפּטיש דינסטמיידל. אָבער דאָס זענען די לעצטע טעג פון דער פאמיליע אין דאָזיקן לאַנד. אַ דעפּאָרטאַציע־באַפעל איז שוין צוויי מאָל אָפּגעלייגט געוואָרן — מען קאָן מער נישט! אין דריי טעג אַרום פליט די פאמיליע אָפּ קיין איטאַליע, און שפּעטער קיין פראַנקרייך, וועמענס בירגער די פאַ־מיליע איז לויט זייערע פּאַספּאָרטן. אייגנטלעך וווינען זיי אין עגיפּטן פון לאַנגע דורות, אָבער, ווי דער מנהג איז געווען ביי די חשובע יידישע פאַמיליעס מיט מער ווי הונדערט יאָר צוריק, בעת דער טערקישער הער־שאַפט, האָט מען אָנגענומען פראַנצויזישע, איטאַליענישע אָדער ענגלישע בירגערשאַפט אַלס אַ ספּעציעלע אויסצייכענונג און פּריווילעגיע.

געלעבט האָט מען אין עגיפּטן, מיטגעהאָלפן בויען דאָס לאַנד אין אַלע ריכטונגען, און מען האָט זיך געפילט אוין אויסגעלעבט אַלס טרייע עגיפּטער און יידן. איצט איז דאָס געענדיקט. מען מוז גיין אין גלות. די גאַנצע וווינונג מיט אַלץ, וואָס איך זע דאָ, וועט פאַרחתמעט ווערן מיט שוואַרצן טריוואַקס, ווי די איבעריקע פינף אַפּאַרטאַמענטן אין דעם זעלבן הויז, אין „על זאמאליק"־דיסטריקט. די פאמיליע ווערט צעריבן, צוזאַמען מיטן גאַנצן יידישן ישוב אין לאַנד, צווישן קאָרומפּירטן נאַצער־רעזשים און געלעכטער פון „רויטן טייוול".

אָבער ווער וועט פאָרט לאַכן דער לעצטער?...

# אין פאַרלאַג י. ל. פרץ־ביבליאָטעק זענען ביז היינט דערשינען פאָלגנדיקע ביכער:

| | |
|---|---|
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (באַנד 1) |
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (באַנד 2) |
| מענדל מאַן | נאַכט איבער גלושינאָ |
| אברהם סוצקעווער | אין מדבר סיני |
| ישראל טאַבאַקמאַן | מיינע איבערלעבונגען |
| ש. בערלינסקי | בילדער און דערציילונגען |
| י. פּאַפּיערניקאָוו | היימישע און נאָענטע |
| מענדל מאַן | ביי דער ווייסל |
| ק. צעטניק | דאָס הויז פון די ליאַלקעס |
| יוסף בירשטיין | אויף שמאָלע טראָטוואַרן (ראָמאַן פון קבוץ־לעבן) |
| יוסף ראָזען | געקליבענע שריפטן (העברעיש) |
| מלך נוי (ניישטאַט) | דאָס ערשטע און צענטע יאָר מדינת ישראל |
| מאַטעס דייטש | צום נאָענטסטן שטערן — יידיש |
| אפרים שרייער | קונסט און טעאַטער (העברעיש) |
| יצחק לעוו | אין גערענגל (געקליבענע שריפטן) |
| מרדכי יפה | צען ישראל־דיכטער |
| יצחק פּאַנער | שלום אַש אין זיין לעצטער היים |
| פרץ גראַנאַטשטיין | מענטשן פון נעכטן |
| יחיאל האָפער | אַ הויף אויף פּאָקאָרנע (באַנד 1) |
| יחיאל האָפער | אַ הויף אויף פּאָקאָרנע (באַנד 2) |
| ה. לייוויק | אויף צאַרישער קאַטאָרגע |
| נחמן דרוזדוב | אחד העם |
| עזרא קאָרמאַן | צייכנס און צירופים |
| י. לעשצינסקי | דאָס פּנים פון גלות־יידנטום (העברעיש) |
| יעקב פּאַט | שמועסן מיט יידישע שרייבער (העברעיש) |
| רבקה באַסמאַן | טויבן ביים ברונעם (לידער) |
| י. צ. שאַרגעל | פון ווייט און גלויבן |
| דוד זאַקאַליק | געראַנגל |
| א. קאַרפּינאָוויטש | דער וועג קיין סדום |
| א. ריוועס | מיט דער שיף „טשיטשערין" |
| יוסף כרמל | אַ רייזע צו פאַרשטויסענע ברידער |
| מ. בערלאַנד | 300 שעות בגיטו הדועך |
| מרדכי אורן | דער פּראָגער אַרעסטאַנט דערציילט (באַנד 1) |
| מרדכי אורן | דער פּראָגער אַרעסטאַנט דערציילט (באַנד 2) |
| יהושע גלבוע | אויף די חורבות פון דער יידישער קולטור אין ראַטנפאַרבאַנד (העברעיש) |
| יחיאל האָפער | ר' זלמן |
| הערש מענדל | זכרונות פון אַ יידישן רעוואָלוציאָנער |
| נ. ניר־ראַפּאַלקעס | ערשטע יאָרן |
| י. זינגער | דראַמאַטישע שריפטן |
| דוד פלאַקסער | אידעישע שלימותן און האַלבע אמתן |
| ש. וואָרזאָגער | ברויט (ראָמאַן) |
| בעריש ווײַנשטיין | אין דוד המלכס גיטער (פּאָעמע) |
| לוי פּאַפּיערניקאָוו | אין דער נייער היים |

## ביכער פון דעם זעלבן מחבר:

געשיכטע פון קרעדיט־קאָאָפּעראַציע (יידיש — וואַרשע, 1928

לענדער און שטעט (יידיש — ווילנע, 1930)

דורך פיר קאָנטינענטן (פּויליש — וואַרשע, 1935

רייזע דורכן ראַטנפאַרבאַנד (יידיש — וואַרשע, 1937

עקזאָטישע רייזע (יידיש — וואַרשע, 1938

קאָאָפּעראַטיווע פּראָבלעמען נאָכן וועלט־קריג (ענגליש — וואַשינגטאָן, 1943)

געטאָ־טאָגבוך (יידיש — ניו־יאָרק, 1944

קיינער פון זיי נישט צוריקגעקומען (ענגליש, שפּאַניש, פּאָרטוגעזיש, פראַנצויזיש — ניו־יאָרק, 1945

פּוילן אין 1946 (יידיש — בוענאָס־איירעס, 1949

מיין רייזע אַרום דער וועלט (יידיש — בוענאָס־איירעס, 1951

אייער וועלט און מיינע (ענגליש — מעקסיקע, 1952; העברעיש — תל־אביב, 1954)

דורך אומבאַקאַנטע לענדער (יידיש — בראַזיל, 1954

מסעות ר׳ חיים (יידיש — בראַזיל, 1957

מהקרמלין עד הפירמידות (העברעיש — תל־אביב, 1959

פון קרעמל ביז די פּיראַמידן (שפּאַניש — בוענאָס־איירעס, 1958